ש. ל. ציטראָן.

# משומדים

טיפּן און סילועטן פונם נאָענטן עבר.

ערשטער טייל

פאַרלאַג „אחיספר"
ביי געז. „צענטראַל"
וואַרשע נאַלעווקי 7.

# אינהאַלט:



---


DRUK. SIKORA i MYLNER WARSZAWA.

Printed in Poland

א.

פיל בלעטער, געטובלט אין בלוט און טרערן, זיינען צוגע־קומען אין דער געשיכטע פון דער יידישער מארטיראָלאָגיע נאָר א דאַנק די—משומדים. ס׳איז שוין ביי אונז געווען א געוויינלע־כע לעבנס־ערשיינונג, אַז ווי נאָר עמיצער האָט זיך געשמדט, איז ער באַלד געוואָרן אַ שונא דעם גאַנצן יידישן פאָלק, און האָט ער נאָר געהאַט די מעגלעכקייט, האָט ער עס אומערבאַרמלעך גע־רודפט עד חרמה. ס׳איז נאָך ניט געווען קיין איין בלוט־בלבול, וואָס איז אַנטשטאַנען אָן דעם אָנטייל פון א משומד, און ס׳איז בכלל ניט אַרויס קיין איין גזרה אויף יידן, אין וועלכער ס׳זאָל ניט האָבן געשטעקט די האַנט פון אַ געטויפטן. און געפערלעכער פאַרן יידישן פאָלק זיינען תמיד געווען די מער אינטעליגענטערע אָדער, ריכטיקער געזאָגט, די דיפּלאָמירטע משומדים. יענע—צי זיי זיינען געווען שריפטשטעלער, זשורנאַליסטן, רעדאַקטאָרן, צענזאָרן אָדער הויך אָנגעשטעלטע פערזענלעכקייטן ביי דער רעגירונג—האָבן אויסגענוצט זייערע טאַלענטן און זייער גרויסן באַרוף אום וואָס מער צו פאַרגיפטן דעם לעבן פון זייערע געוועזענע ברידער.

די רוסישע פּאָליטיק, אָנהויבנדיק פון ניקאָלאַי דעם ערשטן, האָט פאַרשטאַנען אָפּצושאַצן דעם פּרוכטבאַרן דינסט פון די משומדים לטובת דעם פאָטערלאַנד, און האָט שטענדיק געזוכט אַרויסצעווייזן גרויס התקרבות דעם משומדישן עלעמענט. משומדים האָבן באַקומען די גרעסטע רעגירונגס־שטעלעס; אַנדערע פון זיי זיינען נתעלה געוואָרן אַזש צו דינען אין פאַרשיידענע מיניסטער־יומס, און כמעט אַלע זיינען זיי געווען די פאַרביטערסטע שונאי־ישראל, וועלכע זיינען געזעסן כסדר און ממציא געווען קעגן יידן כל ערליי מיני העצעס און כל המינים בלבולים כדי צו דערוועקן אויף זיי דעם צאָרן פון די ספערן...

און ווען נאָר ס׳איז אַרויס אַ גזרה אויף יידן, האָט מען תמיד געוואוסט, אַז דאָס איז נאָר אַן איינפאַל פון דעם צי פון יענעם משומד.

אויף ווי וויט ס׳איז ביי יידן געווען איינגעוואָרצלט די מיי־נונג, אַז אַלע צרות און רדיפות, וואָס זיי שטייען אויס פון דער מאַכט, שטאַמען נאָר פון משומדים,—דאָס באַווייזט דער פאָלגנדער העכסט כאַראַקטעריסטישער פאַקט:

אין דער עפּאָכע פון ניקאָלאַי דעם ערשטן—אַזוי דערציילט דער באַוואוסטער יידישער השכלה־פּיאָנער ד״ר ר א ו ב ן ק ו ל י־ ש ע ר—האָט די רוסישע רעגירונג אַ מאָל אַרויסגעגעבן אויף יידן זייער אַ שווערע גזרה. יידישע פאָרשטייער האָבן זיך צוזאַמענגע־קליבן אויף אַן אַסיפה און מ׳האָט גענומען זוכן עצות און מיטלען ווי אַזוי צו פועלן, אַז מ׳זאָל מבטל מאַכן די שרעקלעכע גזרה.

— מ׳דאַרף זיך משתדל זיין, מ׳דאַרף דערלאַנגען אַ מעמאָ־ראַנדום—האָט עמיצער פאָרגעלייגט.

— ס׳וועט ניט העלפן — האָבן זיך אַנדערע אָפּגערופן—דאָס בעסטע וואָלט געווען ווען מיר וואָלטן געקאָנט אויף אַ וועלכן ס׳איז אופן קריגן לייטזעליקייט אין די אויגן פון די הויכע ביוראָקראַטן.

— דאָס איז אויך ניט קיין זיכערער מיטל! מאָרגן וועלן אויפשטיין אַנדערע, שפּאָגל־נייע ביוראָקראַטן, און מ׳וועט ווייטער דאַרפן זוכן מיטלען ווי מוצא חן צו זיין ביי זיי.

— טו וואָס טוט מען? וואו איז די רעטונג?

— די רעטונג ליגט אין אונזערע הענט,—האָט זיך פּלוצלונג אָפּגערופן איינער פון די פאַרזאַמלטע, וועלכער איז ביז אַהער גע־זעסן און געשוויגן.

אַלע האָבן אָנגעשטעלט די אויערן מיט גרויס נייגעריקייט אויסצוהערן וואָס דער בעל־יועץ וועט דאָ זאָגן.

— מיר מוזן זיך אַליין דע־שלאָגן צו אונזערע רעכט און אויסבעסערן אונזער מצב...

— ס׳איז גרינג צו זאָגן—אַ ל יי ן! זייט אַדרבה אַזוי גוט און זאָגט אונז, ווי אַזוי וועט איר זיך דאָס דערשלאָגן צו אייערע רעכט.

— איך וואָלט געטאָן אָ ט וו אָ ס: איך וואָלט אויסגעשריבן

פון וואָלאָזשינער ישיבה עטלעכע צענדליק ישיבה=בחורים מיט שאַרפע מוחות און וואָלט זיי פאָרגעלייגט מקריב צו זיין זיך אויפן מזבח פון גלייכבאַרעכטיקונג: זיי זאָלן זיך אָפּשערן די פאות און אונטערשניידן די קאַפּאָטקעס, נעמען זיך מיט גרויס חשק פאַר די אַלגעמיינע למודים, אַריינטרעטן פריער אין גימנאַזיע, נאָכהער אין אוניווערזיטעט, נאָכן ענדיקן דאָס שטודיום שמדן זיך, און אויסקלייבן זיך אַלס טויפמאַמעס ניט אַנדערש ווי נאָר יענע אייגפלוסרייכע מאַדאַמען, וואָס האָבן ליב צו ראַטעווען יידישע נשמות. אָט די דאָזיקע וואָלאָזשינער קלויזניקעס מיט די אָפענע עלוישע מהות און באַוואָפנטע מיט אַ גרויסער ערודיציע פון קענטעניש און מיט סאָלידע פּראָטעקציעס פון זייערע טויף=מאַמעס וועלן זיך געשווינטער פאַר אַנדערע אַרויפכאַפּן אויפן ביוראָקראַטישן לייטער און דערקלעטערן ביז צו זיינע העכסטע שפּיצן. און צעשפּרייט איבער די ביוראָען וועלן אָט זיי, די וואָלאָזשינער, אַרויסציען פון אונטער דעם גרינעם טיש=טוך אונזערע רעכט...

אין דעם דאָזיקן פּאַראַדאָקסאַלן פּראָשלאָג שפּיגלט זיך אָפּ די בייזע קראַפט, וואָס יידן האָבן געגלויבט צו זען אין די משומדים פון דער רוסישער הויכביוראָקראַטיע.

די איצטיקע וועלט=מלחמה, וועלכע האָט שוין באַוויזן אומצואַנדערשן פיל ווערטן, מטושטש צו מאַכן פאַרשיידענע, אין משך פון אַ סך דורות אַלגעמיין=אָנגענומענע, באַגריפן און אונטערצוגראָבן די יסודות פון מאַנכע ביזאַהער אָנערקענטע קראַפט=פאַקטאָרן, האָט, אונטער אַנדערן, געמאַכט אַן עק אויך מיט דעם אַנטיסעמיטישווירקנדיקן ביוראָקראַטישן משומדיזם. דער דאָזיקער משומדיזם, וועלכער האָט זיך פונאַנדערגעבליט אין די יאָרן פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן און האָט דערלאַנגט צו זיין אַפּאָגעי פאַר ניקאָלאַי דעם צווייטן, ווען ער האָט זיך אויסגעצויגן, מעשה באַלעבאָס, אין דער פּרעסע און אין דער ליטעראַטור און אין די מיניסטערשע קאַבינעטן,—איז שוין איצט לגמרי צראָפּ פון סצענע, און, ווי מ׳דאַרף דערוואַרטן, אויף אייביק.

דער משומדיזם האָט אָבער הינטער זיך אינם לעבן פון דעם רוסישן יידנטום, באַזונדערס פאַר די לעצטע הונדערט יאָר, אַ גאַנץ

אינטערעסאַנטע היסטאָריע, וועלכע פאַרדינט געשריבן צו ווערן אינטערעסאַנט ווערט די היסטאָריע דורך דער פאַרשיידנאַרטיקייט פון די סיבות, פון די לייט-מאָטיוון, וועלכע האָבן די באַטרעפנדיקע פערזאָנען געבראַכט צום שמד. ס'זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געשמדט צוליב רדיפות, וועלכע זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין פון יידן גופא. די דאָזיקע משומדים זיינען פאַרבליבן די פאַרביסנסטע יידישע שונאים אויף זייער גאַנצן לעבן און האָבן זיי קיינמאָל ניט געוואָלט מוחל זיין. ס'זיינען געווען אויך אַזוינע, וואָס זיינען אומטריי געוואָרן דעם יידנטום ניט פון שנאָה, נאָר צוליב אַ קאַריערע, אָדער מחמת אַ ליבע. ביי די דאָזיקע משומדים פלעגן גאַנץ אָפט פאָרקומען מינוטן פון דערוואַכונג, פון אויסניכטערונג, פון חרטה... ביי זיי פלעגט גאַנץ אָפט אויסברעכן אַן אינווייניקסטער קאַמף מיט טראַגישע איבערלעבענישן פון דער נשמה... אין די דאָזיקע ליכטיקע מינוטן פלעגן זיי זיך באַמיען אויסצוקויפן זייער זינד דורך דער שטילער פאַרטיידיקונג פון די יידישע אינטערעסן. פאַרבאָרגן פון אַ זייטיקער אויג, באַהאַלטן פון ווייב און קינד, האָבן זיי אין זיך מיטגעטראָגן דעם אייביקן יידישן צער און מיטגעפילט דעם אייביקן יידישן שמאַרץ, און וואו נאָר געקאָנט פאַר יידן און פאַר יידישקייט אַ גוט וואָרט פאַרוואָרפן און מליצי-יושר געווען.

אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך וועל איך דורכפירן פאַרן לעזער אַ גאַנצע גאַלעריי פון פאַרשיידענע טיפּן הויכגעשטעלטע משומדים פון ביידע קאַטעגאָריעס.

אָנהויבן וועל איך פונם אַמאָליקן ווילנער תושב, פון— בראַפּמאַנען.

---

## ב.

בראָפּמאַן איז געבאָרן געוואָרן סוף די פֿערציקער יאָרן פֿונם פֿאָריקן יאָרהונדערט אין קלעצק, מינסקער גובערניע. זיינע אָרימע עלטערן זיינען אים פֿרי אָפּגעשטאָרבן, און ער האָט זיך געהאָדעוועט אָן אַ שום השגחה. ער האָט זיך אויפֿגעהאַלטן ביי אַ יידענע אַן אַלמנה, זיינע אַ ווייטע קרובה פֿון דער מוטערס צד, וועלכע האָט געהאַנדלט מיט אויבס, און איז אַ גאַנצן טאָג געזעסן אין מאַרק. דאָרטן לעבן איר האָט זיך תּמיד אַרומגעדרייט דער קליינער בראָפּמאַן, און איז אַזוי אַרום אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער מאַרקישער אַטמאָספֿערע; האָט זיך אויפֿגעטראָגן מיט נאָך אַזוינע ייִנגלעך ליידיקגייער ווי ער, און באַזונדערס מיט „שקצים", און איז אויסגעוואַקסן, פֿאַרגרעבט און פֿאַרווילדעט און ווייט פֿון יידישקייט. דאָס ביסל יידישע ידיעות, וואָס ער האָט געכאַפּט אין די פּאָר חדרים, וועלכע ער האָט באַזוכט קינדווייז, האָט ער שוין באַוויזן צו פֿאַרגעסן. דערצו האָט ער גאָך פֿון דער נאַטור געהאַט אַ שלעכטן כאַראַקטער, האָט כּסדר ליב געהאַט יעדערן צו פֿאַרטשעפּען און מיט איטלעכן זיך צו קריגן; האָט קיינמאָל ניט אַריינגעשמעקט אין אַ שול און האָט אויף להכעיס אָפּגעטאָן די גרעסטע אַפּיקורסישע שטיקלעך. דאָס אַלץ האָט געבראַכט דערצו, — אַז דער יונגער יענקעלע בראָפּמאַן איז געוואָרן אין שטעטל אַ „שם דבר", און אַלע האָבן פֿון פֿאָראויס געוואוסט, אַז ווערט ער נאָר אַ פּאָר יאָר עלטער, איז ער דאָן איינער פֿון די ערשטע קאַנדידאַטן אָפּגעגעבן צו ווערן אין „רעקרוטן".

דאָס איז געווען מיט אַ סך צייט פֿריער, איידער ס'איז איינגעפֿירט געוואָרן אין רוסלאַנד אַלגעמיינע מיליטער־פּליכט. דאַמאָלסט איז דער „קהל" פֿון יעדער שטאָט און שטעטל געווען מחויב צוצושטעלן יערלעך אַ געוויסע צאָל יידישע סאָלדאַטן. „קהל" האָט דאַן געהאַט דאָס רעכט צו „כאַפּן" וועלכן ס'איז יידישן יונגנמאַן און אָפּגעבן אים פֿאַר אַ סאָלדאַט. מיט דעם האָבן זיך דענסטמאָל באַנוצט פֿיל קהלשע רעדלפֿירער און האָבן זיך דעם „נאַבאָר" פֿאַר אַ גוט געשעפֿט געמאַכט. די גבירים האָט מען זיך געלאָזן אויסקויפֿן פֿאַר געלט, און גענומען אין רעקרוטן האָט מען נאָר די קינדער

פון די אָרימעלייט, וועלכע מ'פלעגט כאַפּן פון די גאַסן און אויך פון די הייזער, און געכאַפּט האָט מען באַזונדערס עלנדע, שוצלאָזע יתומים און — אַריינלייגנדיק די „יראה אין דער טומאָה" — די ניט פרומע, אויסגעלאַסענע יונגע לייטלעך. דערצו האָבן די קהל'ס-לייט אָפּגעטאָן כל המיני פאַלשקייטן און פאַרברעכנס: ווער ס'האָט געגעבן אַ גרויסע מטבע, האָט מען זיין זון געמאַכט פאַר אַ „בן-יחיד" און באַפרייט אים פון דינסט, אין דעם אָרימאַנס אמתן „בן-יחיד" האָט מען מוסיף געווען נאָך אַ צוויי, דריי ברידער און געמאַכט אים דורך דער פאַר מיליטער-פליכטיק.

באַזונדערס האָט זיך דער קלעצקער „קהל" קונה שם געווען אין גאַנץ ליטע פאַר אַ נעסט פון די ערגסטע און גרויזאַמסטע פאַרברעכנס בנוגע די „נאַבאָרן". דאָרטן זיינען געשטאַנען בראָש פון דעם „קהל" אַ פאָטער מיט צוויי זין, וועלכע האָבן געמאַכט יד-אחת מיט די שטעטלדיקע ביוראָקראַטן און צוזאַמען מיט זיי אויסגעזויגן דעם זאַפט פון דער אָרימער יידישער באַפעלקערונג. די דאָזיקע פאַמיליע האָט דורך אירע „כאַפּערס" אין אַ משך פון עטלעכע יאָר אָנגעשעפּט אוצרות גאָלד פירנדיק זיך איר בגעזיט גאַנץ עפנטלעך און ניט אָפּשרעקנדיק זיך פאַר קיינעם.

ס'האָט אָבער געשלאָגן די שעה, און מיט די ווילדע, אומ-מענטשלעכע מעשים פון די קלעצקער ראשי-הקהל האָט אָנגעהויבן צו קלינגען גאַנץ ליטא, ביז זיי זיינען צום סוף דערגאַנגען צו דער העכערער מאַכט, אין דער גובערניע, וועלכע האָט זיך תיכף גענומען זיי עוקר מן השורש זיין. און מפורסם איז דער קלעצקער קהל געוואָרן דורך צוויי פון זיינע „נכתבים".

דער ערשטער פון זיי האָט געהייסן בנימין גאָלדבערג, אָדער ווי מ'האָט אים אין זיין צייט גערופן אין גאַנץ ליטע, בנימינ'קע מאַכער, צי, פשוט, „דער קלעצקער מאָסער". וועגן דעם דאָזיקן „בנימינקע" זיינען איבערגעגעבן געוואָרן פון מויל צו מויל פאַרשיידענע לעגענדעס, און איינע וואונדערלעכער פאַר דער אַנדערע. לויט די דאָזיקע לעגענדעס האָט ער זיך אַלעמען אונטער די אויגן פאָרגעשטעלט פאַר אַ ווילדע באַשעפעניש אַלס שד בצורת מענטש. אין אמת'ן איז אָבער אָט דער גאָלדבערג געווען אַ גאַנץ פיינער

יונגערמאַנטשיק, אַ באַשיידענער און זייער פריינדלעך צו לייטן, און, דער עיקר, הייט, ווייט פון אַ „מאָסער״. בנימין גאָלדבערג, אַ זון פון אָנגעזעענע עלטערן, אַן אָרנטלעכער מיט אַן איידל-פילנדיק האַרץ, האָט ניט געקאָנט צוקוקן זיך רואיק צו דעם ווילקיר פון די קהל׳שע פירערס און האָט שטענדיק פראָטעסטירט קעגן זייערע שענדלעכע מעשים, אַריינקומענדיק אַ מאָל אין גרויס צאָרן איבער דעם וואָס מ׳האָט אָפגעגעבן פאַר אַ סאָלדאַט דעם איינציקן זון פון אַן אָרימער אַלמנה, האָט ער וועגן דעם מודיע געווען שריפטלעך דעם גובערנאַטאָר בעטנדיק ביי אים שוץ פאַר דער אומגליקלעכער מוטער. דער בריוו האָט געווירקט. מ׳האָט געמאַכט אַ רעוויזיע; דער קלעצקער ראש-הקהל איז איבערגעגעבן געוואָרן צום געריכט און ביז צו זיין פראָצעס האָט מען אים אַריינגעזעצט אין געפענקעניש; דעם ראש-הקהלס זין האָבן אָבער אונטערגעקויפט די ריכטער, און יענע האָבן באַפרייט זייער פאָטער און אַרעסטירט אויף זיין אָרט גאָלדבערגן. גאָלדבערג האָט פון געפענקעניש אָנגעשריבן אַן אָנקלאָגן צום גובערנאַטאָר, האָט זיך ביי אים דערשלאָגן צו אַ אוידיענץ און האָט אים בשעת מעשה גאַנץ אויספירלעך באַקאַנט געמאַכט מיט די הנהגות פונם קלעצקער קהל. דער גובערנאַטאָר האָט זיך באַלד געשטעלט אין גאָלדבערגס צד, האָט אים געהייסן באַפרייען און אַריינגעזעצט אָנשטאָט אים דעם ראש-הקהל. עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד האָבן זיך כסדר געביטן אין געפענקעניש דער ראש-הקהל מיט גאָלדבערגן: איינער איז אַריין און דער אַנדערער איז אַרויס. צום סוף האָט אָבער „קהל״ מנצח געווען, און גאָלדבערג איז, אַלס שטערער פון דער געזעלשאַפטלעכער רו, פאַרמשפט געוואָרן אַרויסגעשיקט צו ווערן קיין סיביר, און דאָרטן איז ער געשטאָרבן.

דער צווייטער קלעצקער „נכתב״, וועלכער האָט אין האַרצן אַ טיפע שנאה געטראָגן אויפן שטעטלשן „קהל״, איז געווען יאַקאָוו בראַפמאַן. בראַפמאַן האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז קהל האָט אויף אים אַן אויג, און אַז פריער צי שפעטער וועט ער דאַרפן ווערן אַ כפרה-הינדל פאַר אַ וועלכן ס׳איז קלעצקער גבירס בחורל. און דעריבער האָט ער אויף זיין אַכטצענטן יאָר פאַרלאָזן קלעצק

און האָט זיך גענומען אַרומשלעפּן איבער פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך דערנערנדיק זיך פון באַהעלפעריי אין דרדקי־חדרים און באַהאַלטנדיק זיך אומעטום פון די קהלשע אויסשפּירערס און פון פּאָליציי. צום סוף איז אים זיין לעבן אין שטענדיקער באַהעלטעניש נמאס געוואָרן, און אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז ער אַוועק צום פּראַוואָסלאַוונעם גלח און האָט זיך ביי אים אָפּגעשמדט, און דורך דעם איז ער תיכּף ניצל געוואָרן פון קהלישע הענט און איז אַ פריי־ער מענטש געוואָרן. פון יענעם מאָמענט אָן האָט ער ביי זיך באַשלאָסן זיך נוקם צו זיין אָן יידן. אָנגעהויבן זיין נקמה־קאַמף האָט ער געוועסט קעגן די קלעצקער ראשי־קהל, וועלכע האָבן אים רודף געווען; אָבער דערנאָך האָט ער זיך שוין מיט קלעצק אַליין ניט באַנוגנט און איז אַרויס קעגן דעם גאַנצן רוסישן יידנטום, וועלכן ער האָט באַשולדיקט אין די שווערסטע פאַרברעכנס און באַזונדערס אין דער שטרעבונג צו פאַרשקלאַפן אונטער זיך די קריסטן פון דער גאַנצער וועלט.

בראַפמאַנס ערשטע אַנטיסעמיטישע טריט האָבן געהאַט גרויס ערפאָלג. די קלעצקער קהלס־לייט האָבן אַלע אַ ביזן סוף געהאַט און זיינען ווי אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער ערד. דאָס האָט בראַפ־מאַנען אַרויפגעבראַכט אויפן געדאַנק צו מאַכן זיך די „יידנפרעסעריי“ פאַר אַ קאַריערע. מיט זיין פּראַקטישן שכל האָט ער פאַר־שטאַנען, אַז קודם כּל דאַרף ער זיך זען אַיינקויפן אין די פּראַ־וואָסלאַוונע־גלויביקע קרייזן און אַרויסווייזן זיך פאַר זיי אַלס אי־בערגעבענער, הייסער קריסט. צו דעם צוועק איז ער אַוועק קיין מינסק—דאָס איז געווען אין יאָר 1859—און איז דאָרטן אָנגעקו־מען אויף אַ שטעל אין דער מיסיאָנערן־אָפּטיילונג ביי דער קאָנ־סיסטאָריע. זיין ספּעציעלע עובדה איז געווען צו פאַרשפּרייטן דעם קריסטלעכן גלויבן צווישן יידן. זייענדיק פון דער נאַטור טעמפּע־ראַמענט־פול און אַגיטאַטאָריש באַגאַבט, האָט בראַפמאַן אין דער דאָזיקער מיסיע אַרויסגעוויזן גרויס בריהשאַפט. אַלס באַדן פאַר זיין מיסיאָנערישער טעטיקייט האָט בראַפמאַן אויסגעקליבן ניט מינסק גופא, נאָר די אַרומיקע שטעטלעך, וואוהין ער פלעגט אַרויספאָרן עטלעכע מאָל אין יאָר און ברענגען מיט זיך יעדעס מאָל עטלעכע

„געפאַנגענע" יידישע יונגע לייט, וועלכע פלעגן זיך דורכן שמד ווערן אויסלייזן פון מיליטער־דינסט.

אין מינסק האָט זיך בראַפמאַן ניט אַרויסגעוויזן אין זיין אמתן פרצוף, און האָט געפירט אַ פאַרשטעלטן שטאַט. ער האָט זיך אַלץ געזוכט רייבן צווישן די יונגע משכילים און חברן זיך באַזונדערס מיט די לערער פון די קרוינישע שולן, וועלכע האָבן געשמט אין שטאָט אַלס פאַרשפרייטער פון השכלה. אפשר האָט ער געהאָפט, אַז אים וועט זיך מיט דער צייט איינגעבן צוציען זיי צו קריסטנטום, אָדער ער האָט אין דעם געהאַט אַן אַנדער כונה, — אַ פאַקט איז, אַז אין מינסק האָט בראַפמאַן פאַרקערט מיט דער דאַמאָלסטיקער יידישער אינטעליגענץ, צווישן וועלכער ער האָט געהאַט אַ שם פון אַ גערודפטן משכיל.

צווישן בראַפמאַנס פריינד אין מינסק איז געווען אויך דער נאָכהער זייער פּאָפּולער געוואָרענער יידיש־רוסישער שריפטשטעלער ל. לעוואַנדע, וועלכער איז דאַן געווען אַ פאַרוואַלטער פון דער מינסקער יידישער קרוין־שול.

לעוואַנדע האָט מיר אַ מאָל אין אַ געשפּרעך איבערגעגעבן וועגן בראַפמאַנס וואוינצייט אין מינסק די פאָלגנדע זייער אינטערעסאַנטע פּרטים:

— דאָס איז געווען די לעצטע פּופציקער יאָרן. נאָר אָקאָרשט וואָס אַראָפּגעגאַנגען פון די לערן־ביינק פון ווילנער ראַבינער־שול האָבן מיר זיך גענומען מיט גרויס יוגנטלעכער התלהבות צו פאַרשפרייטן בילדונג צווישן דער פינסטערער יידישער מאַסע. לויט די באַדינגונגען פאַר יענער צייט, ווען דער פאַנאַטיזם איז נאָך געווען טיף איינגעוואָרצלט אין פאָלק, האָבן מיר אונזער אַרבעט ניט געקענט טאָן בגלוי, פאַר אַלעמען אין די אויגן, מ׳וואָלט אונז, ממש פאַרוואָרפן מיט שטיינער. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז תמיד האָבן מיר זיך געפלייסט אויסצוגעפינען פאַר אונזער טעטיקייט באַהאַלטענע וועגן, ווייט פון מענטשישע אויגן. מיר האָבן שוין געהאַט קאָנספּיראַטיווע קוואַרטירן ערגעץ אויף פאַרוואָרפענע אויבערשטיבלעך, און אַמאָל אויך אויף בוידימער, וואוהין מיר פלעגן אין די שפּעטסטע אָוונט־שעהן צוזאַמענקלייבן צו אונז די אַלע פאַרשיי־

דענע יונגע לייטלעך, וואָס לעכצן נאָך בילדונג. אונזערע אוידי־טאָריעס זיינען דאָס רוב באַשטאַנען פון קלויזניקעס און ישיבה־בחורים און פרושים, וועלכע זיינען, לויט דעם דאַמאָלסטיקן אויס־דרוק, „פאַרכאַפּט געוואָרן אין דער מעשה״, ד. ה. געוואָרפן אַן אויג אין השכלה־ביכלעך, אָדער ווי מ'האָט עס יעמאָלט גערופן, אין „טרייף־פסלהן. מיט די דאָזיקע יונגע לייט פלעגן מיר ניט אַריינגיין אין הויכע דרכים, מיר פלעגן מיט זיי ניט פירן קיין דיסקוסיעס אויף פילאָזאָפיש־מעטאַפיזישע טעמעס, ווי מ'האָט זיך דאַן נוהג געווען אין אַנדערע ערטער. נאָר, פשוט, לערנען מיט זיי דעם רוסישן „אַבעצע״, קירפּיטשניקאָווס גראַמאַטיק און אַ ביסל חשבון. די דאָזיקע לעקציעס פלעגן זיך פאַרציען ביז אַ שטיק נאָך האַלבע נאַכט, און גאַנץ אָפט אויך ביז פאַרטאָג, ווען אונזערע תלמידים פלעגן איינציק־ווייז אַראָפּקריכן פון די שאַלקעס און צע־שפרייטן זיך אין דער פינסטער איבער די מינסקער הינטער־געסלעך...

איינמאָל האָט איינער אַ פינסקער פרוש, פון מיינע שטענדיקע געהיימע תלמידים, מיטגעבראַכט מיט זיך אויף דער לעקציע נאָך אַ יונגען מאַן, אַ בלאָנדין פון אַ יאָר עטלעכע אין דרייסיק און האָט מיר אים פאָרגעשטעלט אַלס זיינעם אַ בן־עיר, וועלכער איז אָנגע־שמעקט מיט השכלה״ און ווערט דערפאַר שרעקלעך גערודפט פון זיינע פאַנאַטישע עלטערן, באופן אַז ער האָט געמוזט פון זיי אַנט־לויפן אַהער קיין מינסק אום צו נעמען זיך דאָ פאַר בילדונג און צוצושלאָגן זיך צו אַ תכלית. אַז איך האָב מיך נאָכדעם פונאַנדער־גערעדט מיטן פינסקער יונגנמאַנטשיק האָב איך געזען, אַז מיט השכלה איז ער אַ גאַנץ קנאַפּער מחותן, נאָר ער כאַפּט פאַרשטיין אַ ביסל רוסיש כאָטש זיין לשונאיז זייער אַ צוקאַלעטשעטער. דער־פאַר האָט ער אָבער אַ גאַנץ געשליפענעם צינגל און שיינט צו זיין זייער אַ פיפיקער און מיט היבש ענערגיע. געקומען איז ער צו מיר מיט דער בקשה, כ'זאָל אים ערלויבן צו באַזוכן מיינע לעקציעס. געוויינלעך האָב איך אים אין דעם ניט אָפּגעזאָגט, און צוליב דעם וואָס ער איז אַ „נרדף״, און, ווי עס ווייזט אויס, אַ באַגאַבטער, האָב איך נאָך אים מער מקרב געווען.אויסער די אַלגעמיינע לעק־

ציעס פלעגט ער נאָך צו מיר באַזונדער קומען  אַ פּאָר מאָל אין
וואָך, און איך פלעג אים תמיד אָנווייזן וואָס צו לייענען און ווי
פאָרצוזעצן זיין זעלבסט-בילדונג. אין אַ געוויסן טאָג איז ער צו
מיר געקומען און האָט געזאָגט, אַז ער האָט באַשלאָסן צו לערנען
זיך אַן איידעלע פּראָפעסיע און האָט זיך געשטעלט אַרבעטן ביי
אַ פאָטאָגראַף. אַ צווייטן מאָל איז ער צו מיר געקומען און האָט
געזאָגט, אַז אַזוי ווי ער ליבט זייער די העברעאישע שפּראַך—כאָטש,
ווי כ'האָב מיך נאַכהער איבערצייגט, ער איר געווען אַ גאַנץ קנאַ=
פער ידען אינם דאָזיקן לשון — האָט ער אויף זיך גענומען צו
פאַרשפּרייטן אין מינסק די העברעאישע וועכנטלעכע צייטונג
„המגיד". דערביי האָט ער מיר פאָרגעלייט כ'זאָל מיך ביי אים
אַבאָנירן אויפן דאָזיקן בלאַט. אָט אַזוי איז דער פּינסקער יונגער=
מאַנטשיק—און דאָס איז געווען דער שפּעטער אַזוי טרויעריק באַ=
רימט געוואָרענער יעקב בראַפמאַן—ביי מיר געוואָרן אַ גאַנ=
צער „בן-בית", און איך מוז אייך זאָגן, אַז ער איז מיר דאַמאָלסט
זייער געפעלן געוואָרן, און ס'איז גאָר קיין וואונדער ניט. צווישן
די יונגע יידישע „נרדפים", וועלכע כ'האָב ביז אַהער קענען גע=
לערנט, האָב איך נאָך ניט געזען אַזאַ ענערגישן און אַזאַ טעמפּע=
ראַמענטפולן און אַזאַ באַרעדטן ווי ער איז געווען. איינמאָל האָט
געטראָפן, אַז ער האָט ביי מיר אַרויסגערופן קעגן זיך דעם שאָטן
פון אַ שטיקל חשד. די מעשה איז אַזוי געווען: באַזוכנדיק מיר
אַמאָל איז ביי אים פון פּאַלטאָ אַרויסגעפאַלן אַ בוך. גראָד האָב
איך געדאַרפט דערזען דעם שטעמפּל פון דער פּראַוואָסלאַווער
„קאָנסיסטאָריע-ביבליאָטעק", אַז כ'האָב אים אַ פרעג געטאָן, וואָס
דאָס באַטייט, האָט ער מיר פלינק געענטפערט, אַז דאָס האָט
נעכטן פאַרגעסן ביים פאָטאָגראַף אַ באַאַמטער פון קאָנסיסטאָריע
און ער וויל דאָס אים איצטער אָפּטראָגן. איך האָב אים געגלויבט...

אין אַ קורצער צייט אַרום איז לעוואַנדע אָפּגעפאָרן פון מינסק
קיין ווילנע, וואו ער האָט באַקומען די שטעל פון אַ „געלערנטן
יידן" ביים גענעראַל-גובערנאַטאָר. פון דערווייטנס האָט לעוואַנדע
עפּטערס קאָרעספּאָנדירט מיט בראַפמאַנען, וועלכן ער האָט געהאַלטן
פאַר אַ העכסט אָרנטלעכן מאַן און פאַר אַן ענערגישן בילדונגס=

פאַרשפּרייטער. אין זיינע בריוו פלעגט לעוואַנדע אָנרופן בראַפּמאַנען ניט אַנדערש ווי „טייערער יאַקאָוו אַלעקסאַנדראָוויטש". בראַפּמאַנס אמתער פּרצוף האָט לעוואַנדע ערשט דערקענט אין עטלעכע יאָר אַרום, בעת ער האָט זיך מיט אים צוזאַמענגעשטויסן ביי דעם טיש פון דער קאָמיסיע, וועלכע דער גענעראַל־גובערנאַטאָר קויפמאַן האָט צוזאַמענגערופן קיין ווילנע אום צו באַטראַכטן די „יידישע פראַגע". צו דער דאָזיקער זייער אינטערעסאַנטער באַגעגעניש פון לעוואַנדען מיט בראַפּמאַנען וועלן מיר זיך נאָך אומקערן אין איינעם פון די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך.

בראַפּמאַן האָט זיך מיט גרויס ענערגיע פאָרגעזעצט זיין מיסיאָנערישע טעטיקייט. אין די קליינשטעטלעך האָט ער שוין אָבער אויפגעהערט צו פאָרן. ער האָט גענומען אויסשפּרייטן זיין נעץ אין מינסק גופא, און באַזונדערס צווישן די אָרימע, אומוויסנדיקע מאַסן, וועלכע קאָנען זיך ניט פונאַנדערקלייבן אין זאַכן, וואָס זיינען נוגע דער אמונה, אַזעלכע לייט פלעגט ער צו זיך פאַרנאַרן דורך גראָשנס אָדער דורך אַ שנאַפּס, און פלעגט זיי אָפּשמדן.

דער באַוואוסטער שריפטשטעלער־מעמואַריסט אברהם יעקב פּאַפּירנאָ גיט איבער אין זיינע זכרונות דעם פאָלגנדן פאַקט:

„אָנפאַנגס די זעכציקער יאָרן, בעת כ'בין געווען אין מינסק צו גאַסט ביי באַקאַנטע איז צו מיר אַמאָל צוגעגאַנגען אין גאַס אַן אָרימאַן און האָט געבעטן אַ נדבה. דאָס איז שוין געווען אַ מענטש אין די עלטערע יאָרן, אַ קרענקלעכער, מיט קרומע פיס און אַ גלות. דערלאַנגענדיק אים אַ מטבע האָב איך ביי אים געפרעגט צי האָט ער זיך ניט באַטייליקט אין קרימער קריג (אין יענער צייט האָט מען געגאָלטע יידן געקענט טרעפן נאָר צווישן אויסגעדינטע סאָלדאַטן). ער האָט זיך פאַרוואונדערט: „כ'וואָלט שוין געווען איינמאָל אַ גוטער סאָלדאַט! אַזעלכע קאַליקעס נעמט מען ניט, לויב־גאָט, אין סאָלדאַטן; געוויס קלערט איר אַזוי מחמת דעם... (דערביי האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף זיין מאָרדע); זאָל בראַפּמאַנקע קיין גוטס ניט האָבן; ער האָט דאָס מיר געמאַכט פאַר אַ „משומד".

— וואָס איז דאָ בראַפּמאַן? — האָב איך אים געפרעגט — זייט

איר דען אַ קליין קינד? אָדער האָט ער אײַך ניט געגויט מיט גוואַלט אָפּצוטרעטן פון אײַער אמונה?

— ניט מיט גוואַלד, נאָר מיט באַטרוג. איך בין אַ מענטש אַ קראַנקער, אַן אָרימאַן—אַן אביון, און צום אומגליק אויך יענץ... (ער האָט זיך אַ שנעל געטאָן אין האַלז). ער האָט זיך באַנוצט מיט מיין אָרימקייט און מיט מיין שוואַכקייט צו דעם ביטערן טראָפּן, ער האָט מיך צו זיך פאַרנאַרט, האָט מיך אָנגעשכּרט, מבטיח געווען גאָלדערנע בערג, און אָט אַזוי בין איך אַריינגעפאַלן.

— און איצטער האָט איר אויף דעם חרטה?

— גאָט איז מיט אײַך! ווי זאָל איך דאָס קיין חרטה ניט האָבן? כ'בין אַפילו געווען אַן אָרימאַן, אָבער געהאַט זיך מיין אייגענעם ווינקל, מיין פאַמיליע; דאָס ווייב מיט דער טאָכטער האָבן וויפל ס'איז פאַרדינט פון וועש וואַשן. און, בעת דאָס געזונט האָט מיר נאָר דערלויבט, האָב געטראָגן וואַסער, און אַמאָל פלעג איך גאָר בעטן נדבות, איר ווייסט דאָך: „אונזערע" זאָגן קיינמאָל קיין אָרימאַן ניט אָפּ. אָט אַזוי האָט זיך ווי עס געלעבט, כ'האָב ניט געהונגערט אַפילו אינדערוואָכן; שבתים און יום־טובים פלעגט ביי מיר זיין אין שטוב, ווי ביי אַלע „אונזערע", אי חלה, אי פיש, אי פלייש—און איצטער פיר איך אַ „הינטישן לעבן". דאָס ווייב און די קינדער, וועלכע זיינען דורך מיר געוואָרן צו שפּאָט און צו שאַנד, האָבן מיך אַוועקגעוואָרפן, גיין בעטן נדבות ביי „אונזע־ע" שעם איך זיך, און האָב דערצו קיין העזה ניט, און „זייערע" זיינען ניט געוואוינט צו געבן. זיי האָבן נאָר איין תשובה: גיי האָרעווע! און צו איך בין ביכולת צו האָרעווען צי ניט, — דאָס איז ניט זייער באָבעס דאגה. נאָר זונטאָג אויף די טרעפּלעך פון קלויסטער קען מען נאָך ווען עס איז ביי זיי עפּעס אויסבעטלען; אָבער אויך דאָרטן שטויס איך פון זיך דאָס רוב אָפּ די מנדבים דורך מיין „זשידאָווסקן פּרצוף", און אַזוי קומט מיר אויס צו הונגערן אַכט טעג אין דער וואָך!

— איר האָט אײַך געדאַרפט ווענדן צו בראַפּמאַנען נאָך הילף.

— כ'האָב מיך צו אים געווענדט! — האָט ער געענטפערט; — ער לאָזט מיר אָבער איצטער אויף זיין שוועל ניט אַרויף. „איך האָב

דיר, אזוי זאָגט דער ממזר, צוגעזאָגט עולם-הבא, און צו דעם קאַפּיר איך דיר, ווּעסטו זוכה זיין, נאָך דיין טויט, געוויינלעך; דאָ אָבער, אויף דער וועלט, דאַרפסטו אַליין פאַר זיך זאָרגן; דאָ האָב איך קיין דעה ניט".

---

## ג.

די מיסיאָנערישע טעטיקייט איז געווען ביי בראַפמאַנען נאָר דער ערשטער עטאַפּ אויף דעם וועג צו דער קאַריערע, וועלכע ער האָט זיך אָנגעמערקט—די יידנפרעסערייִ. ער האָט זיך פאַרנומען צו אַנטפּלעקן פאַר די קריסטן די שרעקלעכע סודות פונם „אַלוועלט-לעכן יידישן קהל", וועלכער פאַרשקלאַפט אונטער זיך די גאַנצע מענטשהייט, צו דעם צוועק האָט ער זיך בגנבה דערשלאָגן צו די אַלטע פנקסים פון דער מינסקער חברה-קדישא, אין וועלכע עס זיינען פאַרצייכנט אַלע וויכטיקע געשעענישן און פאַסירונגען פון יידישן לעבן, און וועלכע האָבן אים נאָכהער געדינט אַלס אומ-אויסשעפּלעכער קוואַל צו די אַלערליי ווילדע אינסינואַציעס און בלבולים, וואָס ער האָט פאַרשפרייט אויף יידן. אום צו באַאַרבעטן און אָפּצודרוקן די דאָזיקע מאַטעריאַלן, האָט ער ביי זיך באַשלאָסן אַריבערצוק ייבן זיך קיין ווילנע, וואו עס וועט אים פיל לייכ-טער אָנקומען צו געפינען איבערזעצער פון העבּרעאיש אין רוסיש, ווייל ער, בראַפמאַן אַליין האָט צו„געהונקען" אויףביידע שפּראַכן. באַלד האָט ער זיך משתדל געווען און האָט געפּיעלט, אז מ'זאָל אים אַריבערפירן פון דער מינסקער גלחישער פאַרוואַלטונג, אין וועלכער ער האָט ביז אַהער געדינט, אין ווילנער צענזור-קאָמיטעט אַלס צענזאָר פאַר יידישע ספרים. אויסערדעם האָט מען נאָך אים אַרויסגעגעבן אַ היבשע געלט-סומע פון דער יידישער שבת-ליכט-טאַקסע. אין ווילנע האָט בראַפמאַן באמת געפונען צווישן די אָרי-מע תלמידים פון ראַבינער-שול אַזעלכע, וועלכע האָבן פאַר אַ גע-

חיסער באַלוינונג אײַנגעשטימט מיטצוהעלפן אים, און די אַרבעט איז אַוועק „ווי אויף רעדער״. אַ באַזונדער חשק האָט בראַפמאַן דאַן געהאַט צוצוציען צו דער אַרבעט דעם יונגן ראַבינער-שילער, דער שפּעטער באַרימט-געוואָרענעם געלערנטן אברהם אליהו האַרקאַווי, וועלכער האָט שוין דאַמאָלסט געשמט אַלס גרויסער שפּראַך-קענער און למדן. דאָס האָט זיך אים אָבער ניט אײַנגעגעבן. ווי געדריקט האַרקאַווי איז דעמאָלט געווען, האָט ער זיך ניט געלאָזן כאַפּן אויף דער ווענטקע. בראַפמאַן האָט פון יענער צייט אָן געטראָגן אין האַרצן אַ שטאַרקע שנאה אויף האַרקאַווין. אין אַ יאָר צען אַרום בעת האַרקאַווי האָט געענדיקט דעם פּעטערבורגער אוניווערסיטעט, און דאָס בילדונגס-מיניסטעריום האָט באַשלאָסן צו שיקן אים אויף אירע הוצאות קיין אויסלאַנד כדי צו פאַרפולקומען זיך דאָרטן אין זײַן וויסנשאַפטלעכן פאַך, האָט אים דאַן בראַפמאַן געוואָלט „אונטערשטעלן אַ פּיסל״. דאָס האָט אים אָבער ניט אָפּגעגאָלטן.

דער יידישער עולם אין ווילנע האָט גאַנץ גוט געוואוסט דעם ציל און דעם כאַראַקטער פון דער דאָזיקער אַרבעט. ס׳איז פאַר קיינעם ניט געווען קיין סוד, אַז בראַפמאַן פאַלסיפיצירט די דאָקומענטן, אַז אין אַנדערע ערטער שניידט ער אונטער דעם טעקסט, פאַרדאַרבט מיט אַ כיון די אמתע כונה פון די ווערטער, שטעלט אַריין אינמיטן פרעמדע, צוגעגעבענע פראַזן, און אַז דאָס גאַנצע ווערק בכלל איז פול מיט די גרעבסטע שקרים. מיט דער אַנטדעקונג פון דער דאָזיקער פאַלסיפיקאַציע האָט מען אָבער באַשלאָסן אָפּצוּוואַרטן ביז וואַנען דער ספר וועט אַרויס פון דרוק.

בראַפמאַן אַלס צענזאָר פלעגט אָנטאָן די יידישע מחברים די ערגסטע נגישות. זיי פלעגן האָבן אויסצושטיין פון אים די געבערענטסטע לײַדן. ביי אים איז רעכט געווען צוצושעפּן זיך צו אַ וואָרט און ניט דורכצולאָזן צו ליב אים דעם גאַנצן ספר. זייענדיק בטבע אַן עם-הארץ, און באַזונדערס אין לומדישע ספרים, פלעקט ער אויסמעקן די סאַמע כשרסטע ווערטער און די סאַמע תמימותדיקע אויסדריקן. וועגן בראַפמאַנס עם-הארצות האָט מען אין די לומדישע קרייזן דערציילט פיל קוריאָזן און אַנעקדאָטן; עס האָבן זיך [illegible]

דעם אַרומגעטראָגן גאַנצע פּעק וויצן, וועלכע האָבן לייטן געגעבן אַ סך שטאָף צום לאַכן, בראַפּמאַן האָט דערפון גאַנץ גוט געמאַכט און פון טאָג צו טאָג האָט ער מיט דעם אָפּיציעלן רויטן בלייפעדער אין די רבנישע ספרים אַלץ מער גרעסערע חורבונות געמאַכט.

אין ווילנע איז בראַפּמאַן געוואָרן ביי די מיטעלע ביוראָקראַטן אַן אייגענער מענטש, אַ גאַנצער בן־בית, די דאָזיקע רוסישע באַאַמטע, כמעט אַלע גרויסע שונאי־ישראל, האָבן געהאַלטן פון דעם „גרויס געלערנטן" משומד אַן עולם ומלואו. זיי האָבן דערוואַרט, אַז מיט זיין ספר וועט בראַפּמאַן מאַכן אַ גרויסע איבערקערעניש אין דער ביזאיצטיקער גוטער באַציאונג פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן צו די יידן, און האָבן שוין דערפון נאָך איידער וואָס־ווען שטאַרק הנאה געהאַט, און צוגעגעבן אים שטאַרק חשק צו זיין אַרבעט.

ניט דערוואַרטנדיק זיך ביז זיין ווערק וועט פאַרעפנטלעכט ווערן אין דרוק האָט זיך בראַפּמאַן גענומען אויסאַרבעטן פאַרשיידענע פּלאַנען און פּראָיעקטן ווי אַזוי און דורך וועלכע מיטלען צו רוסיפיצירן די יידישע באַפעלקערונג אין צפון־מערב־קאַנט און באַזונדערס אויף וואָסער אופן צו מאַכן זי אומשעדלעך פאַר די קריסטן. אַלע זיינע פּלאַנען, וועלכע האָבן באַזירט אויף אַן עקסט אַנטיסעמיטיש־גאַליקער שטימונג פלעגט ער זען פאַרשפּרייטן צווישן די מיטעלע באַאַמטע, כדי זיי זאָלן פאַר זיי אַגיטירן ביי דער העכערער מאַכט. צו וועלכער ער האָט די ערשטע צייט קיין צוטריט ניט געהאַט. ביסלעכווייז האָט ער זיך אָבער גענומען ערלויבן צו ווענדן זיך מיט זיינע פּראָיעקטן וועגן יידן אויך צו די העכערע רעגירונגס־פאָרשטייער, ביי וועלכע ער האָט אָבער פון אָנפאַנג ניט איבעריקס גליק געהאַט.

דער באַוואוסטער יידישער געלערנטער יהושע שטיינבערג, וועלכער האָט דאַמאָלסט געדינט אַלס געשוואָרענער איבערזעצער ביים ווילנער גענעראַל־גובערנאַטאָר מוראַוויאָוו און איז געווען אַ לערער אין ראַבינער־שול, האָט מיר אַמאָל ביי אַ געלעגנהייט דערציילט דעם דאָזיקן העכסט כאַראַקטעריסטישן פאַקט:

בראַפּמאַן האָט דערלאַנגט מוראַוויאָוון אַ מעמאָראַנדום, אין וועלכן ער דערקלערט אים, אַז עס וואָלט זייער לייכט געווען אָפּצושמדן אַלע יידן; אין דעם שטערט אָבער דאָס, וואָס די יידן פאַרשטייען ניט קיין רוסיש. דעריבער לייגט ער פאָר, אַז מ'זאָל פאַר געטויפטע יידן אויסבויען אַ באַזונדער שול, וואו זיי זאָלן דאַווגען אין יידיש. אינם דערמאָנטן מעמאָראַנדום האָט בראַפּמאַן געבעטן מוראַוויאָוון, אַז ער זאָל אים געבן אַן אוידיענץ. אין יענער צייט—דאָס איז געווען נאָכן „פּוילישן מיאַטעזש" — איז ניט אַזוי גרינג געווען צו באַקומען אַן אוידיענץ ביי מוראַוויאָוון, דאָך האָט בראַפּמאַן דערהאַלטן אַן ענטפער פון דעם גענעראַל־גובערנאַטאָרס קאַנצעלאַריע, אַז ער זאָל קומען אין צען טעג אַרום. צום באַשטימטן טערמין איז בראַפּמאַן געקומען און אַריינגייענדיק אין אוידיענץ־זאַל האָט ער דאָרטן געטראָפן שטיינבערגן, וועלכער איז פּלוצלונג אויך אַהין אַרויסגערופן געוואָרן אויפן זעלביקן טאָג. אין אַ היבשער ווילע אַרום איז אַרויס מוראַוויאָוו אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן, און דערזעענדיק בראַפּמאַנען האָט ער אים אַ פרעג געטאָן: צי „דו" (ער האָט אים געדוצט) ביסט דאָס אָט דער בראַפּמאַן, וועלכער איז געווען אין קלעצק אַ מלמד „טאַרטעקע", „טאַרטעקע" (דרדקי)? ווי געפעלט אייך די חוצפּה?—האָט זיך מוראַוויאָוו געווענדט צו שטיינבערגן—אַ דרדקי־מלמד האָט זיך אָפּגעשמדט און ער האָט שוין די עזות דערלאַנגען אונז אַ פאָרשלאָג, אַז מיר זאָלן פאַריידישן אונזער קירך (ожидовить нашу церковь), און איך פרעג אייך: וואָס וועט זיין אַז אַ געביל'דעטער ייד וועט זיך שמדן? אַזעלכער וועט דאָך געוויס פאַריידישן אונזער פּראַוואָסלאַוונע קירך. אַרויס פון דאַנען (вонъ!) — האָט ער אַ געשריי געטאָן מיט גרויס צאָרן אויף בראַפּמאַנען. און מיט דעם האָט זיך געענדיקט די אוידיענץ.

בראַפּמאַן איז אָבער פון דעם שטאַרק ניט נתפּעל געוואָרן, און איז ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלן. ער האָט געפילט, אַז ס'וועט נאָך אָנשטיין זיין צייט, אַז ס'וועט נאָך קומען אַזאַ טאָג, אין וועלכן זיינע פּראָיעקטן וועגן יידן און יידישקייט וועלן דערלאַנגען אין די גענעראַל־גובערנאַטאָרישע קאַבינעטן און אין די מיניסטאָרישע דע־

פאַרסאַמענען. און זיין געפיל האָט אים ניט אָפּגענאַרט, ווי דער לעזער וועט זען אין די קומענדיקע קאַפּיטלעך.

עטלעכע בולטע שטריכן צו בראַמסאַנס כאַראַקטעריסטיק אין דער צייט, וואָס ער האָט געוואוינט אין ווילנע, געפינען מיר אין די זכרונות פון דעם שוין אויבנדערמאָנטן אברהם יעקב פּאַפּירנאַ:

„אין יאָר 1867—אַזוי דערציילט פּאַפּירנאַ—בין איך געווען אַ שילער פון לעצטן קלאַס ראַבינער־שול; אין יענעם יאָר איז אַרויס מיין ערשטע ווערק „ק נ ק ן ח ד ש". מיין ליטעראַרישע טעטיקייט האָט מיך באַקאַנט געמאַכט מיט יהושע שטיינבערגן, וועלכער האָט דאַן געאַרבעט אין צענזור־קאָמיטעט, צוזאַמען מיט בראַמסאַנען, אַלס צענזאָר פאַר יידישע ביכער. אריינגייענדיק אַמאָל צו אים אָוונט־צייט האָב איך דאָרט געפונען בראַמסאַנען מיט דער ווייב. שטיינבערג האָט אונז באַקאַנט געמאַכט, האָט מיך פאָרגעשטעלט אַלס תלמיד פון ראַבינער־שול און אַלס יונגן פעאיקן ליטעראַטאָר. בראַמסאַן האָט זיך מיט מיר זייער פאַראינטערעסירט, האָט מיך גענומען פונאַנדערפרעגן ווי לאַנג איך וואוין אין ווילנע, פון וואַנען איך בין געבאָרן און אַז. וו. דערהערנדיק, אַז איך בין אַ געבוירענער אַ קאַפּוליער, האָט ער אויסגערופן: „הייסט עס, אַז מיר זיינען לאַנדס־לייט! איך בין דאָך פון כדום, ד. ה. פון סלעצק! אַייערער אַ „ש כ ן ק ר ו ב"— האָט ער מוסיף געווען שטאָלצירנדיק מיטן העבּרעאישן אויסדרוק.

איך ווייס ניט, וואָס עס האָט מיך געבראַכט אַ רייץ צו טאָן זיך מיט אים, נאָר איך האָב אויך געענטפערט מיט אַ העבּרעאישער פראַזע: צום באַדויערן „ק ר ו ב י ם נ ע ש ו ר ח ו ק י ם" (נאָענטע זיינען געוואָרן ווייטע). אַרויסזאָגנדיק דאָס האָב איך דערפילט די אומפּאַסיקייט פון מיינע ווערטער; נאָר דעם איינמאָל אַרויסגעזאָגטן וואָרט קען מען שוין צוריק ניט כאַפּן. איך האָב דערוואַרט, אַז בראַמסאַן וועט זיך פילן באַליידיקט; ער האָט אָבער גאָר אַפילו ניט געהאַט בדעה זיך צו באַליידיקן. פונאַנדערלאַכנדיק זיך אויפן קול האָט ער געזאָגט:

— איר האָט אַ טעות; איך האָב מיך פון אייך ניט דערווייט־

טערט; איך אַרבּעט צוזאַמען מיט אַייך אויף איין באָדן, אויפן ידישן באָדן און צווישן יידן.

וואָס זאָל דאָס זיין: חוצפּה, צביעות? — האָב איך ניט פאַר־שטאַנען און האָב מיך ניט געקאָנט אָפּהאַלטן פון צו פרעגן אים:

— און אויך פאַר יידן?

— יאָ, פאַר יידן — האָט ער געענטפערט חוצפּהדיק און זעענדיק ווי אַלע אָנוועזנדיקע זיינען אויפגעבראַכט אויף דעם דאָ־זיקן שקר, האָט ער צוגעלייגט: „איר גלויבט ניט?.. מערקווירדיק! דאָס יידישע פאָלק געפינט זיך אין אַ מצב, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט אין דער געשיכטע פון די פעלקער; די אָרטאָדאָקסן האָפן, אַז זיי וועלן פון אים אויסגעלייזט ווערן דורך אַ וואונדער — משיח וועט קומען! די אינטעליגענץ לייגט גרויס בטחון אויף גלייכבאַרעכטיגונג; דאָס זיינען דאָך בלויז פאַנטאַזיעס: איר וועט אַזוי לאַנג און מיט אַזעלכע רעזולטאַטן וואַרטן אויף גלייכבאַרעכ־טיקונג, ווי אייערע זיידעס אויף משיחן. נו, איז געקומען צו גיין בראַפמאַן און האָט באַפרייט ניינצען יידן מיט זייערע קינדער און אייניקלעך און אור־אייניקלעך פון גלות — און אַייך איז דאָס נאָך ווייניק?

נאָך אַזאַ גראָבן, ציניש חוזק־מאַכן פון זיין זייט, האָב איך געפונען פאַר אוממעגלעך צו פירן מיט אים אַן ערנסטן ויכוח, און האָב אָנגענומען אַ לצנותדיקן טאָן:

— ווייסט איר, יאַקאָוו אַלעקסאַנדראָוויטש? איך האָב באַ־געגנט אין מינסק איינעם אַזעלכן, וואָס איר האָט אים באַפרייט פון גלות, וועלכער האָט, פונקט פאַרקערט פון בלעמן, אָנשטאָט צו בענטשן אַייך, — אַייך גוט אויסגעשאָלטן פאַר דער דאָזיקער באַ־פרייאונג.

דאָ האָט זיך מאַדאַם בראַפמאַן אָפּגערופן:

— דאָס איז געוויס יענער קאַליקע!

— יאָ, אַ קאַליקער; — האָב איך באַשטעטיקט.

בראַפמאַן האָט זיך אַזוי כונאַנדערגעלאַכט, דאָס ער האָט זיך געכאַפּט פאַר די זייטן. און זיין פרוי האָט געזאָגט:

— דאָס איז, פשוט, אַן אָנשיקעניש — אָט דער אביון. זינט

21

ער האָט זיך אָפּגעשמדט מיט דער הילף פון מיין מאַן, האָט מען פון אים קיין מנוחה ניט; ער טוט כּסדר און שטייט צו ווי אַ קלעק; ער האָט קיין העמד ניט — גיב אים אַ העמד; ער האָט ניט קיין שטיוול — גיב אים שטיוול; דאָס ווייב האָט אים אַהעקגעוואָרפן — גיב אים אַ ווייב. שטעלט אייך פאָר: אפילו אַהער קיין ווילנע האָט ער זיך געבראַכט צושלעפּן צו פוס; כ'האָב מיך קוים פון אים אָפּגעטשעפּעט!

— אַ כאַראַקטעריסטישן שטריך האָבן יידן — האָט זיך אָפּגערופן בראַפמאַן — קוים שמדט זיך פון זיי עמיץ אָפּ, מיינט ער, אַז ער האָט מיט דעם גליקלעך געמאַכט די גאַנצע קריסטלעכע וועלט, און אַז אים קומט דערפאַר, צום ווייניקסטן, דער טיטל פון אַ גענעראַל אָדער אַ פּאָרטפעל פון אַ מיניסטער...

— דאָס באַווייזט נאָר — האָב איך געזאָגט — דאָס אַפילו די דאָזיקע אויסוואורפן פון דער יידישער געזעלשאַפט חייסן דעם ווערט פון יידישקייט און ווילן איר וואָלוול ניט אָפּלאָזן.

כּדי איבערצורייסן דעם דאָזיקן אומאָנגענעמען שמועס, איז מאַדאַם שטיינבערג אויפגעשטאַנען און האָט אונז פאַרבעטן אריבערצוגיין אין עס־צימער, וואו מ'האָט דערלאַנגט אַ סאַמאָוואַר. איך האָב מיך אַנטזאַגט, געזאָגט אַז כ'האָב קיין צייט ניט, פונאַנדערגעזעגנט זיך און אוועק.



## ד.

ס'זיינען אריבער נאָך עטלעכע יאָר, און פאַר בראַפמאַנען מיט זיינע אַנטיסעמיטישע פראָיעקטן זיינען אָנגעשטאַנען בעסערע צייטן. דאָס איז געווען נאָך מוראַוויאָווס טויט, בעת אין ווילנע איז אָנגעקומען פאַר אַ גענעראַל-גובערנאַטאָר גענעראַל קויפמאַן. ביי אים האָט שוין בראַפמאַן מער מזל געהאַט. קויפמאַן איז אַפילו געווען אַן ערליכער מאַן און ניט קיין שונא-ישראל; זייענדיק אָבער פון דער נאַטור אַ שוועכלינג, איז ער אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון זיינע נאָענטע מיטהעלפער, וועלכע האָבן פאַר אים פאָרגעשטעלט בראַפמאַנען אַלס הויכגעלערנטן אין די יידישע למודים און אַלס געניטער קענער פונם יידישן לעבן, און צוגלייך אויך אַלס הייסער, איבערגעגעבענער פריינד פון רוסלאַנד. באַלד האָבן זיך קויפמאַנס טירן פריי פונאַנדערגעעפנט פאַר בראַפמאַנען, וועלכער האָט אים אָנגעהויבן צו דערלאַנגען מעמאָראַנדומס מיט פלענער וועגן יידן און יידישקייט, און אַלע פלענער האָבן געהאַט דעם איינציקן צוועק וואָס מער דאָס יידישע לעבן שווערער און אומערטרעגלעכער צו מאַכן.

ס'האָט לאַנג ניט געדויערט און וועגן בראַפמאַנס געפערלעכע פראָיעקטן זיינען דערגאַנגען ידיעות צו די פאָרשטייער פון דער ווילנער יידישער קהילה. צווישן די דאָזיקע פאָרשטייער האָט זיך געפונען איינער, וואָס האָט געשמט אין דער וועלט אַלס גרויסער גאון מיט פיל וועלטלעכער בילדונג. דאָס איז געווען ר' י ע ק ב ב אַ ר י ט, אָדער, לויטן נאָמען וועלכן ער איז דאַן געווען באַרימט, ר' יענקעלע קאָוונער. דער דאָזיקער ר' יעקב באַריט האָט דורך זיין גרויסער באַרעדזאַמקייט און זיין איידעלעס באַנעמען ביים גענעראַל קויפמאַן שטאַרק חן באַקומען, און תמיד ווען ער פלעגט זיך נאָר פאַר אים משתדל זיין וועגן יידישע אינטערעסן, האָט ער ביי אים געפועלט אַלץ וואָס ער האָט פאַרלאַנגט. בעת באַריט האָט זיך דערוואוסט וועגן בראַפמאַנס מאַכינאַציעס, איז ער אַוועק צו קויפמאַנען, און געבנדיק אים צו פאַרשטיין, אַז מ'קען אַזאַ וויכטיק ענין ווי די יידישע פראַגע ניט אַנטשיידן אויף דעם סמך פון אַן יחידס אַ מיינונג, ווי גרויס און דערהויבן דער יחיד זאָל ניט זיי-

האָט ער אים פאָרגעלייגט איבערצוגעבן בראַפמאַנס פלענער אין אַ קאָמיסיע פון יידישע און קריסטלעכע פאָרשטייער פונם צפון־מערב־קאַנט. קויפמאַן האָט אײַנגעשטימט אויף ר׳ יענקעלעס פאָרשלאָג און די קאָמיסיע איז איינגיכן צוזאַמענגערופן געוואָרן. בראַפמאַנען האָט די זאַך זייער ניט געשמעקט און האָט אָנגעווענדט אַלע קרעפטן אליין און דורך אַנדערע, אַז פון דער זאַך זאָל גאָרנישט אַרויסקומען; ער האָט דאָס אָבער ניט אויסגעפירט. די קאָמיסיע איז פאָרגעקומען אין דער באַשטימטער צייט. ס׳האָבן זיך אין איר באַטייליקט ביי אַ מגין באַוואוסטע יידישע כלל־טוער, צווישן זיי אויך לעוואַנדע און שטיינבערג, און אייניקע גרויסע רעגירונגס־באַאַמטע. אויף קויפמאַנס באַפעל האָט בראַפמאַן אליין געדאַרפט פאַרטיידיקן אין דער קאָמיסיע זיינע פלענער.

די זיצונגען פון דער קאָמיסיע זיינען פאָרגעקומען אונטער דעם פאָרזיץ פון יענקעלע באַריט. לויט די דאַמאָלסטיקע צייטונגס־באַשרייבונגען האָט ר׳ יענקעלע געפירט די דעבאַטן מיט אַזאַ מין זאַכטפאַרשטאַנדיקייט און מיט אַזוי פיל פקחות, דאָס באַלד נאָך דער ערשטער באַראַטונג האָט מען שוין געקאָנט זאָגן פאָראויס, אַז בראַפמאַן האָט פאַרשפילט, און אַז זיינע פלענער וועלן אָפגעוואָרפן ווערן.

וועגן דער דאָזיקער קאָמיסיע האָט מיר לעוואַנדע אַמאָל דערציילט די פאָלגנדע זייער אינטערעסאַנטע פרטים:

„אַז כ׳בין אַריין אין רעגירונגס־זאַל און האָב דערזען פון דערווייטן בראַפמאַנען, אָט יענעם פינסקער יונגגמאַנטשיק, וועלכער האָט זיך אַמאָל אין מינסק פאָרגעשטעלט פאַר אַ געדרודפטן משכיל, האָב איך געמיינט, אַז מיר פאַלט אַיין די דמים. כ׳האָב אים געוואָלט אויסמיידן, און בין אָפגעטראָטן אָן אַ זייט. ער האָט אָבער פאַרמאָגט אויף אַזוי פיל חוצפה צו צוגיין צו מיר און דערלאַנגען מיר די האַנט מיט דעם אויסרוף:

— וואָס מאַכט מיין אַמאָליקער לערער, לעוו אָסיפאָוויטש?

איך האָב אים מיין האַנט געגעבן און געענטפערט: היינט וויל איך אייך ניט קענען. בראַפמאַן האָט אַראָפגעלאָזן דעם נאָז, האָט זיך שטאַרק אָנגעבלאָזן און איז אַוועק און געשטעלט זיך ביי

א קליינע קופּקעלע פון רוסישע באַאמטע, וועלכע האָבן צווישן זיי געפירט א שמועס.

דעם גיפט—האָט לעוואַנדע פאָרגעזעצט זיין ערציילונג—מיט וועלכן בראַפּמאַן האָט אין דער קאָמיסיע גערעדט וועגן יידן, איז ניט אָפּצומעלן. ס'האָט אין אים גערעדט ניט בלויז דער רענעגאַט דער בוגד, נאָר אויך דער דעספּאָט, דער טיראַן, די חיה רעה, וואָס לעכצט נאָך בלוט. און וואָס, מיינט איר, האָט אָט דער צורר אונז ניט באַשולדיקט? וועלכע בלבולים האָט ער אויף אונז ניט אויסגעטראַכט! ער האָט געזאָגט, אַז מיר יידן זיינען פּיאַווקעס, וואָס זויגן אויס דעם מאַרך פון לאַנד, אַז מיר לעבן נאָר פון דעם, וואָס מיר נאַרן אָפּ דעם גוי; דערביי האָט ער געוואָרפן מיט ציטאַטן פון דער גמרא און פון „שולחן-ערוך", אַפילו דעם רמ"א האָט ער געשלעפּט פון קבר. געוויינטלעך זיינען דאָס אַלץ געווען פעלשונגען, וועלכע אונזע-רע פאָרשטייער, און באַזונדערס ר' יענקעלע באַריט, האָבן צו-קלאַפּט אויף פּיץ-פּיצלעך. און וועלכע אכזריותדיקע פּראָיעקטן האָט ער וועגן יידן ניט פאָרגעלייגט? ערשטנס, אַז מ'זאָל אונז צושרייבן צום פּויערים-שטאַנד, מיר זאָלן זיין אָפּהיינגיג פון די דאָרפישע „סכאָדן"; צווייטנס, מ'זאָל יידן ניט דערלאָזן צו בילדונג און צו פרייע פּראָפעסיעס, און אַזוי אַרום זאָל מען זיי באַרויבן ניט בלויז אַלע בירגערליכע נאָר אויך אַלע מענטשליכע רעכט. ס'זיינען גע-ווען אַזעלכע מינוטן, אין וועלכע ס'האָט זיך גענומען הויבן מיין האַנט, און איך בין שוין געווען קאַפּאַבל אַרויפצוואַרפן זיך אויף אים... כ'האָב זיך אָבער איינגעהאַלטן. באַרואיקט האָב איך מיך ערשט ווען כ'האָב געזען, דאָס מיט יעדע זיצונג פאַרליהט בראַפּמאַן אַלץ אונטער זיך מער דעם באָדן; אַז די רעפּליקעס פון די יידישע מיטגלידער, וועלכע וואַרפן פונאַנדער זיינע פּראָיעקטן-בנינים ווי קאָרטן-הייזלעך, מאַכן אויף די קריסטלעכע דעלעגאַטן אַ שטאַרקן איינדרוק. באופן, אַז קיינעם פון זיי לאָזט דאָס האַרץ ניט אויסצו-ריידן וועגן זיי אַ גוט וואָרט. בראַפּמאַן אַליין האָט זיך געקאָכט, האָט זיך געפּרובט אָפּשלאָגן די יידישע טענות, אָבער זיין טרחה איז געווען אומזיסט. ביי דער לעצטער זיצונג, אין וועלכער יענקע-לע באַריט האָט אַלס פאָרזיצער רעזומירט די מיט אַן אומגעהייערער

גערהייט אָנגענומענע רעװאָלוציעס, איז בראַפּמאַן געװעזן ממש װי־
אַן אָפּגעשמיסענער. כ׳האָב אים אין יענער מינוט באַטראַכט און
האָב געזען װי עס בייטן זיך זיך אים די פאַרבן אין פנים. אין
יענעם מאָמענט האָב איך מיך געפילט איבער־גליקליך״.

בראַפּמאַנס מיאוכער דורכפאַל אין דער קאָמיסיע האָט אים
אָבער ניט אָפּהענטיק געמאַכט. ער האָט נאָך אין אים פיל מער
פאַרשטאַרקט זיין נקמה־לוסט. מיט גרויס פלייס און ענערגיע האָט
ער זיך גענומען צו פאַרענדיקן זיין ספר אויף װעלכן ער האָט גע־
לייגט גרויסע האָפענונגען, װאָס זיינען ליידער, מקוים געװאָרן.



## ה.

בראַפמאַנס ספר, איז אַרויס פון דרוק ערשט אין יאָר 1869 אונטערן נאָמען „Книга Кагала“ (דאָס בוך וועגן קהל). ווי איך האָב שוין דערציילט אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך, באַשטייט דאָס בוך פון לויטער געפעלשטע און פאַרדאָרבענע יידישע דאָקומענטן דורך וועלכע דער מחבר וויל אויפווייזן, אַז דאָס יידיש פאָלק גראָבט אונטער דעם קיום פון דער רוסישער מדינה, און דעריבער דאַרף די רעגירונג זען אָננעמען קעגן יידן די שאַרפסטע מיטלען כדי צו מאַכן זיי אומשעדלעך פאַר דאָס קריסטלעכע לאַנד.

די אַמאָליקע בראַפמאַנס מיטאַרבעטער, געוועזענע ראַבינער־שילער, האָבן אַפילו אַליין אויפגעוויזן אין צייטונגס־אַרטיקלען די אַלע פאַלשקייטן פונם ספר. איינער אַ ווילנער יידישער יונגער געלערנטער שערעשעווסקי, האָט אַרויסגעגעבן אַ באַזונדער ווערק אין וועלכער ער ווייזט אויף באַשיינפערלעך, אַז אין בראַפמאַנס ספר איז קיין איין וואָר וואָרט ניטאָ, אַז ער איז מער ניט ווי אַ ווינעגרעט פון דער שענדלעכסטער פאַלסיפיקאַציע מיט דער גרעבסטער עם־הארצות. דאָס אַלץ אָבער האָט ניט געשטערט דעם ספר אויפגענומען צו ווערן מיט גרויס ענטוזיאַזם אין די ביוראָקראַטישע ספערן און אין דער יידנפיינדלעכער פרעסע, ביי וועלכער דער „קניגאַ קאַהאַלאַ“ איז געוואָרן אַ אומערשעדלעכער קוואַל פון גרויס באַגייסטערונג. בראַפמאַנס „קניגאַ קאַהאַלאַ“ איז געוואָרן אַ טיש־בוך אין די קאַנצעלאַריעס פון די גרעסטע ביוראָקראַטן, וועלכע האָבן אים באַטראַכט פאַרן „שולחן ערוך“ בנוגע דעם יידישן לעבן און אַלס ענציקלאָפּעדיע פאַר יידישע וויכנשאַפט. אַזוי אַרום איז בראַפמאַן געוואָרן דער שעפער פונם רוסישן אַנטיסעמיטיזם.

ווי הויכגעשאַצט דער „קניגאַ קאַהאַלאַ“ איז געשטאַנען ביי דער רוסישער מאַכט,—אויף דעם באַווייזט דער פאָלגענדער פאַקט וועלכן דער באַוואוסטער העברעאישער דיכטער יהודה ליב גאָרדאָן גיט איבער אין זיינע זכרונות וועגן זיין פעטערבורגער באַגעגעניש אין יאָר 1879 מיט דעם געוועזענעם ווילנער גענעראַל־

גובערנאַטאָר און דער שפּעטערדיקער באַזיגער פון טורקעסטאַן, קאָנ־סטאַנטין פּעטראָוויטש קויפמאַן.

„אונזער שמועס — אַזוי דערציילט גאָרדאָן—האָט געדויערט מער פון אַ שעה. גענעראַל קויפמאַן האָט זיך ביי מיר נאָכגעפרעגט מכח דער לאַגע פון די יידן אין צפון־מערב־קאנט, וועגן וועלכע ער האָט ניט געהערט שוין העכער צען יאָר.

— איבריגנס—האָט קויפמאַן אַ זאָג געטאָן — איז מיר איינ־מאָל פאַר דערצייט אויסגעקומען צו לייענען עפּעס אַ בוך וועגן יידן. איך האָב נאָר פאַרגעסן דעם נאָמען פון ספר.

איך האָב פאַרשטאַנען, — שרייבט גאָרדאָן—אַז ער מוז דאָ מיינען בראַפמאַנס „קניגאַ קאַהאַלאַ“, און האָב אויסגעדריקט מיין באַדויערן, וואָס אים איז אַריינגעפאַלן אין האנט דוקא אָט דער ספר, און ניט יענע ספרים, וועלכע זיינען געשריבן געוואָרן קעגן אים.

— דאָס בוך איז צו מיר אַריינגעפאַלן ניט צופעליק—האָט מיר דערקלערט קאָנסטאַנטין פּעטראָוויטש. — מ'האָט מיר אַריינגע־שיקט עטלעכע צענדליק עקזעמפּלאַרן אַזעלכע פונאַנדערצוטיילן זיי איבער די קאַנצעלאַריעס, כּדי די באַאַמטע זאָלן זיך דורך זיי באַ־קאָנען מיטן יידישן לעבן. אויף דעם אופן איז דאָס לעזן פונם ספר פאַר מיר געוואָרן אַ חוב.

צום צייכן פון אָנערקענונג און דאַנקבאַרקייט פאַר זיינע גרויסע פאַרדינסטן לטובת דער מדינה, האָט די רוסישע רעגירונג אָנפאַנגס די זיבעציקער יאָרן אַרויסגערופן בראַפמאַנען קיין פּעטער־בורג, וואו זי האָט אים געגעבן אַ שטעל אין דער הויפּט־פאַרוואַל־טונג פון צענזור, און צוגלייך מיט דעם האָט זי אים באַשטימט אַלס רעפערענט איבער יידישע ענינים.

וואוינענדיק אין פּעטערבורג האָט בראַפמאַן פאַרעפנטלעכט, באַזונדערס אין דעם דאַמאָלסטיקן גרעסטן רוסישן בלאַט „גאָלאָס“, פיל פאַמפלעטן אויף דער פּעטערבורגער חברה „מפיצי השכלה“, וועלכע ער האָט באַשולדיקט, אַז זי פאַרשפּרייט צווישן דער יידי־שער יוגנט ניהיליסטישע אידייען. אַ גיפטיקן פּאַסקוויל האָט בראַפ־מאַן אָפּגעדרוקט אין דער ז עלביקער צייטונג וועגן דער פּאַריזער

„אַליאַנס איזראעליטע" (חברת כל ישראל חברים), אויף וועלכער ער האָט געזאָגט, דאָס זי איז אַ נעסט פון דער אַלוועלטלעך־יידי־שער פאַרשווערונג קעגן רוסלאַנד.

בראַפמאַן האָט זיין לעבנס־ציל דערגרייכט. פון זיין יידן־פרעסעריי האָט ער געמאַכט אַ גלע׳צנדע קאַריערע. ער האָט פון איר געשלאָגן אי קאַפּיטאַל אי גרויס פרסום.



1877־טן יאָר איז בראַפמאַן פלוצלונג געשטאָרבן. וועגן זיין פלוצליכן טויט זיינען דאַן אַרומגעגאַנגען אין פעטערבורג פאַר־שיידענע ווערסיעס. די ריכטיקסטע ווערסיע איז געווען, אַז בראַפ־מאַן האָט געקראָגן פּאָפּלעקסיע פון גרויס עגמת־נפש, וועלכע ער האָט דאָס לעצטע יאָר געהאַט. פון יידישער זייט, ווי אויך מצד קריסטלעכע קעגנער האָט מען זיך גענומען אונטערגראָבן זיין ווי־סנשאַפטלעכן אַווטאָריטעט. די התחלה האָט אין דעם געמאַכט אברהם אליהו האַרקאַווי. וועלכער האָט שוין דאַן געהאַט באַקומען אין דער וועלט אַ גרויסן נאָמען, און די רוסישע רעגירונג האָט אים באַ־שטימט אַלס הויפּט־ביבליאָטעקאַר אין דער קייזערלעכער אוניווער־סיטעט. אַמאָל איז בראַפמאַן געקומען אין ביבליאָטעק און האָט גע־בעטן האַרקאַווין, ער זאָל אים זאָגן, וואָס איז דאָס אַזוינס פאַר אַ ספר וועלכער הייסט „איביד" אָדער „איבידעם", און אַלע מחברים ציטירן אים אַזוי אָפט. האַרקאַווי האָט זיך געמאַכט גאַנץ תמעוואַטע און דערלאַנגנדיק בראַפמאַנען אַ קאַרטל פון דער קייזערלעכער ביב־ליאָטעק האָט ער אים געהייסן אָנשרייבן אויף איר, אַז ער פאַר־לאַנגט מ׳זאָל אים אַרויסגעבן דאָס בוך „איביד" אָדער „איבידעם". דערנאָך האָט האַרקאַווי די דאָזיקע קאַרטל דעמאָנסטרירט אַלס באַ־ווייז, ווי ווייט עס דערלאַנגט בראַפמאַנס ערודיציע*). מיט דער

*) ווי באַקאַנט זיינען „איביד" און „איבעדעם" לאַטיינישע ווערטער, און זייער טייטש איז: „דאָרטן". מיט די דאָזיקע ווערטער באַנוצן זיך אַנדערע מחברים ווען זיי שיקן אָפּ דעם לעזער צו׳ינצוקוקן אין די ערטער, וועלכע זיי האָבן שוין פאַר דעם ציטירט.—

דאָזיקער געשיכטע האָט געקלונגען גאַנץ פּעטערבורג, און פון דאַמאָלסט אָן האָט בראַפמאַנס אויטאָריטעט אָנגעהויבן שטאַרק צו פאַלן.

פון שטיינבערגס נאָמען גיט מען איבער דעם פאָלגנדן פאַקט וועלכער זאָל האָבן גורם געווען צו בראַפמאַנס טויט.

בראַפמאַן, אַלס אויבער-צענזאָר פאַר יידישע ספרים האָט תמיד געהאַט אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג וועגן יענע ביכער, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען דורך דער פּראָווינציעלער יידישער צענזור. האָט געדאַרפט פּאַסירן אַזאַ געשיכטע: ווי איך האָב שוין איינמאָל דערציילט האָט בראַפמאַן פאַרעפנטלעכט אינם גרויסן רוס'שן טאָגבלאַט „גאָלאָס" אַ רייע גיפטיקע אַרטיקלען קעגן דער חברה „מפיצי-השכלה". אויף די דאָזיקע, אַרטיקלען האָט בראַפמאַן תיכף באַקומען אַ גאַנץ שאַרפע תשובה, און אין דעמזעלבן „גאָלאָס" פונ'ם דאַמאָלסטיקן סעקרעטאַר פון דער חברה, דעם העברעאישן דיכטער י"ל גאָרדאָן. פון יעמאָלט אָן האָט בראַפמאַן געטראָגן אויף גאָרדאָנען אין האַרצן אַ שטאַרקע שנאה, און האָט ניט אויפגעהערט צו זוכן קיין געלעגנהייט אָפּצוטאָן אים אַ שפּיצל. אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך אים געמאַכט אין אַ געוויסן טאָג, בעת ס'איז אים צופעליג אַריינגעפאַלן אין האַנט גאָרדאָנס העברעאישע ערציילונג „עולם כמנהגו" (דער צווייטער טייל), און דורכ'בלעטערנדיק אים האָט ער אין אים געפונען דעם אויסדרוק „א ו ת ו ה א י ש י מ " ש". תיכף האָט בראַפמאַן געכאַפּט און אויסגעטייטש, אַז מיט דעם „אותו האיש" האָט געמיינט דער מחבר נאָר ק ר י ס ט ו ס ׳ן. אויף מאָרגן האָט בראַפמאַן וועגן דעם צוגעשטעלט אַ ראַפּאָרט אין דער הויפּט-פאַרוואַלטונג פאַר די ענינים פון צענזור, און עס איז דאָרטן געוואָרן אַ „ויצעקו". תיכף איז פון דער פאַרוואַלטונג אָפּגעגאַנגען זייער אַ שטרענגער פּאַפּיר קיין ווילנע צו שטיינבערגן, וועלכער האָט דעם „עולם כמנהגו" צענזורירט און האָט אים דורכגעלאָזן צום דרוקן. שטיינבערג האָט אויף דעם באַלד אָפּגעשיקט אַ תשובה, אין וועלכער ער האָט אָנגעוויזן, אַז מיט די ווערטער „אותו האיש" האָט גאָרדאָן ניט געקאָנט מיינען קיין אַנדערן ווי נאָר דעם ש ט ן. בראַפמאַן האָט זיך אָבער אָוועקגעשטעלט סטאָל און אייזן און האָט געטענה'ט

אַן ס׳איז ניט אַזוי ווי שטיינבערג טייטשט אויס. דאַן האָט די הויפּט־צענזור־פאַרוואַלטונג באַשלאָסן איבערצוגעבן די אויפקלערונג פונם דאָזיקן ענין דעם יעפּיסקאָפּ פילאַרעט, דער דעקאַן פון דער פּעטערבורג׳ער גייסטליכער אַקאַדעמיע וועלכער האָט אין זיין צייט געשטאַנט אַלס אויסגעצייכנטער קענער פון דער העברעאישער שפּראַך. ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט, און יעפּיסקאָפּ פילאַרעט האָט אַרויסגעטראָגן זיין אורטייל, אַז די ריכטיקע אויסטייטשונג פון די ווערטער „אותו האיש" איז שטיינבערגס און ניט בראַפמאַנס, וועלכער האָט אין דער זאַך אַרויסגעוויזן גרויס עם־הארצות.

פון יענעם טאָג אָן האָט בראַפמאַן דערפילט, אַז זיין שטערן הויבט אָן אונטערצוגיין, און האָט זיך דאָס שטאַרק גענומען צום האַרצן, די דאָזיקע האַרץ־קלעמעניש זאָל אים האָבן געפירט צו זיין פלוצלעכן טויט.



## II.
# יאָסיף ניקאָלייעוויטש סאַרקין.
## א.

י. נ. סאָרקין איז שוין געווען גאָר צו אַנדער מין משומד. געבאָרן און דערצויגן אין אַ רייכער אָרטאָדאָקסישער אָבער טאָלעראַנטפּולער יידישער פאַמיליע אין דער ליטא, האָט ער אין זיך פון דער יוגנט איינגעזאַפּט אַלץ דאָס בעסטע און דאָס שענסטע פונם טראַדיציאָנעלן יידנטום פאַרפולקומענדיק זיך דערביי אויך אין וועלטלעכער בילדונג. צו זעכצן יאָר האָט מען אים שוין גענומען ריידן שידוכים; און ס׳האָט געוועסט געהאַלטן דערביי, אַז ס׳זאָל זיך מיט אים מתחתן זיין איינער אַ ביאַליסטאָקער גביר, אַ פאָטער פון אַ בת יחידה, וועלכער האָט אים אָנגעבאָטן אַ פּאָר טויזנט רובל נדן מיט אייביקע קעסט. האָט גראָד געדאַרפט פּאַסירן אַז ער איז אויף יענעם פסח געקומען צו פאָרן צו גאַסט צו זיינעם אַ פעטער, וועלכער האָט געוואוינט אין אוקראַאינע און האָט דאָרטן געהאַלטן אַ הויף אין אַרענדע. ס׳איז דאַן געווען זייער אַ שיינער און אַ וואַרימער פרילינג, איינמאָל פאַרנאַכט בעת דער יונגער סאָרקין האָט מיט זיין פעטערס בחורל שפּאַצירט אין וואַלד, עטלעכע וויאָרסט פון הויף, האָבן זיי זיך מידווערנדיק אַוועקגעזעצט אָפּרוען צופוסן פון אַ באַרג ביים ברעג פון אַ אָזערע. באַמערקודיק אַ צוגעבונדענע לאָדקע מיט אַ פּאָר רודערס, האָבן זיי ניט פיל געקלערט און גלייך אַריינגעזעצט זיך אין איר און אָנגעהויבן זיך צו שיפן איבער דער אָזערע. מיט אַ מאָל האָט אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער ווינט, דאָס שיפל האָט זיך גענומען שליידערן, ביז זי האָט זיך איבערגעקערט, און ביידע יונגע לייט זיינען אַריינגעפאַלן אין וואַסער. דעם אַרענדאַטאָרס זון, וועלכער האָט אַביסל געקאָנט שווימען, האָט זיך ווי עס איז אַרויסגעראַטעוועט, און סאָרקין האָט זיך אָנגעהויבן צו טרינקען. דערביי האָבן זיי געמאַכט שרעקלעכע געוואַלדן. סאָרקין, וועלכער האָט זיך שוין געראַנגלט מיטן טויט האָט אָנגעשטריינגט זיינע לעצטע קרעפטן און אים האָט זיך אײַנגעגעבן אָנצוהאַלטן זיך פעסט אָן דער איבערגעקערטער שיפל און מיטשווימען מיט איר... דערהערנדיק די געוואַלדן און די הילפּ־

געשרייען איז פון דעם קעגנאיבערדיקן ברעג אָנגעלאָפן אַ לאָדקע אין וועלכער עס זיינען געזעסן צוויי קריסטלעכע יונגע מיידלעך. די עלטערע פון זיי האָט אָנגעכאַפּט סאָרקינען פאַר די האָר און, אַריבערגעשלעפּט אים אין זייער לאָדקע. די מיידלעך האָבן דעם האַלב-טויטן סאָרקינען אָפּגעפירט צום ברעג, און אים גענומען מינטערן. דעם אָרענדאַטאָרס בחורל, וועלכער איז אַוועקגעלאָפן אין דאָרף רופן מענשן צו הילף, האָט זיך פאַרזאַמט און איז אַזוי גיך צוריק ניט געקומען. דערווייל איז אָנגעשטאַנען די נאַכט און ס׳איז געוואָרן אַרום שטאָק-פינסטער. סאָרקין איז געלעגן אויף דער ערד, און געכאָרכלט ווי פאַר דער גסיסה. דאָ האָבן אים די מיידלעך אויפגעהויבן און אַוועקגעפירט אונטער די הענט אין נאָענטן דאָרף דאָרטן האָבן זיי סאָרקינען אַריינגעבראַכט אין אַ קליין הײזל, און דער בעל-הבית—דאָס איז געווען דער דאָרפישער פעלדשער,—דער ווייסנדיק זיך פון זיינע טעכטער אום וואָס דאָ האַנדלט זיך, האָט זיך גענומען אָפּחייען אים מיט פאַרשיידענע מיטלען. ערשט אַ שטיק אין דער נאַכט, בעת די שטוביקע האָבן שוין לאַנג געשלאָפן, איז סאָרקין געקומען צו זיך און האָט געעפנט די אויגן, און דערזעענדיק פאַר דעם שיין פון אַ טונקעלן לעמפּל די פרעמדע, אומגעוויינלעכע סביבה אין וועלכער ער געפינט זיך, איז דאָס ביי אים אויסגעקומען ווי אַ ווילדער חלום.

סאָרקין האָט זיך געפּרובט אַ הויב טאָן פון זיין געלעגער און באַטראַכטן וואו איז ער דאָ אין דער וועלט. דערביי האָט ער אַרויסגערעדט צו זיך עטלעכע ווערטער. און ע־שטוינס איז ער געוואָרן ווען צו אים איז צוגעגאַנגען אַן אומבאַקאַנט מיידל און האָט אים געפרעגט אויף אוקראַיניש וואָס אים פעלט און וואָס ער באַגערט. קלאָר געוואָרן די זאַך איז אים ערשט אויף מאָרגן אינדערפרי, בעת פון פעטערס פאַמיליע, וועלכע האָט אים געזוכט אַ גאַנצע נאַכט און ערגעץ ניט געפונען, האָט מען זיך דערשלאָגן צום דאָרפישן פעלדשער, און מ׳האָט אים פון דאָרטן אָפּגעפירט אין הויף אַריין. נאָך אינם זעלביקן טאָג נאָכמיטאָג איז סאָרקין אַליין געקומען אין דאָרף צום פעלדשער, וואו ער האָט זיך באַקאַנט מיט זיין רעטערין און האָט איר אויסגעדריקט זיין הייסטן דאַנק. דאָס

מיידל, וועלכע איז געווען אַ זעלטענע שיינהייט, האָט געמאַכט אויף סאָרקינען זייער אַ שטאַרקן אײַנדרוק. פון יעמאָלט אָן פלעגט ער די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט ביים פעטער, באַזוכן דאָס מיידל טעגלעך און פאַרברייינגען מיט איר יעדעס מאָל עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד, און ווי אינטעלעקטועל נידעריגער זי איז פון אים געשטאַנען, האָט זי אים דאָך זייער פאַראינטערעסירט, און בעת ס׳איז געקומען דער טאָג, וואָס ער האָט געדאַרפט אָפּפאָרן אַהיים, האָט ער מיט אַמאָל דערפילט, אַז ס׳איז אים זייער שווער צו שיידן זיך פון איר.

קומענדיק אַהיים האָט סאָרקין געהאַט אויסצושטיין אַ קליינע מלחמה מיט זיינע עלטערן. זיי האָבן אים געוואָלט פאַרקנסן פאַרן ביאַליסטאָקער גבירס טאָכטער, און ער האָט געטענהט, אַז כל זמן ער איז נאָך אַ רויער מענטש און האָט זיך ניט צוגעשלאָגן צו אַ וועלכער ס׳איז קאַריערע אין לעבן, האָט ער ניט דאָס מאָראַלישע רעכט חתונה צו האָבן. נאָך דעם האָט לאַנג ניט געדויערט, און אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט ער מודיע געווען זיינע עלטערן, דאָס ער האָט באַשלאָסן אוועקצופאָרן קיין ווילנע און אַריינצוטרעטן דאָרטן אין ראַבינער־שול. ווי שווער די זאַך איז די עלטערן געווען, האָבן זיי דערצו צום סוף געמוזט מסכים זיין.

סאָרקין האָט זיך זייער פלייסיק גענומען צום לערנען, און איז געוואָרן איינער פון די בעסטע תלמידים פון ראַבינער־שול. צווישן זיינע דאַמאָלסדיקע חברים זיינען געווען אויך לעוואַנדע און דער אין זיין צייט פּאָפּולער געווען צוערשט מינסקער און דערנאָך מאָסקווער ראַבינער זאַלקינד מינאָר. צו דיביידע האָט זיך סאָרקין באַזונדער מקרב געווען און איז פאַרבליבן זייער נאָענסטער פריינד ביז זיין לעצטן טאָג.

די עקסטע אַסימילאַטאָרישע שטרעמונג, וועלכע האָט דאַן באַהערשט די ווילנער ראַבינער־שול, האָט אויך סאָרקינען אוועקגעשלעפּט מיט זיך. דורכאויס קאָסמאָפּאָליטיש געשטימט, ווייט פון יעדער רעליגיעזן געפיל, איז ביי אים די יידישקייט געשטאַנען אויפן לעצטן פּלאַן. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז ער האָט זיך אָנגעהויבן מרחיק צו זיין פון די עלטערן, האָט אויפגעהערט צו

פֿאָרן אויף ימים־טובים אַהיים, און גאַנץ זעלטן מיט זיי קאָרעספּאָנדירט. דערפֿאַר אָבער האָט ער געפֿירט אַ גרויסע און אַן אינטענסיווע קאָרעספּאָנדענץ מיט דער טאָכטער פֿון יענעם דאָרפֿישן פֿעלדשער... און אַרויסגייענדיק פֿון אַכטן קלאַס ראַבינער־שול אַלס לערער־פּעדאַגאָג, איז ער אַוועקגעפֿאָרן קיין אוקראַינע און האָט דאָרטן מיט איר חתונה געהאַט.

נאָך דער חתונה האָט זיך סאָרקין באַזעצט אין קיעוו, וואו ער האָט געוועסט געפּרובט באַזוכן אַלס פֿרייער צוהערער דעם אוניווערסיטעט. מערנס געווען האָט ער זיך פֿון לערעריי. זיין פֿאַרדינסט איז אים אָבער געווען קאַרג צום לעבן, און דאָס האָט אינגאַנצן אַנטוישט זיין קריסטליכע פֿרוי, וועלכער ער האָט פֿאַר דער חתונה אָפּגעמעלט אַ סך אַ גלענצנדערע צוקונפֿט. זי האָט אים אָנגעהויבן אויסדריקן אַ שטאַרקע אומצופֿרידנקייט מיט איר גורל, ביסלעכווייס פֿלעגט דאָס אַריבער אין קריג; זי האָט אים גענומען מאַכן סצענעס, פֿאַרביטערן דאָס לעבן. דאָס האָט אים באַוואויגן אַרויסצוטרעטן פֿון אוניווערסיטעט און נעמען זוכן אַנדערווייט אַנדערע פּרנסות. אַזוי זיינען אַוועק אַ פּאָר יאָר, אין וועלכע ער איז דערווייל געוואָרן אַ פֿאָטער פֿון צוויי קינדער.

ביסלעכווייס האָט סאָרקינס הויזליכער לעבן אָנגעהויבן צו ווערן מאָראַליש אַלץ שווערער און שווערער. לסוף איז עס אים געוואָרן אַזוי אומעגלעך, אַז ער האָט געוואָרפֿן קיעוו און איז אַוועקגעפֿאָרן זוכן גליק קיין פּעטערבורג. דאָ האָט ער באמת געפֿונען גליק אין מאַטעריעלן זין. ער האָט באַקומען אַ שטעל ביי אַ רייכן קריסטלעכן פּאָדריאַטשיק, ביי וועלכן ער האָט געוואַקסן און געוואַקסן. אין אַ קורצער צייט האָט סאָרקין געמאַכט אַ קאַפּיטאַל, וועלכער האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אַליין פּאָדריאַדן אָנצונעמען. זיין מצב האָט גענומען ווערן פֿעסטער פֿון טאָג צו טאָג. און אין אַ משך פֿון אַ יאָר צוויי, דריי איז ער געוואָרן אַ גרויסער עושר. זיין קיעווער הויז האָט ער אויסגעהאַלטן מיט גרויס קאָמפֿאָרט, ער האָט אָבער זיין פֿאַמיליע צו זיך אין פּעטערבורג ניט אַראָפּגעבראַכט. צייטנווייס פֿלעגט ער זיי פֿאָרן באַזוכן, פֿאַרברענגען ביי דער ווייב מיט די קינדער נאָר עטלעכע געציילטע טעג, און

תיכּף צוריק אין פּעטערבּורג, וואו ער האָט געלעבּט גאַנץ איינזאַם און צוריקגעצויגן.

דען דאַמאָלסט האָט שוין אין זיין אינערן אָנגעהויבּן פאָר־צוקומען יענער פּראָצעס פון חרטה און געוויסנסבּיסע, וועלכער האָט אין אים גענאָגט און געעקבּערט בּיז זיין לעצטער מינוט.



## ב.

אין פּעטערבּורג זיינען אים אָנגעקומען ידיעות פֿון זיין ליט־וויִשער שטעטל, אַז זיינע עלטערן, פֿריער די מוטער און נאָכהער דער פֿאָטער, זיינען געשטאָרבּן פון גרויס האַרצקלעמעניש איבּער זיין שמדן זיך. דאָס האָט אים דערשלאָגן ווי אַ דונער. די ערשטע צייט איז ער אַריינגעפֿאַלן אין אַ מעלאַנכאָליע, איז געוואָרן מרה־שחורה׳דיק. עטלעכע חדשים נאָכאַנאַנד האָט ער פֿאַרלאָזן זיינע געשעפטן, און איז אַרומגעגאַנגען פֿאַרטרויערט, פֿאַרצאָגט. זיין האַרץ — אַזוי האָט ער געשריבּן לעוואַנדען—איז בּיי אים פֿאַרגאָסן געוואָרן ווי מיט אַ בּליי, ס׳האָט אויף אים געדריקט ווי אַן אַלפּ ער האָט זיך נישט געוואוסט וואו אַהינצוטאָן. ער האָט געזוכט אויסצוגיסן זיין האַרץ, און האָט נישט געפונען פאַר וועמען. בּיז ער האָט זיך אין אַ געוויסן טאָג בּאַקאַנט געמאַכט מיט דעם בּאַוואוסטן העבּרע־אישן דיכטער, דעם פֿאָטאָגראַף קאָנסטאַנטין שפּירא, אויך אַ געטויפטער ייד און אויך פול מיט חרטה אויף זיין עבר... די בּאַגעגעניש פון דידאָזיקע צוויי משומדים האָט געהאַט אויף בּיידן אַ קעגנזייטיקע ווירקונג. בּיידע זיינען זיי הייסערע יידן געוואָרן און בּיידע האָבּן זיי בּאַשלאָסן אויסצונוצן זייער פּריווילעגירטע לאַגע הטובת זייער פֿאָלק.

דעראָזיקער בּאַשלוס האָט סאָרקינען עטוואָס בּאַרואיקט. דערנאָך האָט ער זיך קודם־כל איינגעשאַפט בּיי זיך אין וואוינונג אַ היבּשע יידישע בּיבּליאָטעק, האָט גענומען גאַנץ אָפּט אַריינקוקן אין אַ יידישן ספר, ס׳האָט געטראָפן, אַז ער פלעגט אָפּזיצן נעכט איבּער אַ גמרא, איבּער אַ מדרש... אַ מאָל פּרובן אונטערוויינען און פאַרגיסן הייסע זודיקע טרערן... געגעבּן אַנאָנים פיל צדקה אויף יידישע בּאַדערפעניש, און בּכלל געזוכט צו טאָן יידן, יחידים, טובות אויף ווי ווייט ער האָט געקענט.

אַ בּאַזונדער גרויסע אַרבּעטס־פעלד לטובת דעם יידישן פֿאָלק האָט זיך פאַר סאָרקינען געעפנט אָנפאַנגס רעגירונגס־צייט פון אַלעק־סאַנדער דעם דריטן, ווען די כוואַלעס פון דעם געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן אַנטיסעמיטיזם האָבּן זיך גענומען שטאַרקן פון טאָג צו טאָג און האָבּן געהאַלטן צו פאַרפלייצן גאַנץ רוסלאַנד. די שנאָף

צו יידן איז געוואָרן אַ מאָדע, וועלכע האָט זיך מיט אַ גרויסער געשווינדקייט פאַרשפּרייט פון די העכסטע שיכטן פונעם רוסישן פאָלק ביז די סאַמע נידעריגסטע. דערצו האָט פיל מיטגעהאָלפן די דאַמאָלס פונאַנדערגעגליטע יידנפיינדלעכע פרעסע מיט סובאָרינס „נאָוואָיע ווערעמיאַ" בראָש. די דאָזיקע פרעסע האָט ניט אויפגעהערט צו גיסן פעך און שוועבל אויף די יידן, האָט זיי באַשולדיקט ניט בלויז אין עקספּלואַטאַציע, און אויסזויגן דעם מאַרך פון לאַנד, נאָר אויך אין פאַררעטעריי, אין בגידה. די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע וועלכע איז שטאַרק אונטערשטיצט געוואָרן דורך די רעגירונגס-ספערן, האָט קודם כל אָפּגעלעבט דעם בלוט-בלבול. כמעט יעדן טאָג האָבן די יידנפרעסערישע צייטונגען אונטערגעטראָגן דעם לייען-פּובליקום אומגעלומפּערטע מעשיות און לעגענדעס וועגן יידן אין פאַרשיידענע ערטער, וואָס האָבן געשחטן קריסטלעכע עופהלעך אום צו באַנוצן זיך מיט זייער בלוט אויף פּסח. ס'איז געקומען דערצו, אַז דאָ און דאָרטן האָט מען אויך פאַרפירט פּראָצעסן קעגן יידן, וועלכע זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין עלילת-דם. דער אַנטיסעמיטישער גיפט האָט זיך איינגעזאַפּט אין פאָלק אַלץ מער און מערער ביז ער האָט געבראַכט צו די שרעקלעכע פּאָגראָמען אין דרום-רוסלאַנד. ווי ס'האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן האָבן זיך באַטייליגט אין פּאָגראָם ניט בלויז די פינסטערע מאַסן, נאָר אויך אַ היבשער חלק פון דער רוסישער אינטעליגענץ און פון די אַזוי גערופענע „אויבערשטע צענטויזנט". אויף סאָרקינען האָט דאָס געמאַכט אַ גוואַלטיקן איינדרוק. ער האָט זיך געפילט אינגאַנצן צובראָכן.



ג.

אין 1883-טן יאָר איז סאָרקין אַרויס מלמד זכות צו זיין אויף יידן און אויף יידישקייט עפנטלעך. ער האָט זיך גענומען אויפצוקלערן און צו דערווייזן דעם רוסישן פאָלק דעם גאַנצן שקר וואָס עס ליגט אין דעם בלוט-בלבול. צו דעם צוועק האָט ער איבערזעצט אין רוסיש דאָס באַרימטע העברעאישע ווערק פון דעם יידישן געלערנטן ר׳ יצחק בער לעווינסאָן (ריב״ל) „אפס דמים״ אונטערן נאָמען „Дамокловъ мечь“. די דאָזיקע איבערזעצונג האָט סאָרקין געווידמעט „די בעסטע רוסישע לייט“. א באַזונדערס גרויסע באַדייטונג האָט די הקדמה וואָס סאָרקין האָט אָנגעשריבן צום ספר און וועלכע פאַרנעמט כמעט גאַנצע צוויי בויגן. אין דער דערמאָנטער הקדמה האָט סאָרקין אויסגעגאָסן אין זייער א שיינער ליטעראַרישער פאָרמע אַלץ וואָס ס׳האָט ביי אים אויפגעקאָכט און אויפגעזאָדן אויפן האַרצן קעגן דער אַנטיסעמיטישער העצע, וואָס ווערט געפירט אין דער פרעסע און אין דער געזעלשאַפט, און קעגן די, וואָס לאָזן זיך באַזאָוסטזיניק פון איר פאַרפירן. „מיינע ברידער קריסטן״ — אַזוי האָט סאָרקין אָנגערופן די רוסישע לעזער פון זיין איבערזעצונג. ער האָט אָבער די „ברידער״ ניט געגלעט פאַרן קאָפּל נאָר אַריינגעשטעקט מיט זיי שטאָלץ און דרייסט, געזאָגט זיי דעם אמת אין פנים. ניט געשאַנעוועט האָט סאָרקין, אויף וויפיל ס׳האָט זיך נאָר געלאָזן, (דאָס ווייזן די גרויסע בלויזן, וועלכע געפינען זיך אין זיין הקדמה) אויך דער רוסישער רעגירונג, וואָס שטיצט אונטער מאָראַליש די אַנטי-יידישע באַוועגונג. אינטערעסאַנט איז, למשל דאָס וואָס ער שרייבט וועגן בראַפמאַנען.

„שוין העכער צען יאָר — אַזוי שרייבט סאָרקין — ווי ס׳איז ביי אונז אַרויס בראַפמאַנס באַוואוסטער חבור „קניגאַ קאַהאַלאַ“, אין וועלכן ער מאַכט אש אין בלאָטע פון יידן. א סך געבילדעטע רוסן, אינטעליגענטן, האָבן זיך א נעם געטאָן מיט גרויס חשק צום ספר; מ׳האָט דאָס בוך ממש, געריסן פון די הענט. אַלע האָבן געחלשט הערן די „ייע ווערטער פון דעם מסור. אָבער אויב מ׳איז אַזוי אויפמערקזאַם געווען צו בראַפמאַנען, פאַרוואָס האָט מען דאָס זעלבע ניט געטאָן בנוגע צום שריפטשטעלער שערעשעווסקי, וועל-

כער האָט אויפגעהויבן מיט אותות ומופתים אַלע בראַפּמאַנס פּאַלש־קייטן און אַז אַלע דאָקומענטן, וואָס דער מטור האָט פאַרפּנטלעכט אין זיין „קניגאַ קהאַלאַ״, זיינען געכאַפּט פון דער לופט און האָבן ניט קיין ממשות?״

ווען זיך אליין זאָגט סאָרקין:

„אַן אומגליקליכער בין איך. געבוירן און דערצויגן בין איך געוואָרן אין משהס גלויבן. פון מיין מוטערס ברוסט האָב איך מין אָנגעזויגן מיט ביטערניש און גאַל; מיין בעסטע יוגנט-צייט האָב איך פאַרבראַכט אין אונטערדריקונג און אין פּיין. איצטער אין מיין משונהדיקער, ווילדער לאַגע גיי איך אויס פון די כוחות נעמענדיג אין אַכט ווי מיינע ברידער ווערן פאַרשאָלטן און געיאָגט, זאַ קיינער האָט מיט זיי ניט קיין מיטלייד... דעראיבער ברידער קריסטן האָב איך מיך געפונען פאַרפליכטעט צו טאָן עפּעס פון זייער טובה וועגן, ווייל זייער גליק איז מיר זייער טייער, כאָטש זייער רעלי־גיע איז ניט מיין רעליגיע״...

און סאָרקין קומט צום פאָלגנדן שאַרפן אויספיר:

„אין אַלגעמיין זאָג איך, אַז די גאַנצע קריסטלעכע וועלט אַז אַלע פעלקער, וואָס האַלטן אָן אונזער קריסטליכן גלויבן, האָבן זיך טיף פאַרזינדיגט קעגן די יידן, אַ זינד, וואָס וועט זיי קיינמאָל ניט פאַרגעבן ווערן, וואָס תמיד וועט זי דריקן ווי אַ שווערער שטיין אויף זייער האַרץ. די שולד, וואָס די קריסטן טראָגן קעגן יידן קען באמת צושטערן די מענטשלעכע רוה און באַדעקן די ערד מיט אַ דיקער פינסטערניש״.

די זעלביקע הקדמה, מיט געוויסע קליינע פאָרענדערונגען, האָט סאָרקין אָנגעשריבן אויך אין זייער אַ שיינעם, פאַר יענער צייט מאָדערנעם העבּרעאיש. די דאָזיקע העברעאישע הקדמה צו אַ ספר, וועלכער איז פון לכתחילה אָן באַשטימט נאָר פאַר קריסטן, און אין וועלכער עס ווערט אויף יעדער שריט און טריט גערעדט וועגן „מיינע ברידער-קריסטן״, בלייבט אַ פּסיכאָלאָגישע רעטעניש.

סאָרקין האָט זיך געלאָזט קאָסטן אויף זיין ספר אַ גרויסע סומע געלט. ער האָט אַ ם אָפּגעדרוקט אינגאַנצן אויף וועלין-פּאַפּיר און האָט אים פאַנאַנדערגעשיקט אומזיסט צו אַלע פאַרשטייער פון

דער גייסטלעכקייט, צו אַלע גובערנאַטאָרן און איספּראַווניקעס, און בכלל צו אַלע ביוראָקראַטן, אין וועמענס הע״ט עס געפינט זיך דער גורל פון די יידן.

דער באַוואוסטער זשורנאַליסט א. קויפּמאַן, וועלכער איז אין יענער צייט געווען אַ מיטגליד אין דער רעדאַקציע פון „נאָוואָסטי״, דערציילט וועגן דעם ענין אין זיינע ערינערונגען פאָלגנדעס:

„סאָרקין האָט מיר באַוויזן צענדליקע דאַנק-בריוו, וואָס ער האָט באַקומען פאַר זיין ספר, און צווישן זיי אויך פון יעפּיסקאָפּן פון גענעראַל-גובערנאַטאָרן, פון גובערנאַטאָרן, פונם פּעטערבורגער גראַדאָנאַטשאַלניק באַראַנאָוו און פון אַנדערע. לויט דעם אינהאַלט פון די דאַנק-בריוו האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער „דאַמאָקלאָוו מעטש״ האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין די מוחות פון די איינפלוסרייכע לעזער. סאָרקין איז געווען אויפן זיבעטן הימל, און ווי מיט דעם שטאָלץ פון אַ העלדישן זיגער האָט ער מיר געבראַכט אַלץ נייע און נייע מיינונגען וועגן דאָס בוך, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן קעגן בלוט-בלבול. ער האָט אָבער ניט באַוויזן אויפצוקלייבן און אַרויסצוגעבן די דאָזיקע אַלע מיינונגען, ווי ער האָט פריער גערעכנט״.

ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט צוגעלייגט אַ סך געלט צו זיין „דאַמאָקלאָוו מעטש״, נאָר נעמענדיק אין אַכט דעם גרויסן מאָראַלישן ערפאָלג, וואָס דער ספר האָט געהאַט, האָט סאָרקין אין יאָר 1884 פאַרעפנטלעכט אַ רוסישע איבערזעצונג פון דער אַנקעטע, וואָס דער יידיש דייטשער זשורנאַליסט זינגער האָט געמאַכט צווישן פאַרשיידענע גרויסע אייראָפּעאישע פּערזענלעכקייטן וועגן דער פראַגע, צו באַנוצן זיך יידן אויף פסח מיט קריסטלעך בלוט, און אויך דעם דאָזיקן ספר (ער הייסט: „ליטש סוויעטאַ אווו טיאָמנאָם וואָפּראָסע״ — אַ ליכט-שטראַל אין אַ טונקעלער פראַגע) האָט סאָרקין פונאַנדערגעשיקט אָן געלט אין הונדערטער עקזעמפּליאַרן. צוזאַמען מיט די ספרים האָט זיך ביי סאָרקינען אויסגענומען אויך זיין קאַפּיטאַל. זיין ענערגיע איז נאָך אָבער ניט אָפּגעשוואַכט און ניט געמינערט געוואָרן.

ד.

אין סאַמע ברען פון די יידישע רדיפות און פאָגראָמען האָט סאָרקין אָנגעשריבן אַליידנשאַפטלעכן בריוו צום גרויסן רוסישן ראָמאַניסט איוואַן סערגייעוויטש טורגעניעוו, און האָט אים געבעטן אָנצונעמען זיך פאַר די געררודפטע. דאָס איז געווען אין יאָר 1882. טורגעניעוו האָט אים צוגעזאָגט אָנצונעמען זיך פאַר יידן אין אַ בעלעטריסטישער פאָרם. „אַלס פובליציסט — אַזוי האָט ער געענטפערט סאָרקינען — האָב איך ניט קיין שום באַדייטונג, און מיינער אַן אַרטיקל וואָלט ניט בלויז געבראַכט קיין נוצן, נאָר אויך אַרויסגערופן מיספאַרשטייענים, און אפשר אויך אַ הוזק־געלעכטער. ביי מיר וואָלט שוין רעכט געווען צו גיין אויך אויף דעם, נאָר די איבערצייגונג, אַז איך קען דורכדעם ברענגען וועלכן ס'איז שאָדן אַייער גערעכטער זאַך, האָט מיך פון דעם אָפגעהאַלטן"...

טורגעניעווס ענטפער האָט סאָרקינען ניט באַפרידיקט, און ער האָט זיין כלי־זיין ניט אַוועקגעלייגט. „איך וועל זיך נעמען פאַר אַנדערע" — אַזוי האָט ער דאַן דערקלערט קאַטעגאָריש זיינע פריינד און באַקאַנטע.

אַמאָל — אַזוי דערציילט קויפמאַן — איז צו מיר סאָרקין אַריין אין דער רעדאַקציע פון „נאָוואָסטי" זייער אַן אויפגערעגטער.

— מיר דאַכט, אַז איך האָב איצטער געטאָן יידן אַ „בעריע טובה"...

— וואָס הייסט? — האָב איך אים געפרעגט.

— איר ווייסט דאָך, דאָס איך האָב דערהאַלטן פון טורגעניעווען אַן אויסווייכנדיקע תשובה אויף מיין בקשה, אַז ער זאָל זיך אָננעמען פאַר יידן. איבערקלייבנדיק די נעמען פון די גרעסטע רוסישע שריפטשטעלער, וועלכע וואָלטן זיך געקאָנט אָפרופן אויף די יידישע צרות, האָב איך זיך אָפגעשטעלט אויף אונזער באַרימטן סאַטיריק שטשעדרין, און בין צו אים אַוועק. כ'האָב אים דערקלערט דעם צוועק פון מיין וויזיט און דערביי אָפגעשילדערט די שרעקליכע לאַגע פון די אונטערדריקטע יידן. שטשעדרין האָט אין מיר צוריינגעשטאָכן זיינע גרויסע אויגן, אַז איך בין אַזש אָפגעשפרונגען אויף הינטער. וואָס פאַר אַ רעכט האָט איר דאָס צו

ווענדן זיך צו מיר? — האָט ער אַ געשריי געטאָן מיט זיין בייזער שטים. גייט צו קאַטקאָוון, וועלכער איז אַ גרויסער פריינד פון אייער פּאָליאַקאָוון. פּאָליאַקאָוו האָט אים אפילו געשאָנקן אַ הויז פאַר אַ ליצייאום״!...— „אָבער וואָס האָבן יידן צו טאָן מיט פּאָליאַקאָוון? און היתכן, אַז נאָר צוליב מתּנות און צוליב פריינדשאַפט דאַרף מען פּראָטעסטירן קעגן אַן אומגערעכטער העצע?״ — האָב איך אים געענטפערט. אָבער שצעדרין האָט זיך נאָך מער פונאַנדערגעשריען און האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַ׳ן רוקן פון זיין ווייכן שטול. אוטאָמאַטיש האָב איך אויך געטאָן דאָסזעלבע; נאָר באַלד בין איך געקומען צו זיך און בין אַוועקגעגאַנגען.

סאָרקין האָט אַ טעות געהאַט — אַזוי פאַרענדיקט קויפמאַן— אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט זיך אָפּגעדרוקט אין „אָטיעטשעסטווענייאַ זאַפּיסקי״ שצעדרינס באַוואוסטע סאַטירע וועגן די אייגענע און פרעמדע וואַמפּירן. די דאָזיקע סאַטירע האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. סאָרקין האָט זיך בעפילט איבער-גליקלעך.

סאָרקין איז געווען אַ גרויסער מקורב פון דעם געניאַלן רוסישן דיכטער ליעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי. גאַנץ אָפט פלעגט ער באַזוכן טאָלסטאָיען אין זיין גוט יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ און פאַרברענגען ביי אים יעדעס מאָל עטלעכע טעג. אין דער צייט פון די דאָזיקע באַזוכן פלעגט סאָרקין פאַרפירן לאַנגע געשפּרעכן מיט טאָלסטאָיען וועגן יידן און יידישקייט. סאָרקין האָט שטאַרק פאַראינטערעסירט טאָלסטאָיען מיט דער העברעאישער שפּראַך, און האָט משפּיע געווען אויפן גרויסן רוסישן שריפטשטעלער, אַז ער זאָל זיך נעמען לערנען העברעאיש. דאַן האָט אים סאָרקין רעקאָמענדירט אַלס לערער זיין אַמאָליקן יוגנט-חבר זאַלקינד מינאָר, וועלכער איז אין יענער צייט געווען מאָסקווער ראַבינער. טאָלסטאָי האָט גערן אָנגענומען סאָרקינס פאָרשלאָג, און די ווינטער חדשים וועלכע ער פלעגט יערלעך פאַרברענגען אין מאָסקווע, פלעגט ער דריי מאָל אין וואָך נעמען ביי מינאָרן שטונדן אויף העברעאיש.

אַזוי און אויף דעם אופן האָט סאָרקין געזוכט אויסצוקויפן זיין זינד. ער האָט פאַרנאַכלעסיקט און לסוף אינגאַנצן פאַרלאָזן אַלע זיינע געשעפטן און האָט זיך אַריינגעלאָזן דורכאויס אין טובות

טאָן יידן אויף פאַרשיידענע געביטן. אַזוי אַרום האָט ער פאַרלאָרן זיין קאַפּיטאַל און איז געוואָרן אַ יורד. ער האָט שוין דאַן מער ניט געקענט פירן זיין גרויסע רייכע הויז אין קיעוו און האָט זיין קריסטלעכע פרוי מיט די קינדער אַריבערגעפירט קיין ניזשני-נאָוואָגאָראָד, וואו ער האָט פריער אין זיינע גוטע יאָרן געקויפט אַ קליין געמויערט הויז. מורא האָבנדיק פאַר די פאַרבאָרגענע אויגן, וואָס האָבן דאַן נאָכגעשפּירט אַלע געטויפטע יידן בכלל, פלעגט ער זיך אַ פּאָר מאָל אין יאָר אַראָפּכאַפּן אין ניזשני-נאָוואָגאָראָד צו זיין פאַמיליע. זינט ער האָט אָנגעהויבן אַראָפּצוגיין פון מצב פלעגט ער פון זיין פרוי און קינדער קיין גוטן „ברוך-הבא“ ניט האָבן, תמיד האָבן זיי זיך מיט אים געקריגט, אויפגעוואָרפן אים זיין יידישקייט און גערופן אים „זשיד“.

דעם לעצטן מאָל איז סאָרקין געקומען קיין ניזשני-נאָוואָגאָראָד אינמיטן זומער 1886. דאָרטן האָט אים דערוואַרט זייער אַ שרעקלעכער סיורפּריז.

גראָד אויף מאָרגן ווי סאָרקין איז געקומען קיין ניזשני-נאָוואָגאָראָד האָט אינם דאָרטיקן פאַרשטעטל קונאַווינאַ אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכער פּאָגראָם קעגן יידן. סאָרקינס זין האָבן זיך אַוועקגעלאָזן שלאָגן און באַרויבן יידן צוזאַמען מיט די אַלע אַנדערע פון דער „באָסע קאָמאַנדע“. סאָרקין האָט נאַטירלעך פון דעם ניט געוואוסט. פאַרנאַכט זיינען זיינע זין צוריקגעקומען אַ היים שטאַרק אָנגעטרונקען און האָבן מיטגעבראַכט גרויסע פּעק מיט פאַרשיידענע זאַכן, וואָס זיי האָבן אָנגערויבט אין די יידישע הייזער און קראָמען. די מוטער האָט זיי באַגריסט מיט גרויס פרייד און האָט זיי געלויבט פאַר זייערע גרויסע „העלדנטאַטן“, וואָס זיי האָבן באַוויזן.

— וואָס איז דאָס? וואָס זיינען דאָס פאַר זאַכן? — האָט זיי סאָרקין געפרעגט, און זיין האַרץ איז אים שיר אָפּגעשטאָרבן פאַר שרעק.

— אַך, פּאַפּאַשאַ — האָט אים איינער פון די זין געענטפערט — מיר זיינען איצט געהייליגט דורך אַ הייליקער זאַך, וואָס מיר האָבן געטאָן.

— מיר האָבן געטאָן, וואָס פרומע קריסטן דאַרפן תמיד טאָן —

III.

# ניקאַנדר וואַסיליעוויטש זוסמען.

## א.

געבוירן אָנהויב די פערציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט ביי אָרימע אָרטאָדאָקסישע עלטערן אין אַ ליטווישע קליינשטעטל, האָט זוסמאַן גאַנץ יונג זיך שוין געגומען אַרומוואַלגערן איבער די קלענערע און גרעסערע ישיבות, געלערנט עטלעכע יאָר אין דער מיר און אין וואָלאָזשין, און איז אומעטום געווען פאַררעכנט פון די וואוילע בחורים, אין וועלכע מ׳גלויבט, געוויינלעך, צו זען קומענדיקע רבנים. צו אַכצן יאָר האָט אים אַ רייכער ישובניק גענומען פאַר אַן איידים מיטן תנאי, אַז באַלד נאָך דער חתונה זאָל ער ערגעץ וואו אין אַ שטאָט ווערן אַ „פּרוש" און אין אַ יאָר צוויי, דריי אַרום באַקומען סמיכה אויף רבנות. דאַן איז זוסמען אַוועקגעפאָרן קיין קאָוונע און האָט זיך דאָרטן אַוועקגעזעצט לערנען אין אַ קליין קלייזל. אין יענער צייט איז קאָוונע צוליב איר נאָענטקייט צו דער דייטשער גרענעץ געווען פון די ערשטע ליטווישע שטעט, אין וועלכע ס׳האָט אַריינגעדרונגען דער אַזוי־גערופענער השכלה־גייסט. דער דאָזיקער גייסט האָט זיך אַריינגע־גנבעט אויך אין דער קלייזל, וואו זוסמען האָט געלערנט. זוסמען האָט אָנגעהויבן צו לייענען העברעאישע ביכלעך, און האָט באַקומען גרויס דאָרשט נאָך השכלה. ער האָט זיך באַקאַנט מיט אייניקע פון די קאָוונער משכילים, און איז געוואָרן אַ בן־בית אויך ביי דעם באַרימטן העברעאישן שריפטשטעלער אברהם מאַפּו. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער דער ווייב אַריינגעשיקט אַ גט און איז אַליין אַוועק קיין ווילנע, וואו ער איז אַריין אין ראַבינער־שול.

דער פּלוצלונג אַריינגעשיקטער גט איז געווען פאַר דער יונ־

נער פרוי און פאַר אירע עלטערן ממש אַ באָמבע. זיי האָבן אָבער באשלאָסן די זאַך רואיק ניט אַראָפּצושלינגען און איינצולייגן ווערטן, אַז דער גט זאָל געפּסלט ווערן. ס׳איז אפילו זייער שווער געווען צו צוטשעפּען זיך צום עצם גט, ווײַלכער איז געמאַכט געוואָרן לויט אַלע דינים פון דער תורה און איז אַריינגעשיקט געוואָרן דורך אַ כשרן שליח, דאָך האָט זיך דעם ישוב׳ניק איינגעגעבן צו פועל׳ן ביי אַ פּאָר רבנים, זיי זאָלן אים אַרויסגעבן אין דער האַנט אַ כתב אַז דער גט איז פּסל און האָט קיין שום ממשות ניט. מיט דעם דאָזיקן כתב האָט זיך דער ישוב׳ניק אַוועקגעלאָזן זוכן זיין איידים אין קאָוונע, און ניט געפינענדיק אים דאָרטן, האָט ער אים צום סוף דערטאַפּט אין דער ווילנער ראַבינער־שול.

זוסמאַן האָט זיך לכתחילה פאַר זיין שווער ניט אָפּגעשראָקן. ער האָט ניט געוואָלט זען און הערן. איינמאָל אָפּגע׳גט און ווי דער דין, איז — פאַרפאַלן. איי, די הוצאות, וואָס מ׳האָט זיך אויף אים געלאָזט קאָסטן? — איז ער מוכן ומזומן אַרויסצוגעבן אַ צעטל, אַז ווי ער הויבט נאָר אָן עפּעס צו פאַרדינען, צאָלט ער באַלד אָפּ ביז אַ גראָשן, און נאָך מיט פּראָצענט. דער ישובניק, וואָס איז געווען אַ ייד אַ יאַבעדניק, האָט אָבער אים ניט אָפּגעלאָזן, האָט ניט אויפגעהערט צו טענה׳ן, אַז דער גט איז קיין גט ניט, און אַז בכלל וועט דאָס ווייבל בשום אופן ניט מסכים זיין זיך צו לאָזן פון אים שיידן. זעענדיק, אַז זוסמען האַלט זיך ביי דאָס זייניקע, האָט ער גענומען גיין צו אים אַלע טאָג אין דער ראַבינער־שול, מאַכן אים דאָרטן סצענעס פאַר די לערער און די חברים. ס׳איז געקומען דערצו, אַז דער ישובניק האָט זוסמאַנען אַ גאַס ניט געלאָזן דורכגיין, האָט אים כסדר געשלעפּט צו רבנים, צו מענטשן, זוכנדיק מיטלען, ווי אַזוי אַרויסצופּלאָנטערן זיך פון דער דאָזיקער, פאַר אים זייער אומאַנגענעמער לאַגע, האָט זיך זוסמען מישב געווען און האָט פאַרבעטן דעם שווער צו אים אויף דער קוואַרטיר שבת, און דאָרטן וועט ער מיט אים זען מאַכן אַ טאָלק.

שבת נאָכמיטאָג, בעת דער ישובניק איז אַריין, האָט זוסמען גלייך גענומען און האָט פאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס. דערזעענדיק, ווי

דער ישובניק איז געבליבן שטיין אויף זיין אָרט פאַרבליפט, האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ שמייכל:

— נו, זאָגט, אדרבה, דאַרפט איר האָבן אַן איידים אַ גוי? אויף דעם האָט זיך אָפּגערופן דער שווער:

— היתּכן, אַז דו ביסט שוין טאַקע אַ פאַרטיקער גוי, אָדער נאָר דערווײַלע מער ניט ווי אַן אפיקורס, וואָס קען נאָך חוזר בתשובה זיין?

— אַ גוי! אַ גוי גמור! — האָט אים זוסמען געענטפערט. און נאָך אַ קליינע פויזע האָט ער מוסיף געווען:

— טאָמער ווילט איר, אפשר, ניט גלויבן, טאָ זעט!

און ער האָט פאַר אים אויפגעעפנט אַ שפּלאָדיק, וואו עס זיינען געלעגן אָנגעשניטענע שטיקלעך חזיר־פלייש...

דער ישובניק איז ווי פון שרעק אָפּגעשפרונגען עטלעכע טריט אַהינטער. ער איז אָבער באַלד געקומען צו זיך און געזאָגט:

— זען זע איך אפילו, אַז דו ביסט ערגער פון אַ גוי גמור, דאָס הייסט, אַז דו ביסט אַ משומד צולהכעיס. געוויס ביסטו שוין ניט קיין מאַן פאַר מיין טאָכטער און ניט קיין איידים פאַר מיר. דאָך וויל איך, אַז מיר זאָלן דיך אָפּגטן, און ניט דו אונז.

— בכן?

בכן דאַרפטו פאָרן מיט מיר אין אונזער שטעטל, און דאָרטן ביים רב וועלן מיר זיך פונאַנדערנעמען.

— מסכים! — האָט זוסמען געענטפערט — כאָטש מאָרגן.

אָבער נאָך דעמזעלביקן שבת־צונאַכטס האָט זוסמען געמאַכט פליטה פון ווילנע. ווי מען דערציילט, זאָל ער דאָס האָבן געטאָן אויס מורא צו פאָרן אין שווערס שטעטל, מ'זאָל אים ניט אָפּגעבן פאַר אַ סאָלדאַט, — אַ זאַך, וואָס האָט לויט די דאַמאָלסטיקע באַדינגונגען גאַנץ לייכט געקאָנט פאַסירן.

## ב.

אָן אַ גראָשן געלט אין דער טאַש, און נאָר ווי ער שטייט און גייט, האָט זיך זוסמאַן אַוועקגעלאָזט אין וועג אַריין. געבליבן איז

ביי אים צו נעמען זיך אויף זשיטאָמיר, כדי אַריינצוטרעטן איך דער דאָרטיקער ראַבינער־שול. אין יענער צייט איז נאָך קיין באַן־פאַרבינדונג צווישן ווילנע און זשיטאָמיר ניט געווען, און כמעט דעם גאַנצן ווייטן וועג האָט זוסמען געמוזט דורכמאַכן צו פוס, וואַנדערנדיק פון שטעטל צו שטעטל. אין יעדן דערפל און אין יעדן שטעטל האָט ער זיך געמוזט אָפּשטעלן אויף אייניקע טעג, כדי אויפצוקלייבן עטלעכע גילדן אויף דער הוצאה. אַזוי אַרום האָט ביי זוסמענען געדויערט די נסיעה, אָדער ריכטיקער דער ג אַ נ ג, פון ווילנע קיין זשיטאָמיר אַ צען וואָכן אַן ערך.

אָנגעקומען קיין זשיטאָמיר, איז זוסמען באַלד פון וועג אַריין אין אַ בית־מדרש. דאָס איז געווען אין אַ זומערדיקן נאָכמיטאָג. אין בית־מדרש האָבן זיך געפונען נאָר אַ פּאָר יונגע לייט, וועלכע זיינען געזעסן און געלערנט, און נאָך אייגער, אַ דריטער, וואָס איז געשטאַנען הינטער דער בימה און האָט אַריינגעקוקט אין אַ צייטונג. זוסמען האָט זיך אָוועקגעזעצט לעבן דעם יונגענמאַן און איז מיט אים תיכף אַריין אין אַ שמועס וועגן פאַרשיידענע ענינים, וואָס זיינען נוגע דער ראַבינער־שול. דער יונגערמאַן, וועלכער איז גראָד געווען אַ פאַרברענטער אָרטאָדאָקס, האָט גענומען פאַר זוסמאַנען שיטן פעך און שוועבל אויף דער ראַבינער־שול מיט אַלע לערער, וואָס טרייבן יידישע קינדער אין שמד אַריין און ווילן די גאַנצע יידישקייט אַרויסברייענגען אויפן פייער. דערביי האָט ער געזאָגט:

— ניט בעסער פאַר אונזער זשיטאָמירער איז אויך די ווילנער ראַבינער־שול. וועגן איר הערט מען זיך אויך אָן אַלערליי מעשי־תעתועים. אָט נעמט, צום ביישפיל, היינטיקן „מגיד“, וואָס איך האָלט אין האַנט, וועט איר זען, ווי אַ יונג ווייבל זוכט איר מאַן, וועלכער האָט איר אָוועקגעוואָרפן און נאָכהער אַריינגעשיקט אַ פסולן גט, און אַז איר פאָטער האָט אים געפאַקט אין ווילנער ראַבינער־שול, וואו ער האָט געהאַלטן ביים שמד, און האָט אים געגויט אָפּצוגטן זיין טאָכטער, ווי דער דין איז, איז ער פּלוצלונג נעלם געוואָרן און האָט איר אויף דעם אופן געלאָזן אַן אייביקע וויסטע עגונה.

הערנדיק די ווערטער, האָט תּיכּף זוסמענען אײַנגעריסן אין האַרצן. ער האָט באַלד פֿאַרשטאַנען, אַז דאָ רעדט זיך וועגן קיין אַנדערן ניט ווי נאָר וועגן אים. גענומען דעם „מגיד" אין האַנט און דערזען, אַז ס'איז טאַקע אַזוי באמת און אַז זיין פרוי באַשרייבט אין דער הודעה אויספירלעך די סימנים פון זיין אויסזען, איז אים פינסטער געוואָרן אין די אויגן. ער האָט באַלד געכאַפּט און איז אַוועק פון בית־מדרש. פאַרבלייבן אין זשיטאָמיר האָט ער שוין מורא געהאַט, טאָמער דערקענט מען אים, און דעריבער האָט ער זיך שוין פאַר קיינעם ניט באַוויזן, האָט נאָר געזען צונויפצומאַכן אַ פּאָר גילדן, און איז אויף מאָרגן אַרויס צו ריק אין וועג. אַרומקלערנדיק גוט דעם מצב, האָט ער באַשלאָסן אויסצוגעפינען פאַר זיך אַן אָרט, וואָס זאָל זיין ווייט פונ'ם יידישן צענטער, און וואו קיינער וועט אים ניט שטערן צו פאַרענדיקן זיין בילדונג. ער האָט זיך אין געדאַנק אָפּגעשטעלט אויף פּעטערבורג, און האָט אַהיגצו פאַרקערעוועט זיין מאַרשרוט.

ב.

וואָכן און חדשים האָט זוסמאַן פאַרבראַכט אונטערוועגס, וואו אַ טאָג, וואו אַ נאַכט. דער וועג האָט אים זייער אויסגעמאַטערט. אין אַ האַלב יאָר אַרום איז ערשט אָנגעקומען קיין דענעבורג (דאָס היינטיקע דווינסק) קוים מיטן לעבן. ער איז געווען דורכאויס פאַרוואַקסן און האָט, בכלל, ווילד אויסגעזען. „איצטער וועט מיר שוין קיין ילוד־אשה ניט דערקענען לויט מיין ווייבס סימנים", — אַזוי האָט ער זיך געטרייסט און ביי זיך באַשלאָסן דערווײַלע ביז וואָס ווען צו פאַרבלייבן אין דענעבורג. נאָכדעם ווי ער האָט זיך אַ ביסל אויסגערוט פון וועג, איז ער, ווי זיין שטייגער איז, אַריין אין אַ בית־מדרש. דאָרטן האָט ער געזוכט, און טאַקע אויך באַלד געפונען אַ געלעגנהייט צו פאַרפירן מיט עטלעכע לומדים אַ שמועס אין לערנען, האָט דערביי אַרויסגעוויזן אַן אומגעהייער גרויסע בקיאות אין ש"ס און פוסקים, וואָס האָט געמאַכט אויף די לומדים אַ גוואַלטיקן רושם. פון דאַמאָלסט

אָן האָט מען שוין זוסמענען פון בית־מדרש יס אַוועקגעלאָזן; עטלעכע פון די רייכערע בעלי־בתים האָבן זיך אָנגענומען אויס־צוהאַלטן אים מיט אַלע הוצאות, און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לערנען.

דאָס לערנען איז שוין אָבער זוסמענען ניט געקראָכן אַרײַן קאָפּ אַרײַן. ער האָט עס באַטראַכט נאָר ווי אַ צייטווײַליקן מיטל צו זיין ציל. גאַנץ פעסט האָט ער זיך נאָך געהאַלטן אין דעם געדאַנק וועגן פעטערבורג. ער האָט נאָר געוואָלט אָנקלייבן אַביסל כח און באַזאָרגן זיך מיט אַ וועלכע ס'איז סומע געלט, און ביי דער ערשטער מעגליכקייט צוריק אַוועקלאָזן זיך אין וועג אַרײַן. צו דער צוועק האָט ער געזוכט און געקראָגן אַ פּאָר תלמידים, חתן־בחורים, מיט וועלכע ער האָט פאַר אַ געוויסן געצאָלט גע־לערנט דריי שעה אין טאָג „יורה־דעה". ס'איז אָבער אַוועק אַ גאַנץ קורצע צייט און אין זוסמענען האָט זיך דערוועקט דער „משכיל". ער האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו בענקען נאָך דער איבערגעריסע־נער בילדונג, נאָך דער פרייַ געזונגענער סביבה, נאָך וויסן, נאָך ליטעראַטור... ניט לאַנג געטראַכט, איז ביי אים געבליבן אויפצו־זוכן אין דער שטיל די שטאָטישע משכילים און אַרײַן מיט זיי אין באַקאַנטשאַפט.

אין יענער צייט האָבן געשמט אין דווינסק צוויי משכילים: דער באַוואוסטער געלערנטער און מאַטעמאַטיקער, דער מחבר פון „המנוחה והתנועה" און פון אַנדערע וויסנשאַפטלעכע ווערק, צבי הכהן ראַבינאָוויטש און ראובן וועלער, וועל־כער פלעגט שרייבן פון צייט צו צייט מאמרים אין „המגיד" אונ־טער דעם פסעוודאָנים „נר" און איז דאַן געווען אַ מלמד ביי דער ווייס און ברייט באַרימטער גבירישער פאַמיליע פרידלאַנד. פאַר די דאָזיקע צוויי משכילים האָט זיך זוסמען פאָרגעשטעלט, אָבער ניט מונדלעך, נאָר דורך בריוו, וואָס ער האָט יעדערן פון זיי דערלאַנגט אַריינגייענדיק צו אים אין הויז. די בריוו, וועלכע זיינען געווען געשריבן אין זייער אַ שיינעם העברעאישן מליצה־סטיל און האָבן ערטערווייז דערמאָנט מאַפּוס ושאַנר, האָבן די ביידע משכילים ממש איבערראַשט. אַ באַזונדערס וואַרימען קבלת־פּנים

האָט זוסמען געהאַט ביי ראַבינאָוויטשן, וועלכער האָט, דורכשמו־עסנדיק זיך מיט אים, באַלד דערקענט, אַז ער האָט דאָ פאַר זיך אַן אויסערגעוויינלעך פעאיקן יונגמאַן. זוסמען איז געוואָרן אַן אָפּ־טער אַיינגייער ביי ראַבינאָוויטשן, פלעגט אָפּזיצן שעהן לאַנג אין זיין ביבליאָטעק און נעמען ביי אים ביכער צו זיך אויף דער סטאַנציע. וועגן זיינע קינפטיקע פלענער האָט זוסמען אויסגע־געמידן צו ריידן מיט ראַבינאָוויטשן. אָבער איינמאָל אין אַ געשפּרעך האָט אים ראַבינאָוויטש אַ פרעג געטאָן, ביז ווי לאַנג ער קלערט נאָך צו קוועטשן די בית־מדרש־באַנק, און פאַרוואָס ער זוכט ניט צו פאַרווענדן זיינע פעאיקייטן עפּעס אויף אַ רעכטן תכלית: לאָזן די גמרא און נעמען זיך צו שטודירן. דאָס בעסטע וואָלט פאַר אים געווען—אַריינטרעטן אין דער ווילנער ראַבינער־שול, וואוהין ער קען אים געבן די בעסטע רעקאָמענדאַציעס. זוסמען האָט שוין געוועסט געוואָלט אויסגיסן דאָס האַרץ פאַר ראַבינאָוויטשן און דערציילן אים, אַז ער איז שוין אַמאָל געווען אין דער ווילנער ראַבינער־שול און וואָס ס'האָט דאָרטן מיט אים פּאַסירט. ער האָט זיך אָבער דערפון אָפּגעהאַלטן, צוליב דעם אינ־צידענט מיטן גט. ער האָט נאָר געזאָגט, אַז דער פּלאַן וועגן שטודירן פאַרנעמט אים שוין פון לאַנג; ער קען דאָס אָבער ניט באַווייזן, ווייל האָט קיין פּאַס ניט (אין דער הודעה, וואָס זיין פרוי האָט וועגן אים פאַרעפנטלעכט אין „המגיד", האָט זי גע־בעטן דעם ראש־הקהל פון זיין געבורטס־שטעטל, אַז מ'זאָל אים ניט אַרויסגעבן קיין פּאַס, ביז ער וועט אַליין ניט קומען און וועט זי ניט אָפּגטן). ס'האָט לאַנג ניט געדויערט און ראַבינאָוויטש האָט געקראָגן פאַר זוסמענען אַ פּאַס אויף אַן אַנדער נאָמען, האָט אים מיטגעגעבן עטלעכע רובל אויפן וועג, און אים אויסגעריכט קיין ווילנע. זוסמען איז אַוועק אָבער ניט קיין ווילנע, נאָר קיין פּעטערבורג.

ד.

אין פּעטערבורג איז זוסמענען פון דער ערשטער מינוט אָן אָוועקגעגאַנגען זייער שלעכט. קודם־כל האָט ער שטאַרק געליטן פון

דעם, וואָס ער האָט ניט געהאַט קיין וואוינרעכט. עטלעכע טעג האָט ער זיך אויפגעהאַלטן ביי איינעם אַ שוחט. ער האָט אָבער מער ביי שוחט ניט געקענט פאַרבלייבן, און ער האָט געמוזט גאַנצענע נעכט אַרומגיין איבער די גאַסן, אָדער אָפּזיצן אויף די בולוואַרן. גראָד איז דאָס געווען אַרום יום-טובים-צייט. דרויסן האָט שוין געשמעקט מיט האַרבסט. ס'האָבן געבלאָזן קאַלטע, דורכדרינגענדיקע ווינטן. אָפּגעזעכן אַמאָל אַ גאַנצע נאַכט אויף אַ באַנק, ערגעץ-וואו אין אַ סעדל, האָט זיך זיסמען שטאַרק צוגעקילט און באַקומען גרויס היץ. פאַרטאָג האָט אים אַ פּאָליציאַנט געפונען ליגנדיק שטאַרק פיבערנדיק אויף דער באַנק, האָט אים תּיכף אָפּגעפירט אין צירקל אַריין, און פון דאָרטן האָט מען אים אַריבערגעשיקט אין אַ שפּיטאָל. אין עטלעכע טעג אַרום, אַז זוסמען איז געזונט געוואָרן און מ'האָט אים געהאַלטן ביים אַרויסשיקן פון פּעטערבורג, האָט זיך איינער פון די באַאַמטע גראָד אין אים טיף אַיינגעקוקט און האָט באַמערקט, אַז זיין אויסזען שטימט לגמרי ניט מיט די סימנים, וואָס זיינען אָנגעגעבן אין זיין פּאַס. מ'האָט זוסמענען תּיכף אַריינגעפירט צום „פּריסטאַוו", וועלכער האָט אים גענומען שטעלן פראַגן, און אויספאָרשן אויספירלעך וועגן זיין פּערזענלעכקייט. האָט זיך געדאַרפט מאַכן, אַז זוסמען האָט זיך אין זיינע תשובות פאַרפּלאָנטערט און האָט זיך ניט געוואוסט ווי זיך אַרויסצודרייען, און האָט זיך צו סוף געמוזט מודה זיין, אַז דאָס איז ניט זיין פּאַס, נאָר אַ פרעמדנס. מ'האָט גלייך געמאַכט דערפון אַ „דיעלע", און ביז וואָס ווען האָט מען זוסמענען אָפּגעשיקט אין געפענגעניש.

אַריינטראַכנדיק זיך אין דער געשאַפענער לאַגע, האָט זוסמען פאַרשטאַנען, אַז אירע רעזולטאַטן קענען פאַר אים זיין גאַנץ טרויעריקע. אויסער וואָס ס'וועט אים אַרויסשיקן פון פּעטערבורג, און דאַן נעמט אַן עק מיט אַלע זיינע חלומות וועגן בילדונג, וועט מען נאָך אים אַ געשמיטן אין קייטן ברייינגען מיטן „עטאַפּ" אין זיין שטעטל אַריין, און ווער ווייסט, וואָס די פאַנאַטישע שטעטלליים קענען נאָך אים אָפּטאָן. זיין שטימונג איז געוואָרן געדריקטער פון מינוט צו מינוט. אים האָט זיך געדוכט, אַז די גאַנצע

וועלט לאָזט זיך אויף אים אַראָפּ. געדאַ־קען, איינער פון דעם
אַנדערן פינסטערער, האָבן אים געפּייניקט. שרעקלעכע נעכט האָט
ער איבערגעלעבט; יעדע פון זיי האָט אים געשטיקט ווי אַ קאָש=
מאַר. ער האָט זיך כסדר אומגעוואָרפן פון איין זייט אויף דער
אַנדערער, און ס׳האָט אים ניט גענומען קיין שלאָף. און איין נאַכט
האָט ער זיך אַראָפּגעכאַפּט פון זיין געלעגער מיט דעם פעסטן
בשלוס זיך דאָס לעבן צו נעמען. ער האָט אָבער ניט געהאַט גענוג
מוט דאָס אויסצופירן. אין אַ געוויסן פרימאָרגן איז ער אויפגעש=
טאַנען עפּעס ווי באַרואיקט. ער האָט געבעטן און מ׳האָט אים גע=
געבן אַ טינט=און=פעדער און פּאַפּיר און ער האָט זיך אַוועקגע=
זעצט און האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו דעם דאַמאָלסטיקן בילדונגס=
מיניסטער גראַף דעליאַנאָוו. אין דעם בריוו האָט זיך זוסמען באַק=
לאָגט פאַר׳ן מיניסטער אויף זיין גורל, וועלכער האָט אים איבער=
געענטפערט אין די הענט פון אַבערגלויבישע און פינסטערע פאַ=
נאַטיקער, וואָס רודפ׳ן אים אומברחמנותדיק פאַר זיין איבערגעבן
זיך צו בילדונג, און באַזונדערס פאַר זיין הייסער סימפּאַטיע צום
קריסטלעכן גלויבן. כדי פּטור צו ווערן איינמאָל פאַר אַלעמאָל פון
די דאָזיקע רדיפות און אַרויסצופירן זיין זינדיקע פאַרבליאָנדזשעטע
נשמה אויפן ריכטיקן וועג, וואָס ברענגט דעם מענטשן צו דער
אמתער ריינער גליקזעליקייט, האָט ער באַשלאָסן אָפּצוזאָגן זיך
פון זיין ביזאַהעריקער יידישער אמונה, וועלכער האָט אים פאַר=
שאַפט נאָר צרות און פּיין, מאָראַליש און פיזיש, און איבערצו=
געבן זיך אין דעם שויס פון דעם אַלעמען באַגליקנדיקן קריסט=
לעכן גלויבן. בכן פאַרלאַנגט ער פון מיניסטער, אַז ע ר זאָל אים
אַריינברענגען אונטער די פליגלען פון דער נייער אמונה און זאָל
אים מזכה זיין מיטן גרויסן כבוד זיין טויפפאָטער צו ווערן. לויטן
בריוו, וועלכער איז געווען געשריבן אין אַ גלענצענדער רוסישער
שפּראַך און אויסגעמישט מיט ציטאַטן און ווערטלעך פון אַלטן און
פון נייעם טעסטאַמענט, האָט דעליאַנאָוו פאַרשטאַנען, אַז דער
שרייבער איז זייער אַן אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט, און ער
האָט נאָך דעמזעלבן טאָג אַריינגעשיקט אַ פאָדערונג צום פּאָליצ=

מייסטער, אַז מ׳זאָל מאָרגן פרי צושטעלן זוסמענען אויף דער קוואַרטיר פון מיניסטער.

באַלד ביים ערשטן געשפרעך האָט זוסמען פאַרשטאַנען גע־פועלן צו ווערן דעליאַנאָוון און אויף אים זייער אַ גוטן איינ־דרוק צו מאַכן. אויפן סמך פון דעליאַנאָווס פראָטעקציע האָט מען זוסמענס „דיעלע״ צעריבן און ער האָט באַקומען פון גראַדאָנאַט־שאַלניק שטענדיקע וואוינרעכט אין פעטערבורג. אין עטלעכע טעג אַרום האָט זוסמען אָנגענומען דעם פראַוואָסלאַוונעם גלויבן. דער טויפמאָלצייט איז פאָרגעקומען גאַנץ פייערלעך אין דעם וואוינונג פון דעם בילדונגס־מיניסטער, וועלכער האָט גענומען דער משומד אונטער זיין שוץ.

## ה.

אויף דעליאַנאָווס רעקאָמענדאַציע איז זוסמאַן אויפגענומען געוואָרן אין פעטערבורגער אוניווערסיטעט אַלס פריוויליקער צו־הערער. אַ באַזונדער חשק האָט זוסמען געהאַט צו יוריס־פרודענץ, און איז דעריבער אַריין אין יורידישן פאַקולטעט. אינגיכן האָבן זיך אַרויסגעוויזן זוסמענס גאונישע פעאיקייטן, און די פראָפעסאָרן האָבן זיך אים, פשוט, צעריסן לויבנדיק. דאַן איז דעליאַנאָוו׳ן געקומען דער געדאַנק, צו זען ווירקן אויף זוסמאַנען, ער זאָל אַרויס פון אוניווערסיטעט און אָנקומען אין דער מיסיאָנערישער אָפּטיילונג פון דער גייסטלעכער אַקאַדעמיע, כדי ער זאָל דערנאָך קענען פאַרשפרייטן מיט ערפאָלג די קריסטלעכע אמונה צווישן זיינע געוועזענע גלויבנסברידער. זוסמען האָט אָבער קיין גלח ניט געוואָלט ווערן, און די קאַריערע פון אַ מיסיאָנער האָט אים גאָר ניט געשמעקט. דורך פאַרשיידענע תירוצים און אויסריידן האָט ער זיך אַ געוויסע צייט אַרויסגעדרייט פון דעליאַנאָווס פאָרשלאָג. דעליאַנאָוו האָט אָבער פון אים ניט אָפּגעלאָזן, און וואָס ווייטער איז זיין טאָן געוואָרן אַלץ צודרינגלעכער און שטרענגער באופן, אַז סוף־כל־סוף וואָלט זוסמען, צי ניט ווענדיק, גע־מוזט ממלא זיין זיין רצון. דאָ איז אים אָבער גאַנץ אומגעריכט־

ערהייט געקומען צו הילף אַ צופאַל, וועלכער האָט אים אויף אַ געוויסער צייט בעפרייט פון דעליאַנאָווס פאָרשלאָג.

אין יענער צייט, דאָס איז געווען אין די מיטעלע זיבעציקער יאָרן, האָט אויסגעבראָכן דער סערביש-טערקישער קריג. אין רוס-לאַנד איז דאַמאָלסט אָנגעשטאַנען אַ שטאַרקע באַוועגונג צווישן דער יוגנט צו גיין העלפן די סלאַווישע ברידער אַראָפּצוואַרפן פון זיך די קייטן פון טערקישן דעספּאָטיזם. צו דער באַוועגונג זיינען צוגעשטאַנען מאַסן יונגעלייט, דאָס רוב סטודענטן פון די פאַרשיידענע הויכשולן, וועלכע זיינען אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל טשערנייעוו אַוועק אויפן סערביש-טערקישן מלחמה-פּלאַץ. אסמען, וועלכער האָט זיך, אייגענטלעך, געוואָלט אָפּטשעפּען פון דעליאַנאָוון, האָט זיך געמאַכט פאַר העכסט פּאַטריאָטיש. און איז אויך אַוועק מיטן שטראָם צו קעמפן פאַר דער סערבישער זעלבסט-שטענדיקייט. אין בעלגראַד האָט זיך זוסמען פאַרליבט אין אַ שיינער סערבקע, און האָט מיט איר חתונה געהאַט. ער איז דאַן געוואָרן דער קריגס-קאָרעספּאָנדענט פון דעם גרעסטן רוסישן טאַגעבלאַט „גאָלאָס", און זיינע בריוו וועגן דעם פאַרלויף פון דער מלחמה און דעם לעבן אין די באַלקאַן-לענדער האָבן געהאַט גרויס ערפאָלג ביי דעם דאַמאָלסטיקן רוסישן לעזע-פּובליקום.

די מעכטיקע באַגייסטערונג פאַר דעם געדאַנק פון דער נאַ-ציאָנאַלער אויפלעבונג, וועלכע האָט אַרומגענומען גאַנץ סערביע, באָסניע און הערצאָגווינע, די אָפּפערוויליקייט פון די דאָזיקע סלאַווישע פעלקער און זייער מסירת-נפש אין קאַמף פאַר זייער באַפרייאונג האָט ביי זוסמענען אַרויסגערופן אַ שטיקעלע חשבון-הנפש מיט זיך אַליין. ער האָט זיך גענומען באַטראַכטן ווי אַ בוגד אין דעם יידישן פאָלק, וועלכער שטייט אין אַלע פּרטים פיל העכער ניט בלויז פון אַזוינע פעלקער ווי די סערבן, בולגאַרן וכדומה. ביסלעכווייז האָט אין אים אָנגעהויבן שרעקלעך צו נאָגן און צו עקבערן דאָס געוויסן, די שטאַרקע חרטה, וועלכע האָט אים גע-שטערט זיין רו און האָט אים פאַרפאָלגט ווי אַ שאָטן אויף שריט און טריט. זיין עגמת-נפש און זיין אינערלעכער ווייטאָג האָבן אים בעבויגן אין דרייען. אַריינקומענדיק אין דער קלעם, האָט ער

פאַר זיך קיין אַנדער אויסוועג ניט געפונען ווי נאָר צו דערטרינ־קען זיין גרויסן צער אין—בראַנפן, און האָט אָנגעהויבן כסדר צו שיכורן.

דער אין זיין צייט באַוואוסטער העברעאישער שריפטשטעלער י. ל. דאַווידאָוויטש (בן דוד), וועלכער איז אויך אַ געוויסע צייט געווען איינער פון די פּריוויליקע, וואָס זיינען געגאַנגען פאַרגיסן זייער בלוט פאַר די סלאַווישע ברידער, און האָט זיך דערביי צוזאַמענגעטראָפן מיט זוסמענען, האָט מיר אַמאָל וועגן אים דערציילט פאָלגענדעס:

„אַ באַזונדער שווערן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט איינער פון מיינע חברים אינם פּרייוויליקן באַטאַליאָן, אַ משומד, וועלכער איז געווען אַ גרויסער ציניקער, און האָט גאַנצע טעג געשיכּרט. דער דאָזיקער משומד איז דאָס געווען דער שפּעטער־דיקער צענזאָר פון יידישע ביכער אין פעטערבורג, זוסמען. אָט דער דאָזיקער זוסמען, בעת ער פלעגט בלייבן אַליין מיט מיר, האָט ניט אויפגעהערט צו שיטן פעך און שוועבל אויף די סלאַוון און אויף די רוסן בכלל, און האָט זיך גאַנץ אָפנהערציק אַרויס־געזאָגט, אַז דאָס יידיש בלוט, וואָס פליסט אין זיינע אָדערן, דערלאָזט אים ניט צו שלאָגן זיך מיט די טערקישע „ברידער". אלא וואָס טוט ער דאָ ביי טשערנייעוון? ער זוכט נאָר דאָס קערבל*).

בן־דוד, און אויך אַנדערע, וואָס האָבן זיך דאַן באַגעגנט מיט זוסמענען, האָבן קיין שום אַנונג ניט געהאַט פון דער אינער־ליכער, זעלישער טראַגעדיע וועלכע קומט פאָר אין זוסמענען, און דעריבער האָט ער אויף זיי געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ ציניקער אַ שכּור, וואָס פאַרדינט ניט קיין שום אַכטונג. אין שכּרות האָט זיך אָבער געלייטערט זוסמענס נשמה, און ווי נאָר זי האָט זיך דער־פילט אַן אויסגעלייטערטע, איז פון אים תּכף דער חשק צום ביי־סערן טראָפן אָפּגענומען געוואָרן ווי מיט די הענט. אויסגעניכ־טערט איז ער געוואָרן אין יענער מינוט, ווען אין אים האָט

*) זע „דרוי ליטעראַרישע דורות", 2־טער באַנד, זייטל 144.

אויפגעבליצט דער געדאַנק, אַז זיין זינד קען אויסגעקויפט ווער נאָר דורך דעם, ווען ער וועט זיך מהיום־ והלאה מאַכן פאַר זיין לעבנס־צוועק צו טאָן טובות און חסדים מיטן יידישן פאָלק, מיט וועלכע מיטלען ער וועט נאָר קענען. אויף דעם געדאַנק האָט זיך זוסמען אָפּגעשטעלט, און באַלד איז אים אַראָפּ ווי אַ שטיין פון האַרצן, און אים איז ליכטיג געוואָרן אין דער נשמה... באַק־לערנדיק, וואָס ער האָט צו טאָן, האָט ער באַשלאָסן מיט אַלע מעגלעכקייטן אויסצונוצן לטובת יידן זיין גרויסע התקרבות מיט דעליאַנאָוון.

## ו.

מיט דעם באַשלוס איז זוסמען אין דריי פערטל יאָר אַרום געקומען קיין פּעטערבורג. דורך זיין אַרויסגעוויזענעם פּאַט־ריאָטיזם איז זוסמען געוואָרן ביי דעליאַנאָוון נאָך פיל תקיפער. ס׳איז געקומען אַזוי ווייט, אַז דעליאַנאָוו פלעגט זיך גאַנץ אָפט מיט אים מישב זיין וועגן פאַרשיידענע מלוכה־ענינים. צוליב דעם פלעגט זוסמען באַזוכן דעם מיניסטער טעגלעך. צו מאַכן זיך אַ קאַריערע דורך שטודירן, — דעם געדאַנק האָט זיך שוין איצט זוסמען אַרויסגעשלאָגן פון קאָפּ. דעליאַנאָוו האָט שוין אויך אויפ־געהערט צו ריידן מיט אים וועגן דער מיסיאָנערישער טעטיקייט. ער האָט זוסמענען געוואָלט האָבן נאָענט צו זיך אין פּעטערבורג. פאַר זוסמענען האָט איצטער געשוועבט איין לעבנס־ציל צו זיין אַ הילף פאַר יידן.

אינגיכן האָט זיך זוסמען דערוואוסט דורך דעליאַנאָוון, אַז די הויפּט־פאַרוואַלטונג איבער די דרוק־ענינים זוכט אַ צענזאָר פון יידישע ביכער פאַרן ווילנער צענזור־קאָמיטעט. זוסמען האָט דאָס באַטראַכט פאַר דער ערשטער געלעגנהייט, וואָס איז אים געקו־מען צו דער האַנט אָנצוהייבן פאַרווירקלעכן זיין באַשלוס, אויס־צונוצן זיין פּריווילעגירטע שטעלונג לטובת די אינטערעסן פונם יידישן פאָלק. ס׳זיינען גענוג געווען זוסמענס עטלעכע ווערטער אום צו פּועלן ביי דעליאַנאָוון, אַז ער זאָל זיך פאַר אים משתדל

זיין, וואו מען באַדאַרף, מ׳זאָל אים באַשטימען אויף דער צענזאָר־שטעל אין ווילנע. דערביי האָט זוסמען משחד געווען דעליאַנאָוון מיט דער פּערספּעקטיוו, אַז זיצנדיק אין אַזאַ גרויסן יידישן צענ־טער ווי ווילנע, וועט ער דאָרטן קענען אויפטאָן אויך אין דעם מיסיאָנערישן זין.

אָנגעקומען אין ווילנער צענזאָר־קאָמיטעט, האָט זוסמען אין אים נאָך געפונען פיל פון דעם אַנטיסעמיטישן גייסט, וועלכער איז אַהין אַריינגעדרונגען אַדאַנק דער השפעה פון דעם פריער־דיקן צענזאָר פאַר יידישע ספרים, דעם טרויעריק־באַוואוסטן בראַפמאַנען, דעם מחבר פון „קניגאַ קאַהאַלאַ". דעם „שלחן־ערוך", און באַזונדערס דעם „חושן־משפט" מיטן „יורה־דעה, האָט בראַפמאַן ממש „צעשעטקעוועט ווי קרויט". ער האָט פון זיי אַרויס־געוואָרפן גאַנצע בלעטער, און פיל ערטער האָט ער אויף אַזוי פיל צעשעדיקט, אַז זיי זיינען פאַרבליבן פאַר די לערנער לגמרי אומ־פאַרשטענדלעך. כדי צו באַקומען דערויף דעם הסכם פון דער פּע־טערבורגער העכסטער צענזור־אינסטאַנציע, פלעגט בראַפמאַן אַהין אַריינשיקן גאַנצע פּעק פּאַסקווילן אויפן „שלחן־ערוך" מיטן „חושן־משפט", פאַרשטעלנדיק די דאָזיקע יידישע געזעצביכער אַלס קוואַל פון דער גרעסטער מאָראַלישער פאַרדאָרבנקייט און אומזיטלעכקייט.

זוסמען האָט דאָ געפונען פאַר זיך אַ ברייט אַרבעטס־פעלד. קודם־כל האָט ער זיך פאַרגענומען אויסצוראַמען פון צענזור־קאָ־מיטעט די שאָטנס פון בראַפמאַנס בייזער ירושה. די ערשטע זאַך, וואָס ער האָט געטאָן, איז געווען אַריינצושיקן קיין פּעטערבורג אַן אויספירלעכן מעמאָראַנדום, אין וועלכן ער האָט שטאַרק פאַר־טיידיקט דער יידישן קאָדעקס, שילדערנדיק אים אַלס מוסטער פון דער העכסטער מענטשלעכער מאָראַל און זיטנלערע. באַזיצנדיק אַ גרויסע תלמודישע און יידיש־וועלטלעכע ערודיציע בכלל, האָט ער פאַרשטאַנען צו באַלייכטן פאַר דער רוסישער מאַכט דעם מהות און דעם וועזן פון אַזוינע ספרים ווי „שלחן־ערוך", „חושן־משפט" און „יורה־דעה", אין אַזאַ פאָרם, וועלכער האָט געמאַכט דעם בעסטן איינדרוק. אויף דעם אויפן האָט זיך זוסמענען איינגעגעבן צוריק אַריינצושטעלן אין די צויבנדערמאָנטע ספרים יענע ערטער, וועל־

כע זיינען פון זיי דורך בראַפּמאַנס מסירות אַרויסגעוואָרפן געוואָרן. ס'דאַרף דאָס דערמאָנט ווערן, אַז צענזערירנדיק דעם „יורה־דעה“, האָט זוסמען אין אים מוסיף געווען זייגע אייגענע טיפע, חריפותדיקע באַמערקונגען, וועלכע האָבן זיך אָפּגעדרוקט ביי דער זייט אונטערן נאָמען „הגהות חכם אחד“.

בכלל האָט זוסמען פיל לייכטער געמאַכט די צענזור־באַדינגונגען פון יידישע ספרים. אין קעגנזאַץ צו בראַפּמאַנען, וועלכער איז אין זיין צייט באַקאַנט געווען אַלס תּלין פון דער רבנישער ליטעראַטור, האָט זוסמען באַזונדערס מקרב געווען רבנים — מחברים פון פאַרשיידענע מינים „שאלות ותשובות“. נאָך אַלץ דער גרויסער בקי אין ש״ס, פלעגט זוסמען פיל מאָל פאַרריכטן אין כתב־יד מאַנכע טעותן, וואָס די רבנישע מחברים האָבן געמאַכט. ביי די רבנים פלעגט דאָס אַרויסרופן גרויס וואונדערונג, פלעגן מיט אים גאַנץ אָפּט אַריינטענהן אין לערנען, פלפלען זיך מיט אים, פּרובן אים איבערשפּאַרן, מנצח זיין, אָבער כמעט תּמיד אָן ערפאָלג. אזוי אַרום האָט זוסמען באַקומען אין די ווילנער לומדישע קרייזן אַ שם פאַר אַ גרויסן למדן. ניט סימפאַטיזירט האָט זוסמען נאָר מיט אַזעלכע רבנים, וועלכע האָבן געשריבן זייערע ווערק אין אַיין אומקלאָרן, מטושטשן סטיל. אַ יידישער רב דאַרף קענען קלאָר ריידן און נאָך קלערער שרייבן, — אַזוי פלעגט זוסמען תּמיד זאָגן.

ס'איז אַוועק אַ געוויסע צייט און זוסמען האָט זיך דערוואוסט, אַז אין דער פּעטערבורגער הויפּט־פאַרוואַלטונג איז געוואָרן וואַקאַנט די שטעל פון יידישן צענזאָר. נעמענדיק אין אַכט, אַז אין פּעטערבורג און לעבן דעליאַנאָוון וועט ער פאַר זיך געפינען אַ גרעסערןווירקונגס־קרייז, איז ער אַהין תּיכף אַוועקגעפאָרן און אָן איבעריקע השתדלות האָט ער באַלד באַקומען די שטעל.

כמעט פון דעם ערשטן טאָג אָן, וואָס זוסמען האָט זיך באַזעצט אין פּעטערבורג, האָט ער זיך איינגאַנצן אַריינגעלאָזן אין טובות טאָן מיט יידישן פּרט און מיטן כּלל. די הויפּט־טובות זיינע זיינען באַשטאַנען צו געבן די מעגלעכקייט יידישע יונגע לייט, וואָס האָבן געענדיקט מיטל־שולן, אַריינצוטרעטן אין פּעטערבורגער

אוניווערסיטעט. אין יענער צייט איז נאָך פאַר יידן אין די רוסישע הויכשולן ניט געווען איינגעפירט קיין פראָצענט־נאָרמע; דאָך איז אָבער דער אריינגאַנג אין אוניווערסיטעט, און באַזונדערס אין פעטערבורגער, געווען פאַרבונדן פאַר יידישע אַביטוריענטן מיט די גרעסטע שוועריקייטן. די דאָזיקע שוועריקייטן האָט זוסמאַן תמיד בייגעקומען דורך דעליאַנאָווס פּראָטעקציעס. פאַר וועלכן יידישן סטודענט זוסמאַן האָט נאָר פאַרוואָרפן א וואָרט ביי דעל־יאַנאָוון, און אַזעלכע זיינען געווען אַ סך, זיינען די טירן פונ׳ם פעטערבורגער אוניווערסיטעט באַלד אויפגעעפנט געוואָרן. פאַר אַזוינע טובות האָט זוסמאַן קיינמאָל אפילו קיין צעבראָכענעם צווייער ניט גענומען. ס׳איז געווען אַזוי, אַז צעדערבוים, דער רעדאַקטאָר פון „המליץ״, למשל, זאָל צו אים אריינשיקן אַ צע־טעלע, אַז דעם און דעם יונגענמאַן דאַרף מען זען אַריינצונעמען אין אוניווערסיטעט, אָדער אין אַן אַנדער פעטערבורגער הויכשול, און זוסמאַן איז שוין געלאָפן צו דעליאַנאָוון, און האָט דאָס ביי אים בעפועלט.

דורך דעליאַנאָוון האָט זוסמאַן תמיד געוואוסט די שטימונג פון די ספערן בנוגע צו יידן, און איז אַזוי אַרום שטענדיק גע־שטאַנען אין קורס פון דער רוסיש־יידישער פּאָליטיק. דאָס האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו באַזאָרגן די פעטערבורגער יידישע כלל־טוער מיט די נויטיקע אינפאָרמאַציעס וועגן דעם, וואָס עס ווערט פּראָיעקטירט פון דער רוסישער מאַכט אין באַציהונג צו יידן. דורך דעם האָבן די געזעלשאַפטלעכע עסקנים אָפט באַצייטנס אָנגענומען די געהעריגע מיטלען אָפּצוהיטן די רוסישע יידן פון געוויסע אומאָנגענעמלעכקייטן.

אַזוי האָט אַמאָל פּאַסירט, דאָס זוסמאַן איז דערגאַנגען, אַז אין די רעגירונגס־קרייזן הערשט אַ גרויסער קטרוג אויף דער זייער באַרימטער און פּאָפּולערער וואָלאָזשינער ישיבה. זוסמאַן האָט דאָס תיכף געגעבן צו וויסן דעם באַראָן גינצבורג, וועלכער האָט נאָך אויף מאָרגן דעפּעשירט דעם וואָלאָזשינער ראש־ישיבה, ר׳ הערש־ליב בערלין, אַז ער זאָל וואָס צום גיכסטן קומען קיין פעטער־בורג. נאָך איידער הרב בערלין איז געקומען קיין פעטערבורג,

האָט מען זיך דערוואוסט, אַז דער צאָרן אין די רעגירונגס־קרייזן אויף דער ישיבה איז אַזוי גרויס, דאָס מ׳האָט שוין ווי באַשלאָסן צו פאַרמאַכן איר אינגאַנצן. מ׳האָט געגומען ווייטער חוקר־ודורש זיין און ס׳איז קלאָר געוואָרן, אַז אויף דער וואָלאָזשינער ישיבה איז אָנגעקומען אַ שרעקלעכע מסירה, אין וועלכער ס׳ווערט גע־זאָגט, דאָס די ישיבה איז אַ נעסט פון פינסטערע פאַנאַטיקער און אָבסקוראַנטן, וואָס זיינען אויסן צו פאַרשפרייטן צווישן יידן אומ־וויסנקייט און אַבערגלויבן, און אָפצוזונדערן זיי דורך ווילדע גע־זעצן פון דער איבעריקער ניט־יידישער באַפעלקערונג. אויף דער ערשטער זיצונג פון די פעטערבורגער געזעלשאַפטלעכע עסקנים, וואָס איז פאָרגעקומען ביים באַראָן גינצבורג מיט דער באַטייליגונג פונם וואָלאָזשינער ראש־ישיבה, איז אויסגעאַרבעט געוואָרן וועגן דעם ענין אַ מעמאָראַנדום, וועלכן מ׳האָט באַלד אויף אָן אָרט איבערגעגעבן זוסמענען אום צו דערלאַנגען אים דעליאַנאָוון מיט די נויטיקע ערקלערונגען פון זיין זייט. דאָס איז געווען, בעת ס׳האָט שוין געהאַלטן נאָהענט דערביי, אַז די פראַגע וועגן דער דער וואָלאָזשינער ישיבה זאָל באַהאַנדלט ווערן אין מיניסטאָרן־ראַט, אין וועלכן ס׳האָבן זיך געפונען ניט ווייניק שונאי־ישראל. זוסמען האָט אָבער פאַרכאַפּט און האָט אויסגעפירט, אַז דער ענין זאָל אַ פריהער באַטראַכט ווערן אין בילדונגס־מיניסטעריום, און נאָך אַ לאַנגן געשפרעך מיט דעליאַנאָוון האָט מען די וואָלאָזשינער ישיבה אַראָפּגענומען פון סדר־היום און מ׳האָט די ישיבה גע־לאָזן עקסיסטירן ווי געווען. מען דערציילט, אַז זוסמען זאָל זיך אַ לאַנגע צייט האָבן באַרימט, אַז ביים געזעגענען זיך מיט ר׳ הערשע־ליבן, האָט צו אים דער גאון געזאָגט: „איך פאַרזיכער אייך, אַז איר וועט האָבן עולם־הבא...״

ז.

אין פעטערבורג האָט זיך זוסמען באַגעגנט מיט זיין אַמאָליקן פראָטעזשע צבי הכהן ראַבינאָוויטש פון דווינסק, וועלכער איז דאַן געווען דער רעדאַקטער פונם רוסיש־יידישן

וואָכנבלאַט „רוסקי יעווריי“. דאָס האָט געגעבן זוסמענען די גע־לעגנהייט אָפּצודינען ראַבינאָוויטשן פאַר די טובות, וואָס ער האָט מיט אים אַמאָל געטאָן. אונטער די אויגן האָט ער פאָרגעשטעלט ראַבינאָוויטשן פאַר דעליאַנאָוון אַלס זייער אַ גרויסן געלערנטן און וועלט־חכם, וועלכן די רוסישע רעגירונג וואָלט געקענט אויס־נוצן פאַר פאַרשיידענע וויסנשאַפטליכע צוועקן. זוסמען האָט אויף אַזוי פיל פאַראינטערעסירט דעם מיניסטער מיט ראַבינאָוויטשעס פערזענליכקייט, דאָס ער האָט אויסגעדריקט זיין ווונש באַקאַנט צו ווערן מיט אים. דאַן האַט זוסמען אַריינגעפירט ראַבינאָוויטשן צו דעליאַנאָוון. ראַבינאָוויטש ניט באַהערשנדיק אַפילו די רוסישע שפּראַך און ריידנדיק אַ געבראָכענעם דייטש, האָט שוין ביים ערשטן וויזיט אַזוי אויסגענומען ביי דעליאַנאָוון, באַזונדער מיט זיין פּראַקטישער פּקחות, דאָס ער האָט אים איינגעלאַדן צו באַזוכן אים וואָס עפטער. מיט דער צייט איז ראַבינאָוויץ געוואָרן איינע פון דעליאַנאָווס גרעסטע מקורבים, און פלעגט ביי אים אָפט פועלן גרויסע זאַכן לטובת דעם יידישן כלל. אַ דאַנק דעליאַנאָווס השתדלות האָט ראַבינאָוויטש בעקומען פון דער רוסישער רעגירונג די פּערזענליכע זכיות פון אַן ערן־בירגער (Личное почетное гражданство).

צוליב דעליאַנאָוון איז זוסמען געוואָרן אַ גרויסער מקורב אויך מיט אַנדערע הויכגעשטעלטע ביוראָקראַטן. ער איז געווען באַ־פריינדעט, למשל, מיט דעם דאַמאָלסט בערימטן רוסישן פּובליציסטן, דער רעדאַקטאָר פונם רעכטען חדש־זשורנאַל „רוסקי וויעסטניק“, קאַטקאָוו, וועלכער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין קייזערליכן הויף, מיט דעם סלאַוויאַנאָ־פּילישן אַנפירער און שריפטשטעלער אַקסאַקאָוו, מיט דעם פירשט וואָלקאָנסקי, און אַפילו מיט דעם אַלמעכטיקן פּאָבעדאָנאָסצעוון. אויך די דאָזיקע איינפלוסרייכע ביוראָקראַטן, פלעגט זוסמען צייטנווייס אויסנוצן לטובת יידישע ענינים.

כּדי ניט צו פאַרלירן דעם חן, וואָס ער האָט זיך דער־וואָרבן אין די ביוראָקראַטישע ספערן, און אום זיין אייגעפונדע־וועטער מצב זאָל ניט אָפּגעשוואַכט ווערן, האָט זוסמען אָפּגעהיט

דעם פּראַוואָסלאַווענעם שטאַט, האָט קיינמאָל ניט פאַרפעלט צו באַזוכן די קירך און האָט זיך באַטייליגט אין אַלע קריסטליכע רע־ליגיעזע צערעמאָניעס און פייערליכקייטן. אויך האָט ער אויף זיך לפנים וועגן, אַרויפגעצויגן די מאַסקע פון זייער אַ שטריינגן צענ־זאָר. תמיד האָט ער זיך געטשעפּעט צו די פּראָווינציעלע יידי־שע צענזאָרן, צו וועלכע ער האָט זיך באַצויגן מיט אַ געוויסן אומטרויי חושד זייענדיג זיי, אַז זיי נעמען ביי די מחברים כּאַבּאַר. באַזונדערס האַרט איז געווען זיין באַציאונג צום וואַרשעווער יידישן צענזאָר זאַמענהאָף (דער פאָטער פונם באַוואוסטן ערפינ־דער פון דער „עספּעראַנטאָ"־שפּראַך), וועלכער האָט ביי אים אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אומצופרידנקייט מיט דעם, וואָס ער האָט דורכגעלאָזן צום דרוק אַזאַ ספר, וועלכער איז אויסגעווען אין אַלע צענזור־קאָמיטעטן, און איז ערגעץ פון קיין יידישן צענזאָר ניט ערלויבט געוואָרן פאַרעפנטליכט צו ווערן. דאָס איז געווען דער פאַלעסטינאָפילער זאַמלבוך „דער וועקער", וועל־כער איז אין יאָר 1887 אַרויסגעגאַנגען אונטער לילענבלומס רעדאַקציע. אינעם דאָזיקן זאַמלבוך איז אַריין געאָלדפאַדנס אַ ליד מיטן נאָמען „אַ שטיין פון האַרצן", וועלכער האָט אַנטהאַלטן זייער אַ שאַרפן און אין אַ בייסנדיקן סאַטירישן טאָן אויסגעדריקטן פּראָטעסט געגן די פּאָגראָמען. זאַמענהאָף איז געווען דער איינצי־קער יידישער צענזאָר, וואָס האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן צו ערלויבן דעם „וועקער" צום דרוק ניט אַנענדיק, אַז ס'וועט זיך אָפּגעפינען איינער אַ זעלבער וועלכער וועט אים דערפאַר פאַרמסרן אין הויפּט־פאַר־וואַלטונג פון צענזור. די זאַך איז איבערגעגעבן געוואָרן זוסמענען, וועלכער האָט דעם גאַנצן ענין געמאַכט צו אַקלייניקייט, האָט אָבער מיט דעם צוגלייך אַריינגעשיקט זאַמענהאָפן אַ שטאַרקן אויסרייד. פון דענסטמאָל אָן האָט ער אויף זאַמענהאָפן געקוקט מיט חשד, וועלכער איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט אַמאָל צוליב אים אָפּגעשטעלט די „הצפירה" אויף גאַנצע דריי חדשים. סאָקאָלאָוו איז דאַן געקומען צו לויפן קיין פּעטערבורג, און דורך דעם אויבנדערמאָנטן הירש ראַבינאָוויטשעס פּראָטעקציע ביי זוסמענען, האָט זיך אים איינגעגעבן צו פועלן, אַז מ'זאָל מבטל מאַכן די גזרה.

זוסמען, וועלכער האָט אויך צענזורירט דעם „המליץ“, האָט זיך תמיד שטאַרק קלאָגן אויף צעדערבוימען, פאַרוואָס ער פאַרטיידיגט ניט אין זיין בלאַט די יידישע אינטערעסן, און פאַרוואָס ער שרייבט אַזאַ שלעכטן העברעאיש. זוסמען, וועלכער איז געווען אַליין אַן אויסגעצייכנטער העברעאישער סטיליסט, האָט אָרגאַניש ניט געקענט פאַרטראָגן צעדערבוימס צעקאַליעטשעטן סטיל. אַמאָל, אַז ער פלעגט זיך שוין ניט קענען איינהאַלטן, פלעגט ער אין פיל־ערטער אַליין אויסבעסערן צעדערבוימס לשון.

## ח.

דער שמד האָט אָבער איבערגעלאָזן זוסמענען אַ טרויעריגע ירושה, וועלכע האָט אים באַגלייט ווי אַ שאָטן ביז זיין לעצטן טאָג—דער חשק צו אַ ביסל בראַנפן. צוריקקערנדיק זיך פון סערביע, האָט ער אויף אַ לאַנגע צייט אויפגעהערט צו טרינקען. ס'האָט אויסגעוויזן, און אַליין האָט ער אין דעם שטאַרק געגלויבט, אַז די שכרות איז געווען ביי אים נאָר אַ פּראָוויזאָרישע ערשיינונג, וועלכע האָט אויפגעהערט מיט דער מינוט, וואָס זיין זעלישער צושטאַנד האָט זיך פאַרבעסערט. ס'איז אָבער געווען אַ טעות.

דער באַקאַנטער רוסיש־יידישער זשורנאַליסט א. קויפּמאַן גיט איבער וועגן זוסמענען דעם פאָלגנדן אינטערעסאַנטן פאַקט:

„שפּאַצירנדיג אַמאָל מיט זוסמענען אין פּעטערבורג אויף ניעווסקי־פּראָספּעקט און שמועסנדיק מיט אים וועגן ענינים פון דער יידישער וויסנשאַפט, האָב איך ניט באַמערקט ווי ער האָט מיר פאַרשלעפּט אין דעם רעסטאָראַן „דאָמיניק“. ער האָט פאַרלאַנגט מ'זאָל אים געבן אַ גרויסן באָקאַל, וועלכן ער האָט אָנגעגאָסן ביזן ראַנד מיט בראָנפן און האָט עס אויסגעטרונקען פאַר אַמאָל איבערצלמנדיק פריהער דעם מויל. „אייך, וואונדערט, אפשר—האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן זוסמען — וואָס נאָך אונזער געשפּרעך וועגן דברי־תורה האָב איך איבערגעצלמט דעם מויל? די מעשה דערפון איז אַזוי: איך בין אַ ביסל ענלעך אויף אַ יידן, און מיר וואָלט זיך גריילעך ניט געוואָלט, דאָס די מענטשן, וואָס

געפינען זיך איצטער מיט אונז: דאָ אין רעסטאָראַן, זאָלן מיינען, אַז יידן האָבן שוין אויך אָנגעהויבן צו טרינקען בראַנפן אין גרויסע באַקאַלן".

נחום סאָקאָלאָוו, וועלכער האָט, ווי איך האָב שוין דאָ פריהער דערמאָנט, געהאַט צו טאָן מיט זוסמענען צוליב דעם גזר-דין, וואָס איז דורך אים אַרויס אויף דער „הצפירה", ערציילט וועגן דעמזעלבן ענין די פאָלגנדע פרטים:

„...און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן באַראַטונגען מיט זוסמענען. איך האָב גערעכנט, אַז ער וועט זיך איינעקשנען, איינשפאַרן זיך ווי די וואַנט און מיך ניט וועלן הערן. ס'איז אָבער ניט אַזוי געווען דער פאַל. תיכף האָט ער זיך צו מיר צוגעקלעפּט, אַזוי ווי ער וואָלט מיר געקאָנט שוין אַ יאָר צוואַנציג. באַלד ביים ערשטן געשפרעך איז שוין זיין כעס ווי אַוועק אין רויך. ער איז געוואָרן ווייך ווי אַ קאַנאַריקל, האָט אָנגעהויבן צו דערציילן שיינע מעשהלאַך, און ס'איז אָן אים ניט שווער געווען צו דערקענען, אַז ער האָט חרטה אויפן גאַנצן ענין פון „הצפירה". כ'האָב דאַמאָלט אַ לאַנגע צייט פאַרבראַכט אין פעטערבורג און פלעג אָפט צוזאַמיט ראַבינאָוויטשן באַזוכן זוסמענען. איך געדיינק, אַז מ'פלעגט אונז אַריינפירן אין אַ קליינעם קאָרידאָרל, וואו מ'האָט זיך ניט געקענט אַ ריר טאָן פון ענגשאַפט, און פון דאָרטן אין צימער. ביים טיש איז געשטאַנען זוסמענס סערבישע פרוי, אָנגעטאָן אין אַ קליינרוסישן קאָסטיום, און האָט אָנגעגאָסן טיי פון אַ סאַמאָיואַר. דער בעל-הבית האָט אָנפאַנגס גערעדט רוסיש, איז אָבער באַלד אַריבער צו יידיש, צום עכטן „צאינה וראינה"-לשון. מיר זיינען ביי אים אָפגעזעסן שעהן, און ער לאָזט אונז אַלץ ניט אַוועקגיין. ער דערציילט אונז אַלע סודות פון סערביע און פון בולגאַריע און פון אַלע היגע מיניסטעריומס און פון אַלע סענאַט-אָפטיילונגען, און חזרט פאַר אונז איבער אַלץ וואָס ער הערט זיך אָן אויף די זיצונגען פון דער הויפּט-פאַרוואַלטונג פאַר דרוק-ענינים, און גיט אונז איבער דעם אינהאַלט פון אַלע אָפענע און געהיימע צירקולאַרן. דערביי געדיינק איך אָט וואָס: אין דער צייט, וואָס מיר זיינען ביי אים געזעסן, איז ער אַמאָל צוואַנציג

אַן ערך אַרויס אין צווייטן צימער, פלעגט דאָרט אָפּזיין אַ מינוט, און תּיכּף צוריקקומען. כ'האָב ניט געוואוסט, וואָס דער אַרויס־גאַנג באַטייט. זאָל ער דאָס אַרויסגיין אויפן צורך? איז ער, אפשר, קראַנק? האָט ער, פילייכט, מורא פאַר שפּיאָנען? נאָך שטאַרקער איז געווען מיין וואונדער באַמערקנדיק, אַז יעדעס מאָל, וואָס ער פלעגט זיך צוריקקערן פון צווישן צימער, פלעגט ער אויסקוקן לעבעדיקער און לוסטיקער, און פלעגט זיך פונאַנדער־לאַכן מיט אַ מאָדנעם מין הירזשעריי ממש ווי פון אַ פערד.

„אַרויסגייענדיק—אַזוי דערציילט סאָקאָלאָוו ווייטער—האָב איך געפרעגט ביי מיין באַגלייטער, צו ווייס ער, פילייכט, וואָס דאָס באַטייט. „וואָס פאַר אַ תּמים איר זייט!—האָט מיר אויף דעם געענטפערט ראַבינאָוויטש דער פּקח — איר קענט, אַפּנים, ניט דעם אָרטיגן שטייגער. ער גייט אַרויס אין צווייטן צימער מאַכן אַ שנעפּסל. ער קען ניט אַיינזיצן קיין פערטל שעה אָן אַ ביסל בראַנפן. בשעת ער האָט אַן אַנדער קאָמפּאַניע, טרינקט ער מיט זיי צוזאַמען. פאַר אונז אין די אויגן האָט ער ניט גע־וואָלט".



אין יאָר 1888 האָט דער יידישער שריפטשטעלער מ. ספּעקטאָר אַרויסגעגעבן דעם ערשטן באַנד פון זיין זאַמלבוך „דער הויז־פריינד". אין דעם דאָזיקן באַנד האָט זיך צווישן אַנדערע אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל פון א. ש. פריד־בערג איבער אברהם מאַפּון. אונטער דעם דערמאָנטן אַר־טיקל קומט אַ גרויסע אָנמערקונג, וועלכע אַנטהאַלט אייניקע אינ־טערעסאַנטע זכרונות וועגן מאַפּו'ן, מיט וועלכן דער שרייבער פון יענער ציילן האָט זיך באַפריינדעט אין קאָוונע אין יאָר 1860. אונטער דער דאָזיקער אָנמערקונג איז געחתמעט דער פאָלגענדער אַנאָ־נים: „דער ערשטער לעזער פון הויז־פריינד".

דער דאָזיקער ערשטער לעזער פון „הויז פריינד" איז געווען דער צעגזאָר פונם זאַמלבוך: זוסמען.



IV.

# אברהם אורי (אַרקאַדי גריגאָראָוויטש) קאָוונער.

## א.

קאָוונער איז געבוירן אין ווילנע אינם יאָר 1842. זיין פאָטער איז געווען אַן אָרימער מלמד אַ מטופל אין קינדער. פון זיין 6=טן יאָר האָט קאָוונער פאַרבראַכט אין אַ דאָרף ביי אַ פעטער אַ ישובניק. דערנאָך איז ער געקומען קיין ווילנע און איז אַריין אין ראַבינער=שול. צוליב אַ פערצויגענער קראַנקייט איז ער אָפּגעווען אין ראַבינער=שול נאָר אַ גאַנץ קורצע צייט. דאַן האָט אים זיין פאָטער אַוועקגעשיקט אין דער=מיר וואו ער האַט געלערנט אין דער ישיבה און געגעסן „טעג“. לערנענדיק אין דער מירער ישיבה האָט דער צעניעריגער קאָוונער אָנגעהויבן צו לייענען אין דער שטילן העברעאישע ביכלעך. איינמאָל האָט אים דער משגיח געכאַפּט לייענענדיק אַ „טרייף=פּסול“, און האָט אים פון דענסטמאָל אָן גענומען רודפן אויף אַזוי פיל, דאָס ער האָט געמוזט עוקר זיין אין דער נאָענטער קליינשטעטל שטיבץ. די רדיפות וואָס קאָוונער האָט געהאַט אויסצושטיין אין דער מיר, האָבן אין אים איבערגעלאָזן אַן אייביקע שנאה צו אַלע ישיבות בכלל, און די דאָזיקע שנאה האָט זיך שפּעטער אויסגעגאָסן אין זיינע רוסישע פאַמפלעטן, וועלכע ער האָט געשריבן וועגן דער יידישער ערציהונג אין צפון מעריב=קאַנט. אין סטויבץ האָט קאָוונער אויך געגעסן טעג, געלערנט אין בית=מדרש, געלייענט פאַרגנבטערהייד „אפּיקורסישע“ ספרים און געשריבן העברעאישע שירים. פון דאָרטן איז ער צוריקגעקומען צו די עלטערן, ביי וועלכע ער האָט פאַרבראַכט ביז זיין זעכצענטן יאָר. כדי צו באַפרייען זיך פון אַן אַבעריגן מויל, האָבן אים די עלטערן אַוועקגעשיקט צו זייערע קרובים קיין קאָוונע. אויך אין קאָוונע איז ער אָבער אָפּגעווען ניט לאַנג,

און איז אַריבער קיין מערעטש, און פון דאָרט צוריק קיין ווילנע. אין 1860־טן יאָר האָבן אים די עלטערן חתונה געמאַכט. קאָווגער, וועלכער איז שוין דאַן געווען פריי געזונען און האָט געלעכצט נאָך השכלה, איז פון דער ערשטער מינוט אָן מיט זיין נייעם לעבן ניט צופרידן געווען. מיט זיין יונגער פרוי, וועלכע איז געזעסן ביי דער מוטער אין שפּייז־קרעמל, האָט ער זיך ניט געקענט צונויפרעדן; זי האָט אים ליב געהאַט ווי דעם לעבן, אָבער ניט פאַרשטאַנען און ניט מיטגעפילט. אין יענער צייט האָט קאָוונער געהאַט אַן עלטערן ברודער, וועלכער איז געווען אַ סטודענט אין קיעווער אוניווערסיטעט. אָט פאַר דעם ברודער האָט קאָוונער אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ און האָט זיך מיט אים באַראַטן ווי אַזוי אַרויסצופּלאָנטערן זיך פון זיין לאַגע. לויט דער עצה פון זיין ברודער האָט קאָוונער געלאָזן די פרוי מיט זיין איינציג קינד, און איז אַנטלאָפן געוואָרן קיין קיעוו. אין זייַנע מעמאָארן, וועלכע קאָוונער האָט אין אַ לאַנגער צייט אַרום פאַרעפנטלעכט אין „אי־סטאָריטשעסקי וויעסטניק" שילדערט ער אויספירלעך דעם שווערן אינעווייניקסטן קאַמף, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין ביז ער האָט ביי זיך געפועלט צו וואַרפן דער פרוי, צו וועלכער ער האָט, אייגנטליך, גאָרנישט געהאַט און צו שיידן זיך מיט זיין ערשטן קינד, וועלכן ער האָט זייער געליבט.

אין קיעוו האָט זיך קאָוונער אינם משך פון אַ יאָר פאַרפּול־קומט אויף אַזוי פיל, מיט דער הילף פון זיין עלטערן ברודער, אין די אַלגעמיינע למודים, דאָס ער האָט גלענצנד אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען פאַר גאַנצע אַכט קלאַסן גימנאַזיע. דאַן איז ער אַריין אין אוניווערסיטעט. זיצנדיק אויף דער באַנק פון אוניווערסיטעט האָט זיך קאָוונער אָפּגעגעבן מיט אַ באַזונדער פלייס צו דערלער־נען די רוסישע ליטעראַטור. אַ טיפן איינדרוק האָבן אויף אים געמאַכט פּיסאַרעווס קריטישע אַרטיקלען. אונטער זייער איינפלוס איז קאָוונער דאַן אַרויס אין „המליץ". מיט זייער אַ שאַרפער און אַ בייסנדיקער קריטיק קעגן דער העבּרעאישער ליטעראַטור. טעמ־פּעראַמענט־פול און זשורנאַליסטיש באַגאַבט האָט ער פאַרשטאַנען אָראָפּצוּוואַרפן פון פּיעדעסטל אויך אַזוינע שריפטשטעלער, וועלכע

זיינען אין יענער צייט געווען פאַררעכנט פאַר די ערסטע אויטאָ-
ריטעטן. שפּעטער האָט קאָוונער פאַרעפנטלעכט באַזונדערע קרי-
טישע פּאַמפלעטן, וועלכע האָבן אַרויסגערופן צווישן די העברע-
אישע ליטעראַטן אַ גרויסע ערביטערונג. העכסט אָנגעגריפן דורך
קאָוונערס אָנפאַלן האָבן זיך געפילט באַזונדערס שלום יעקב
אַבראַמאָוויטש (דער שפּעטערדיקער מענדעלי מוכר-ספרים) און
דער דיכטער גאָטלאָבער,—די דאַמאָלסטדיגע לייבן פון דער
העברעאישער ליטעראַטור. סהאָט זיך אָנגעהויבן קעגן קאָוונערן אַ
שטאַרקער קאַמף אין צייטונגען און אין בראָשורן, אָבער מיט
גאַנץ וועניק ערפאָלג. די יוגנט האָט קאָוונערס אַרטיקלען ממש
געשלונגען. אין אַ צייט אַרום האָט זיך קאָוונער פאַראינטערעסירט
אויך מיט יידישע געזעלשאַפטליכע פראַגן. דאַן האָט ער גענומען
שרייבן אין די העברעאישע בלעטער פּובליציסטישע אַרטיקלען אין
וועלכע ער האָט אויך אַרויסגעוויזן אַ שריפטשטעלערישן טאַלענט.
באַזונדערס האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט די פראַגן פון חנוך. ער
האָט זייער שטאַרק פּראָטעסטירט קעגען דער טראַדיציאָנעלער
ערציאונגס-סיסטעם, געגן די מלמדים מיט די חדרים און ישיבות,
און אַרויסגעזאָגט זיך דערביי שאַרף בנוגע דעם תּלמוד. מיט דעם
האָבן זיך באַנוצט קאָוונערס ליטעראַרישע קעגנער און די שוין
געוועסט איינגעשטילטע מלחמה קעגן אים האָט זיך איצטער באַנייט
מיט מער קראַפט. דערצו האָט דאַן פאַסירט אַ געשעהעניש, וועלכע
האָט נאָך צוגעגאָסן ביימל אויפן פייער, און האָט דעם אַלגע-
מיינעם קאַמף קעגן קאָוונערן נאָך פיל גרעסער און אינטענסיווער
געמאַכט.

דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען די רוסישע רעגירונג
האָט כלומרשט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי אינטערעסירט זיך מיט
דער בילדונג פון די יידן, כדי זיי זאָלן ראוי זיין צו בירגערליכע
רעכט. דאַן האָט דער קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר פאַרגעלייגט
פאַר איינינגע יידישע שריפטשטעלער און כלל-טוער אַ ריי פראַגן
ווי אַזוי און דורך וועלכע מיטלען צו פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן
יידן. דאַמאלסט איז געווען קאָוונער איינער פון די ערשטע,
וועלכע האָבן זיך אָפּגערופן אויף דער דאָזיקער אַנקעטע. באַזונ-

דערס דאָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף די פאָלגענדע צוויי פראַגן: 1) „אויף וועלכן אופן איז בעסער צו פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן יידן: דורך העברעאישע אָדער דורך יידישע ספרים? 2) וואָס איז אַזוינס דער תלמוד, און צי ס'איז נויטיג צו פאַרבאָטן אים צו לערנען?" ענטפערנדיק אויף די דאָזיגע פראַגן האָט קאָוונער געפונען פאַר צוועקמעסיג צו געבן אַן אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק פון דער העברעאישער ליטעראַטור. זיין לעצטער אויספיר איז געווען, אַז די העברעאישע ליטעראַטור פאַרדינט ניט דעם נאָמען ליטעראַטור, און אַז די העברעאישע שרייבער זיינען קיין שרייבער ניט אין מאָדערנעם אייראָפּייאישן זין. מיט דעם איז ער נאָך ניט יוצא געווען און האָט אויך פאַרמשפּט די העברייאישע שפּראַך אַלס לשון וואָס קען ניט האָבן קיין עתיד און וועלכע מוז אונטערגיין. בכן איז גאָר איבעריק צו לערנען און צו שרייבן און צו פאַרברענגען צייט אויף איר בכלל.

די דאָזיקע מיינונגען, וואָס קאָוונער האָט אַרויסגעזאָגט אין זיין מעמאָראַנדום צום ווילנער גענעראַל-גובערנאַטאָר, און וועלכע זיינען דאַן פאַרעפנטליכט געוואָרן אינם רעגירונגס-בלאַט „קיעווליאַנין", האָבן קעגן אים אַרויסגערופן אַ שטורם פון צאָרן און ערביטערונג ניט בלויז אין דער העברעאישער פּרעסע, נאָר אויך אין די יידישע געזעלשאַפטליכע קרייזן. פון אַלע זייטן האָט מען גענומען שיטן אויף קאָוונערן פעך און שוועבל. דאָס איז שוין מער ניט געווען קיין ליטעראַרישע פּאָלעמיק, נאָר גאַנץ ווייט אַרויס איבער אירע גרעניצן. די אָנפאַלן אויף קאָוונערן זיינען געוואָרן ריין פּערזענליכע. מ'האָט אים באַשולדיגט אין ניהיליזם (וואָס ס'איז דאַמאָלסט געווען זייער געפערליך) און אין אַלע „זיבן זינדן". ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מ'האָט קאָוונערס נאָמען געמאַכט פאַר אַ „שם-דבר", פאַר אַ סינאָנים פון אַלץ, וואָס ס'איז שענדליך און נידערטרעכטיג. דאָס האָט גורם געווען דערצו, אַז די עטליכע מעצענאַטן, וועלכע פלעגן געבן קאָוונערן אַ מאָנאַטליכע שטיצע, האָבן אים שוין אונטער דעם איינדרוק פון די פּאַמפלעטן מער צו זיך אויפן שוועל ניט אַרויפגעלאָזן. דאָס האָט קאָוונערן זייער אַנטמוטיגט און נידערגעשלאָגן. ער האָט געפּרובט

אויסגיסן זיין כעס אין ניפט־גע אַרטיקלען, אָבער קיינער האָט זיי שוין ניט געוואָלט דרוקן. נאָכדעם האָט ער פון די אַרטיקלען געמאַכט אַ באַזונדער ווערק, און איז געלאָפן אָפדרוקן עס אין אָדעס; דאָרטן האָט עס אָבער די צענזור ניט דערלויבט צום דרוקן. ערשט אין אַ היבשער צייט אַרום האָט זיך אים איינגעגעבן צו באַקומען אַן ערלויבעניש פון דער קיעווער צענזור. דאָס איז געווען זיין לעצטער העברעאישער וואָרט. פון דאַמאָלסט אָן האָט ער פאַרלאָרן יעדן חשק צו שרייבן העברעאיש. איינעם פון די דאַמאָלסטדיגע העברעאישע שריפטשטעלער, אויך אַ קריטיק, אָבער אַ פיל געלאַסענער פון אים, א ב ר ה ם י ע ק ב פ א פ י ר נ א, האָט קאָוונער אין מערערע יאָר אַרום דערציילט: „די שענדליכע, גראָבע זלזולים און זידלערייען, מיט וועלכע ס׳האָט זיך באַגעגנט די העברעאישע ליטעראַטור, האָט אין מיר דערוועקט פאַראַכטונג און שנאה צו איר און צו אירע פירערס... דערלערנענדיק גוט אייראָפּעאישע שפּראַכן האָב איך מיך איבערצייגט, ווי נידעריג ס׳איז דאָס ניוואָ פון דער העברעאישער ליטעראַטור. מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז צו באַשעפטיגן זיך מיט איר הייסט—אומזיסט צו צוצורייבן צייט און כחות, ווייל סיי ווי סיי איז זי פאַרמשפּט צום טויט. איך האָב מיך פון איר אָפּגעווענדט און געווידמעט אַלע מיינע קרעפטן דער רוסישער ליטעראַטור.

ב.

קאָוונער האָט פאַרלאָזן דעם אוניווערסיטעט און האָט זיך גענומען צו ליטעראַרישע טעטיקייט אין דער רוסישער שפּראַך. ער איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון די דרום׳דיגע צייטונגען, אין וועלכע ער האָט געשריבן פאַרשיידענע אַרטיקלען אויף יידישע טעמעס. ער האָט געשריבן וועגן די ערשטע רוסיש־יידישע שריפטשטעלער, וועגן דאָס לעבן אין מירער און וואָלאָזשינער ישיבות און איבער אַנדערע אַזעלכע ענינים. קריגנדיק אַ נאָמען פון אַ סאַלאָנטפולן פובליציסטען איז קאָוונער אַריבער וואוינען קיין פעטערבורג. דאָרטן איז ער געוואָרן אַ שטענדיגער מיטאַרבעטער אין

דעם גרויסן רוסישן ליבעראַלן טעגליכן בלאַט „גאָלאָס", אין וועלכן ער האָט געדרוקט אַרטיקלען און פעלעטאָנען וועגן רוסישע געזעלשאַפטליכע פראַגן. אין זיינע פעלעטאָנען, אין וועלכע ער האָט געקעמפט באַזונדערס קעגן די קאָנסערוואַטיווע שריפטשטעלער, און האָט פאָלעמיזירט אפילו מיטן גרויסן דאָסטאָיעווסקען אַליין, האָט קאָוונער אַרויסגעוויזן פיל געזונטן הומאָר, וועלכער האָט אין די לעזער-קרייזן געמאַכט אַ שטאַרקן אייַנדרוק. אין אַ צייט אַרום האָט קאָוונער אָנגעהויבן אָנצופאַלן אין זיינע אַרטיקלען און פעלעטאָנען אויף די קאָנצעסיאָנערן פון די אייַזענבאַנען, אויף די אַקציאָנערע געזעלשאַפטן און באַנקירן, וואָס לעדיגן אויס דורך זייערע אָפּעראַציעס די קעשענעס פונ'ם גרויסן תמ'עוואַטן „עולם-גולם". אויף די גרויסע פעטערבורגער געלט-אַריסטאָקראַטן און דער פלוטאָקראַטיע, באַזונדערס די יידישע, וועלכע האָט זיך אין איר שטעלונג קיינמאָל זיכער ניט געפילט, און האָט תמיד געוואָלט, אַז מ'זאָל וועגן איר וואָס ווייניקער ריידן, האָבן קאָוונערס אַרטיקלען אָנגעוואָרפן אַן אימה. קאָוונער האָט דערפון גאַנץ גוט געוואוסט און האָט עס געהאַלטן פאַר דער ערשטער נקמה אָן די יידישע „געלט-זעק", קעגן וועלכע ער האָט געטראָגן אין האַרצן אַ שטאַרקע שנאה אַביסל אונטער דעם אייַנפלוס פון די סאָציאַליסטיש-מאַטעריאַליסטישע אידייען, מיט וועלכע ס'איז געווען דורכגעדרונגען דער גרעסטער טייל פון דער דאַמאָלסטדיקער רוסישער ראַדיקאַלער ליטעראַטור, און אַביסל צוליב דעם, וואָס די קיעווער יידישע מעצענאַטן האָבן ביי אים אַמאָל זייער שטיצע צוגענומען און האָבן אים דורך דעם אוממעגלעך געמאַכט פאָרצוזעצן זיין שטודיום אין אוניווערסיטעט.

אין דער דאָזיקער טיפער פיינדשאַפט צו דער גרויסבורזשואַזיע בכלל און צו די יידישע קאַפּיטאַליסטן בפרט, דאַרף מען זוכן דעם שליסל צו יענער טראַגישער געשעהעניש, וועלכע האָט אין אַ קורצער צייט אַרום פּאַסירט מיט קאָוונערן, און וועלכע האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף זיין גאַנצן ווייטערדיקן לעבן. אין דער שפּיץ פון דער פעטערבורגער קרעדיט-און-דיסקאָנטאָ-באַנק איז דאַמאָלסט געשטאַנען דער באַוואוסטער יידישער גביר און כלל-טוער

אברהם זאַק. דער דאָזיקער זאַק, וועלכער איז געווען לויט זיין ערציאונג פון די אַלטע „משכילים", האָט געשמט אין זיין צייט פאַר אַ גרויסן מעצענאַט, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַ באַזונדער גרויסע התקרבות צו יידישע שריפטשטעלער. פאַר יידישע ליטעראַטן און קינסטלער איז תמיד געווען אָפן זיין הויז און זיין קעשענע. אַנדערע פון זיי האָבן ביי אים באַקומען שטעלעס אין זיינע גרויסע עסקים. אַזוי, למשל, האָט ער אַריינגענומען צו זיך אין באַנק דעם דענסטמאָל באַרימטן רוסיש־יידישן ראָמאַניסט באָגראָוו. דורך באָגראָווס רעקאָמענדאַציע האָט קאָוונער באַקומען אין דערזעלביקער באַנק אַ שטעל פון אַ קאָרעספּאָנדענט. אינגיכן זיינען די באַציאונגען צווישן קאָוונערן מיט זיין פרינציפּאַל געוואָרן זייער אָנגעשטריינגט. קאָוונער, וועלכער האָט זיך ביי זיך געהאַלטן זייער גרויס און איז געווען באַהערשט פון אַ גרויסער אייגנליבע, האָט זיך בשום אופן ניט געוואָלט אונטערגעבן דער שטרייַנגער דינסט־דיסציפּלין, און זאַק האָט מיט אים ניט געוואָלט מאַכן קיין אויסנאַם. ביסלאַכווייס האָט דער רייכער באַנקיר אָנגעהויבן צו קוקן אויפ'ן בעל־גאוה'דיקן ליטעראַטאָר פון אויבן אַראָפּ, און יענער האָט אָנגעהויבן צו קוקן מיט פאַראַכטונג און מיט האַס אויפ'ן שטאָלצן קאַפּיטאַליסט. קאָוונער האָט דערוואַרט, אַז ס'וועט לאַנג ניט געדויערן און זאַק וועט אים אָפּזאָגן פון שטעל. און דאָס האָט אים זייער באַאומרוהיגט, ווייל ער האָט דאַן געהאַט אַ כלה, אַ קרענקליכע דריי־און־צוואַנציג יעריגע מיידל, וועלכע האָט זיך באַנוציגט אין גרויס פלעגע. קאָוונער האָט איר וויפל מאָל געזאָגט, אַז ער וועט מיט איר חופּה האָבן נאָר נאָכדעם ווי זיין מאַטעריעלע לאַגע וועט זיין פאַרזיכערט און ער וועט זיין באַזאָרגט מיט חיונה. דער סכסוך מיט זאַקן האָט צושטערט אַלע זיינע פּלאַנען, און דאָס האָט אים נאָך מערער אויפגעבראַכט קעגן זיין פּרינציפּאַל, וועלכן ער האָט באַטראַכט פאַר דעם הויפּט־שטערער פון זיין פּערזענליכן גליק.

פון דאַן אָן האָט קאָוונער אָנגעהויבן צו זוכן פּלענער ווי אָפּצורוימען פון זיין וועג דעם דאָזיגן „הויפּט־שטערער". לסוף האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ העכסט לייכטזיניקן און פאַרברעכע־

רישן געדאַנק. ער האָט באַשלאָסן אָפּצוטאָן אַזאַ זאַך, דורך וועל־כער ער וועט זיך, ערשטנס, קענען נוקם זיין אָן דעם פון אים זייער געהאַסטן באַנק־דירעקטאָר, און וואָס וועט אים מיט דעם צוגלייך אויך פאַרהעלפן צו געבן די מעגלעכקייט זיין געליבטער צו קורירן זיך און זיך אין קיין זאַך ניט צו באַנויטיגן. ער האָט זיך צונויפגערעט מיט זיינעם אַ פעטער הערץ בויאַרין, וועלכער האָט געוואוינט אין ווילנע, און האָט נאָכגעמאַכט אַן אָרדער פון פעטערבורגער קרעדיט־און־דיסקאָנטאָ־באַנק פונם 25־טן אַפּריל 1875 אויף אַרויסצוגעבן פון מאָסקווער האַנדלס־באַנק הונדערט מיט אכט־און זעכציק טויזנט רובל. קאָוונער האָט אַזוי קונציק נאָכגע־מאַכט די חתימה פון באַנק־דירעקטאָר (פון זאַקן), דאָס מ׳האָט בשום אויפן ניט געקאָנט אונטערשיידן די פאַלשע אונטערשריפט וואָס אויפן אָרדער פון דער אמתער, ריכטיקער. מיט דעם דאָזיקן געפעלשטן דאָקומענט איז בויאַרין אַוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע, און האָט דאָרטן תיכּף באַקומען אַרויסגעצאָלט די גאַנצע סומע. זיין געליבטער האָט קאָוונער וועגן דעם גאַנצן פּלאַן גאָרנישט דערציילט; ער האָט איר נאָר געזאָגט, אַז אינגיכן וועט ער האָבן אַ גרויסן קאַפּיטאַל און וועט מיט איר חתונה האָבן; צוליב דעם וועט ער אָבער מוזן מיט איר אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. אויף דעם זאָל זי אים האָבן געענטפערט, אַז צוליב אים איז זי גרייט צו גיין אפילו אויף קאַטאָרגע, און ניט בלויז אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. קאָוונער איז מיט דער כּלה געקומען צו פאָרן קיין מאָסקווע. דאָרטן האָט ער געגעבן זיין פעטער 45,000 רובל מיט וועלכע יע־נער איז אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד. קאָוונער, פאַר וועלכן זיין פע־טער האָט געקראָגן אַ פּאַס אויפן נאָמען פון עמיצן ברוך סאָלאָ־ווייטשיק, איז תּיכּף אָפּגעפאָרן מיט זיין כּלה קיין מאָהליעוו. פון מאָסקווע האָט קאָוונער פאַר זיין נסיעה קיין מאָהליעוו אַריינגע־שיקט זאַקן זייער אַ באַלייגנדיקן בריוו. ווייל דער בריוו איז העכסט כאַראַקטעריסטיש פאַר קאָוונערן דעם „מענטשן״, גיבן מיר דאָ אים איבער ווערטלעך:

„איך האָב מיך נוקם געווען! איך האָב ניט פאַרלאַנגט צו שטעלן אייך בדלות, צו כאַכן אייך אומגליקלעך. מיר האָט זיך

נאָך שטאַרק געוואָלט [illegible] מאַכן אײַך צו שאַנד, צו דערנידעריקן אײַך, אָנצומאַכן אײַך פאַרדרוס—איך האָב דאָס פולקום דערגרייכט. איך וואָלט אײַך געקאָנט בײטן צו באַצאָלן די גאַנצע געלט=סומע, וואָס כ׳האָב אַוועקגערויבט: איר וואָלט זיך דאָך געחתמ׳ט אויף אַלץ, וואָס כ׳וואָלט אײַך נאָר אונטערגעטראָגן, אַזוי ווי איר האָט דאָס תמיד געטאָן; אָבער איצטער קענט איר זײַן רוהיג—אײַער קעשענע האָב איך ניט אָנגערירט, פאַר מײַן זינד וועלן באַצאָלן אַנדערע, צו אײַך האָט דאָס ניט, ניט איר האָט אונטערגעשריבן דעם דאָקומענט... איז אײַך שוין אָבער דורכדעם גרינגער? כ׳בין מסופק! איצטער וועל איך אײַך דערקלערן דעם טעם, וועלכער האָט מיר דערוועקט אויסצופירן מײַן פאַרברעך. שולדיק אין דעם זײַט נאָר איר אַליין, און קיין אַנדערער! פון דער נאַטור בין איך אן ערליכער מאַן,—כ׳האָב אויף מײַן לעבן ניט געטאָן [illegible] זאַך, וואָס איז ענליך צו אַ פאַרברעך. זיך דערנידערנדיק אויף אַזוי פיל צו בעטן בײַ אײַך אַ שטעל, האָב איך געמיינט, אַז איר וועט פאַרשטיין דעם אונטערשייד צווישן אַ פּראָסטן אָנגעשטעלטן, וואָס אַ חוץ זײַן פולטל האָט ער אין קיין זאַך קיין באַגריף ניט, און צווישן אַ מענטשן, וועלכער שטייט אויף דער הויך פון דער אײַראָפּעאישער בילדונג, ווי איך. איר האָט דאָס אָבער ניט גענומען אין אַכט, און איך בין געוואָרן אײַער ערגסטער פּערזענליכער פײַנד. איך האָב אײַך ניט געקענט מוחל זײַן דאָס, וואָס איר האָט מיר באַשטימט אַזאַ קליינליכן געהאַלט, בעת איר האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז איך האָב אַ פאַמיליע און אָרימע עלטערן. כ׳האָב אײַך ניט געקענט מוחל זײַן פאַר דעם, וואָס איר האָט מיר באַלוינט אויף איין אופן מיט קליינע אומוויסנדיקע עם=הארציש׳ע אינגלעך, וואָס איר האָט מיר ניט באַשאָנקען מיט אײַער אויפמערקזאַמקייט, און איך האָב גענומען טראַכטן וועגן נקמה... איך האָב באַשלאָסן מיך נוקם צו זײַן אָן אײַך, און האָב מיך נוקם געווען! איר וועט איצטער ווערן צו שפּאָט, און איך בין אויפן זיבעטן הימעל, ווײַל ווען איך זע, אַז אַזאַ נבזיקער עגאָאיסט, אַז אַזאַ האַרט=האַרציגער, כבוד=דאָרשטיגער און אומוויסנדיקער, אַז אַזאַ אָפּגעריסענער פון דער נאַציאָנאַליטעט און פון

דער מענשהייט, אַזאַ האַלב-משוגענער זשידעק ווי איר זייט איז געוואָרן צו שאַנד און אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן פון זיין זיך אײַנגעשמועסטער הויך,—איז דאָס אַ גרויסער יום-טוב פאַר פיל ריכטיק-דענקנדיקע מענשן. איך וואָלט געקענט איבערדרייען אויפן אַנדער זייט אַייער קליין נשמהלע און אַנטפּלעקן איר נאַקעטקייט פאַר אַייערע אויגן; איך וואָלט אַייך געקענט אָפּמאָלן דעם אמתן בילד פון אַייער גאַנצן לעכערליכן וועזן מיט אַלע אַייערע פאַרדאָרבענע און נידערטרעכטיגע אינסטינקטן, דאָס איז אָבער ניט ווערט קיין מי. איך וויל נאָר מוסיף זיין, אַז אַלע פון אַייער סביבה זיינען ליגנער—אַלע פאַראַכטן אַייך ווי איך און לאַכן אַייך אויס הינטער אַייערע פּלייצעס. זיי צווינגען אַייך צו טאַנצן נאָך זייער פּייפל, זיי מאַכן אַייך צום נאַרן, און ווייסן אַייער ריכטיגן ווערט... צום סוף נאָך אַ וואָרט. האָפּט ניט, אַז איך וועל אַריינפאַלן; וועט זיך מיר יאָ אַיינגעבן אָדער ניט אַיינגעבן אַריבערצוכאַפּן זיך קיין אַמעריקע, אָבער קיין לעבעדיקער אין די הענט וועל איך מיך קיינמאָל ניט איבערגעבן. אַלנפאַלס וועט איר קיין גוטס ניט געניסן. דער אַייך פאַראַכטנדיקער א. קאָוונער”.

אויפן וועג קיין מאָהילעוו האָט קאָוונער חופּה געהאַט מיט זיין געליבטער. די חופּה איז פאָרגעקומען אויף אַ זייער אָריגינעלן אופן. אויף דער סטאַנציע „קראַסנאַיאַ” איז קאָוונער אַרויס פון וואַגאָן, האָט צוזאַמענגעקליבן פון די פּאַסאַזשירן און פון דער פּובליקע, וואָס האָט זיך געפינען אויפן וואָקזאַל, אַ מנין יידן, און האָט אויפן פּלאַך-פאָרם מקדש געווען זיין כלה, נאָכדעם האָבן זיי זיך ביידע צוריקאַריינגעזעצט אין וואַגאָן, און אַוועקגעפאָרן ווייטער.

אין מאָהילעוו האָט קאָוונער געקויפט באַנק-בילעטן [illegible] צען טויזנט רובל און האָט זיי אָפּגעגעבן דער פרוי זי זאָל עס האַלטן ביי זיך, זאָגנדיג דערביי: „נאַ דיר און היט; ווער ווייס, וואָס ס'קען זיך נאָך מיט מיר פּאַסירן”. און אַזוי ווי דאָס האַרץ וואָלט אים געזאָגט. די דאָזיגע קניה האָט קאָוונערן אומגליקלעך געמאַכט. דער נאַטשאַלניק פון דער פּעטערבורגער געהיים-פּאָליציי האָט אינם זעלביקן טאָג באַקומען אַ ידיעה, דאָס אין מאָהילעוו

האָט אַן אומבאַוואוסטע פּערזאָן, וועלכע זאָל הייסן ברוך סאָלאָ־וויטשיק, איינגעקויפט באַנק־בילעטן אויף אַ היבשע סומע, און איז נאָכדעם אַרויסגעפאָרן קיין קיעוו. תיכף האָט מען וועגן דעם מודיע געווען קיין קיעוו, און דעם 8־טן מאַי זיינען געריכטס־באַאַמטע געקומען אין דעם האָטעל, וואו קאָוונער האָט זיך אָפּ־געשטעלט. אָנפאַנגס האָט זיך קאָוונער געלייקנט, אָבער נאָכדעם, נאָך אַ געוויסער וואַקלעניש, האָט ער זיך גענומען בעטן ביים אויספאָרשער, אַז ער זאָל שוינען די פרוי, וואָס איז מיט אים געקומען. דערנאָך האָט ער זיך מודה געווען, אַז ער הייסט קאָוו־נער, און אַז ער האָט דאָס געלט ביי זיך. אין אַ ווײַלע אַרום איז ער צוגעגאַנגען צום בעט, האָט זיך אַײַנגעבויגן, און אַרויס־געכאַפּט אַ רעוואָלווער און אין זיך דריי מאָל אויסגעשאָסן. מיט איין שאָס האָט ער זיך פאַרוואונדעט דעם קאָפּ. בשעת מ׳האָט קאָוונערן אַרײַנגעלייגט אין בעט און געשיקט רופן אַ דאָקטאָר, האָט ער געזאָגט:

— האָט אויף איר רחמנות, זי איז אין קיין זאַך ניט שול־דיק. איך האָב איר אומגליקלעך געמאַכט, איך אַליין בין שולדיק... וואָס פאַר אַ פאַרדרוס! דריי שאָסן און קיין איינער איז ניט געווען קיין געלונגענער. איך וויל ניט לעבן, און קען ניט לעבן! האָט רחמנות אויף איר!".

ג.

די דאָזיקע געשעעניש מיט קאָוונערן האָט אין איר צייט אַרויסגערופן אַ גרויסע סענסאַציע, וועגן וועלכע מ׳האָט פיל גע־רעדט צווישן עולם און אויך אין די צייטונגען. די אַנטיסעמיטישע פרעסע האָט געפונען אַן אָרט אויפצוווייזן כלומרשט, אַז אַפילו די געלערנטע יידן זיינען באַטריגער און דערפון איז אַ ראיה, דאָס ניט דורך בילדונג, ווי מען מיינט, וועלן קענען אויסגעוואָרצלט ווערן די פאַרברעכערישע נטיות פונם יידישן פאָלק. דער רעדאַק־טאָר פון דעם פּראָגרעסיוון "גאָלאָס", וואָס קאָוונער איז די גאַנ־צע צייט געווען פון זיינע שטענדיקע מיטאַרבעטער, האָט געמאַכט

דעם אָנשטעל אַזוי ווי ער קען אים גאָר ניט און האָט מיט אים קיינמאָל ניט געהאַט צו טאָן. די העברעאישע פּרעסע האָט ניט געקענט, צי גאָר אפשר לכתחילה ניט געוואָלט, פאַרבאָרגן איר פרייד אויף קאָוונערס מפּלה, און האָט זיך געסטאַרעט צו דרינגען, אַז אין זיינע ערשטע קריטישע אַרטיקלען האָבן זיך שוין גאַנץ בולט אַרויסגעוויזן סימפּטאָמען פון אַ פאַרברעכערישן אינסטינקט.

דעם 4=טן סעפּטעמבער 1875 איז אין מאָסקווער קרייז=געריכט פאָרגעקומען קאָוונערס משפּט. צו הערן דעם פּראָצעס איז געקומען כמעט דאָס גאַנצע יידישע מאָסקווע. דער פאַרטיידיקער פון קאָוונערן מיט זיין פרוי איז געווען דער געשוואָרענער אַדוואָקאַט ל. קופּערניק; אַלס אָנקלאָגער איז אַרויס דער געהילפס=פּראָקוראָר מוראַוויאָוו (דער שפּעטערדיקער יוסטיץ=מיניסטער). קאָוונער האָט זיך געהאַלטן אין געריכט זייער אָנשטענדיק און רואיק. ער האָט דערציילט וועגן די צרות, וועלכע ער איז אויסגעשטאַנען אין דער יוגנט און מיט וואָס פאַר אַ מאַטערנישן ער האָט זיך דערשלאָגן צו אייראָפּייאישער בילדונג. נאָכהער האָט ער דערקלערט, אַז ער האָט זיך באַשלאָסן צו זיין פאַרברעכן צוליב די פאָלגענדע טעמים: 1) ווייל ער האָט געוואָלט זיין אַ זעלבסטשטענדיגער און אַ פרייער מענטש, וואָס ס'קען לויט זיין מיינונג, דערגרייכט ווערן נאָר דורך געלט; 2) ווייל ער האָט זיך געוואָלט נוקם זיין אָן דעם באַנק=דירעקטאָר זאַק פאַר זיין גראָבן באַגיין זיך מיט אים און פאַר זיין אָפענער פיינדליכער באַציאונג; 3) אויס ליבע צו דער אָרימער, קראַנקער און ערליכער פריילין סאָפיע קאַנגיסער, און צוליב זיין פאַרלאַנג גליקלעך צו מאַכן איר, צו פאַרשאַפן איר, אַלס זיין פרוי, אַ באַקוועמליך לעבן און געבן איר די מעגליכקייט צו קורירן זיך אין אויסלאַנד; 4) ווייל ער האָט געוואָלט פאַרזאָרגן זיינע אָרימע עלטערן און זיין קינד פון דער ערשטער אָפּגע'גט'ער פרוי, און 5) ווייל ער האָט געוואָלט אויסנוצן דאָס געלט, וואָס ער האָט באַקומען דורך אַ פאַרברעך, אויף אַ בעסערן אופן איידער די מאָסקווער האַנדלס=באַנק, וועלכע נעמט פאַר איר גרינדונגס=קאַפּיטאַל אומגעהייער גרויסע פּראָצענטן, און וואָס לויט זיין מיינונג האָט פאַר איר אַזאַ סומע קיין שום ווערט ניט.

דער אָנקלאָגער מוראַוויאָוו האָט געפונען פאַר נויטיג באַ־קאַנט צו מאַכן זיך פריער מיט קאָוונערס ליטעראַרישער טעטיג־קייט, און האָט צוליב דעם אַרויסגעפּאָדערט פון דער רעדאַקציע פון „גאָלאָס” אַלע זיינע פעליעטאָנען. אין זיין באַשולדיגונגס־רעדע האָט מוראַוויאָוו אַרויסגעזאָגט, אַז די הייכע בילדונגס־מדרגה פון דעם אָנגעקלאָגטן און זיין גרויסער שריפטשטעלערישער טאַלענט מאַכן נאָך זיין פאַרברעך פיל שווערער און באַדייטנדיקער, און דעריבער פאַרדינט ער די העכסטע שטראָף.

— נעמט אייך אין אַכט, איר הערן געשוואָרענע—האָט אויסגערופן מוראַוויאָוו—אַז דער דאָזיקער מאַן האָט אונז געלערנט אין זיינע צייטונגס־און זשורנאַלן־אַרטיקלען יענע פאָדערונגען פון דעם געזעלשאַפטלעכן געוויסן, וועלכע ער אַליין האָט אויף אַזאַ פאַרברעכערשין אויפן געטראָסן מיט די פיס. אָרימעס, געדרוקטעס וואָרט!”

לויט דעם פסק־דין פון די געשוואָרענע ריכטער איז קאָוו־נערס פרוי דערקלערט געוואָרן פאַר אומשולדיק, און קאָוונער, וועלכער איז אָנערקענט געוואָרן פאַר שולדיג אין אַלע פונקטן פון דעם אָנקלאָג, נאָר ראוי צו אַ קליינער באַגנעדיגונג, איז פאַר־משפט געוואָרן פאַרשיקט צו ווערן אויף פיר יאָר אין אַרעסטאַנטן־ראָטע פאַרלירנדיק דערביי אַלע זיינע באַזונדערע פערזענלי־כע רעכט.

נאָכדעם ווי קאָוונער איז אָפּגעקומען זיינע פיר שטראָף־יאָר אין אַרעסטאַנטן־ראָטע, האָט ער, כּדי האָבן די מעגלעכ־קייט פריי אויסצוקלייבן זיך אַן אָרט וואו צו באַזעצן זיך, געדאַרפט באַקומען פון דער מאַליאַטער קהלה, אין וועלכער ער איז געווען אַ נכתב, דעם הסכם צוריק פון איר אָנגענומען צו ווערן. די קהלה האָט אָבער קאָוונערן אין דעם אָפּגעזאָגט, און דעריבער האָט מען אים פאַרשיקט קיין סיביר.

דער דאָזיקער אָפּזאָג פון דער מאַליאַטער קהלה און אַלע זיינע פריערדיקע שווערע איבערלעבענישן האָבן אין קאָוונערן דערוועקט אַ האַס צו יידן און צו יידישקייט. ער האָט זיך באַט־ראַכט ווי אַן אומזיסטן נרדף פונם אייגענעם פאָלק, וועלכן ער־

האָט קיינמאָל קיין שלעכטס ניט געטאָן, וועמעס ליטעראַטור ער האָט באַארבעט און וועמען ער האָט זיך געשטרעבט צו געבן אַ אייראָפּייאיש מאָדערנע הדרכה. פון טאָג צו טאָג האָבן די פּעדים, וואָס פאַרבינדן אים צום יידישן פאָלק אָנגעהויבן צו ווערן וואָס שוואַכער און שוואַכער. ס'האָט לאנג ניט געדויערט, און זיי זיי־נען איבערגעריסן געוואָרן לגמרי און אויף אייביג.

ד.

אין סיביר איז קאָוונערן אַוועקגעגאַנגען זייער שלעכט. ער האָט פאַרזייך ניט געפונען קיין אַרבעט און האָט ניט געהאַט פון וואַנען צו לעבן. מיט יידן האָט ער ניט פאַרקערט, און האָט זיך געהאַלטן פון זיי גאַנץ ווייט. ס'איז אים אויסגעקומען, ממש צו גיין „פון בריק און אין וואַסער". ער האָט זיך דאַן דערמאָנט אָן זיין אַמאָליגן אָנקלאָגער, אָן מוראַוויאָוון, וועלכער האָט אַזוי גע־לויבט זיין ליטעראַרישן טאַלענט, און האָט זיך געווענדט צו אים מיט אַ בקשה וועגן שטיצע. מוראַוויאָוו האָט זיך תיכף אָפּגערופן אויף קאָוונערס בקשה און האָט אים אַרויסגעשיקט אַ געוויסע געלט־סומע. דערביי האָט ער אים אין אַ בריוו געגעבן אָנצוהע־רעניש, אַז ס'וואָלט פאַר אים פיל גלייכער געווען ווען ער זאָל זיך שמד'ן. מוראַוויאָווס עצה האָט געהאַט אַ ווירקונג: קאָוונער האָט תיכף געכאַפּט און האָט זיך אָפּגעשמדט. דאַן האָט מוראַוויאָוו אויסגעווירקט פאַר קאָוונערן די ערלויבניש צוריקצוקערן זיך קיין רוסלאַנד, וואו ער האָט אים אויך אַרויסגעוויזן גרויס התקרבות און האָט אים ניט אויפגעהערט צו שטיצן.

אין רוסלאַנד האָט זיך קאָוונער ווידער גענומען צו זיין איבערגעריסענער ליטעראַרישער טעטיקייט, אָבער שוין ניט מיט דעם זעלביקן ערפאָלג וואָס פריער. אַלס פּובליציסט און קריטיק האָט ער זיך שוין מער באַזונדערס ניט אויסגעצייכנט. אין ווינציק פּאָפּולערע צייטונגען און אונטער פאַרשיידענע פּסעוודאָנימען האָט ער אָנגעהויבן צו דרוקן ראָמאַנען, נאָוועלן און סקיצן. אין איינער פון זיינע ראָמאַנען אונטערן נאָמען „אַרום דער גאָלדענער קאַלב",

האָט קאָוונער אָפּגעמאָלט אין זייער שוואַרצע פאַרבן דעם פון אים געהאַסטן באַנק־דירעקטאָר זאַק. זיין ליטעראַרישע אַרבעט האָט אים אָבער ניט געקלעקט אויף אַלע זיינע באַדערפעניששן און אָנצוגעמען אַ שטעלע פון מוראַוויאָוון האָט ער שוין מער ניט געוואָלט, און דעריבער האָט ער באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פעטער־בורג און צו באַזעצן זיך ערגעץ־וואו אין דער פּראָווינץ. ער איז דאַן אָפּגעפאָרן קיין קיעוו. ניט דערשלאָגנדיק זיך דאָרטן צו קיין צוועק, איז ער אַריבער קיין אַדעס. אין קיעוו האָט קאָוונער אָנגעהויבן ווידער צו פאַרקערן מיט יידן. צווישן אַנדערע האָט ער זיך דאָרטן באַקאַנט געמאַכט אויך מיט דעם באַוואוסטן העברעאישן שריפטשטעלער אליעזר שולמאַן, וועלכער האָט אים געגעבן אַ רעקאָמענדאַציע צו אחד־העם׳ן קיין אָדעס. אין אַ פּריוואַט־בריוו צו אַ פריינד האָט אחד־העם נאָכהער איבערגעגעבן וועגן קאָוונערס וויזיט ביי אים די פאָלגענדע פּרטים: „ווי ס׳האָט אויסגעוויזן איז קאָוונער צו מיר געקומען ניט אַלס צו אַ יידישן שריפטשטעלער, נאָר ווי צו אַן אָדעסער תושב מיט דער האָפע־נונג, אַז איך וועל אים קענען געבן אַ פּראָטעקציע... ער האָט ביי מיר פאַרבראַכט אַ שעה אַן ערך, מיר האָבן געשמועסט וועגן ליטעראַרישע ענינים, און אויב איך האָב קיין טעות ניט, האָט קאָוונער ביי מיר געבעטן, כ׳זאָל אים געבן אַ ביכל „השלח״.

אין אַדעס האָט אָבער קאָוונער אויך גאָרנישט געמאַכט, און ער האָט זיך ווייטער געמוזט וועגדן נאָך הילף צו מוראַוויאָוון. מוראַוויאָוו האָט אויך דעם מאָל ממלא געווען זיין רצון, האָט זיך משתדל געווען און געקראָגן פאַר אים אַ שטעל אַלס באַאַמטער פון דער קאָנטראָל־פּאַלאַטע אין לאָמזשע.

אין לאָמזשע, פירנדיק אַ באַקוועמעס לעבן און אָנשטויסנדיק זיך מיט יידן אויף יעדער שריט און טריט, האָט אין קאָוונער׳ן, פון אָנפאַנג גאַנץ אומבאַוואוסטזיניג פאַר זיך אַליין, אָנגעהויבן צוריק אויפצופלאַקערן דאָס געוועסט גאַנץ אויסגעלאָשענע פּינטעלע ייד. ער האָט זיך גענומען אינטערעסירן מיט יידן און מיטן יידישן

מצב. אין יענער צייט האָט ער פאַרעפענטליכט אין דעם באַוואוסטן רוסישן זורנאַל „איסטאָריטשעסקי וויעסטניק" אַן אַרטיקל מיטן נאָמען „זאַפּיסקי יעווריעיאַ" (שריפטן פון אַ יידן), אין וועלכן ער דערציילט זיין אַווטאָביאָגראַפיע. לייענענדיק דעם דאָזיקן אַרטיקל ווילט זיך גאָר ניט גלויבן, אַז דאָס האָט געשריבן אַ משומד, וועלכער האָט נאָך דאָ גאָר ניט לאַנג געגאָסן אין „גאָלאָס" פעך און שוועבל אויף יידן און אויף יידישקייט. דער אַרטיקל איז דורכגעדרונגען מיט אַ טיפער ליבע צום יידישן פאָלק און מיט אַ גרויסער פאַרשטענדניש פאַר דעם אַלטן פאַטריאַרכאַלישן לעבנס־שטייגער. ער איז גאָר פאַרבליבן דער זעלביקער אַמאָליקער שאַרפער קעגנער פון תלמוד.

פאָרנדיק גאַנץ אָפט אין די אָנגעלעגנהייטן פון זיין שטעל קיין פלאָצק, האָט זיך קאָוונער אַמאָל דערוואוסט, אַז דאָרטן וואוינט זיין אַלטער חבר דער העבראַאישער שריפטשטעלער א ב ר ה ם י ע ק ב פ אַ פ י ר נ א, און ער איז אים געגאַנגען באַזוכן. וועגן דעם דאָזיקן באַזוך גיט איבער פאַפּירנא אין זיינע זכרונות די פאָלגענדע זייער אינטערסאַנטע פּרטים, וועלכע זיינען דערצו העכסט כאַראַקטעריסטיש פאַר די דאַמאָלסדיגע איבערלעבענישן פון קאָוונערס נשמה:

„איך האָב פאַר זיך דערזען — דערציילט פאַפּירנא — אַן עכטן „טשינאָווניק" לויט זיין אוניפאָרם און אויסזעהען, לויט זיינע רייד און זיינע באַוועגונגען. קיין שום סימן פון פון אַ יידישן פּרצוף.

איך האָב אים געזאָגט, אַז איך שעץ זייער זיין אַמאָליגע טעטיגקייט אין דער העברעאישער ליטעראַטור. אַלס צייכן האָב איך אים באַוויזן זיינע בריוו, וואָס ליגן ביי מיר אָפּגעהיט. ער האָט זיי באַטראַכט און געזאָגט:

— איך קען זיי שוין, ליידער, מער ניט לייענען. אָבער אַנטלייט זיי מיר; איך וועל זיי מיטנעמען צו זיך אַ היים, און דאָרטן וועל איך מיר סטאַרן צו געפינען צו זיי אַ שליסל. אפשר קענט איר מיר אַנטלייען אויך מיינע ביידע העברעאישע ווערק?

ס׳איז מיר זייער אינטערעסאַנט צו זען ווי איך האָב געדענקט אין מיין יוגנט.

— כ׳האָב מיר זייער פאַרוואונדערט—דערציילט ווייטער פאַפירנאָ—און האָב אים געזאָגט וואָס איך האָב אַ מאָל אין דער יוגנט געהערט וועגן איינעם אַן אהרן וואָלפסאָן, אַ באַקאַנטער קאָמענטאַטאָר, וואָס זיינע באורים אויף תּ״נך האָבן זיך געדרוקט אין אויסלאַנד און אין ווילנע, אַז צו דער עלטער האָט ער אויף אַזוי פיל פאַרגעסן לערנען, דאָס ער האָט ניט געקאָנט לייענען זיינע אייגענע ספרים. איך האָב דאַן ניט געגלויבט, אַז דאָס זאָל זיין מעגלעך. ערשט איצטער זע איך דאָס בעשיינפערלעך.

— ס׳איז גאָר ניט קיין וואונדער—האָט קאָוונער געענטפערט—שוין צוויי און דרייסיג יאָר ווי איך האָב ניט געזען אין די אויגן קיין יידישן בוכשטאַב. אַלץ האָט זיין גרעניץ, און אויך דער כח־הזכרון.

— איך רעד דאָ ניט וועגן די גרעניצן פון כח־הזכרון. איך פאַרשטיי אָבער ניט ווי איז דאָס מעגליך אַזאַ מענטשן ווי איר ניט אָנצוקוקן אַזאַ לאַנגע צייט קיין העברעאישן אות? ווי האָט איר זיך דאָס געקענט אויף אַזוי פיל אָפרייסן זיך פון דער ליטעראַטור, וואָס איר האָט זיך אַזוי פיל מיט איר באַשעפטיקט, וואָס איר האָט אַזוי פיל געדאגהט אויסצובעסערן און אַוועקצושטעלן איר אויף דער געהעריקער הויך, וואָס איר האָט אַזוי פיל פאַר איר געליטן און געקעמפט?

— אַלץ מאַכט די צייט, דער צופאַל און די סביבה. די איינדרוקן, וואָס זיינען ביי מיר פאַרבליבן פון עלטערן־הויז און פון מיין פאַמיליע זיינען ניט געוועזן פון די בעסטע. די פרוי, וואָס מיינע עלטערן האָבן מיר געגעבן, האָב איך פיינט געהאַט; איך האָב געהאַסט אויך דאָס יינגל, וועלכן זי האָט מיר געבוירן*).

---

*) אין זיין אויבנדערמאָנטער אבטאָביאָגראַפיע, וועלכע איז געווען געדרוקט אין „היסטאָרישעסקי וועסטניק״ האָט קאָוונער איבערגעגעבן גראָד פאַרקערט: אַז ער האָט צו .זיין יונגער פרוי גאָרניט געהאַט און אז פון זיין קינד איז אים שווער געווען צו שיידן זיך.

קיין פריינד האָב איך מיר ניט דערוואָרבן ניט אין ווילנע, ניט אין קיעוו און ניט אין אדעס אפילו צווישן מיינע אידייען־חברים. פון דער נאַטור בין איך ניט געווען אַ מענטש, וואָס זוכט נאָך פריינד. די זלזולים און די זידלערייען, וועלכע מ'האָט אויף מיר גע־שאָטן אין דער העברעאישער ליטעראַטור, האָבן אין מיר דערוועקט פאַראַכטונג און שנאה צו איר און צו די, וואָס שטייען אין איר שפיץ. אַ חוץ דעם האָב איך מיך, דערלערנדיג אייראָפּייאישע שפראַכן, איבערצייגט ווי נידעריג עס שטייט די העברעאישע לי־טעראַטור. איך האָב זיך אַרומגעזען, אַז באַשעפטיקן זיך מיט העב־רעאיש איז דאָס נאָר אומזיסט אויסגעבראַכט צייט און קרעפטן, וואָרום אויף אַלע אופנים מוז די שפּראַך אונטערגיין. איך האָב זיך דאַן פון איר אָפּגעזאָגט און האָב זיך געווידמעט אינגאַנצן דער רוסישער ליטעראַטור, וועלכע האָט מיר באַלד געבראַכט פיל נוצן. איך האָב באַקומען ליטעראַרישע אַרבעט אין דעם דאַמאָלסט־דיקן גרעסטן רוסישן בלאַט, אין „גאָלאָס". איר האָט געלייענט מיי־נע אַרטיקלען אין „גאָלאָס"?

— איך האָב געלייענט, און מוז אַליין זאָגן דעם אמת, אַז פון דענסטמאָלט אָן האָב איך זיך פון אייך גאַנץ מיאוס געוועןן. צו מיין שאַנד האָב איך זיך איבערצייגט, אַז גאָטלאָבער און זיינע חברים האָבן געהאַט אַ שאַרפערן חוש־הריח פאַר מיר.

— לאָמיר וועגן דעם ניט ריידן. איך וויל נאָר זאָגן, אַז פון יעמאָלט אָן האָב איך זיך באַטראַכט אַלס פאַרשטויסענער און אָפּגעריסענער פונם יידישן כלל. דורך מיין יענער ליטעראַרישער טעטיגקייט האָב איך אַליין הינטער מיר צעשטערט אַלע בריקן... נאָכדעם איז געקומען מיין פּראָצעס... האָט איר עפּעס וועגן אים געהערט?

— כ'האָב געהערט; כ'האָב אַלץ געלייענט.

— אין די יאָרן פון מיין פאַרשיקונג האָב איך פיל געליטן און כ'וואָלט געוויס געליטן ביז מיין לעצטן טאָג, ווען איך וואָלט ניט געפונען פאַר זיך קיין „מלאך־הגואל". און דער דאָזיגער „מלאך־הגואל" איז געווען גראָד יענער מענטש, וועלכן איך האָב געהאַלטן פאַר מיין „מלאך־המות". איר וועט גלויבן? דער מיניסטער מוראַוו־

יאָוו אַליין—אָט ד ע ר מוראַוויאָוו, וואָס אין דער צייט פון מיין פראָצעס האָט ער מיר אַלס פּראָקוראָר געטאָן די גרעסטע רעות, אָט ד ע ר צורר־היהודים! די מעשה איז אַזוי געווען: כּדי מיך צו פאַרשטיין פּסיכאָלאָגיש האָט ער איבערגעלייענט, און קענטיג מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, אַלע מיינע רוסישע אַרטיקלען, און אין זיין רעדע, אין וועלכער ער האָט אויף מיר געגאָסן פייער, האָט ער אָנגעוויזן אויף מיינע גרויסע פעהיקייטן, אויף מיין גייסטיגער אַנטוויקלונג און מיין ערודיציע, כּדי גרעסער צו מאַכן דורך מיינע דאָזיגע מעלות מיין פאַרברעך און ממילא אויך מיין שטראָף. איך בין אַרויס פון געריכט מיט אַ צעווייטאָקט האַרץ, כ׳בין אַוועק אין גלות... נאָר איין אָנגענעמער געפיל איז ביי מיר דאַן פאַרבליבן. איך האָב געזען און האָב זיך איבערצייגט, אַז דער דאָזיגער הויכגעשטעלטער מאַן מוראַוויאָוו, האַלט פיל פון מיין ליטעראַרישן טאַלענט, און איז אַ הייסער חסיד פון מיינע אַרטיקלען...

— אפשר ווייל זיי זיינען דורכדרונגען מיט אַ גרויסער שנאה צו יידן?—האָב איך געפרעגט.

— דאָס קען אויך זיין—האָט ער געענטפערט נאָך אַ קליינער פויזע—ווי ס׳זאָל ניט זיין איז דאָס דאָזיגע באַוואוסטזיין געווען מיין איינציגע טרייסט אין מיין פיין. ווען מיר איז שלעכט געוואָרן אין דער פאַרשיקונג, האָב איך מיך צו אים געווענדט אום הילף, און ער האָט זיך תיכף אָפּגערופן און האָט מיר געשטיצט. ביסלאַכווייז האָט ער דערלייכטערט מיין לאַגע, האָט אָפּגעקירצט די צייט פון מיין שטראָף. נאַכהער, אַז איך האָב זיך געשמד׳ט, האָט ער מיר אינגאַנצן באַפרייט. אין אַ געוויסער צייט אַרום האָב איך אַ דאַנק זיין השתדלות באַקומען אַ הייכע שטעל, אויף וועלכער איך געפין זיך ביז היינטיגן טאָג. נעמענדיק אין אַכט אַז איך בין געווען אַ מענטש אָן אַ באַשטימטן בילדונגס־צענז און מיט אַזאַ באַשמוצטן נאָמען, וועט איר פאַרשטיין וויפל דער מענטש האָט פאַר מיר געטאָן. אַזאַ זאַך איז געווען מעגליך נאָר מוראַוויאָוון. מוראַוויאָוו—דאָס איז אַ קראַפט!

— און די דאָזיגע ק ר אַ פ ט—האָב איך מיך אָפּגערופן—דריקט און שטיקט אונזערע ברידער צוזאַמען מיט די אַנדערע

קרעפטן. ווייסט איר דאָס? ווייסט איר בכלל דאָס, וואָס ס'האָט
פּאַסירט מיט אונזער פאָלק אין די לעצטע צענדליקער יאָרן נאָכ=
דעם ווי איר זייט פון אים אַוועק? האָט איר זיך מיט דעם אינ=
טערעסירט?

— איך ווייס, אוי ווייס איך! איז דען גאָר מעגליך ניט צו
וויסן און ניט צו אינטערעסירן זיך? איך האָב משער געווען, אַז
איר וועט דאָס מיר פרעגן, און אַלס ענטפער אויף דער דאָזיגער
פראגע האָב איך אַייך געבראַכט דעם מעמאָראַנדום, וועלכן איך
האָב דעם יאָר אַריינגעשיקט מוראַוויאָוון וועגן דער „יידן=פראַגע".

דערביי האָט קאָוונער אַרויסגענומען פון זיין פּאַלטאָ אַהעפט
פון אַ פיר דרוק=בויגן געשריבן אויף אַ שרייב=מאַשין, און האָט
זיך ביי מיר דערלויבט פאָרצולייענען עס פאַר מיר.

דאָס לייענען האָט געדויערט ביי אַ גאַנצע שעה. דער מע=
מאָראַנדום איז געווען געשריבן מיט גרויס טאַלענט, לאָגיש גוט
באַגרינדעט און מיט אַ גרויסער בקיאות אין דער יידישער לאַגע.
ער האָט געלייענט דעם מעמאָראַנדום מיט גרויס געפיל. איך האָב
געפילט, אַז זיינע ווערטער גייען אַרויס פון אַ וואַרים, ליבנדיק
און צעווייטֶקט הארץ. בשעת'ן לייענען איז ער דערהויבן געוואָרן
אין מיינע אויגן, און איך האָב כמעט פאַרגעסן אין יענער ווײַלע
אַז עס זיצט פאַר מיר אַ משומד, אַ מסור און אַ אָפּטריניגער פון
זיין פאָלק.

איך האָב אים אויסגעדריקט מיין צופרידנקייט מיט זיין מע=
מאָראַנדום און מיט זיינע גוטע געפילן צו אונזער פאָלק. איך האָב
אים באַקאַנט געמאַכט מיט די גרויסע שריט, וואָס יידן האָבן אין
פאַרלויף פון די לעצטע יאָרן געמאַכט אין בילדונג, און האָב אים
דערציילט וועגן די גרויסע באַוועגונגען, וועלכע זיינען ביי אונז
אַנטשטאַנען. איך האָב גערעדט וועגן נאַציאָנאַליזם, ציוניזם און
באַזונדערס וועגן דער העברעאישער ליטעראַטור. איך האָב בעזאָגט,
אַז פון די פעלערן, וועלכע מיר האָבן אין איר אַמאָל געפונען,
האָט זי זיך שוין איצט באַפרייט. זי האָט זיך פאַרבעסערט אין
איר אינהאַלט און אויך אין איר פאָרם; די שפראַך האָט זיך באַ=
רייכערט אין נייע ווערטער און אויסדריקן און איז געוואָרן אַ לע=

בעדיקע שפראַך. עס גייען ביי אונז אַרויס סעגליכע בלעטער און חדש־זשורנאַלן, וועלכע שטייען ניט נידעריגער פון די אַלגעמיינע צייטונגען.

קאָוונער האָט די גאַנצע צייט געקוקט אָן אַ זייט, אויפן זייגער, אויף די בילדער. ס'האָט אויסגעוויזן, אַז ער הערט זיך גאָר ניט אַיין צו דעם, וואָס איך דערצייל אים. נאָכדעם האָט ער זיך אויפגעהויבן פון אָרט און האָט געזאָגט:

— ס'זיינען אַ שאָד די כחות, די פייהיגקייטן און די ענער־גיע וואָס מען ברייגגט אויף דעם אויס גאַנץ אומזיסט. די דאָזיגע ליטעראַטור איז שוין פאַרמשפט געוואָרן צום טויט און צום אונ־טערגאַנג; פאַר איר איז שוין ניטאָ קיין שום תקנה, קיין מיטל וועט איר ניט העלפן...

ביי זיין אַוועקגאַנג האָב איך אים געזאָגט, אַז כאָטש ער האָט פאַרלאָזן און פאַרגעסן די העבעאישע ליטעראַטור, אָבער אונ־זערע יידן האָבן אים ניט פאַרגעסן, והראיה, אַז נאָך דאָ ניט לאַנג האָט אים אַ באַוואוסטער יידישער קריטיקער דערמאָנט צו גוטן אין זיין „געשיכטע פון דער העברעאישער ליטעראַטור".

דאָס האָט אויף אים אַ גוטן רושם געמאַכט, און ער האָט אַ פריילכן שמייכל געטאָן. ער האָט ביי זיך פאַרצייכנט דעם נאָ־מען פונם ספר און פון מחבר, זאָגנדיק, אַז ער וועט זיך סטאַרען קריגן דאָס ווערק און איבערלייענען עס.

קומענדיק אין אַ יאָר אַרום קיין פלאָצק האָט מיר קאָוונער באַזוכט און האָט מיר אָפּגעבראַכט צוריק זיינע בריוו, וועלכע כ'האָב אים געליען. די בריוו און זיינע ערשטע צוויי העברעאישע ביכלאַך, וועלכע ער האָט געקויפט און איבערגעלייענט, האָבן אים פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן. דערביי האָט ער מיר געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט זיי איצט געדאַרפט שרייבן נאָך אַמאָל, וואָלט ער אין זיי ניט אומגעאַנדערשט אפילו איין וואָרט.

דאַן האָב איך מיך אָפּגערופן:

— איך פריי מיך זייער זעענדיק, אַז איר האָב באַוויזן צו מאַכן אַזעלכע גרויסע פאָרשריט אין העברעאיש, דאָס איר האָט שוין לייכט געקאָנט לייענען און פאַרשטיין אייערע ווערק.

— צו דעם האָב איך געפונען אַ גוטן מיטל: כ'האָב מיר געקויפט אַ תנכ"ל און האָב אים אָנגעהויבן צו לייענען. און זעט אַ וואונדער! ביסלאַכווייז האָט זיך אַלץ באַנייט און אָפּגעלעבט אין מיין זכרון. איך האָב היינטיקס יאָר דורכגעלייענט נאָך אַנ־דערע העברעאישע ספרים. דאָס האָט זיך מיר אויך איינגעגעבן, חען אפילו מיט אַ געוויסער שוועריקייט. אָט דאָס איז דער כח פונם אַלטן תנכ"ל, און דאָס באַטייט דער למוד פון די קינדער־שע יאָרן!

„ווי איך האָב זיך איבערצייגט — אַזוי פאַרענדיקט פּאַפּירנאָ זיינע עראינערונגען וועגן קאָוונערן — האָבן אים פון דער גאַנצער העברעאישער ליטעראַטור אינטערעסירט נאָר זיינע איי־גענע ווערק און די באַציאונג צו אים מצד די העברעאישע שריפטשטעלער. אפילו אויפן בית־הקברות פון דער אָפּגעשטאָר־בענער ליטעראַטור האָט ער געוואָלט זען פאַרן לעבן אַ שיינע מצבה נאָך זיין נאָמען!"

### ה.

דורך אַ גאַנץ פאַר אים אומגעריכטן צופאַל איז קאָוונערן אין זיינע לעצטע יאָרן אויסגעקומען צו נעמען זיך פאַר דער העברעאישער פעדער. דורך פּאַפּירנען האָט זיך קאָוונער דער־וואוסט, אַז אין 1904־טן יאָר האָט דער באַקאַנטער העברעאישער שריפטשטעלער ראובן ברײנין געשריבן וועגן אים אין „הצופה" איי־ניקע קריטישע אַרטיקלען. קאָוונער האָט זיך מיט די דאָזיקע אַרטיקלען זייער פאַראינטערעסירט, האָט זיי ערגעץ־וואו געקראָגן און אי־בערגעלייענט. די אַרטיקלען, אין וועלכע ס'איז אַרויסגעזאָגט גע־וואָרן וועגן קאָוונערן ניט קיין גוטע מיינונג (ברײנין האָט דאַן געגלויבט, אַז קאָוונער איז שוין לאַנג געשטאָרבן), האָבן אָנגע־רירט טיף זיין אייגנליבע און געמאַכט אויף אים זייער אַ שווערן איינדרוק. ער האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און האָט אַריינ־געשיקט ברײנינען אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט זיך געפּרובט

אָפּשוואַכן זיינע נעגאַטיווע מיינונגען וועגן אים. לכתחלה האָט קאָוונער געגומען שרייבן דעם בריוו אין רוסיש; האָט זיך אָבער מישב געווען און גענומען שרייבן העברעאיש, און ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט ער נאָך עד היום גאַנץ פּולקום באַהערשט דעם העברעאישן פּובליציסטישן סטיל, פון וואָס ער האָט גרויס הנאה געהאַט.

פון דאַמאָלסט אָן האָט נאָך קאָוונער געלעבט פינף יאָר. אין דעם דאָזיקן משך צייט האָט ער זיך שוין אין דער עפנט־לעכקייט מער ניט געלאָזט הערן. זיין אַרבעט אין דער רוסישער פּרעסע און ליטעראַטור האָט אָנגעהייבן צו ווערן אַלץ זעלטענער, ביז זי האָט אויפגעהערט לגמרי. ביסלעכווייס האָט ער זיך אַלץ מער צוריקגעצויגן פון דער געזעלשאַפט, און האָט זיך אָנגעהייבן צו פאַרטיפן אין זיך. לויט פאַרשיידענע ידיעות, וועלכע זיינען באַקאַנט געוואָרן נאָך זיין טויט, זאָל ער האָבן פאַרבראַכט די פינף יאָר אין חשבון־הנפש. צו וועלכע רעזולטאַטן און אויספירונ־גען דער דאָזיקער חשבון־הנפש האָט אים געבראַכט — דאָס איז פאַרבליבן אומבאַוואוסט. ווי ס׳לאָזט זיך משער זיין האָט זיך קאָוו־נער די לעצטע צייט אומגעקערט **אינערלעך** צום יידישן פאָלק.

אַלנפאַלס איז קאָוונער געווען אַן אינטערעסאַנטע פּערזענ־לעכקייט, וועלכע איז פאַרבליבן פאַר אַלעמען אַ פּסיכאָלאָגישע רעטעניש ביז דעם היינטיקן טאָג.

געשטאָרבן איז קאָוונער נאָך אַ לאַנגער קראַנקהייט איינ־זאַם און עלנד אין פרילינג 1909. וועגן זיין טויט האָט מען זיך דערוואוסט דורך דער „נאָוואָיע ווערעמיאַ״, וועלכע האָט קורץ מספּיד געווען דעם ניט אומבאַקאַנטן רוסישן זשורנאַליסט, דער מיטאַרבעטער פון יענע און יענע צייטונגען און מחבר פון יענע ספרים.

ניט פאַרגעסן אָן קאָוונערן האָט נאָר יענע ליטעראַטור, וועלכע איז אים פון געווען פאַרמשפּט צום טויט און צום אונ־

סערגאַנג. אין דער העברעאישער פרעסע האָט זיין טויט אַרויס־
גערופן אייניגע אינטערעסאַנטע אַרטיקלען און זכרונות.

און ווער ס'האָט נאָר געשריבן און ווער ס'דאַרף נאָך
ערשט קומען שרייבן וועגן דער געשיכטע פון דער ניי־העברע־
אישער ליטעראַטור,—יענער וועט קאָוונערן מיט שווייגן ניט פאַר



## V.

## וואָלף נאַכלאַס (אַלעקסאַנדער אַלעקסייעוו).

אין דעם דאָזיקן משומד האָבן זיך ווי צונויפגעגאָסן אַ קליין שטיק סאָרקין מיט אַ היבשן חלק פון בראַפמאַנען. ער איז געבוירן אינם יאָר 1820 אין דעם קליינשטעדטל נעזאַרינעץ, פאָדאָלער גו- בערניע. זיין פאָטער איז געווען אַ גאַנץ רייכער חסיד, וועלכער איז מיט דער צייט געוואָרן אַ יורד. דערצויגן איז דער קליינער וועלוועל געוואָרן אין אולטראַ-אָרטאָדאָקסישן גייסט. צו פינף יאָר איז ער שוין געגאַנגען אין אַ חדר און צו צען האָט ער שוין גע- לערנט גמרא ביים בעסטן מלמד פון שטעדטל. זיין פאָטער איז אים פרי אָפּגעשטאָרבן, און ער האָט זיך געהאָדעוועט ביי זיין מוטער די אלמנה.

דאָס איז געווען אין דער צייט בעת מען פלעגט כאַפּן יידי- שע קינדער, באַזונדערס עלענדע, פון די גאַסן און זיי אָפּגעבן פאַר סאָלדאַטן. גייענדיק אַמאָל אין אַ ווינטערדיקן אָוונט פון חדר, איז ער שוין אַ היים צו דער מוטער צוריק ניט געקומען. די כאַפּער האָבן אים צוגענומען פון גאַס. דאַן האָט מען אים אָפּגעשיקט נאָך מיט אַ פּאַרטיע קינדער קיין וואָלסק, סאַראַטאָווער גובערניע. דאָרטן אין געווען אַ מין שול, וואו ס'איז געלעגט געוואָרן באַ- זונדערס אַכט אָפּצושמדן די יידישע קאַנטאָניסטן. ס'זיינען געווען אַזעלכע העלדישע קינדער, וועלכע זיינען אויסגעשטאַנען די גע- ברענטסטע ליידן און האָבן גובר געווען דעם נסיון און געבליבן יידן; אַנדערע אָבער; די שוואַכערע, האָבן ניט קענענדיג אַרי- בערטראָגן די צרות, אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן. צווישן זיי איז געווען אויך וועלוועל נאַכלאַס, וועלכער האָט נאָכן שמד באַ- קומען דעם נאָמען אַלעקסאַנדער אַלעקסייעוו.

ס'איז אַוועק אַ געווויסע צייט, און פון אַלעקסייעוון איז אויס-

געוואַקסן אַ הייסער קריסט, וועלכער איז ניט יוצא געווען מיט זיך אַליין און האָט זיך גענומען אַריבערפירן אין זיין נייעם גלויבן פיל פון די יידישע קאַנטאָניסטן. ער האָט גראָד געהאַט אַ געשליפענעם צינגל און אַנדערע מיסיאָנערישע פעאיקייטן, און אַ דאַנק דעם האָט ער געהאַט ערפאָלג. דורך דעם איז ער געוואָרן אַ גרויסער תקיף ביי זיין „נאַטשאַלסטוואָ", וועלכע האָט אים אין יאָר 1848 דערהויבן צו דעם ראַנג פון אַן אונטער־אָפיציר. זיין מיסיאָנערישע טעטיקייט האָט געמאַכט אַזאַ גרויסן רושם, דאָס זי איז דערגאַנגען אַזש צום קיסר אַליין, צו ניקאָלאַי דעם ערשטן, וועלכער האָט אים דערפאַר באַשאָנקען מיט אַ גרויסער געלט־סומע.

דאָס האָט אַלעקסייעוון צוגעגעבן מער מוט און חשק און ער האָט געווידמעט אַלע זיינע קרעפטן מיט דער גאַנצער ענערגיע צו באַגליקזעליגען יידישע קינדער דורך דער קריסטליכער אמונה. נאָר איין מאָל האָט זיך אים פאַסירט אַן אומגליק. באַגלייטנדיק אין אַ געוויסן טאָג אַ פאַרטיע יידישע קאַנטאָניסטן, איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן וואַסער, און האָט זיך אַזוי שטאַרק צוגעקילט, דאָס ער האָט באַקומען אַ שטאַרקן ווייטאָק אין די פיס. צוליב דעם האָט מען אים דאַן באַפרייט פון מיליטער־דינסט.

אין יענער צייט זיינען אין סאַראַטאָוו עטלעכע יידן באַשולדיגט געוואָרן אין עלילת־דם, און מ'האָט קעגן זיי פאַרפירט אַ פראָצעס. מיט דעם דאָזיקן פראָצעס האָט זיך דאַן שטאַרק פאַראינטערעסירט גאַנץ רוסלאַנד, און אויך ניקאָליי אַליין. ס'האָט זיך געדאַרפט מאַכן, אַז אַלעקסייעוו האָט זיך צוזאַמען געטראָפן מיט זיין געוועזענעם פאָלקאָווניק, וועלכער האָט אים דערציילט וועגן דעם סאַראַטאָווער משפט. דערהערנדיק אַזוינס האָט אַלעסייעוו אָנגעווענדט זיין גאַנצע רייד־קראַפט צו איבערצייגן דעם פאָלקאָווניק, אַז יידין באַנוצן זיך ניט מיט קריסטליך בלוט און אַז די סאַראַטאָווער באַשולדיגונג איז דורכאויס אַ פאַלשע. אַלעקסייעווס ערקלערונג האָט געמאַכט אויפן פאָלקאָווניק אַזאַ איינדרוק, דאָס ער האָט תיכף פאָרגעשלאָגן דעם יוסטיץ־מיניסטער, אַז מ'זאָל אים, אַלעקסייעוון, באַשטימען אַלס עקספערט, וואָס זאָל אַרבעטן צוזאַמען מיט דעם באַאמטן, וועלכער פירט די אויספאָרשונג וועגן

וועגן דעם סאַראַטאָווער עניך. אַ גאַנץ שווערע שטיקל אַרבעט האָט אַלעקסייעוו פאַר זיך געהאַט, ווייל די סאַראַטאָווער מאַכט האָט אַוועקגעלייגט פיל כחות צו אונטערשטיצן דעם בלוט-בלבול, און האָט אויך געקראָגן לומדים צווישן משומדים, וועלכע האָבן „אויפגעוויזן" פון יידישע ספרים, אַז יידן שחטן קריסטליכע קינ-דער אויף פסח. געזיגט האָט אָבער צום סוף אַלעקסייעווס מיינונג. דערמיט האָט זיך נאָך אָבער דער סאַראַטאָווער משפט ניט פאַרענ-דיקט. די אַנטיסעמיטישע העצער האָבן ניט גערוט ביז זיי האָבן געפועלט, אַז מ'זאָל דעם פראָצעס איבערגעבן אַ באַזונדער „געריכטס-קאָמיסיע", וועלכע זאָל אים גאָר אויף דאָס ניי איבערקוקן און באַ-האַנדלען. דענסטמאָל איז שוין אַלעקסייעוו געלעגן אָן פיס, און פונ-דעסטוועגן האָט ער זיך געלאָזן אַוועקטראָגן אויף נאָסילקעס צום פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע, גירס, וועלכן ער האָט אויפגעוויזן די פאַלשקייט פון דער באַשולדיגונג, און האָט אויף אים געהאַט אַ גרויסע ווירקונג. באופן, אַז מ'האָט מבטל געמאַכט דעם משפט און די סאַראַטאָווער יידן האָט מען באַפרייט פון געפענגעניש. אַלעקסייעוו האָט דאַן אָפּגעדרוקט. וועגן דעם סאַראַטאָווער בלוט-בלבול אַ באַזונדער בראָשיור מיטן נאָמען: „צי געברויכן יידן קריסטלעך בלוט צוליב רעליגיעזע צוועקן".

נאָכדעם האָט זיך אַלעקסייעוו באַזעצט אין נאָווגאָראָד, וואו ער האָט זיך באַשעפטיגט מיט ליטעראַרישער אַרבעט. און געש-ריבן האָט ער נאָר וועגן יידן. ער האָט זיך באַצויגן מיט זייער אַ שטאַרקער שנאה צו דער יידישער אמונה, און האָט זיך משתדל געווען צו איבערצייגן יידן, אַז יעזוס קריסטוס איז דאָס דער משיח, אויף וועלכן זיי וואַרטן. אין זיינע ווערק האָט זיך אַלעקסייעוו געש-טעלט ניט בלויז מיסיאָנערישע אויפגאַבן. ער האָט אין זיי געשאָטן פעך און שוועבל אויפן תלמוד, וועלכן ער האָט באַשולדיגט אין די גרעסטע פאַרברעכנס. אין גיפטיגע אַרטיקלען איז ער אָנגע-פאַלן אויף די רבנים, און אַלע יידן בכלל האָט ער פאָרגעוואָרפן, דאָס זיי ווילן זיך ניט אונטערגעבן די מלוכה-געזעצן, דאָס זיי ער-לויבן זיך אָפּצונאַרן קריסטן אין האַנדל א. א. וו. אויך האָט ער מתרה געווען דער רעגירונג, אַז זי זאָל זיך ניט לאָזן יידן פּו-

נאָנדערשפרייטן זיך איבער דאָס גאַנצע לאַנד, ווייל זיי זיינען פּאַ-ראַזיטן, וואָס לעבן אויפן אַנדערנס חשבון, פּיאַווקעס, וואָס זויגן אוים ביי אַלעמען דאָס בלוט.

אזוי ווי בראַפמאַן, און אין כמה פּרטים נאָך אין אַ פיל ער-גערער און שעדליכערער פאָרם, האָט אַלעקסייעוו געקעמפט קעגן דעם יידישן קהל און קעגן די יידישע חברות, וועלכע זיינען, לויט זיין מיינונג, שעדליך פאַר דער מדינה און געפערליך פאַר דער קריסטליכער באַפעלקערונג.

זיינענדיק גאַנץ ווייניק געבילדעט, כמעט אָן שום וויסן, האָט אַלעקסייעוו ניט באַהערשט דעם ריכטיגן רוסישן סטיל, און דערי-בער זיינען זיינע ווערק געשריבן ניט אין אַ ליטעראַרישן סגנון, נאָר אויף אַ גאַנץ פּרימיטיוון אופן. אָבער דאָס האָט זיינע ווערק צוגענגליכער געמאַכט דעם גרויסן עולם, און די פּראָסטע, איינ-פאַכע מאַסע האָט זיי גאַנץ גערן און מיט פיל פאַרשטענדניש געלייענט.

אויף וויפיל אַלעקסייעוו האָט זיך געסטאַרעט צו גראָבן יידן, — אויף דעם ווייזן אויך די טעמעס, וועלכע ער האָט באַ-האַנדלט אין זיינע בראָשורן: „אַן אויטאָביאָגראַפיע פון אַ קריסט אַ געוועזענעם ייד"; „ווי קוקן די יידן אויף דעם צעשטערן די מלוכה-געזעצן?"; „די רוסישע געזעצן וועגן יידן און די קעגנ-טעטיקייט פון דעם קהל"; „דער יידישער קהל, זיינע יסודות, זיינע אויפגאַבן, זיינע אַגענטן און באַציאונגען"; „וועגן די יידישע חברות"; „גאָטעס-דינסט, ימים-טובים און רעליגיעזע מנהגים ביי די איצטיקע יידן"; „דאָס רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע לעבן פון די היינטיקע יידן".

אויך אַלעקסייעווס פּערזענלעכער פאַרקער מיט יידן איז געווען זייער אַן אָנגעשטרענגטער און שלעכטער. ער האָט קיינ-מאָל אַ יידן צו זיך אויפן שוועל ניט אַרויפגעלאָזן, און האָט אַ יידן גלייך אין פּנים ניט געקענט קוקן. ער האָט, ממש, געברענט יידישע טריט. זיינע שמועסן מיט קריסטן איז געווען נאָר וועגן יידן. פלעגט אָבער קומען צו רייד וועגן עלילת-דם, איז דאַן אַלעקסייעוו באַלד דער גרעסטער יידן-פאַרטיידיקער געוואָרן.

ווי אַזוי ס'איז פאַרפלאַנצט געוואָרן ביי אַלעקסייעוון אַזאַ שטאַרקע שנאה צו יידן, פון וועלכע ער איז אַוועק זייענדיק אַ צעניאָריקער ייִנגל, — וועגן דעם זיינען אומגעגאַנגען צווישן פּאָ-דאָליער יידן פאַרשיידענע ווערסיעס. לויט איין ווערסיע איז פאַר-בליבן אין זיין זכרון פון קינדווייס אָן דער איינדרוק, וואָס ס'האָבן אויף אים געמאַכט די לעצטע יאָרן פון זיין פאָטער, וועלכער איז פון אַ גרויסער עשירות אַריינגעפאַלן אין אַ טיפער אָרימקייט. פאַר זיינע אויגן האָבן תמיד געשוועבט יענע סצענעס, בעת ס'זיינען געקומען יידן און האָבן ביי זיינע עלטערן אָפּגענומען זייער שיינע דירה מיט די שיינע זאַכן, און אַליין דאָרטן בעלי-בתים געוואָרן; ער האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווי זיין פאָטער האָט זיך מיט טרערן אויף די אויגן געבעטן ביי זיינע בעלי-חובות, אַז זיי זאָלן זיך ניט באַגיין מיט אים אַזוי מערדערלעך און ווי זיין מוטער איז זיי מיט דערזעלביקער בקשה געפאַלן צו די פיס, און ווי זיי האָבן ביי די יידן די רשעים גאָרנישט געפועלט. ביי אים האָבן זיך אויף שטענדיק אָפּגעשטעלט פיל שפּורן פון דער ברענענדי-קער קנאה, וועלכע פלעגט אים ממש אויפעסן יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט פאַרבייגיין זייער אַמאָליקע רייכע, פאַרצירטע וואוי-נונג און דערזען דאָרטן פנימער פון אַנדערע יידן; אין זיינע אויערן האָבן תמיד געקלונגען די ביטערע קללות, מיט וועלכע זיין מוטער די אלמנה פלעגט טאָג ווי נאַכט שילטן יענע יידישע גזלנים, וואָס האָבן איר בדיל-הדל געשטעלט און דעם טאַטן פאַר דער צייט אין דער ערד אַריינגעלייגט. אָט דאָס אַלץ צוזאַמען זאָלן האָבן געבראַכט דערצו, אַז נאַכלאַס-אַלעקסייעוו האָט כל ימיו געטראָגן אין האַרצן אַ בלוט-שנאה צום גאַנצן יידישן פאָלק. אין זיין קינדערשער פאַנטאַזיע האָט ער זיך פאָרגעשטעלט, אַז זיין פאָטער איז געשטאָרבן דורך יידן-מערדער, און ייד מיט מערדער איז ביי אים געוואָרן אַ סינאָנים, וועלכן די צייט האָט נאָך צוגעגעבן מער תקיפות. פאַראַן ווידער אויך אָן אַנדער ווערסיע, אַז זייענדיק פון דער נאַטור ווייך און צאַרט און נוטה לייכט אונטערגעוואָרפן צו ווערן אונטער פרעמדע השפעות, האָבן זיינע קריסטלעכע רביים געהאַט אויף אים אַזאַ שטאַרקע ווירקונג,

דאָס נאָך גיכער ווי זיי האָבן זיך געקענט פאָרשטעלן, איז ער
געוואָרן אַ העכסט גלויביקער קריסט און דערצו אויך אַ שונא=
ישראל מיט אַלע פיסשעווקעס, — אַ שונא ניט ספּעציעל דעם יידן
אַלס יידן, נאָר די אייניקלעך פון די, וואָס האָבן אַמאָל געקריי=
ציקט קריסטוסן. אָט די תּורה, וועלכע ער האָט אין זיך אַיינגע=
זאַפּט נאָך אין דער קאַנטאָניסטן=שול, האָט אין אים אין פאַר=
לויף פון דער צייט אַרויסגערופן יענע אינסטינקטן, וועלכע האָבן
אים געמאַכט כל ימיו פאַר אַ בלוט=פיינד דעם גאַנצן יידישן
פאָלק. לויט אַ דריטע ווערסיע איז ביי אים די שנאת=ישראל גע=
ווען פּשוט דער איינציקער מקור פון זיין חיונה. זייענדיק אַ
בעל=מום, אָן פיס, פאַרביטערט און איינזאַם און ניט האָבנדיק
פון וואַנען צו לעבן, האָט ער זיך געמאַכט פאַר אַ פּרנסה זיינע
פּאַמפלעטן קעגן יידן און יידישקייט, וועלכע האָבן אין זייער צייט
אַ גרויסן אָפּגאַנג געהאַט. אַ רעטעניש בלייבט אָבער ד ע ר פאַקט,
אַז ווי ס'איז נאָר געקומען צו עלילת=דם, דאָרטן האָט שוין
אַלעקסייעוו=נאַכלאַס אָנגענומען גאָר אַן אַנדער פּאָזיציע און איז
יסגעטראָטן אַלס דער גרעסטער יידישער פאַרטיידיקער.



## .VI

# אָשר (קאָנסטאַנטין אַלעקסאַנדראָוויטש) שאַפּיראָ.

### א.

אין די סוף פערציקער יאָרן פונם פאָריקן יאָרהונדערט האָט צווישן די גראָדנער וואוילע ייִנגלעך געשמט באַזונדערס דער נאָמען פון דעם צעניאָריקן עלוי אָשרקע שאַפּיראָ. זיין פאָטער איז געווען אַ ייִד אַ סוחר, אַ פאַרברענטער אָרטאָדאָקס, און פון די עקסטרעמסטע פאַנאַטיקער. דערצו איז ער אין זיין פאַמיליען־לעבן געווען זייער דעספּאָטיש. אויף אַלע שטוביקע האָט ער אָנגעוואָרפן אַ פּחד, און דאָס ווייב מיט די קינדער האָבן זיך געפילט אין זיין געגנוואַרט זייער געדריקט. אָשרקע, פון דער נאַטור לעבעדיק און טעמפּעראַמענטפול, איז געווען קינדווייז אַ גרויסער שטיפער, און איז דעריבער פון זיין טיראַנישן פאָטער אויסגעשטאַנען די געברענטסטע ליידן. מלמדים פלעגט פאַר אים דער פאָטער אויסקלייבן די סאַמע שטרענגסטע, אַלטע, פאַרשמאָלצענע קפדנים, וועלכע האָבן קיינמאָל ניט אַרויסגעלאָזן פון האַנט דעם קאַנטשוק.

פריי ווערנדיק פון חדר, פלעגט אָשרקע פאַרברייגען זיין איבעריקע צייט אין בית־המדרש. צו בלייבן אין שטוב מיטן פאָטער האָט ער תמיד. אויסגעמידן, און צו גיין ערגעץ־וואו אַנדערש, האָט ער מורא געהאַט. אָט האָט ער פאַרבראַכט אין בית־המדרש און געשמועסט מיט די יונגע בחורים, וועלכע האָבן דאָרט געלערנט. דער שמועס פלעגט זיך אָנהייבן פון דברי־תורה און אַריבערגיין דערנאָך צו דברי־חול. ביי איינעם פון די דאָזיקע בחורימלעך האָט אָשרקע אַמאָל דערזען אַ העברעאיש השכלה־ביכל, און האָט עס ביי אים גענומען צום לייענען. פון דאַמאָלסט

אָן האָט ער צו די ביכלאַך געקראָגן אַ גרויס חשק, און האָט ער נאָר געהאַט אַ לײדיקע װײלע, האָט ער שוין געהאַט בײ זיך אַ ספרל און געלײענט אים. באַזונדערס האָט ער זיך פאַרליבט אין שירים. לעטעריסעס „יונה הומיה״ האָט אויף אים געמאַכט אַ גוואַלטיקן אײַנדרוק. געװײנלעך, האָט ער די ביכלעך געלײענט בגנבה; ער האָט געװאוסט און פאַרשטאַנען, אַז בײ אַזעלכע ײדן װי זײן פאָטער איז דאָס אַ טרפה סחורה. אײנמאָל אָבער — ער איז שוין דאַמאָלסט געװען אַ ײנגל פון אַ יאָר פערצן — האָט אים זײן פאָטער געפּאַקט מיט אַזאַ סחורה און האָט אים אומברחמנותדיק אויסגעפּאַטשט. אַן אַנדער מאָל האָט אים דער פאָטער געכאַפּט שרײבנדיק אַ שיר, און האָט אים שיר ניט געממיתט. אשרקהס גליק איז געװען, װאָס אין יענער מינוט זײנען אַרײן אין שטוב פרעמדע מענטשן.

אָשרקה האָט זיך אָבער צוגעװאוינט צו דעם טאַטנס פּעטש, האָט פאַרביסן די ליפּן און זיך װײטער געלײענט העברעאישע ביכלעך און געשריבן שירים. ביסלעכװײז האָט ער זיך אָנגעהויבן צו פוילן לערנען, און פלעגט דערפאַר באַקומען שטאַרקע קלעפּ פון מלמד. דאָס האָט אָבער אויך ניט געהאָלפן. דאַן האָט אים זײן פאָטער אַרויסגענומען פון חדר און האָט אים חתונה געמאַכט מיט אַ מײדל פון אַ שטעטל אַרום ביאַלעסטאָק. נאָך דער חתונה האָט ער אים גענומען צו זיך אין געשעפט אַרײן. דערבײ האָט ער פון אים ניט אַראָפּגענומען די אויג און האָט שטאַרק אַכטונג געגעבן, אַז ער זאָל גײן בדרך הישר. אינדערפרי נאָכן דאַװנען האָט ער געמוזט זיצן אין בית־מדרש אַ פּאָר שעה און לערנען, בין מנחה למעריב װײטער געהערט אַ שיעור, און בכלל רײבן זיך תמיד אָן יראים וחרדים, געפינען זיך אין זײער ספערע און פירן זײער שטאַט. אָשרקן האָט אָבער געצויגן צו די ביכלעך און צו זײנע שירים, און האָט דאָס נײע לעבן ניט געקאָנט אַריבערטראָגן, אַלץ װאָס אים האָט דאַן אויפגעקאָכט אויפן האַרצן האָט ער אויסגעגאָסן אין זײנע שירים, װעלכע ער פלעגט שרײבן שפּעט אין דער נאַכט בעת אַלע אין שטוב האָבן שוין לאַנג געשלאָפן. האָט אַמאָל געדאַרפט פּאַסירן דאָס שרײבנדיק זײנע שירים איז ער אויף זי

אנגעשלאָפן. פאַרטאָג איז גראָד זיין פאָטער אַרויס און דערזעענ־
דיק אים שלאָפנדיק אויפן פּאַפּיר, האָט ער עם שטילערהייד אַרויס־
געצויגן און איבערגעלייענט און געוואָרן תיכף ווי אַן אָנגעצונדע־
נער פון כעס.

פון דאַמאָלסט אָן זיינען פאַר דעם יונגן אשרן אַוועקגע־
גאַנגען טעג פון די גרעסטע פיזישע און מאָראַלישע יסורים. דער
פאָטער האָט אים טיראַניזירט אויף יעדער שריט און טריט, און
האָט אים, ממש, קיין רו ניט געגעבן. די מאָס פון זיינע צרות איז
נאָך אָבער ניט דערפילט געוואָרן. איינמאָל—דאָס איז געוועזן שבת
אינדערפרי ביים דאַוונען—האָט זיך געדאַרפט מאַכן, אַז ביי אשרן
פון טלית־זאַק איז אַרויסגעפאַלן אויף דער ערד אַ ביכל. דער פאָ־
טער, וועלכער איז געשטאַנען לעבן אים אין מזרח־וואַנט, האָט
זיך איינגעבויגן, האָט אויפגעהויבן דאָס ביכל און האָט עס אַריינ־
געלעגט צו זיך אין קעשענע ניט זאָגנדיק דערביי קיין וואָרט.
קומענדיק אַ היים האָט ער אַרויסגענומען דאָס ביכל און האָט דער־
זען, אַז דאָס איז אַ טייל פון מאַפּוס „עיט צבוע״ וועלכער איז
דאַן באַקאַנט געוועזן אין די אָרטאָדאָקסישע ספערן אַלס העכסט
אפּיקורסיש ספרל. דער פאָטער איז געוואָרן אַזוי אויפגעבראַכט,
האָט ניט טראַכטנדיק פיל האָט ער אשרן אַוועקגעלעגט אויפן
בענקל, האָט פון אים אַראָפּגענומען די הויזן און מיט ריטער גוט
אָפּגעשמיסן און נאָך אין די אויגן פון זיין יונגע״ פּרוי...

דאָס האָט שוין אשר מער ניט געקענט אַריבערטראָגן. נאָך
אויף מאָרגן האָט ער אויפגעריסן דעם טאַטנס קאַמאָד, האָט פון
דאָרטן אַרויסגענומען עטליכע הונדערט רובל, און איז אַנטלאָפן
פון גראָדנע.

## ב.

פון גראָדנע איז דער יונגער שאַפּירא אַנטלאָפן מיט דעם
פאַרטיגן באַשלוס צו דערשלאָגן זיך קיין ווין, וואו ס׳האָט געוווּ
אוינט דער רעדאַקטאָר פונם העבּרעאישן חדש־זשורנאַל „השחר
פּרץ סמאָלענסקין, דער דאַמאָלסטדיקער „אָפּגאָט״ פון

אַזוי גערופענע „משכּילים". די עצה האָט שאַפּיראָן געגעבן זיין איינציקער חבר, אין גראָדנע, פאַר וועמען ער פלעגט תמיד אויסגיסן זיין שווער, ביטער האַרץ און פאַרטרויען אים אַלע זיינע סודות. דער דאָזיגער חבר איז געווען דער שפּעטער באַוואוסט געוואָרענער העבּרעאישער שריפטשטעלער און זשורנאַליסט אברהם שלום פרידבערג.

זיצנדיק אין ווין האָט סמאָלענסקין תמיד מקרב געווען, אויף ווי ווייט ער האָט נאָר געקאָנט, אַלע יונגע משכּילים און באַזונדערס מיט העבּרעאישע קענטענישן, וועלכע זיינען אַהין געקומען פון רוסלאַנד צו זוכן פאַר זיך אַ תּכלית אין לעבּן. ער האָט די יונגע לייט געעצהט צו וואָס זיי זאָלן זיך נעמען, צי צו בילדונג צי צו אַ וועלכער ס'איז פּראָפעסיע, יעדערער ווי פאַר איהם איז גלייכער לויט זיינע פעהיגקייטן. פאַר די, וועלכע פלעגן אַריינטרעטן אין די פאַרשיידענע ווינער שולן, אָדער אין אַרבייטס-הייזער, פלעגט סמאָלענסקין דאָס רוב אויסווירקן אַ מאָנאַטליכע געלט-פּענסיע פון דער יידישער קהלה אָדער פון אַנדערע הילפס-אינסטיטוציעס. שאַפּירא האָט אַרויסגעוויזן אַ באַזונדער נטיה צו דערלערנען אַ קונסט-פּראָפעסיע, און האָט זיך אויסגעקליבּן דעם פאַך פון פאָטאָגראַפיע. אין אַ קורצער צייט האָט ער זיך גרינדליך אויסגעלערנט די אַרבּעט אַרויסווייזנדיק דערביי אַ גרויסן טאַלענט. דאַן האָט אים געגומען ציען צוריק קיין רוסלאַנד. פאַרן אָפּפאָרן קיין רוסלאַנד האָט ער דער ווייב אַריינגעשיקט אַ גט.

באַזיצנדיק אַזאַ טאַלענט אין האַנט האָט שאַפּירא באַשלאָסן צו באַזעצן זיך אין פּעטערבּורג, וואו ער האָט געהאָפט צו באַקומען איינגיכן אַ שטעל ביי אַ פאָטאָגראַף. זיין האָפענונג איז אָבער ניט מקוים געוואָרן. קומענדיק קיין פּעטערבּורג איז ער געבליבּן אָן אַ גראָשן געלט, און האָט ניט געהאַט, ניט וואָס צו עסן, און ניט וואו איבּערצונעכטיקן. אַ גאַנצע נאַכט איז ער אַרומגעגאַנגען הין און צוריק איבּער נעווסקי פּראָספּעקט, ביז ער איז מיד געוואָרן און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק אָפּרוען, און איז תּיכף איינגעשלאָפן. פּלוצלונג האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף: אַ גאָרדאָוואָי האָט אים אַ צי געטאָן פאַרן אַרבּל זאָגנדיק מיט אַ

בייזער: „דאָ מעג מען שפּאַצירן, אָבער ניט שלאָפן"! שאַפּירא האָט געמוזט אויפשטיין און אַזוי אָפּגיין איבער די גאַסן ביז פאַרטאָג.

אַזוי זיינען אַריבער עטליכע טעג. אויסגעמוטשעט און אויסגעדאַרט איז ער געוואָרן פון הונגער, ביז ער האָט שוין מער ניט געקאָנט אַריבערטראָגן. דאַן האָט ער באַשלאָסן אַריינצוגיין אין אַ שפּייז=געשעפט און צו גנבענען אַ לעבל ברויט. אַז ער איז אַריין אין קראָם, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז דער קרעמער קוקט אים אין האַרצן אַריין און ווייס וואָס ער קלערט צו טאָן. ער איז באַלד אוועק. צום גליק האָט ער אָנגעטראָפן אַ מענטשן, אָן וועמעס געזיכט ער האָט דערקענט, אַז ער האָט אַ גוט, איידל האַרץ, און ער האָט זיך אין אים אַיינגעקוקט ניט בעטנדיק ביי אים גאָרנישט. דער גוטער מאַן האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז הונגעריג, און האָט אים דערלאַנגט פינף קאָפּיקעס. שאַפּירא האָט זיך אַ וואָרף געטאָן איבער דער מציאה, האָט דערפאַר געקויפט אַ שטיק ברויט, און האָט עס פאַרשלונגען פאַר איינמאָל. נאָכדעם האָט ער זיך דערוואוסט, אַז דער דאָזיגער גוטער מענטש איז געווען דער געשוואָרענער אַדוואָקאַט ט י ק ט י ן פון אָדעס.

נאָכדעם ווי שאַפּיראָ האָט זיך פיל אָנגעליטן, האָט ער פאַר זיך ערגעץ געקראָגן אַ שטיקל ווינקל ביי אַ פּויער. דער פּויער האָט געהאַט אַ יונגע טאָכטער אַ נייטאָרין פון וועש. זי איז געווען זייער אַ גוט=הערציקע, און שאַפּיראָ האָט זיך צו איר צוגעבונדן, און זי צו אים אויך. ער האָט איר געלערנט לייענען און שרייבן רוסיש. אָבער אַלס ייד איז אים קיינמאָל ניט אַרויף אויפן זינען צו שמדן זיך און חתונה צו האָבן מיט איר.

אַז דער מיידלס פאָטער האָט זיך דערוואוסט, אַז זי ליבט אַ יידן, האָט ער אים מיט דער טאָכטער אַרויסגעטריבן פון שטוב. שאַפּיראָ איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און מ'האָט אים אָפּגעפירט אין אַ שפּיטאָל, און זי האָט זיך געדונגען פאַר זיך אַן ענג צימערל. ביי נאַכט פלעגט זי זיצן און נייען און בייטאָג פלעגט זי גיין אַ מהלך פון צען וויאָרסט געוואָר ווערן שאַפּירען אין שפּיטאָל

און צו ברייינגען אים די שפייז, וואָס די דאָקטוירים האָבן אים פאַרשריבן.

אַז שאַפּיראָ האָט זיך דערוואוסט דאָס זיין געליבטע איז שוואַנגער, האָט אים אָנגענומען אַ שוידער. פון דעם האָט זיך געשטאַרקט זיין קראַנקייט און די דאָקטוירים האָבן אים שוין אָפּגעזאָגט דאָס לעבן. שאַפּירען האָט ניט אויפגעהערט צו מוטשען דער געדאַנק: וואָס וועט איצטער זיין דאָס שיקזאַל פון דער אומגליקלעכער מיידל, וואָס צוליב אים האָט איר דער פאָטער אַרויסגעטריבן, און דאָס שיקזאַל פון דעם קינד? צום סוף האָט ער אָנגענומען דעם באַשלוס, אַז וויבאַלד שטאַרבן דאַרף ער באַלד יעדנפאַלס (דאָס איז אים געווען קלאָר) איז דאָס בעסטע, אַז ער זאָל זיך שמדן און חתונה צו האָבן מיט איר פאָרמעל כדי דורך דעם צו געבן אַ נאָמען איר און דעם קינד, וועלכן זי וועט איינגיכן געבוירן.

בעת דאָס מיידל האָט דערזען אַז מיטן חולה האַלט שלעכט, האָט זי געשיקט רופן דעם גלח. דערזעענדיק דעם אַרייגייענדיקן גלח איז שאַפּירען פינסטער געוואָרן אין די אויגן און אַ קאַלטער שווייס האָט אים באַגאָסן. ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט און האָט גענומען דיספּוטירן מיטן גלח. בעת יענער האָט אים גענומען דערציילן וועגן די מופתים וואָס קריסטוס האָט באַוויזן, האָט שאַפּיראָ געזאָגט, אַז ער מיט זיין קלאָרן שכל קען ניט פאַרשטיין אַזעלכע „וואונדער," און לויט זיין מיינונג זיינען די אַלע זאַכן „ניט געשטויגן ניט געפלויגן", און מ'האָט דאָס נאָר אויסגעטראַכט כדי צו פאַרפירן די מאַסע. און אַזוי האָט זיך שאַפּיראָ מתוכח געווען און דיספּוטירט מיטן גלח ביז יענער האָט זיך אָפּגערופן, דאָס אויב ער קען דאָס ניט באַגרייפן מיט זיין שכל, איז גענוג, ער זאָל נאָר גלויבן. „אויב אַזוי—האָט זיך אָפּגערופן שאַפּיראָ—טאָ צו וואָס האָט איר געדאַרפט מיט מיר אַ סך אַריינטענהן און געבן מיר צו פאַרשטיין דאָס וואָס ניט איך און ניט איר קענען פאַרשטיין. איר האָט מיר געדאַרפט איינפאַך זאָגן, אַז דאָ דאַרף מען נאָר האָבן אמונה, און צו וואָס האָט איר אויסגעבראַכט אומזיסט מייגע געציילטע מינוטן און אייער טייער ציים?"

דער גלח האָט פאַרקריצט מיט די ציין און האָט געוואָלט אוועק-

גיין. דאָ האָט זיך דאָס מיידל מיט טרערן אויף די אויגן אָנגע־הויבן צו בעטן ביי שאַפּירען און ביים גלח, אַז זיי זאָלן אויפהערן צו דיספּוטירן און זאָלן פאַרענדיגן דאָס וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן. דער גלח האָט אים אָפּגעשמדט און האָט אים חתונה געמאַכט.

צו זיין אומגליק איז שאַפּירא געזונט געוואָרן און איז פאַרבליבן אַ משומד,—וואָס ער האָט באַדויערט זיין גאַנצן לעבן.

## ג.

די ערשטע צייט נאָך זיין געזונט ווערן האָט זיך שאַפּיראָ מפרנס געווען פון זיין יונגער פרויס פאַרדינסטן, ווייל קיין אַרבעט ביי אַ וועלכן עס איז פאָטאָגראַף האָט ער ניט געקאָנט באַקומען. אומעטום האָט מען אים געענטפערט, אַז מ׳דאַרף ניט, אַז ס׳איז ניטאָ קיין וואַקאַנסיע. נאָר איין מאָל האָט ער גראָד דערזעען אין „גאָלאָס" אַן אַנאָנס פון אַ פאָטאָגראַף, וועלכער זוכט אַ רעטושאָר. שאַפּיראָ, וועלכער האָט די דאָזיקע אַרבעט אויסגעצייכנט געקענט, איז באַלד אַוועק צום פאָטאָגראַף. אין יענער צייט האָט מען פאַר רעטושאָר־אַרבעט געצאָלט אין פעטערבורג העכער פון הונדערט רובל אַ חדש. נאָכדעם ווי שאַפּיראָ האָט דערציילט דעם פאָטאָ־גראַף וועגן זיין זייער געדריקטער מאַטעריעלער לאַגע, האָט זיך יענער אָנגעשטעלט אַ רחמנות־בנימיל און האָט געזאָגט, אַז טאַקי בעת ער האָט אָפּגעגעבן דעם אַנאָנס אין דער צייטונג האָט זיך אים געדוכט, אַז ער באַנייטיקט זיך אין אַ רעטושאָר; אָבער איצט דאַרף ער שוין דאָס ניט; נאָר ווייל ער האָט אויף אים רחמנות, קען ער אים אָננעמען און צאָלן אים 25 רובל אַ חדש. ווי געענגט און געדריקט שאַפּיראָ איז דאַן געווען, האָט ער דאָך ביי זיך געפונען גענוג מוט גוט אויסצוזידלען דעם פאָטאָגראַף, אַ שפּיי טאָן אים אין פּנים און אַוועקגיין. ער איז מרוצה געוואָרן צו הונגערן איידער האָבן צו טאָן מיט אַזאַ מנוולדיקן עקספּלואַטאַטאָר.

אַזוי האָט זיך שאַפּיראָ אָפּגעמוטשעט דעם ערשטן יאָר. דערווייל האָט אים זיין פרוי געבוירן אַ קינד. דורכדעם איז זי אַ לאַנגע צייט געווען געשטערט פון איר אַרבעט. דאַן איז שאַ־

פירע׳ס מצב געוואָרן זייער קריטיש. פון גרויס עגמת־נפש האָט ער א מינוט אין שטוב ניט געקאָנט איינזיצן, און איז גאַנצענע טעג אַרומגעגאַנגען איבער פעטערבורגער גאַסן, האָט אָפּגעשלאָגן די שוועלן ביי אַלע פאָטאָגראַפן, און — גאַנץ אומזיסט. אין אַ געוויסן טאָג איז ער אַריין צו אַ יידישן פאָטאָגראַף — לעאָן כאַצקעלעוויטש האָט ער געהייסן. ביי דעם דאָזיקן כאַצקעלעוויטשן איז שוין שאַפּיראָ פריהער געווען אַ וואָדע אַ מאָל הונדערט, און תמיד איז ער פון אים אַוועק מיט ליידיקן. אַריינגייענדיק דעם מאָל צו אים האָט ער אים געפונען שטייענדיק אין פּאַווילאָן מיט אַ גרויסן בילד אין דער האַנט און פאַרטאָן אין אַ טיפן שמועס מיט זיינע צוויי רעטושאָרן. דערזעענדיק שאַפּירען האָט אים חאַצקעלעוויטש אַ פרעג געטאָן: „אפשר קענט איר אונז עפּעס אין דעם אָן עצה געבן?“ ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן איז דאָס געווען אַ בילד, אויף וועלכן עס איז געווען אַרונטערגענומען אַ גרויסע גרופּע אָפיצערן, און וועלכע איז אַרויס ניט גאָר גוט; אָבער קיינער, ניט דער פאָטאָגראַף און ניט זיינע אָנגעשטעלטע, האָבן בשום אופן ניט געקענט כאַפּן וואו דער פעלער ליגט, און ווי אַזוי מ׳קען אים פאַרריכטן. ס׳איז אָבער שאַפּירע׳ן גענוג געווען נאָר אויבערפלעכליך אַ קוק צו טאָן אויפ׳ן בילד כדי תיכף ומיד צו זיין די סבה פון זיין הכרון. דערביי האָט זיי שאַפּיראָ געמאַכט געוויסע ערקלערונגען אין דער פאָטאָגראַפישער קונסט, מיט וועלכע ער האָט זיי ממש איבערראַשט. נאָך מער איבערראַשט זיינען זיי געוואָרן ווען שאַפּיראָ האָט זיך אַוועקגעזעצט און האָט אָנגעהויבן צו רעטושירן דעם בילד פון דאָס־ניי, און האָט די אַרבעט אויסגעפירט העכסט מייסטערהאַפט. שוין אויף מאָרגן האָט שאַפּיראָ אָנגעהויבן צו אַרבעטן ביי כאַצקעלעוויטשן, און דער קינסטלערישער אופן פון זיין אַרבעט האָט אינ׳ם משך פון אַ קורצער צייט באַוויזן צו צו־ציען צו זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט, באופן אַז די פאָ־טאָגראַפיע האָט אָנגעהויבן מפורסם צו ווערן אין פעטערבורג, און איר קליענטור האָט אָנגעהויבן צו שטייגן פון טאָג צו טאָג. דאַן האָט כאַצקעלעוויטש אַריינגענומען צו זיך שאַפּירען פאַר אַ שותף אין געשעפט. אין אַ פאָר יאָר אַרום האָבן זיי זיך אָפּגעטיילט און שאַ־

פירא האָט באַלד געעפנט אַ באַזונדער פאָטאָגראַפיע פאַר זיך אַליין, צו וועלכער ער האָט דורך זיין קינסטלעכער אַרבעט צוגעצויגן אַ סך קונדן, באַזונדערס פון דער הויכער פעטערבורגער אַריסטאָקראַטיע. אין פאַרלויף פון אַ פאָר יאָר איז שאַפּירא געוואָרן דער פאָפולאַרסטער פאָטאָגראַף פון דער רעזידענץ. ער האָט אָנגעהויבן צו באַקומען באַשטעלונגען פון די העכסטע ביוראָקראַטן און פון אַלע מיניסטאָרן. און אַזוי איז ער געוואַקסן און געוואַקסן ביז ער איז געוואָרן דער פאָטאָגראַף פון דער קונסט=אַקאַדעמיע און פון דער גרויספירסטין העלענאַ פאַוולאָוונאַ.

אַזוי האָט זיך שאַפּירא דערוואָרבן אין פעטערבורג אי אַ גרויסן נאָמען אי עשירות. ער האָט זיך אַריינגעצויגן אינגאַנצן אין נייעם לעבנס=שטראָם, און האָט פאַרגעסן לגמרי דאָס אַלטע. טאָמער פלעגט ער זיך ווען ס׳איז דערמאָנען אָן זיין ניטלאַנגעדיקן עבר, פלעגט דאַן אויפבליצן פון זיינע אויגן אַ נקמה=פייערל. אין יענע מינוטן פלעגט ער זיך פאָרשטעלן ווי זיין דעספאָטישער פאָטער וועט זיך קראַמפהאַפט צאַפלען פון גרויס יסורים דערזעענדיק, אַז זיין אשר׳קע, דער אַמאָליקער עלוי, מיט וועמען גאָט און לייט האָבן זיך געבענטשט, האָט זיך אָפגעשמדט און חתונה געהאַט מיט אַ גויה. די דאָזיקע פאָרשטעלונג פלעגט אים פאַרשאַפן פאַרגעניגן. אויסערדעם האָט ער צו יידן און צו יידישקייט קיין אינטערעס ניט געהאַט, און ניט אַרויסגעוויזן.

ער האָט זיך איינגעלעבט אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט, און האָט זיך אין איר געפילט גאַנץ היימיש.

אַזוי האָט זיך געצויגן ביז די לעצטע זיבעציקער יאָרן, בעת מיטן רוסישן ליבעראַליזם האָט אָנגעהויבן צו נעמען אַן עק און אָנשטאָט אים איז אַרופגעשוואומען אין דער עפנטליכקייט אַפריער דער געזעלשאַפטליכער און נאָך אים אויך דער פאָליטישער אַנטיסעמיטיזם. די יידן=פרעסעריי איז געוואָרן אַ טעגליכע ערשיינונג אויף די שפאַלטן פון די גרעסטע רוסישע בלעטער. מ׳האָט אַרויסגעוואָרפן אַ לאָזונג „ז׳יד אידיאָט!״ (דער ייד גייט) און מ׳האָט מיט דעם געוואָלט אַנוואַרפן אַ פחד אויפן רוסישן

עולם מיט אַ וואָרנונג צו היטן זיך פאַר דער פּיאַווקע, וואָס זויגט אויס דאָס בלוט פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

די שטענדיקע זשוזשעריי פון דער אַנטיסעמיטישער פּרעסע האָט צום סוף דערגרייכט אויך צו שאַפּיראָס אויערן. פון אָנפאַנג האָט ער זיך געמאַכט ווי ניט הערנדיק, האָט אָפּגעטריבן פון זיך די גיפטיקע אַרטיקלען, ווי מ'טרייבט אָפּ פון זיך אַ בייזע פליג. ניט לאַנג האָט ער דאָס אָבער געקאָנט. ער האָט דערזען און האָט זיך איבערצייגט ווי די אַרומיקע סביבה ווערט אָנגעזאַפּט מיט אַ ווילדן יידן־האַס, וואָס דראָט צו פאַרשלינגען אַלץ וואָס עס טראָגט אויף זיך דער צלם פון אַ יידן און אַלץ וואָס דערמאָנט מיט זיך די יידישע אָפּשטאַמונג.

און שאַפּיראָ איז פאַרטרייסלט געוואָרן—פאַרטרייסלט ביז דעם דעק פון זיין נשמה. ער האָט זיך מיט אַמאָל דערפילט זייער באַליידיקט. און עפּעס ווי פלוצלונג אַראָפּגעפאַלן פון זיבעטן הימל אין אַ טיפער גרוב. פון יענער מינוט אָן האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן אַ פּראָצעס פון חרטה און פון תשובה, וועלכער האָט זיך ביי אים פאַרענדיקט מיט דעם פולשטענדיקן אינערליכן צוריקקער צו דעם יידישן פאָלק.

## ד.

תיכף מיט זיין צוריקקער צום יידישן פאָלק האָט זיך ביי שאַפּיראָן דערוועקט די אַלטע ליבע צו העברעאיש, צו וועלכער ער האָט פאַרלאָרן יעדן אינטערעס זינט ער איז אַוועק פון ווין. אין ווין, נעפינענדיק זיך אין דער סביבה פון סמאָלענסקינען, האָט נאָך שאַפּיראָ פאָרגעזעצט צו שרייבן זיינע שירים, און דאָרטן זאָל ער אויך האָבן נעלייגט דעם פונדאַמענט צו אַ דיכטערישער שאַפונג אונטערן נאָמען „האב והבן" (דער פאָטער און דער זון) אין וועלכער ער האָט געשילדערט זיינע טרויעריקע איבערלעבענישן אין עלטערן־הויז, און וואָס איז ביי אים איבער געוויסע טעמים פאַרבליבן אין כתב־יד און איז קיינמאָל ניט פאַרעפנטליכט געוואָרן.

קומענדיק אָבער קיין פּעטערבורג, וואו ער האָט איינגעריסן מיט זיין עבר און איז דאָרטן אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ נייעם, פרעמדן לעבנס־שטראָם, איז אינם דאָזיקן שטראָם פאַרזונקען געוואָרן אויך זיין ליבע צו העברעאיש. איצטער האָט די דאָזיקע ליבע ביי אים אָפּגעלעבט מיט אַ נייער קראַפט, און האָט אים אויך צוריקגע־קערט צו זיינע שירים.

אַ גוואַלטיקן רושם האָט געמאַכט צווישן דעם העברעאיש־לעזנ־דיקן פּובליקום שאַפּיראָ׳ס ערשטער שיר „אל משוררי בת־עמי" (צו די דיכטער פון מיין פאָלק), וועלכער איז פאַרעפענטליכט גע־וואָרן אין יאָר 1878. אַ משומד, וואָס שרייבט העברעאישע שירים! און נאָך וועלכע שירים?—אַזעלכע, וואָס די העברעאישע ליטעראַ־טור פאַרמאָגט זיי אַזוי ווינציג; שירים מיט שטאַרקע לירישע טענער און געשריבן אין אַזאַ גלענצענדיקן סטיל, וועלכער האָט זיך ניט יוואָס צו שעמען פאַר דעם העבּרעאישן פּאָעטישן סטיל פון אַ אד״ם הכהן, פון אַ יהודה ליב גאָרדאָן. ס׳איז קיין וואונדער ניט וואָס שאַפּיראָס ערשטער אַרויסטריט אַלס העברעאישער דיכטער איז געווען אין זיין צייט אַ געשעעניש, אַ סענסאַציע, וועגן וועלכער מ׳האָט פיל און מיט גרויס ענטוזיאַזם גערעדט.

אין דעם דערמאָנטן שיר איז נאָך שאַפּיראָ אידעאיש געשטאַנען אויף דעם אַלטן משכילשן־קאָסמאָפּאָליטישן שטאַנד־פּונקט, אַז כדי יידן זאָלן זיין ראוי צו בירגער־רעכט, מוזן זיי אַפּריער אַוועקוואַרפן זייער אַלטן, פאַנאַטישן, לעבנס־שטייגער און צו זען קומען אין אַ האַרמאָנישן אויסגלייך מיט דעם נייעם צייט־גייסט. שאַפּיראָ האָט נאָך דאַן געגלויבט, אַז דאָס וועט זיין אַ סגולה אויך צו דעם אַנטיסעמיטיזם, וועלכער איז אַנטשטאַנען נאָר אַלס פּראָטעסט קעגן דער יידישער פינסטערער, ווילדער אויפפירונג.

ס׳האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט און שאַפּיראָ האָט, צווישן פיל אַנדערע, דערקענט אויף ווי ווייט ניט־ריכטיק ער האָט אָפּ־געשאַצט די באַדייטונג און דעם אינערן זין פון די געשעענישן. דאָס איז געווען אין אַ פּאָר יאָר אַרום, בשעת דער אַנטיסעמיטיזם האָט אויפגעהערט צו זיין אַן אַבסטראַקציע און האָט אָנגעהויבן צו ברייינגען ממשותדיקע פּרוכט אין דער צורה פון די שרעקליכסטע

יידישע פּאָגראָמען און הריגות. די פּאָגראָמען האָבן שאַפּיראָן איננאַנצן צודולט, און אונטער זייער איינדרוק איז אין אים פּאָרגעקומען יענע גרויסע אינערליכע איבערקערעניש, וועלכע האָט אים צוריקגעקערט ניט בלויז צום יידישן פאָלק אַלס אַזעלכן, נאָר אויך צו אַלע זיינע היסטאָריש נאַציאָנאַלע גייסטיגע ווערטן.

פון יענעם מאָמענט אָן האָט זיך אין אים זיין שאַנד אָנגעצונדן ווי אַ העלעשער פייער, וועלכע האָט אים געברענט און געשאַרפעט. באַלד איז ער געוואָרן זייער ערביטערט און דערצאָרנט. ס'האָט אים מיט אַמאָל באַהערשט אַ שטאַרקער דאָרשט נאָך נקמה פאַר דער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע. אין אַ באַזונדער ציקל פון שירים אונטערן נאָמען „שירי־ישורון" האָט די דאָזיקע נקמה איר שאַרפסטן אויסדרוק געפונען. „וואו נעם איך — שרייט אויס דער דיכטער — דעם פייער פון גיהינום און די פּעך און שוועבל פון סדום און עמורה אום חרוב צו מאַכן דורך זיי די גאַנצע וועלט". זיין געפיל־אויסדרוק האָט דערגרייכט צו איר אַפּאָגיי אין זיין געדיכט „ס ב ב ו נ י כ ל ב י ם" (הינט האָבן מיר אַרומגערינגלט). דער דיכטער באַווײנט די גרויסע טראַגעדיע פונ'ם יידישן פאָלק, דאָס גרעסטע פאָלק, וואָס ווערט פון דער גאַנצער מענטשהייט גערודפט נאָר פאַר זיין גרויסקייט און פאַר זיין הויכער מאָראַל.

פון דעמאָלסט אָן דערלאַנגט שאַפּיראָ צו דער מדרגה פון דעם גרעסטן העברעאישן ליריקער. יעדער שיר מאַכט אַלץ אַ מער שטאַרקערן איינדרוק, יעדער שיר צינדט אָן די הערצער. דער דיכטער אַליין ווערט פון זיין אייגענעם פלאַקער אַלץ מער דערוואַרעמט צו זיין פאָלק, צו זיין גרויסן פאָלק, וועלכן ער פאַרגעטערט און פאַר וועלכן ער קניט זיך און בוקט זיך...

די דאָזיקע אינעווייניקסטע איבערקערעניש האָט אַרויסגערופן ביי שאַפּירען אַ שטאַרקן ווידער־ווילן צו זיין גאַנצער סביבה, אָנהויבנדיק פון דער אייגענער הויז. ביסלאַכווייס האָט אים אַלץ אָנגעהויבן פרעמד צו ווערן. אין זיינע באַציהונגען צו דער פרוי מיט די צוויי קינדער איז ער פיל קעלטער און אינדעפערענטער געוואָרן. גרויסע שינוים זיינען פאָרגעקומען אויך אין זיין פאַרקער מיט דער אַרומיקער קריסטליכער וועלט בכלל. אויף ווי ווייט ס'איז

אים געוועזן מעגלעך האָט ער זיך געסטאַרעט אויסצומיידן די קריסטליכע געזעלשאַפט. אין דער זעלביקער צייט האָט ער אָנגע־הויבן זיך אַלץ מערער מקרב צו זיין צו יידן. ער האָט געגומען שיטן מיט נדבות אויף יידישע געזעלשאַפטלעכע קולטורעלע און וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס. אויך פּריוואַטע יידן נויטבאַדערפטיגע, באַזונדערס סטודענטן פון די פּעטערבורגער הויכשולן, פלעגן פון אים גרויסע געלט־שטיצעס באַקומען. גרויס התקרבות האָט ער אַרויסגעוויזן מחברים פון העברעאישע ספרים. וואו נאָר אַ מחבר האָט שוין שאַפּיראָ וועגן אים געוואוסט און האָט ביי אים אויס־געשריבן זיין ספר אַריינשיקנדיק אים פאַראויס אַ מנה יפה. אין יאָר 1886 בעת ד״ר ל. קאַנטאָר איז צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן אין פּע־טערבורג זיין העברעאישע טעגליכע צייטונג „היום“, אַן אונטער־נעמונג, וועלכע האָט געפאָדערט באַדייטנדיקע געלט־סומעס, איז שאַפּיראָ געוועזן פון זיינע גרעסטע אונטערשטיצער. מיט דעם און מיט נאָך אַזעלכע מעשים האָט שאַפּיראָ געזוכט צו פאַרגלעטן פאַר זיך און פאַר לייטן זיין זינד קעגן דעם יידישן פאָלק.

אַ באַגריף וועגן שאַפּיראָס שטימונג אין יענער צייט קען מען באַקומען לויט די פאָלגענדיקע זכרונות פון זיינעם אַ גוטן באַקאַנטן, ג. גיטעלעוויטש:

„איינמאָל—אַזוי דערציילט גיטעלעוויטש — איז צו מיר גע־קומען שאַפּיראָ גאַנץ פרי און אים האָט געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן: „היינט — האָט ער געזאָגט—וועט צו מיר קומען דער גלח אָפּצושמדן מיין ניי־געבאָרענעם זון. כ'בין דעראיבער גיך אוועק פון דער היים כדי מיינע אויגן זאָלן ניט זעען דאָס, וואָס מיר איז שווער צו זעען. עס פלאַצט אין מיר מיין האַרץ דערמאָנענדיק זיך, אַז ווען איך וואָלט זיך ניט געטויפט, וואָלטן צו מיר היינט געקו־מען דער רב, דער חזן און דער מוהל און חשוב'ע פערזאָנען פון מיינע גוטע פריינד און באַקאַנטע, מיר וואָלטן געשמועסט פון דברי־תורה און ס'וואָלט ביי מיר געווען אַן אמת'ער יום־טוב, און איצטער איז דאָס ביי מיר אַ פאַרשטערטער יום־טוב“...

„און שאַפּיראָ—אַזוי פאַרענדיגט גיטעלעוויטש—איז ביי מיר אָפּגעזעסן אין וואוינונג פון אינדערפרי ביז אין אָוונט. די גאַנצע

צייט האָט ער זיך געקאָכט, און האָט פאַרשאָלטן דעם טאָג, אין וועלכן ער האָט זיך געשמד'ט".

ווי ס'פלעגט נאָר קומען אַ יידישער יום־טוב, האָט שוין שאַפּיראָ ניט געקענט איינזיצן אין שטוב. אים האָט געצויגן צו פאַרברענגען די ימים־טובים אין אַ יידיש־נאַציאָנאַלער סביבה. באַזונדערס פלעגט ער זיך זען באַזאָרגן אַזאַ סביבה פאַר די פסח׳דיקע טעג. די גאַנצע אַכטאָג פון פסח פלעגט שאַפּיראָ פאַר־ברענגען ביי באַקאַנטע יידן, און דוקא ביי אָרטאָדאָקסן, וואו עס שמעקט אויף יעדן טריט מיט מער עכטער טראַדיציאָנעלער יידיש־קייט.

געוויינלעך האָט אַזאַ סאָרט אויפפירונג מצד שאַפּיראָן ניט געקענט בלייבן אומבאַמערקט פון זיין פרוי, און ער האָט צוליב דעם תמיד געמוזט אויסשטיין די גרעסטע אומאַנגענעמליכקייטן. די פרוי האָט אים געדראָט, אַז זי וועט אים פאַרמסרן פאַר דער גלחשער קאָנסיסטאָריע. דאָס האָט אים געצוואונגען אָנצונעמען געוויסע מיטלען פון פאָרזיכטיקייט. ווי פאָרזיכטיג ער איז אָבער געווען איז אַלץ זיין הויפּט־פאַרקער געווען נאָר מיט יידן און צווישן יידן. תמיד איז ער אומגעגאַנגען מיט דעם איין געדאַנק אויסצונוצן זיין רייכטום און זיין שטעלונג אַלס הויף־פאָטאָגראַף לטובת דעם יידישן פאָלק. צווישן זיינע שטענדיגע קליענטן האָט ער געהאַט די העכסטע ביוראָקראַטן, באַאַמטע פון די פאַרשיידע־נע דעפּאַרטאַמענטן און מיניסטעריומס, און דורך זיי פלעגט ער זיך גאַנץ אָפט דערוויסן וואָס עס ווערט אין די ספערן געפּלאַנט וועגן יידן. וואו ער האָט געגלויבט, אַז זיין וואָרט וועט העלפן, דאָרטן איז ער געווען אויף דער וואַך און האָט געטאָן אַלץ וואָס מען באַדאַרף אָפּצוהיטן יידן פון אַ צרה; און וואו ער אַליין האָט גאָרנישט געקענט אויפטאָן, האָט ער אַזוי לאַנג געזוכט ביז ער האָט אויסגעפונען די ריכטיגע וועגן דורך וועלכע מ'קען צוטרעטן צו דעם אָדער צו יענעם גדול אין וועמעס האַנט עס ליגט דער גורל פונם יידישן מצב.

איינער פון די מיטלען, וועלכן שאַפּירא פלעגט גאַנץ אָפט אָנווענדן כדי צוצוקומען צו אַ הויכן ביוראָקראַט, וועמעס טובה

ער האָט געדאַרפט האָבן פּאַר געוויסע יידישע אינטערעסן, איז געווען — דאָס פּרעפּעראַנס. שאַפּירא פּלעגט לכתחלה באַזוכן די גרעסטע פּעטערבורגער שפּיל־קלובן, וואו עס קלייבן זיך צונויף די העכסט־אָנגעשטעלטע ביוראָקראַטן; דאָרטן פּלעגט ער מיט זיי שפּילן אין פּרעפּעראַנס און לאָזן זיך מיט אַ כיוון אָפּגעווינען פון אים גרויסע געלט־סומעס, און דערביי אַריינגיין מיט זיי אין אַ שמועס וועגן דער אָדער יענער יידישער אָנגעלעגנהייט און פּאַר־לאַנגען זייער נוצליכע מיטווירקונג. גאַנץ אָפט פּלעגט זיך דער דאָזיגער שמועס פאַרענדיגן ביים בופעט, וואו שאַפּירא פּלעגט זיך ווידער לאָזן קאָסטן אַ היבשע קאָפּיקע, און ווערנדיק בגלופין פּלעגן די ביוראָקראַטן ממלא זיין זיין רצון. אַזוי, למשל, פּלעגט טרעפן, אַז אין דער העכסטער אינסטאַנץ פאַר צענזור־ענינים פּלעגט ווערן אַ קטרוג אויף אַ וועלכער ס'איז יידישער צייטונג, און דער צייטונג, און אַמאָל אויך דעם רעדאַקטאָר, האָט דער־וואַרט אַ גרויסע שטראָף. אין אַזעלכע פאַלן פּלעגט שוין שאַפּירא אויפזוכן די געלעגנהייט צו באַגעגענען זיך מיטן דירעקטאָר פון צענזור־דעפּאַרטאַמענט און צו מאַכן מיט אים אַ פּרעפּעראַנס. ביים פּרעפּעראַנס פּלעגט שאַפּירא געווינגלעך פאַרשפּילן שיינע עטליכע הונדערט רובל, און דאָס פּלעגט שוין זיין אויפקויפס־געלט פאַר דעם חטא פונם יידישן רעדאַקטאָר, און זיין צייטונג פּלעגט זיך בשלום ווייטער אַרויסגיין. אָט אַזוי האָט זיך דאָס שאַפּירא געזוכט ריין צו וואַשן זיך פון זיין פּלעק.

## ה.

און מ'מוז זאָגן, אַז שאַפּירא האָט אין דעם זין אַזוי פיל אויפגעטאָן, דאָס לייט האָבן שוין ווירקלעך אָנגעהויבן צו פאַר־געסן וואָס ער איז, און מ'האָט זיך צו אים פאַרהאַלטן ווי צו אַן עכטן יידן. אין דער פּראָווינץ האָט כמעט קיינער ניט געוואוסט, אַז שאַפּירא איז אַ געשמדטער ייד; דאָרטן האָט מען נאָר געוואוסט וועגן שאַפּירן דעם גרויסן העברעאישן ליריקער. שאַפּירא אַליין איז נאָך אָבער אַלץ געווען מסופּק אין דעם, צו ער האָט שוין

דערגרייכט זיין ציל. איס האָט זיך געדאַכט, אַז די אייזערנע וואַנט, וועלכע ער האָט דורכן שמד אַוועקגעשטעלט צווישן זיך מיט דעם יידישן פאָלק, עקסיסטירט נאָך, און האָט געגלויבט צו באַמערקן אַ געוויסן חשד אין די יידישע באַציאונגען צו אים. דאָס האָט אין אים אַרויסגערופן אַ גרויסע דערביטערונג. אַ פאַרביטער־טער איז ער אַרומגעגאַנגען אויף יידן און אויף זיך אַליין. זיין אויפרעגונג האָט זיך אין אים געשטאַרקט וואָס גרעסער און אינ־טענסיווער עס איז אין דער יידישער גאַס געוואָרן די אַגיטאַציע פאַר דעם יידיש־נאַציאָנאַלן אויפלעבונגס־געדאַנק. די הייסע אַר־טיקלען אין די צייטונגען און די מונדליכע דרשות אין די בתי־מדרשים און מאַסען־פאַרזאַמלונגען קעגן די יידישע רענעגאַטן, די בוגדים, די פאַררעטער פון פאָלק, האָבן אין אים אויפגעקאָכט זיין בלוט. ער האָט זיך איינגעשמועסט, אַז די אַגיטאַטאָרן זיינען זיך מתכוון לכתחלה צו שיסן זייערע פיילן און צו טרעפן דוקא אַזעל־כע מענטשן ווי ער, און דאָס האָט אין אים אָנגעצונדן ווי אַ העל־ליש פייער. באַזונדערס איז ער געווען אויפגעבראַכט אויף עטלי־כע באַוואוסטע אַגיטאַטאָרישע עסקנים פון די „חובבי־ציון“, וועל־כע זיינען דאַמאָלסט געווען די הויפט־קעמפער פאַרן יידישן־נאַצי־אָנאַל־געדאַנק. לייענענדיק זייערע פייערדיקע אַרטיקלען איז ביי אים אויסגעקומען עפּיס אַזוי ווי די שרייבער וואָלטן געמיינט צו געבן אים אָנצוהערעניש, אַז פאַר אַזוינע ווי ער איז ניטאָ קיין אָרט אין דעם ריין יידיש־נאַציאָנאַלן לאַגער. דאָס האָט אים זייער געערגערט און האָט אים געמאַכט מלא חימה אויף די „ניי־אויס־געבאַקענע“ נאַציאָנאַליסטן, ווי ער האָט זיי דאַן גערופן. צום סוף האָט ער זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן, און איז אַרויס אין דער העברעאישער פרעסע מיט זייער אַ שאַרפער פּאָלעמיק קעגן אייניגע פאָרשטייער פון די, לויט זיין מיינונג, נ י י ע נאַציאָנאַליסטן. אין זיין פּאָלעמיק האָט ער אָבער אַריבערגעכאַפּט די מאָס. ער איז אַרויס פון די געוויינלעכע ראַמען פון פרייער דיסקוסיע און האָט זיך אַריינגעלאָזן אין פערזענלעכקייטן, און דאָס האָט דאַן געמאַכט אויפן העברעאישן לעזע־פּובליקום זייער אַ שווערן איינדרוק. זיין אַרויסטרעטונג איז ניט געבליבן אָן אַ תשובה מצד די אָנגעגריי־

פענע שריפטשטעלער. מ׳האָט אים אין אַן איידעלער פאָרם געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ווער-ווער, אָבער ניט ער האָט דאָס מאָראַלישע רעכט צו נעמען אַן אָנטייל אין דער אויפקלערונג פון אַ ריין יידישער פראָבלעם... דאָס איז געווען ווי בוימאייל אויפן פייער. שאַפּיראָ האָט זיך דאַן אויס גרויס ערגערניש אַזוי פאַרלאָרן, דאָס ניט אָפּגעבנדיק זיך קיין דין-וחשבון איז ביי אים רעכט געוואָרן אויפצוועקן פאַר וועמען מען באַדאַרף עטלעכע חשדים אויף די טוער פון „חבת-ציון“... דורך שאַפּיראָן האָט זיך דאַמאָלסט די גאַנצע באַוועגונג געפונען אין גרויס סכנה, און נאָר מיט גרויס מי האָט זיך אַיינגעגעבן אַרויסצוראַטעווען איר.

ס׳איז אַריבער אַ קורצע צייט און ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די „נייע נאַציאָנאַליסטן“, קעגן וועלכע שאַפּיראָ האָט אַזוי שטאַרק געקעמפט, האָבן סוף-סוף געהאַט אַ השפעה, און אפשר אומבאַוואוסטזיניק, אויף אים און זיין מוזע. אין די שירים, וואָס שאַפּיראָ האָט נאָכדעם געשריבן, האָט מען שוין גאָר אַנדערע קלאַנגען געהערט. ער אַליין רופט זיי אָן קלאַנגען פון צאָרן און נקמה; אין אמתן זיינען דאָס גאָר אָפּקלאַנגען פון טרויער און פון ביינקעניש, טרויער אויף דער פינסטערער געגענוואַרט און דעם ביטערן גלות, און בייִנקעניש נאָך אַ ליכטיקער צוקונפט, ניט אין דער פרעמדס, נאָר אין דער אייגענער היים, אין ארץ-ישראל.

שאַפּיראָ איז געוואָרן אַ הייסער חובב-ציון, אָבער ניט בלויז אין דער טעאָריע. ער האָט באַשלאָסן צו ליקווידירן זיינע געשעפטן און אַרויסצופאָרן קיין ארץ-ישראל, כדי דאָרטן צוריק אַ ייד צו ווערן. ער האָט שוין געוועסט אָנגעהויבן צו מאַכן די נויטיקע הכנות און קלייבן זיך אין וועג אַריין. אָבער אין יאָר 1890 איז ער פּלוצלונג געשטאָרבן.

אין דעם לעצטן יאָר פאַר זיין טויט האָט שאַפּיראָן אָנגענומען אַ חשק אַראָפּצופאָרן אין זיין געבורטשטאָט. זיינע עלטערן זיינען שוין דאַן לאַנג געשטאָרבן. ער האָט נאָך אָבער געפונען אין גראָדנע איינעם פון זיינע אַמאָליקע מלמדים, וועלכער האָט אים געדינט פאַר אַ טעמע אין זיין שיר „שתי דמעות“ (צוויי טרערן). דער מלמד האָט זיך אים אַרויפגעוואָרפן אויפן האַלז און

האָט זיך מיט אים הערצלעך צוקושט, ניט קענענדיק זיך דערביי איינהאַלטן פון געוויין. אַז גיטעלעוויטש האָט נאָכדעם געפרעגט ביי שאַפּיראָן: „ווי איז דאָס גאָר מעגלעך? איר זייט דאָך אַ גלות אָן אַ שום זכר פון אַ צלם אלקים, און אין אַזאַ רשע ווי איר זייט טאָר מען זיך דאָך גאָר ניט איינקוקן?" האָט אויף דעם שאַ-פּיראָ געענטפערט: „איך האָב זיך אויף דעם אויך שטאַרק גע-וואונדערט".

איך וויל דאָ פאַרענדיקן מיט אַ קליינעם פּרט, וועלכער איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער באַציאונג מצד צוויי פון די גרעסטע און בעסטע רוסישע לייט צו שאַפּיראָן.

דער אויבנדערמאָנטער גיטעלעוויטש דערציילט אין זיינע פאַרינערונגען וועגן שאַפּיראָן פאָלגענדעס:

„דער באַקאַנטער העברעאישער דיכטער יהל"ל האָט מיר אַנומלט געשריבן אין אַ בריוו: „איר קענט דאָך טאָלסטאָיען — יענעם טאָלסטאָי, וועלכער איז פול מיט גרויס ליבשאַפט צו דער גאַנצער מענטשהייט — טאָלסטאָי! די קרוין פון אַלע באַשעפענישן! און ער האָט אַ גוטן פריינד: דער גרויסער געלערנטער סטראַ-כאָוו. האָט זיך אין דעם זשורנאַל „סאָווּרעם. מיר" אין יולי-ביכל פון יאָר 1913 אָפּגעדרוקט אַ בריוו-וועקסל צווישן טאָלסטאָיען מיט סטראַכאָוון. אין סטראַכאָווס אַ בריוו צו טאָלסטאָיען פונם 11-טן מערץ 1879 שרייבט ער, אַז שאַפּיראָ איז צו אים געקומען אום משתדל צו זיין זיך, דאָס ער זאָל זען ווירקן אויף טאָלסטאָיען צו לאָזן פאָטאָגראַפירן זיך מיט זיין פרוי און די קינדער פאַר דער קאָלעקציע פון רוסישע שריפטשטעלער, וואָס ער, שאַפּיראָ, גיט אַרויס. שאַפּיראָ האָט צו אים געבראַכט אַ רעקאָמענדאַציע פון פּראָפעסאָר קאַסטאָמאַראָוו, וועלכער לויבט אים פאַר אַן אויסגעצייכנטן מענטשן. דערביי שרייבט סטראַכאָוו: „אַ מייסטער איז ער, ווי עס ווייסט אויס, זייער אַ גרויסער, נאָר אויסער דעם, איז ער, ניט-קוקנדיק אויף דעם וואָס ער זעט אויס ווי אַ זשיד (ער איז אין אמתן אַ זשיד) אַגאַנץ געלאַסענער און אַ זיכערער". טאָלס-טוי אין זיין בריוו רופט אויך שאַפּיראָן זשיד. איבערלייענענדיק די ווערטער — שרייבט יהל"ל — בין איך געוואָרן אויפגעציטערט זע-

ענדיק, אַז זייערע גרויסע ליבעראַלן און באַרימטע הומאַניסטן רופן אָן צווישן זיך די יידן מיטן נאָמען „זשיד“, און סטראַכאָוו באַטאָנט נאָך, אַז כאָטש ער איז אַ „זשיד“ פונדעסטוועגן דאַכט מיר, דאָס ער, שאַפּיראָ, איז אַן אָרענטלעכער מענטש. אין דער מינוט האָב איך דערפילט אַ שטיקל פריילעכע נקמה אָן דעם משומד שאַפּיראָן, כאָטש צווישן משומדים איז ע ר געווען דער בעסטער“.

דער דאָזיקער פאַקט באַנוציקט זיך ניט אין פירושים. ער רעדט פאַר זיך...



## VII.

# אָסיפ קאָנסטאַנטינאָוויטש נאָטאָוויטש.

### א.

זיין פאָטער, יצחק נאָטאָוויטש, איז געווען פון די באַוואוסטע רבנים אין רוסלאַנד, דער מחבר פון איינינע וויכטיגע רבנישע ספרים. ער איז געווען רב אין פאַרשיידענע שטעט ווי: קערטש, סימפעראָפּאָל און טאַגאַנראָג. האָבנדיג זעהר אַ קליינע מיינונג וועגן די קרימער מלמדים, האָט ער דעריבער זיין זון יוספן ניט געשיקט אין אַ חדר, און האָט מיט אים אַליין געלערנט. צו פופצען יאָר האָט ער אים אַוועקגעשיקט אין זשיטאָמירער ראַבינער-שול. דער יונגער נאָטאָוויטש האָט אָבער צו די יידישע למודים אַרויסגעוויזן אַ קנאַפּן חשק. קעגן דעם פאָטערסווילן איז ער אַרויס פון ראַבינער-שול. צוריקקומענדיג קיין סימפעראָפּאָל איז ער דאָרטן אַריין אין גימנאַזיע, וועלכער ער האָט פאַרענדיקט מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל. דאַן איז ער אַריינגעטראָטן אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט אויפן יורידישן פאַקולטעט. נאָך זיצנדיק אויפן באַנק פון אוניווערסיטעט האָט ער אַרויסגעוויזן זייער גלענצנדיקע ליטעראַרישע פעאיגקייטן. זיינע ערשטע שריפטשטעלערישע אַרבעטן זיינען געווען אויף ריין יידישע טעמעס. ער האָט דאַן מיטגעאַרבעט אין דעם רוסיש-יידישן וואָכנבלאַט „וויעסטניק רוסקיך יעווריעוו", וואָס צעדערבוים האָט אַרויסגעגעבן אין פּעטערבורג.

פון 1873-טן ביז 1874-טן יאָר איז נאָטאָוויטש געווען דער

פּאַקטישער רעדאַקטאָר-אַרויסגעבער פון דער טעגליכער צייטונג „נאָוואָיע ווראעמיאַ“, וועלכע האָט נאָך דאַן געשמט פאַר אַן עקסס ליבעראַלן בלאַט. אין יאָר 1876 האָט נאָטאָוויטש אָפּגעקויפט דאָס צייטונגל „נאָוואָסטי“, און האָט עס אין אַ גאַנץ קורצן משך צייט געבראַכט צו דער מדרגה פון אַ גרויסן באַדייטנדיקן פּאָליטישן אָרגאַן, אַרום וועלכן ס'האָבן זיך גרופּירט די באַרימטעסטע רוסישע שריפטשטעלער און זשורנאַליסטן פון ליבעראַלן-פּראָגרעסיוון לאַגער.

אָבער וואָס מער פּאָפּולערער נאָטאָוויטש איז געוואָרן אין דער רוסישער וועלט, אַלץ מערער האָט ער זיך אָנגעהויבן מרחיק צו זיין פון יידן, און פון יידישע אינטערעסן. מיט אַלע מעגליכקייטן האָט ער זיך געסטאַרעט אָפּצוהיטן זיין צייטונג ס'זאָלן אין איר חלילה ניט אַריינדרינגען קיין יידנפריינדליכע טענדענציעס, ווי דער שטרויס-פויגל, וועלכער באַהאַלט זיין קאָפּ מען זאָל אים ניט זען, אַזוי האָט דער רעדאַקטאָר פון „נאָוואָסטי“ געגלויבט, אַז דורך דעם, וואָס ער וועט סיסטעמאַטיש פאַרשווייגן די יידנפראַגע, וועט ער זיך מציל זיין פון די אָנפאַלן פון די אַנטיסעמיטישע פובליציסטן. ווי ווייט דער מענטש האָט זיך געפלייסט צו פאַרבאָרגן זיין יידישע אָפּשטאַמונג, באַווייזט דער פאָלגנדער פאַקט: בעת ס'איז געשטאָרבן זיין פאָטער, דער טאַגאַנראָגער רב, איז ער געקומען צולויפן אין דער רעדאַקציע פון „רוסקי יעווריי“ און האָט געבעטן, אַז מען זאָל ניט דרוקן קיין נעקראָלאָג וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם, כדי ניט צו געבן קיין געלעגנהייט דער יידנפיינדליכער פרעסע אָפּצוחוזקן פונם „בן-הרב“, דעם רעדאַקטאָר פון אַ רוסיש בלאַט...

דער זשורנאַליסט א. ע. קויפמאַן, וועלכן נאָטאָוויטש האָט אין יאָר 1884 איינגעלאַדן יאַלס נאַכט-רעדאַקטאָר פון „נאָוואָסטי“, דערציילט אין זיינע עראינערונגען, אַז יעדעס מאָל, וואָס נאָטאָוויטש פלעגט אַרויספאָרן אויף אַ זומער-וואוינונג אָדער קיין אויסלאַנד, פלעגט ער אים מתרה זיין: „זעט נאָר, אַז איר זאָלט מיר אָקאָרשט, גאָט באַהיט, ניט פאַריידישן מיין „נאָוואָסטי“!

בעדענקט, אַז איר זייט איצטער אַ מיטאַרבעטער ניט פון „רוסקי יעווריי"!

בעת ס'איז געשטאָרבן דער באַוואוסטער רוסיש-יידישער ראָמאַניסט ג. באָגראָוו (שוין אפילו אַ געטויפטער ייד!) האָט קויפּ-מאַן געגעבן אויסזעצן דעם נעקראָלאָג, וועלכן ס'האָט דאַן גע-בראַכט דער געשוואָרענער אַדוואָקאַט פּ. י. לעווענסאָן. אויף מאָרגן האָט אים דערפאַר נאָטאָוויטש שטאַרק פאָרגעוואָרפן: „אַ צו גרויסן פּירוש האָט איר געמאַכט פון אייער באָגראָוון! — האָט צו אים נאָטאָוויטש געזאָגט — עפּעס ווי אַ צווייטער טורגעניעוו וואָלט דאָס געשטאָרבן"!

די סוף זיבעציקער יאָרן, בעת פּירשט א. י. אורוסאָוו האָט פאַרעפנטליכט אין „נאָוואָסטי" זייער הייסע אַרטיקלען וועגן דעם משפּט פונם לוצינער בלוט-בלבול, אין וועלכן ער איז אַרויסגע-טראָטן אַלס געשוואָרענער אַדוואָקאַט, איז נאָטאָוויטש פון דעם זייער אומצופרידן געווען, און אין אַ האַלב-איראָנישן טאָן האָט ער אים באַמערקט: „די יידן מוזן אייך, אַלעקסאַנדער איוואַנאָ-וויטש, אויסקלייבן פאַר אַ רב אַלס דאַנק פאַר דעם, וואָס איר האָט זיך פאַר זיי אַזוי הייס אָנגענומען"...

די „נאָוואָסטי" פלעגט, זעלבספאַרשטענדלעך, ברענגען פאַקטן פון יידישן לעבן, ידיעות וועגן גירושים און פּאָגראָמען, באַריכטן וועגן פּראָצעסן, אין וועלכע ס'האָבן פיגורירט יידן, אָבער תמיד אָן אַ שום באַזונדער באַטאָנונג, און אָן אַ וועלכער ס'איז באַמערקונג פון דער רעדאַקציע. עס זיינען פאָרגעקומען פאַלן, ווען גרויסע רוסישע שריפטשטעלער, מיטאַרבעטער פון „נאָוואָסטי" און יידן-פריינד, האָבן געוואָלט אַרויסזאָגן זיך אין דער צייטונג וועגן דער יידן-פראַגע, און האָבן דאָס ניט געקענט דורכפירן, ווייל נאָטאָוויטש האָט עס זיי ניט דערלויבט.

כאַראַקטעריסטיש פאַר נאָטאָוויטשעס „יידן-מורא" איז אויך דער פאָלגנדער פאַקט:

דער אין זיין צייט באַוואוסטער רוסישער קריטיקער, וועל-כער האָט יאָרן-לאַנג געשריבן אין „נאָוואָסטי", וועכנטליכע ליטע-ראַטור-איבערזיכטן אונטערן פּסעוודאָנים וו. צ'ויקאָ, האָט ריידנדיק

אמאָל וועגן פרוגס פּאָעטישע שאַפונגען, ניט אַרויסגעוויזן קיין געהעריגע פאַרשטענדניש פאַר דער מוזע פון דעם דערמאָנטן דיכטער. צ׳ויקאָ האָט געגלויבט צו געפינען נאכאַמונגס=מאָמענטן און פרוגס פּאָעזיע, און האָט נאָך דערצו אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז פרוג קאָפּירט באַזונדערס בייראָנען, און ניט בלויז לויט די איבערזעצונגען, נאָר אויך לויטן אָריגינאַל. ביי דעם רוסישן קריטיקער איז אויסגעקומען אַז פרוג זיצט ביים שרייב=טיש, האַלט פאַר זיך בייראָנס איינגלישע ווערק און זעצט עס גלייך איבער אין רוסיש. אַז קויפמאַן האָט אויפמערקזאַם געמאַכט נאָטאָוויטשן אויף דעם גראָבן טעות, אין וועלכן צ׳ויקא איז אַריינגעפאַלן, האָט ער אים אויף דעם געענטפערט: „תמיד האָט איר ליב צו איבערטרייבן ווען איר רעדט וועגן די אַייך טייערע יידישע שריפטשטעלער!“.

ב.

מיט דער דאָזיגער דערווייטערונג פון יידן און פון יידישקייט האָט זיך נאָך אָבער נאָטאָוויטש ניט באַנוגנט, און ער האָט באַשלאָסן איבערצורייסן אינגאַנצן מיט זיין פאָלק. ניט קלערנדיק פיל, און אָן אַ שום אינעווייניגסטן קאַמף, האָט ער זיך אין אַ שענעם פרימאָרגן אָפּגעשמדט מיט דער גאַנצער פאַמיליע. ער האָט געהאָפט און דערוואַרט, אַז דורך דעם דאָזיגן אַקט האָט ער זיך אַזוי ריין געוואַשן פון זיין יידישקייט, דאָס ס׳וועט זיך שוין ניט געפונען קיינער, וואָס זאָל האָבן די העזה צו שיסן אין אים אַלס יידן. גאָר אינגיכן איז זיך אים אָבער אויסגעקומען צו איבערצייגן, דאָס „זיין בטחון איז געוואָרן צוקראָכן“. פאַרקערט: נאָך דעם ווי עס איז באַקאַנט געוואָרן דער פאַקט וועגן זיין טבֿילה, האָט די גאַנצע אַנטיסעמיטישע פרעסע, מיט דער „באָוואָיע=ווערעמיאַ“ בראש, אָנגעהויבן נאָך מער אָפּצושפּאָטן פון אים. כמעט טאָגטעגליך האָט זי אים אויפגעוואָרפן זיין יידישע אָפּשטאַמונג און האָט אים אַנדערש ניט גערופן ווי נאָר „יאָשקע מיקווע“, „יאָשקע זשיד“, „יאָשקע משומד“ א. א. וו.

די רעאַקציע אין רוסלאַנד איז געוואָרן שטאַרקער און שטאַרקער און מיט איר האָט אַלץ מער געוואַקסן דער געזעל־שאַפטליכער און דער פּאָליטישער אַנטיסימיטיזם. סובאָרין האָט אין זיין „נאָוואָיע ווּרעמיאַ״ אַרויסגעוואָרפן די לאָזונג „וואָס מער אומערטרעגליכער צו מאַכן דאָס יידישע לעבן אין רוסלאַנד״, האָט נאָכאַנאַנד געגאָסן אויף יידן פּעך און שוועבל און פּאָרגע־לעגט דער רעגירונג צו מאַכן פאַר זיי פאַרשיידענע באַגרענצונגען, און אין דער צייט האָט נאָטאָוויטש אין זיין „נאָוואָסטי״ אָנגע־נומען אַ פּולן מויל וואַסער און געשוויגן, און אַלץ פאַר מורא, מ׳זאָל אים ניט דערמאָנען זיין יידישקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך זייער געשעמט.

אַלץ האָט אָבער אַ ברעג. ס׳האָבן זיך אָנגערוקט די „פּתיי־הייטס־טעג״ מיט די שרעקליכע פּאָגראָמען, וועלכע האָבן געמאַכט אויף נאָטאָוויטשן אַ גוואַלטיגן איינדרוק. ס׳האָט אויסגעוויזן ווי, ס׳וואָלט ביי אים אינעווייניק עפּעס געפּלאַצט... מיט אַמאָל האָט ער איבערגעריסן זיין לאַנגן שטילשווייגן וועגן דער יידישער פראַגע. ער האָט אָנגעשריבן אַ הייסן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט גע־זאָגט, אַז אויסמיידנדיק אין פאַרלויף פון פיל יאָרן אָנצורירן די דאָזיקע פאַרפּלוכטע פראַגע, האָט ער שוין דורכדעם אַליין דער־וואָרבן דאָס מאָראַלישע רעכט ניט צו ווערן פאַרדעכטיקט אין וועלכע ס׳איז סוביעקטיווע פּניות; אָבער מער שווייגן קען ער שוין ניט. דער אַרטיקל האָט געהייסן: „לאָמיר זיך דורכרעדן״...

אָנשרייבנדיק דעם דאָזיגן אַרטיקל האָט זיך נאָך נאָטאָ־וויטש אַ געוויסע צייט געשלאָגן מיט דער דעה, צו זאָל ער אים פאַרעפנטליכן אין דרוק. „זעט אָקאָרשט — אַזוי דערציילט קויפּ־מאַן — האָט צו מיר געזאָגט נאָטאָוויטש, אַז דער אַרטיקל זאָל ניט אַריינפאַלן אין נומער פלוצלונג. מען דאַרף נאָך גוט באַקלערן: צי דאַרף איך איצטער צושטערן מיין לאַנגעס שטילשווייגן אין דער יידן־פראַגע״.

„ס׳האָט זיך אָבער געדאַרפט מאַכן — פאַרענדיקט קויפּמאַן — אַז אין איינעם פון די נאָהענטע טעג איז ניט געווען פאַרן נומער

קיין אַנדער לייט־אַרטיקל וועגן אינעוועניקסטע פראַגן און דער אַרטיקל „לאָמיר זיך דורכרעדן" איז אַריין אין בלאַט.

פון יענער צייט אָן האָט נאַטאָוויטש באַקומען מוט און האָט גענומען עפטערס רעדן וועגן יידן און וועגן יידישע אינטערעסן ניט נעמענדיק אין אַכט די אינסינואַציעס און די אָנפאַלן מצד די אַנטיסעמיטישע פּובליציסטן. ביסלאַכווייס איז נאַטאָוויטש אַריבער פון דעפענסיוון צושטאַנד צום אָפענסיוון און האָט אָנגעהויבן צו מאַכן אָנפאַלן אויף דער יידנפרעסערישער פרעסע, „נאָוואָסטי" האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם פּחד און האָט פאַרפירט אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן „נאָוואָיע וורעמיאַ" אַנטפּלעקנדיק פאַר דער ברייטער עפנטליכקייט אַלע שעדליכע מאַכינאַציעס פון די אַנטיסעמיטישע זשורנאַלן. נאַטאָוויטשעס אַרטיקלען זיינען געווען געשריבן מיט אַזאַ דרייסט און אין אַזאַ ענערגישן טאָן, דאָס די רעגירונג האָט עס שוין ניט געקענט אַריבערטראָגן און האָט אַרויפגעלייגט אויף דער צייטונג עטליכע מאָל נאָכאַנאַנד גרויסע געלטשטראָפן, וועלכע דאָס בלאַט האָט שוין ניט געקענט אויסהאַלטן. דאַן האָט זיך נאַטאָוויטש דערוואוסט, אַז ס'איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג אים צו אַרעסטירן. ער האָט זיך אָבער מקדים געווען און האָט מיט דער פאַמיליע געמאַכט פּליטה קיין אויסלאַנד. פון דאַמאָלסט אָן איז נאַטאָוויטש פאַרשוואונדן געוואָרן פון דער ליטעראַריש־זשורנאַליסטישער אַרענע. אינמיטן דער וועלט־מלחמה איז ער געשטאָרבן אין פאַריז אין גרויס דחקות.



VIII.

# יוסף ראַבינאָוויטש.

## א.

בײ חסידישע עלטערן אין אָרגײעװ בעסעראַבער גובערניע איז ער געבאָרן געװאָרן. אין דער יוגנט, און אויך אַ היבשע צײט נאָכדעם װי ער האָט שױן חתונה געהאַט, פלעגט ער אויף אַלע ימים נוראים פאָרן צוזאַמען מיט זײן פאָטער צום בעלזער גוטן יידן. דאָרטן פלעגט דער יונגער ראַבינאָוויטש פאַרברײנגען אין „הויף" ביז אַ שטיק אין װינטער אַרײן. פלעגט פלײסיק כאַפּן „שירים" פון רבינס טיש, באַטײליגן זיך אין די „שלש סעודה'תן" און „מלוה מלכה'ס", זיך אויסגעלערנט דבקהנען בײם דאַװנען, און איבערגעזאָגט װאָרט בײ װאָרט די חסידישע תורות. קומענדיק אַ הײם האָט ער זײן פרוי געלאָזן זײן די מפרנסת, און אַלײן האָט ער די גאַנצע צײט פאַרבראַכט אין שטיבל מיט נאָך אַזעלכע חסידישע יונגע לײטלאַך װי ער, געפּיפּקעװעט און דערצײלט מעשיות פון בעש"ט און פון אַנדערע גוטע יידן, און דערבײ גענומען צו ביס־לאַך משקה מיט פאַרבײסן. זײענדיק באַזונדערס פײאיק האָט ראַ־בינאָוויטש געקראָגן אַ נאָמען אין דער חסידישער װעלט, געװאָרן אַ גרויסער תקיף אין „הויף" באופן, אַז דער בעלזער פלעגט אים גאַנץ אָפט אַראָפּרופן צו זיך אויף ישוב הדעתן װעגן פאַרשײדע־נע כלל־ענינים.

האָט געדאַרפט פּאַסירן, אַז אין אַ שײנעם פרימאָרגן איז גע־קומען קײן אָרגײעװ אַ מלמד פון ליטע. דער מלמד דאָט זיך אַרויסגע־

וויזן פאַר אַ וואויללערנער און האָט באַלד באַקומען תלמידים. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אנגעהויבן צו לערנען מיט אָרגייעווער קינדער תנ״ך, דקדוק און העברעאיש. די אָרגייעווער מלמדים, וועלכע זיינען אַלע געווען חסידים, האָבן תיכף געמאַכט אַ גרויסן „ויצעקו״, אַז דער מלמד דער ליטוואַק איז אַן אפיקורס, וועלכער איז לכתחילה אַהער געקומען אַראָפּצופירן יידישע קינדער פון דרך הישר, און בכן דאַרף מען אים זען אַרויסשיקן פון שטאָט. די דאָזיקע מלמדים האָבן צוגעצויגן צו זיך אַ כנופיה חסידים און אַלע צוזאַמען זיינען זיי אַרויס צום הייליקן קאַמף קעגן דעם ליטווישן מלמד. בראש פון דער דאָזיקער כנופיה האָט זיך אַוועקגעשטעלט ראַבינאָוויטש. מיט זיין געשליפענעם צינגל האָט ער ניט אויפגעהערט צו דרשהנען וועגן דעם מלמד אין אַלע שטאָטישע חסידישע שטיבלאַך און ביי יעדער פאַרזאַמלונג און אויפן גאַס און וואו ער האָט נאָר דערצו געהאַט די געלעגנהייט, און אומעטום האָט ער געוואָרנט דעם עולם פון דער סכנה, וואָס עס שטעקט אין דעם ליטוואַק פאַר דעם יונגן דור. ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט און זיינע דרשות האָבן געבראַכט דערצו, אַז אפילו די ניט חסידישע עלטערן, וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייערע קינדער דעם ליטווישן מלמד, האָבן זיך דערשראָקן, און האָבן אנגעהויבן אָפּצונעמען זיי ביי אים איינציקווייס. אַז דער מלמד האָט דערזען, דאָס זיין חדר ווערט שיטערער פון טאָג צו טאָג און ער האַלט באַלד צו בלייבן אָן אַ קנעלונג, האָט ער זיך מישב געווען און איז אַמאָל שפעט אין דער נאַכט, בעת די גאַנצע שטעטל האָט שוין געשלאָפן, אַוועק צו ראַבינאָוויטשן, וועגן וועלכן מ׳פלעגט דערציילן, אַז ער זיצט גאַנצענע נעכט און „קוקט״ אין הייליקע ספרים.

אָנגעקומען צו ראַבינאָוויטשן האָט ער אים באמת געפונען זיצנדיק און אַריינקוקנדיק פאַר אַ קליינעם לעמפעלע אין „זוהר״. דערזעענדיק דעם אומגעריכטן שפעטן גאַסט, איז ראַבינאָוויטש די ערשטע ווײַלע ווי צומישט געוואָרן. באַלד האָט ער זיך אָבער אַוועקגעשטעלט, האָט געגעבן דעם מלמד „שלום עליכם״ זאָגנדיק דערביי:

— זיצט; וואָס גוטס זאָגט אַ ייד אַזוי שפעט?

דער מלמד, וועלכער איז אויך געווען אַ גאַנץ באַרעדטער מענטש און אַ פּראַקטיש קלוגער, האָט פאַרשטאַנען פון דער ערשטער מינוט אָן אַזוי צו פאַראינטערעסירן ראַבינאָוויטשן, דאָס ניט איבעררייסנדיק אים מיט איין וואָרט, האָט ער אים אַלץ געלאָזן ריידן און ריידן, און אַליין שטאַרק צוגעהערט זיך צו זיינע רייד. און דער ליטוואַק האָט כסדר גערעדט וועגן תנך און וועגן די נביאים און וועגן זייער גרויסער פּאָעטישער און עטיש-מאָראַלישער באַדייטונג. און ריידנדיק אַזוי מיט האַסט און מיט התלהבות האָט זיך דער מלמד פאַרגעסן אין וואָס פאַר אַ סביבה ער געפינט זיך און מיט וועמען ער טענה'ט דאָ אַריין און איז אַריבער צו דעם ענין פון „השכלה". אַ פאַרבאָרגענער משכיל איז דער ליטוואַק געווען. די גאַנצע צייט, וואָס ער איז געזעסן אין אָרגייעוו האָט ער דאָס ביז אַהער קיינעם ניט געלאָזן מערקן, פּשוט אויס מורא, אַז דאָס זאָל אים ניט שאַטן צו זיין פּרנסה. איצטער זיצנדיק אַליין מיט ראַבינאָוויטשן, האָט ער זיך אַזוי טיף אַריינגעצויגן אין שמועס דאָס, אפשר ניט ווילנדיק, האָט ער פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די מאַסקע און האָט גענומען אַרויסזאָגן די פרייסטע געדאַנקען וועגן די פאַרשיידנסטע לעבנס-פּראָבלעמען. און ראַבינאָוויטש איז די גאַנצע צייט געזעסן פאַרגאַפט און האָט, ממש, געשלונגען יעדעס וואָרט, וואָס איז אַרויס פון מלמדס מויל. ביידע וועלטן האָבן זיך פאַר אים אַנטפּלעקט, און די דאָזיגע וועלטן האָבן אים ווי באַכישופט. צום סוף האָט ער זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן, האָט אָנגעכאַפּט דעם מלמד ביים האַנט און האָט איר שטאַרק געדריקט, און געזאָגט מיט געפיל:

— אַ גרויסן יישר-כח אייך. מיר וועלן נאָך האָבן צו ריידן און צו ריידן. מאָרגן אין ד ע ר צייט בין איך ביי אייך.

בעת דער מלמד מיט ראַבינאָוויטשן האָבן זיך צעשיידט, האָט שוין אָנגעהויבן צו באַגינען...

אין יענער נאַכט האָט זיך פאַרענדיקט די חסידישע עפּאָכע פון ראַבינאָוויטשעס לעבן.

## ב.

אונטער דעם אײַנדרוק פון די אָפטע געהיימע שמועסן, וואָס ראַבינאָוויטש האָט געהאַט מיטן מלמד, איז ער אינגאַנצן אומגעאַנדערשט געוואָרן. פאַרבאָרגן פון אַ זייטיגער אויג האָט ער אָנגעהויבן צו לייענען די נייע העברעאישע השכלה־ביכלאַך, וועלכע האָבן אויף אים געהאַט אַ שטאַרקן אײַנפלוס, ביסלאַכווייז האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרבויגן דעם חסידישן לעבנסשטייגער, האָט ווייניגער באַזוכט די שטיבל, און האָט געזוכט אויף ווי ווייט מעגלעך אויסצומיידן די חסידישע כנופיות. אין אַ געוויסן טאָג איז אַרויס אַ קלאַנג אין אָרגייעוו, אַז יאָסעלע ראַבינאָוויטש האָט זיך עפּעס גענומען שניידן אויף אַ נייעם דרך, ער טענה'ט שוין מיט איין קול, אַז תנך ד אַ ר ף מען לערנען און מ'מוז לערנען, און נאָך ניט דאָס אַליין. ער זאָגט שוין פאַר אַלעמען, אַז דער טאַטע וואָס וויל, אַז זיין יינגל זאָל קענען תנך, דאַרף אים אָפּגעבן נאָר צו דעם ליטווישן מלמד... אויך אָן פיל אַנדערע פון זיינע הלוכים האָט מען באַמערקט, אַז ס'איז מיט אים עפּעס ניט גלאַט. איינמאָל—דאָס איז געווען אין אַ זומערדיקן שבת פאַרנאַכט—האָט מען באַגעגנט ראַבינאָוויטשן שפּאַצירנדיק אונטערן שטאָט מיטן מלמד דעם ליטוואַק! דאָ איז שוין געוואָרן די מאָס פאַרפול. ס'האָבן זיך תיכּף געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבן וועגן דעם מודיע געווען אין „הויף“. דער בעלזער האָט באַלד אַרויסגערופן ראַבינאָוויטשן צו זיך. ער איז אָבער ניט געפאָרן.

עס זיינען אַריבער עטלעכע חדשים און ראַבינאָוויטש איז געוואָרן אויס חסיד בגלוי. מיט דעם אַליין האָט ער נאָך זיך אָבער ניט באַנוגנט, און איז אַרויסגעטראָטן עפנטלעך אַלס שטאַרקער און פאַרביסענער קעגנער פון חסידיזם און חסידות בכלל. ווי אַמאָל פ אַ ר ן חסידיזם, אַזוי האָט ער איצטער אָנגעהויבן צו דרשהנען ביי יעדער געלעגנהייט ק ע ג ן אים. צו די פרומע „מתנגדים“ איז ער אָבער אויך ניט צוגעשטאַנען. ער איז געוואָרן אַ „משכיל“. ער האַט זיך מיט גרויס פלייס גענומען פאַר די

אַלגעמיינע למודים, האָט דערוואָרבן גרויסע קענטעניש אין דער רוסישער שפּראַך און אין אַנדערע ידיעות, באופן, אַז ער האָט אין אַ גאַנץ קורצער צייט בערך אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אַלס לערער פון אַ פּאָלקס־שול. אין דערזעלבער צייט האָט ער מיט גרויס ערפאָלג געשריבן פּובליציסטישע אַרטיקלען אין די העברע־אישע צייטונגען, און באַזונדערס אין „מליץ", און האָט דורכדעם געקראָגן אַ נאָמען צווישן די דרום־רוסישע משכילים.

ווי דאָס רוב משכילים פון יענער צייט — די זיבעציקער יאָרן פונם פאָריקן יאָרהונדערט — האָט זיך אויך ראַבינאָוויטש אַריינגע־לאָזן אין כלל־אַרבעט, און באַזונדערס אויפן געביט פון חנוך, וועלכער איז געשטאַנען אין אָרגייעוו אויף זייער אַ נידעריקער מדרגה. אַדאַנק דער גרויסער און ענערגישער אַגיטאַציע, וואָס ער האָט אָנגעפירט צווישן דעם באַמיטלטן קלאַס פון דער יידישער באַפעלקערונג, איז צוזאַמענגעקליבן געוואָרן אַ היבשע געלט־סומע, פאַר וועלכער מ'האָט אויסגעבויט אַ שיינע תּלמוד־תּורה. אַז די תּלמוד־תּורה איז פאַרטיק געוואָרן, האָט מען באַפולמעכטיקט ראַבינאָוויטשן איינצופירן אין איר די געהעריקע אָרדענונגען. ער האָט אויסגעזוכט די בעסטע מלמדים און האָט זיי געגעבן די וויטיקע ערציעריש־פּעדאַגאָגישע אינסטרוקציעס. דעם אונטערריכט פון דער רוסישער שפּראַך האָט ער איבערגענומען אויף זיך אַליין און אָן אַ שום האָנאָראַר. און אין דעם פאַרלויף פון אַ קורצער צייט האָט ער אַוועקגעשטעלט די אָרגייעווער תּלמוד־תּורה אויף אַזאַ הויך, דאָס ס'האָט מיט איר געקלונגען אין גאַנצן געגנט. נעמענדיק אין אַכט, דאָס פיל אָרגייעווער יידישע עלטערן שיקן זייערע קינדער אין דער שטאָטישער רוסישער קרייז־שול און דאָס ברענגט צו פאַרנאַכלעסיקן די העברעאישע למודים, האָט ער זיך משתדל געווען און געפועלט ביי דער אָרטיקער מאַכט, אַז ס'זאָל אים דערלויבט ווערן צו לערנען מיט די דאָזיקע תּלמידים תּנך און העברעאיש, און דאָס אויך אָן געצאָלט.

ראַבינאָוויטשעס געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט האָט זיך נאָך פיל מער פאַרברייטערט נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָזן אָרגייעוו און האָט זיך אַריבערגעקליבן וואוינען קיין ק י ש ע נ ע ו ו. דאָרטן

האָט ער פאַר זיין כלל־אַרבעט אַ סך אַ גרעסערן באַדן געפונען, און האָט זיך צו איר איבערגעגעבן מיט לייב און זעל. ער איז אַלץ געלעגן אין איין זוכן מיטלען ווי צו פאַרבעסערן די יידישע לאַגע. 1880־טן איז אים אַרויף דער געדאַנק צו גרינדן אַ חברה מיטן צוועק צו פאַרשפרייטן ערד־אַרבעט צווישן די בעסאַראַבער יידן. וועגן דעם דאָזיקן געדאַנק האָט ער געהאַלטן פיל דרשות אין די שולן און בתי־מדרשים און אין אַנדערע עפנטליכע ערטער, און האָט געבראַכט אַזוי ווייט, אַז מיט דער אידייע האָבן זיך פאַר־אינטערעסירט די ברייטסטע שיכטן פון דער קישינעווער יידישער באַפעלקערונג. דאַן איז לויט ראַבינאָוויטשעס איניציאַטיווע געוועזן אַן אַסיפה מיט דער באַטייליגונג פון די קישינעווער יידישע נכבדים, און ס'איז באַשטימט געוואָרן צו דערלאַנגען אַ בקשה דער רעגי־רונג וועגן דער ערלויבניש צו גרינדן אַזאַ חברה. די בקשה איז דערלאַנגט געוואָרן צוזאַמען מיט אַ מעמאָראַנדום, וועלכער איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך ראַבינאָוויטשן. עטלעכע חדשים האָבן זיך די בקשה צוזאַמען מיט דעם מעמאָראַנדום אָפּגעוואַלגערט ביים אינערן־מיניסטער, און צום סוף האָט מען פון פעטערבורג מודיע געווען קיין קישינעוו, אַז די השתדלות איז פון מיניסטער אָפּגע־וואָרפן געוואָרן.

## ג.

די פּאָגראָמען, וועלכע האָבן אויסגעבראָכן אין דרום־רוס־לאַנד אָנפאַנגס די אַכציקער יאָרן, האָבן געמאַכט אויף ראַבינאָ־וויטשן אַ גוואַלטיגן איינדרוק; זיי האָבן אים, ממש, דערשיטערט. ער איז באַלד צוגעשטאַנען צו יענע אינטעליגענטן, וועלכע האָבן זיך גענומען אַריינטראַכטן אין די סבות פון די פּאָגראָמען און אין דער יידישער פּראָבלעם בכלל. ער איז געוועזן פון יענע, וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויפן געדאַנק, אַז אַזוי ווי יירן האָבן ביז אַהער געלעבט, קענען זיי שוין ווייטער ניט לעבן, און אַז עס מוזן געזוכט ווערן נייע וועגן ווי אויסצולייזן דאָס יידישע פאָלק פון זיין קאַטאַסטראָפאַלן צושטאַנד און פאַרזאָרגן אים אַ בעסערע

און אַ ליכטיגערע צוקונפט. לאַנג קלערנדיק האָט זיך ראַבינאָוויטש צום סוף אָנגעכאַפּט אָן דער אידייע, וועלכע האָט געפונען איר ערשטע און אויסשעפּנדיקע פאָרמולירונג אין פּינסקערס „אַווטאָ-עמאַנסיפּאַציע", אַז דאָס יידישע פאָלק קען אַנדערש ניט פּטור ווערן פון זיינע צרות ווי דורך פאַרשאַפן זיך אַן אייגענעם ווינקל, אַ היים, און זאָל אויפהערן צו זיין אַ נע ונדניק, אַן אַרומוואַנדע-רער איבער פרעמדע לענדער. ראַבינאָוויטש איז געוואָרן איינער פון די הייסטע „חובבי-ציון", וועלכע האָבן געזען די יידישע צו-קונפט נאָר אין זייער היסטאָרישער לאַנד, אין ארץ-ישראל.

ס'האָט לאַנג ניט געדויערט און ראַבינאָוויטש האָט געגרינ-דעט אין קישינעוו אַ חברה פאַר ישוב ארץ-ישראל. גאַנץ אָפט פלעגט ער צו זיך צוזאַמענרופן די חברים אויף אסיפות און אַנט-וויקלען פאַר זיי דעם יידיש-נאַציאָנאַלן אויפלעבונגס-געדאַנק, איינ-פלאַנצן ביי זיי ליבע צו די יידישע קולטורעלע ווערטן, צו דער געשיכטע פונם יידישן גרויסן עבר. דרשות וועגן חבת-ציון פלעגט ראַבינאָוויטש האַלטן אויף פאַרן גרויסן עולם אין די קלויזן און בתי-מדרשים. שפּעטער האָט ער גענומען ווערבן אין קישינעוו פאַרמעגליכע מענטשן אויף צו קויפן ערד אין ארץ-ישראל כדי אַליין צו באַאַרבעטן זי. אַזעלכע מענטשן האָט ער אויסגעזוכט ביי אַ פּאָר מנינים אַן ערך, וועלכע האָבן זיך צונויפגעלעגט צוזאַמען מיט אַ געוויסער געלט-סומע און האָבן באַשלאָסן צו שיקן איינעם פון זיי קיין ארץ-ישראל צו דערלערנען דאָרטן אויפן אָרט די באַדינגונגען פון דער קאָלאָניזאַציע און צוגלייך מיט דעם אויס-זוכן און צו קויפן אַ שטח ערד פאַר די מיטגלידער פון דער חברה. נאָך אַ לאַנגן ישוב-הדעת איז געבליבן, אַז מ'זאָל שיקן אַלס דע-רעגאַט קיין ארץ-ישראל ניט קיין אַנדערן ווי נאָר ראַבינאָוויטשן. ראַבינאָוויטש האָט אויף זיך אָנגענומען די מיסיע, און אויף מאָרגן נאָך פּסח, 1882-טן יאָר, איז ער אָפּגעפאָרן קיין ארץ-ישראל.

אויפן וועג קיין ארץ-ישראל האָט זיך ראַבינאָוויטש אָפּגעל-שטעלט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. די טערקישע הויפּטשטאָט איז דאַמאָלסט געווען דער צענטער, וואוהין עס זיינען זיך צוזאַמענ-

בעלאָפּן פון דרום־רוסלאַנד די ערשטע פּאַרטיעס פּאָגראָמירטע יידן, וועלכע האָבן, פאַרלאָזנדיק זיך אויף ניט קיין רעווידירטע קלאַנגען, געגלויבט, אַז דאָרטן וואַרטן שוין אויף זיי גוטהאַרציקע מענטשן אום אָפּצושיקן זיי קיין ארץ־ישראל.

אין יענער צייט האָט פון זיך פיל געלאָזט ריידן אין די צייטונגען אַן ענגלישער מאַגנאַט, אַ קריסט, אָ ל י פ אַ נ ט האָט אַ געהייסן, וועלכער האָט זייער סימפּאַטיזירט מיט דעם רעיון פון ישוב ארץ־ישראל און האָט אויך פאַרעפנטליכט אַ באַזונדער ווערק, אין וועלכן ער דערקלערט אויספירלעך ווי דעם געדאַנק צו פאַרווירקליכן. דאָס איז נאָך געווען פאַר די פּאָגראָמען, בעת די חבת־ציון באַוועגונג איז נאָך גאָר ניט אַנטשטאַנען. נאָך די פּאָגראָמען, ווען יידן האָבן אָנגעהויבן צו עמיגרירן פון רוסלאַנד מאַסנווייס, און דער גאַנצער שטראָם האָט זיך אויף גאָטס באַראַט געצויגן קיין אַמעריקע און פאַרבייוועגס פונאַנדערגעגאָסן זיך איבער גאַנץ גאַליציע ניט האָבנדיק די מאַטעריעלע מעגלעכקייט פאָרצוזעצן זייער נסיעה,—דאַמאָלסט האָבן זיך קיין לעמבערג און קיין בראָד אַראָפּגעלאָזן פאָרשטייער פון די גרעסטע מעריב־אייראָפּייאישע יידישע וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן באַזאָרגט די עמיגראַנטן מיט די נייטיקע מיטלען און האָבן זיי אַוועקגעשיקט קיין אַמעריקע. דאַן איז אַראָפּגעפאָרן פון לאָנדאָן קיין לעמבערג אויך דער אויבנדערמאָנטער אָליפאַנט מיט זיין פרוי, וועלכע האָבן זיך דאָרטן צוזאַמען מיט די יידישע עסקנים באַטייליגט אין דער אונטערנומענער הילפס־אַקציע לטובת די עמיגראַנטן. דער הויפּט־צוועק פון אָליפאַנטס קומען קיין לעמבערג איז אָבער געווען צו באַטראַכטן דעם עמיגראַנטן־מאַטעריאַל, צו זעען אויף וויפל זיי וואָלטן געווען פייהיק פאַר דער קאָלאָניזאַציע פון ארץ־ישראל. אין לעמבערג האָט זיך אָליפאַנט צוזאַמענגעטראָפן מיט באַרימטע יידישע פערזענלעכקייטן פון רוסלאַנד, ווי דער געוועזענער ביאַליסטאָקער רב ר׳ ש מ ו א ל מ אָ ה ל י ע וו ע ר און דער גרויסער געזעלשאַפטליכער טוער און זשורנאַליסט ש א ו ל פ י נ ח ס ר א ב י נ אָ וו י ט ש (שפ״ר), וועלכע זיינען שוין דאַן געווען הייסע אָנהייגער פון חבת־ציון. אָליפאַנט האָט מיט זיי אָפּ־

געהאַלטן עטליכע פּאַרטרוויליכע זיצונגען וועגן דעם ענין פון ישוב ארץ-ישראל, האָט פאַר זיי אַנטוויקלט זיינע פּלענער און מבטיח געווען, אַז אינגיכן פאָרט ער אַליין אָפּ קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אום זיך משתדל צו זיין פאַר דער טערקישער רעגירונג וועגן דער ערלויבעניש פאַר אַ גרויסער יידישר עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע. דערביי האָט ער זיך אַרויסגעזאָגט, אַז קיין געלט וועט אויף דעם צוועק ניט פעלן. און באמת איז טאַקי אָליפאַנט באַלד אָפּגעפאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און איז דאָרטן תיכף צו-געטראָטן צו זיין השתדלות.

די ידיעות וועגן אָליפאַנטן און זיין גרויסער, התלהבותדיקער איבערגעבנקייט צו דעם געדאַנק פון דער יידישער אויפלעבונג אין ארץ-ישראל, האָבן זיך בליץ-שנעל פאַרשפרייט אין די ציי-טונגען און, ווי דער שטייגער איז, אין אַ זייער גוזמה'דיקער און פוגאַנדערגעבלאָזענער פאָרמע. איבערגייענדיק פון מויל צו מויל זיינען די ידיעות געוואָרן אַלץ מער פאַנטאַסטישער און לעגענ-דישער. קודם-כל האָט מען דערציילט, אַז אָליפאַנט האָט שוין דעם סולטאַנס ערלויבניש אויף ארץ-ישראל לאַנג אין קעשענע, און אויף דעם האָט מען נאָך מוסיף געווען, אַז ער איז אַראָפּגעקומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל מיט אַ סך מיליאָרדן אָפּצוּוואַרטן דאָרטן די יידישע עמיגראַנטן און אָפּצושיקן זיי אויף זיינע הוצאות קיין ארץ-ישראל, וואו ער האָט זיי שוין באַזאָרגט מיט ערד און מיט אַלע גויטיקע באַדערפעניש.

ס'איז קיין וואונדער ניט, וואָס די דאָזיגע בשורות טובות האָבן אַרויסגערופן צווישן די יידישע מאַסן אין רוסלאַנד, גאַלי-ציע און רומעניע גרויס התפעלות און ענטוזיאַזם, און אַז פילע האָבן אויף דעם סמך שוין גענומען „העקל און פעקל" און גע-לאָזן זיך אין וועג אַריין. און די יידישע בלעטער האָט מען אַפילו געפּרובט אָפּלעשן די היץ, און באַוואוסטע עסקנים האָבן מפרסם געווען התראות, אַז קיינער זאָל זיך ניט דערוועגן רירן פון אָרט, ווייל ס'איז נאָך גאָר „די באָד ניט געהייצט"... דאָס האָט אָבער ווייניג וואָס געהאָלפן; דער עולם האָט זיך ניט געלאָזן אָפּהאַלטן און איז ניט געבליבן זיצן אין דער היים. דאָס האָט געפירט

דערצו, אַז אָנפאַנגס זומער 1832 האָבן זיך צונויפגעקליבן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל טויזנטער עמיגראַנטן, מאַנסביל, ווייבער און קינדער, און אַלע אָן מיטלען און אָן אַ גראָשן געלט, ניט האָבנ־דיק מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען.

אָליפאַנט איז שוין דאַן געזעסן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אָבער מיט זיין השתדלות איז צוגעגאַנגען זייער שווער. צוליב דער דאַמאָלסטדיקער ענגלישער פּאָליטיק אין מצרים, האָט מען זיך אין טערקישן הויף באַצויגן מיט אַ געוויסן חשד צו די ענג־לענדער, און אַ פאַראַכט האָט אַרויסגערופן אויך אָליפאַנטס השתדלות. אָליפאַנט האָט געוועסט אָנגעפּלאָכטן באַציאונגען מיט די העכסטע רעגירונגס אינסטאַנצן, אָבער וואוהין ער האָט זיך געווענט נאָך אַ תשובה, האָט ער גאָרנישט געקענט דערגיין; מ׳האָט אים ניט אָפּגעזאָגט און ניט צוגעזאָגט. דערווייל זיינען צו אָליפאַנטן גע־פלויגן טעלעגראַפישע אָנפראַגעס פון פיל חברות און פאַראיינען און געזעלשאַפטלעכע עסקנים פון די פאַרשיידענע לענדער, און ער האָט קיינעם פון זיי קיין באַשטימטן ענטפער ניט געקענט געבן. דערצו איז נאָך זיין לאַגע געוואָרן זייער שווער דורך די עמיג־ראַנטן, וועלכע פלעגן גאַנצענע טעג באַלאַגערן זיין קוואַרטיר און בעטן זיך ביי אים רחמים ער זאָל זיי אפּשיקן קיין ארץ־ישראל, און דערווייל וואָס וועט ראַטעווען פון הונגער דאָ אויפן אָרט. די ערשטע צייט האָט זיך אָליפאַנט פיל געלאָזט קאָסטן אויף די עמיגראַנטן; צום סוף איז ער אָבער מיד געוואָרן צו געבן... דאַן האָבן אים די עמיגראַנטן אָנגעהויבן צו מאַכן סצע־נעס, סקאַנדאַלן, באופן, אַז פּאָליציע האָט זיך געמוזט אריינמישן אין דער זאַך און האָט עטלעכע צענדליק פון זיי אַרעסטירט. פון דאַמאָלס אָן האָט שוין אָליפאַנט קיינעם פון די עמיגראַנטן צו זיך אויפן שוועל ניט אַרויפגעלאָזן, און זייער לאַגע איז געוואָרן קריטישער פון טאָג צו טאָג.

אַזוי איז געווען דער מצב־העניניס בעת ראַבינאָוויטש איז געקומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. פאָרנדיג פון קישינעוו איבער גאַליציע און רומעניע האָט ער זיך דאָרטן אָנגעהערט וואונדער־מעגן אָליפאַנטן, און כאָטש ער איז אויף אַזוי פיל פּראַקטיש גע־

ניט צו גלויבן אין אַלע בבא־מעשיות, דאָך האָט ער אויף אים געלעגט זייער גרויסע האָפענונגען. אָנקומענדיק קיין קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל און געפינענדיק דאָרטן דעם גאַנצן עולם עמיג־ראַנטן אין אַזאַ שרעקלעכער לאַגע, האָט דאָס אויף אים זייער אַ שווערן אײַנדרוק געמאַכט, וועלכער איז נאָך שווערער געוואָרן נאָכדעם ווי ער האָט זיך לאַנג משתדל געווען אויפגענומען צו ווערן פון אָליפאַנטן אום דורכצושמועסן זיך מיט אים וועגן דעם מצב, און זיין השתדלות האָט ניט געבראַכט צו קיין שום רעזול־טאַט. אַלע טאָג האָט ער אָפּגעקלאַפּט די שוועלן פון אָליפאַנטס וואוינונג, האָט אים געשיקט בריוועלעך און צעטעלעך, האָט זיך אים אָנגעגעבן אַלס דעלעגאַט פון אַ פאַראיין און אַלס זשורנאַ־ליסט; ס׳איז אָבער אַלץ געווען אומזיסט. אָליפאַנט האָט קיינעם צו זיך ניט צוגעלאָזן, און אים אויך ניט. דאָס האָט ראַבינאָוויטשן זייער געערגערט. אָפּפאָרנדיק פון קישינעוו האָט ער אָפּגעמאַכט מיט די מיטגלידער פון פאַראיין, אַז ווי ער קומט נאָר קיין קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל וועט ער זיך די ערשטע זאַך זען מיט אָליפאַנטן און מודיע זיין זיי תיכף ווי עס האַלט מיטן גאַנצן ענין פון ישוב ארץ־ישראל, כּדי זיי זאָלן וויסן וואָס זיי האָבן צו טאָן. באין ברירה האָט זיך ראַבינאָוויטש געמוזט שפּייזן מיט די ידיעות וועלכע ער האָט באַקומען אָן דער זייט, און באַזונדערס פון די עמיג־ראַנטן, וואָס זייער האַרץ איז זיי געווען שטאַרק פאַרביטערט אויף אָליפאַנטן, וועלכן זיי האָבן אומגערעכטער ווייזע געהאַלטן פאַרן מקור פון זייערעליידן. די אָנגעהערטע מעשיות פון די עמיגראַנטן האָבן אַרײַנגעבראַכט ראַבינאָוויטשן אין זייער אַ גע־דריקטער און פעסימיסטישער שטימונג. זיינענדיק פון דער נאַטור טעמפּעראַמענטפול און עקספּאַנסיוו האָט ער אונטער דער ווירקונג פון דער דאָזיגער שטימונג אָנגעשריבן אַ לאַנגע קאָרעספּאָנדענציע אין „המליץ" וועגן זיינע קאָנסטאַנטינאָפּעלער אײַנדריקן, אין וועלכער ער האָט אַראָפּגעריסן פון אָליפאַנטן זיין אָרעאָל, האָט אים אַראָפּגעשליידערט פון זיין פעדעסטאַל און באַשריבן אים אַלס גאַנץ געוויינלעכן מענטשל, וואָס וויל שפּילן די ראָל פון אַ משיח, און ווי עס ווייזט זיך אַרויס איז ער גאָר אַ משיח־השקר־

צום סוף פון זיין בריוו וואָרנט ראַבינאָוויטש דעם לייכטגלויביגן יידישן עולם ניט צו פאַרלאָזן זיך אויף אָליפאַנטן, ווייל פון אים קען פאַר דער זאַך קיין גוטס ניט אַרויסקומען.

ראַבינאָוויטשעס בריוו אין „המליץ" האָט אַרויסגערופן אין די רייען פון די חובבי־ציונדיקע עסקנים אַ שטורים פון פאַרבי־טערונג און צאָרן. פון אַלע זייטן האָבן זיך אין „המליץ" גענומען שיטן שאַרפע פראָטעסטן קעגן ראַבינאָוויטשעס אויספירונגען וועגן אָליפאַנטן. ס'האָבן פראָטעסטירט די גרעסטע און פּאָפּולערסטע עסקנים ניט בלויז קעגן ראַבינאָוויטשן אַליין, נאָר אויך קעגן דעם רעדאַקטאָר פון „המליץ", צעדערבוימען, פאַרוואָס ער האָט זיך דערלויבט צו דרוקן אין זיין בלאַט אַזאַ פאַסקוויל קעגן אָלי־פאַנטן, וועלכער איז איינער פון די איבערגעבנסטע פריינד פון יידישן פאָלק און אַ פאַרברענטער חסיד פונם „חבת־ציון". צע־דערבוים האָט דאַן אָפּגעדרוקט אין „המליץ" אַ שאַרפן אַרטיקל קעגן ראַבינאָוויטשן אונטערן נאָמען „מה עכרתנו!" (וואָס האָסטו אונז פאַרפירט!). דער אָנפאַנג פונם דאָזיקן אַרטיקל איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר צעדערבוימס באַציאונג צו ראַבינאָוויטשן, און דעריבער ציטיר איך אים דאָ:

„מיט די ווערטער: „וואָס האָסטו אונז פאַרפירט?" ווענדן מיר זיך צו אייך, וועלכן מיר האָבן שטענדיק גערופן מיטן נאָמען „אונזער פריינד"—ה' יוסף ראַבינאָוויטש פון קישינעוו: וואָס פאַר אַ שלעכטס האָבן מיר אייך געטאָן אין משך פון די פופצן יאָר, וואָס איר האָט אונז געקאָנט, אַז איר האָט אונז אַריינגעצויגן אין אייער נעץ אַליין צו זינדיקן און צו מאַכן זינדיק דעם אַנדערן, חושד צו זיין אין אַזאַ כשרן מענטשן און צו פאַראורזאַכן שמאַרץ די הערצער פון טויזנטער יידן? ווי האָט איר זיך דאָס גאָר דערלויבט צו מאַכן צו שפּאָט און צו שאַנד דעם „מליץ", וועלכן איר האָט שטענדיק געליבט און געווען פון זיינע טרייע מיטאַרבעטער. דער „מליץ", וועלכער האָט זיך מיט פיל מי און מאַטערניש דערוואָרבן אַ נאָמען פון אַן אויפריכטיק ערליך בלאַט, וואָס טרעט קיינמאָל ניט אָפּ פון דעם ריינעם אמת, איז דורך

איך היינט קאָמפּראָמיטירס געוואָרן און באַקומען אין דער וועלט. א נאָמען פון א ליגנער"...

ראַבינאָוויטש האָט זיך נאָכהער געפּרובט פּאַרענטפערן אין "המליץ" און אויפווייזן, אַז ער האָט חלילה קיין שלעכטע כונה ניט געהאַט און אַז זיין ציל איז געווען לגמרי ניט צו באַליידיגן אַליפאַנטן, נאָר אָפּצוהאַלטן דעם ווייטערדיקן שטראָם פון דער עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל ביז ס'וועט אויפגעקלערט ווערן די לאַגע. ראַבינאָוויטשעס מי איז אָבער געווען אומזיסט, און זיין רענאָמע אינגאַנצן געוואָרן אויסגעשפּילט. ער איז איינמאָל אָפּגע־סטעמפּלט געוואָרן אַלס אינטריגאַנט און—פאַרפאַלן.

## ה.

ניט וויסנדיק וואָס אים דעוואַרט פאַר זיין קאָנסטאַנטינאָ־פּאָלער קאָרעספּאָנדענציע, איז ראַבינאָוויטש אָפּגעפאָרן פון דאָרטן קיין ארץ־ישראל. ער האָט באַזוכט ירושלים און אַנדערע ערטער, און האָט פון אומעטום אַרויסגעטראָגן זייער ניט קיין גוטן איינ־דרוק. געפינענדיק זיך נאָך אינגאַנצן אונטער דעם איינפלוס פון דער געדריקטער שטימונג, מיט וועלכער ער איז אַרויסגעפאָרן פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָט דאָס געבראַכט דערצו, אַז ארץ־ישראל האָט אויף אים ניט געמאַכט דעם רושם, וועלכן ער האָט דער־וואַרט, און אָפּזיצנדיק דאָרטן מער ניט ווי א פּאָר וואָכן איז ער אַזוי אָפּהענטיג געוואָרן, דאָס ער האָט שוין ניט געטראַכט וועגן קויפן ערד פאַר דער קישינעווער חברה, און איז אָפּגעפאָרן א היים מיט ליידיקן און מיט פיל יאוש.

צוריקקערנדיק זיך קיין קישינעוו האָט ער זיך ערשט דער־וואוסט וועגן דעם גרויסן שטורים, וואָס זיין קאָנסטאַנטינאָפּאָלער בריוו האָט אַרויסגערופן און וועגן דער שטאַרקער מלחמה, וואָס האָט זיך קעגן אים אָנגעהויבן פון אַלע זייטן. ווי איך האָב שוין דאָ פריהער דערציילט, האָט ער זיך באַלד געפּרובט מתנצל זיין אין "מליץ" און געזוכט אָפּצושוואַכן דעם רושם פון די אָנפאַלעניש; די גאַנצע געשיכטע, וועלכע איז אים געקומען גאַנץ אומגעריכט, האָט אים

זייער אויפגערעגט און נערוויייאיש געמאַכט. די דאָזיגע אויפרעגונג האָט זיך אָפּגערופן אויפן באַריכט וועגן די רעזולטאַטן פון זיין נסיעה קיין ארץ־ישראל, וועלכן ער האָט אָפּגעגעבן פאַר די מיט־גלידער פון פאַראיין און אין וועלכן ער האָט אַרונטערגעצויגן אונטער זייער אַ שאַרפער קריטיק דעם גאַנצן געדאַנק פון ישוב־ארץ־ישראל און האָט אים באַצייכנט אַלס אַ פּוסטע פאַנטאַזיע, וואָס ניט ניט דורך איר קען פאַרענטפערט ווערן דאָס פּראָבלעם פון דער יידיעשר צוקונפט. מיט זיין באַריכט האָט ער געבראַכט דערצו, אַז די חברה איז באַלד פונאַנדערגעפאַלן, און אַז אַ לאַנגע צייט נאָך דעם האָט קיינער אין קישינעוו וועגן הבת־ציון קיין טויל ניט געקענט עפענען.

פון יענער צייט אָן האָט אָנגעהויבן פאָרצוקומען אין ראַבי־נאָוויטשן אַ גרויסע אינעווייניקסטע פאַרענדערונג. קודם כל האָט ער זיך גענומען מרחיק זיין פון יעדער כלל־אַרבעט און אויסמיידן דאָס עפנטליכע לעבן בכלל. ער האָט אויפגעהערט אָנטייל צו נעמען אין אַלע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, האָט אויסגע־ווייכט יעדע קהלשע אסיפה און האָט זיך ניט אינטערעסירט מיט קיין יידישן ענין. מ׳האָט אָן אים לייכט געקענט באַמערקן, אַז ער איז קאָנצענטרירט אין זיך, און אַז עס אַנטוויקלט זיך אין אים אַ פּראָ־צעס, וואָס וועט זיך סוף, סוף אַנטפּלעקן און אויסגעגאָסן ווערן אין אַ וועלכער עס איז קאָנקרעטער, רעאַלער פאָרם.

ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט, און אין קישינעוו האָט מען אָנ־געהויבן צו באַמערקן, אַז ראַבינאָוויטש איז געוואָרן אַן אָפטער איינגייער ביי דעם פּראָטעסטאַנטישן פּאַסטאָר פאַלטין, וועלכער האָט געשמט אין שטאָט אַלס ענערגישער מיסיאָנער. פון אָנפאַנג האָט זיך דער עולם שטאַרק געבראָכן די מוחות אויף דער פראַגע, וואָס פאַר אַ שייכות קען דאָס האָבן ראַבינאָוויטש מיטן מיסיאָנער? אין קורצן האָט זיך דאָס אָבער אויפגעקלערט. מ׳האָט דערגאַנגען טאַקע דורך דעם דאָזיקן מיסיאָנער, אַז ראַבינאָוויטש טראָגט זיך אַרום מיט אַ נייער אידייע: צו באַשאַפן אַ סעקטע פון יידישע קריסטן, דאָס הייסט פון אַזעלכע יידן, וואָס עס ווערט ביי זיי אויפגעגאָסן די לערע פון קריסטנטום מיט די יסודות פון יידנטום.

ס'אַריבער נאָך אַ געוויסע צייט און ראַבינאָוויטש האָט אָנגעהויבן צו דרשהנען עפנטלעך, אַז כדי די יידן זאָלן איינמאָל פאַר אַלע מאָל פטור ווערן פון זייערע צרות האָבן זיי דערצו קיין אַנדער מיטל ניט ווי נאָר זיך צו פאַרלייכטערן זייער אויפמישונג מיט די קריסטן. באַלד האָט ראַבינאָוויטש פאַרעפנטלעכט אין העברעאיש דרייצן עיקרים פון זיין נייער תורה. לויט די דאָזיגע עיקרים דאַרף די ניי-געגרינדעטע סעקטע פונם גאַנצן יידישן דת אָפּהיטן נאָר מילה און שבת; אַלע איבעריקע געזעצן דאַרפן באַטראַכט ווערן אַלס איבעריקער באַלאַסט און בטל ווערן. אַזוי ווי אין זיין יוגנט צום חסידיזם, נאָכדעם צו דער השכלה און שפעטער צום חבת-ציון, אזוי האָט ער זיך איצטער מיט לייב און זעל איבערגעגעבן צו זיין נייער תורה און איז געוואָרן אַ געוויינלעכער מיסיאָנער. אין אַ יאָר צייט האָט ער צוגעויגן צו זיין סעקטע ביי אַ מנין יידן; דאַן האָט ער זיך משתדל געווען און באַקומען פון אינערן-מיני-סטער די ערלויבניש צו עפענען אַ באַזונדער שול. אין דעצעמבער 1884 האָט ראַבינאָוויטש געעפנט די שול אונטערן נאָמען „בית-לחם". אין דער דאָזיקער שול פלעגן אָפּגעריכט ווערן גאָטעס-דינסטן אין דער העברעאישער שפּראַך, און ראַבינאָוויטש פלעגט האַלטן אויף יידיש דרשות וועגן קריסטנטום. אַמאָל פלעגט דאָרטן דרשה-נען אויך דער פאַסטאָר פאַלטין. ראַבינאָוויטש האָט אָבער אין זיין מיסיאָנערישער טעטיקייט אַ קנאַפּן ערפאָלג געהאַט; די באַזיכער פון זיין שול זיינען געווען זייער ווייניק. ס'האָבן ניט געהאָלפן די גרויסע געלט-סומעס, וואָס ער האָט באַקומען פון די מיסיאָנערן אויף אונטערצוקויפן יידן זיי זאָלן אַריינטרעטן אין זיין סעקטע.

ס'איז אַוועק נאָך אַ יאָר און ראַבינאָוויטש האָט זיך אַנט-פּלעקט אין זיין אמתן פּרצוף. ער איז אַוועקגעפאָרן קיין לייפּציג און האָט זיך דאָרטן אָפּגעשמדט אַלס פּראָטעסטאַנט. קומענדיק צוריק האָט ער געווירקט אויף דעם מנין מתפּללים פון זיין קלייזל, און זיי האָבן אויך אָנגענומען דעם פּראָטעסטאַנטישן גלויבן. אַ גרויסן מיטהעלפער אין זיין מיסיאָנערישער אַגיטאַציע האָט ער געפונען אין זיינעם אַ ייִנגערן ברודער — אפרים יעקל האָט ער געהייסן. אָט דער אפרים יעקל פלעגט שטיין אין גאַס און ציען,

פשוט, מענטשן פאַרן אַרבל אין ברודערס קלייזל. ער האָט אָבער קיין גליק ניט געהאַט: דער קישינעווער יידישער המון האָט זיך ניט געלאָזט כאַפּן אויף דער ווענטקע און איז צו ראַבינאָוויטשעס אויפטו געבליבן גאַנץ גלייכגילטיק. ראַבינאָוויטש האָט זיך ווייניק־וואָס באַוויזן אין גאַס, און טאָמער פלעגט מען אים ווען עס איז ערגעץ־וואו דערזען, פלעגט באַלד אויסשפּראָצן ווי פון אונטער דער ערד אַ כאָפּטע קליינוואַרג, וועלכע פלעגן נאָך אים נאָכ־לויפן און שרייען: „מומר להכעיס!" „זקן אשמאי!" ס'האָט וויפל מאָל געטראָפן, אַז די ייִנגלעך האָבן אים אַזוי דערעסן, דאָס ער האָט געמוזט זוכן שוץ ביי פּאָליציע.

ראַבינאָוויטשן האָט דאָס אָבער ווייניק־וואָס געאַרט. ער פלעגט זאָגן: נישקשה, כ'בין בטוח, אַז די שעה פון מיין אמונה וועט נאָך אָנשטיין, און מיין קלייזל וועט ווערן אַ „בית־תפלה" נט בלויז פאַר קישינעווער, נאָר פאַר אַ ל ע יידן. די דאָזיגע ווערטער פלעגט ער תמיד אַרויסזאָגן מיט אַ הייליגער תמימות און מיט גרויס התלהבות. זיין האָפענונג איז נאָך געוואָרן פיל שטאַרקער נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעהויבן צו באַקומען מאַטעריעלע הילף פון דער רוסישער רעגירונג. און וואָס מער זיכערער ער איז געוואָרן אין זיין קומעדיקן ערפאָלג, האָט ער אַלץ מיט מער פּאַראַד און מיט מער פּאָמפּע אָפּגעריכט די „עבודה" אין זיין קלייזל. שבת זייגער צען אינדערפרי פלעגט ער מיט דיין דערוואַקסענער טאָכטער, אַ פריילין, אַראָפּפאָרן אויף אַ דראָשקע אין קלייזל און מיטברענגען מיט זיך אַ קליינע ספר־תורהלע. דאַן פלעגט זיך אָנהויבן די „עבודה". ראַבינאָוויטש פלעגט אָפּלייענען אַ פרשה אין דער תורה און דערנאָך האַלטן אַ דרוש אין יידיש, אין וועלכן ער פלעגט אָפּשילדערן די גליקליכע צוקונפט וואָס ערוואַרט די געטויפטע יידן אויף ד ע ר וועלט און אויף י ע נ ע ר וועלט. מיט דעם האָט זיך געענדיקט די „עבודה", און דער קאַר־גער מנין משומדים פלעגט זיך פונאַנדערגיין עסן דעם שבתדיקן טשאָלנט... ראַבינאָוויטש האָט באַזאָרגט די מתפללים פון זיין קלייזל אויך נאָך זייער טויט. ער האָט זיך משתדל געווען און אויסגעווירקט ביי דער רעגירונג, אַז זי זאָל זיי געבן

די ערלויבעניש צו קויפן אַ פּלאַץ אויף אַ באַזונדער בית־חיים.

מיט לאַנג האָבן אָבער ראַבינאָוויטש מיט זיין חברייא גושאַ־תן געווען ביי דער רוסישער רעגירונג. דער פּראָקוראָר פונם הייליקן סינאָד, פּאָביעדאָנאָסצעוו, וועלכער האָט אָנפאַנגס שטאַרק מקרב געווען ראַבינאָוויטשן, האָט אויף אים שפּעטער געוואָרפן אַן אומחן פאַרוואָס ער און זיינע אָנהייגער האָבן זיך אָפּגעשמדט ניט אין רוסישן פּראַוואָסלאַוונעם, נאָר אין לוטעראַנישן גלויבן. ביסלאַכווייס האָבן זיינע באַציהונגען צו ראַבינאָוויטשן אָנגעהויבן שוואַכער צו ווערן, ביז זיי האָבן זיך איבערגעריסן לגמרי. פון דאַמאָלסט אָן איז ראַבינאָוויטש פאַרבליבן אָן שטיצע. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז דער מנין מתפללים האָט אָנגעהויבן פונאַנדערצופאַלן, און צום סוף זיינען אין אים פאַרבליבן בלויז ער מיט זיין ברודער אפרים יעקלען.

דאָס האָט ראַבינאָוויטשן אינגאַנצן אַנטמוטיגט און נידערגעשלאָגן. פון גרויס עגמת־נפש איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ מרה־שחורה און געוואָרן מעלאַנכאָליש. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ שאָטן און איז פון טאָג צו טאָג אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט. אין 1889־טן יאָר — ער איז שוין דאַן געווען אַ זקן מופלג — איז ער געשטאָרבן.

מ׳האָט דאַן דערציילט, אַז פאַר זיין טויט זאָל ער האָבבעטן מ׳זאָל אים מקבר זיין אויפן יידישן בית־עולם. קעגן זיין בקשה האָבן זיך אָבער געשטעלט אי די קישינעווער חברה־קדישא אי די קישינעווער פּאָליציע...



IX.

# לעוו אַבראַמאָוויטש קופּערניק.

געבוירן און דערצויגן איז ער געוואָרן אין אַ רייכער און אינטעליגענטער יידישער פאַמיליע אין קיעוו. זיין פאָטער, אברהם קופּערניק, וועלכער האָט געשטאַמט פון ווילנע, איז געוועזן פון די אַלטע משכּילים, אַ למדן און אַן אויסגעצייכנטער העברייער און דערצו אויך אַ באַרימטער בעל־חשבון. אַ לאַנגע צייט האָט ער געדינט אין „אָטקופּ" ביים באַראָן יוזיל גינצבורג, דערנאָך האָט ער אַליין געמאַכט געשעפט, און האָט דערביי געהאַט גרויס ערפאָלג. דאַן האָט ער זיך באַזעצט אין קיעוו. אין זיינע ליידיקע צייטן פלעגט ער שרייבן אַרטיקלען אין „המליץ" און געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט די גרעסטע העבּרעאישע שריפטשטעלער. אין קיעוו האָט ער געשמט פאַר איינעם פון די חשובסטע געזעלשאַפטלעכע טוער און פאַר אַ גרויסן בעל-צדקה. זיין הויז איז געוועזן מפורסם אין גאַנצן געגנט פאַר אַ צענטער פון השכּלה און וואוילטעטיקייט.

דער יונגער לעוו קופּערניק האָט געגאָסן אין זיין עלטערן־הויז אַ יידיש־אייראָפּעאישע ערציאונג. ער האָט באַזוכט די גימנאַזיע און דערביי געלערנט אין דער היים תּנ"ך, העברייאיש און אויך אַ ביסל גמרא. צו אַכצן יאָר האָט קופּערניק געענדיקט גימנאַזיע מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל, און נאָכדעם אַריין אין מאָסקווער אוניווערזיטעט אויפן יורידישן פאַקולטעט. זיצנדיק אויף דער

באַנק פון אוניווערזיטעט האָט זיך קופּערניק אינטערעסירט מיט אַלע יידישע געזעלשאַפטלעכע ענינים, האָט זיך באַטייליגט אין דער טעטיקייט פון דער מאָסקווער יידישער קהלה, וועלכע האָט זיך דאַן נאָר אָקאָרשט־וואָס אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען.

קופּערניק איז אַלגעמיין אָנערקענט געוואָרן אַלס איינער פון די פּייאיקסטע סטודענטן, וועלכע גיבן גרויסע האָפענונגען אויף דער צוקונפט. די פּראָפעסאָרן פון אוניווערזיטעט און אויך זיינע חברים האָבן פון אים זייער געהאַלטן. באַזונדערס באַוואונ־דערט האָט מען זיין גרויסע ערודיציע אין דער רוסישער און אין דער וועלט־ליטעראַטור בכלל, זיינע רעפעראַטן וועגן ליטעראַטור, וועלכע ער פלעגט אָפט לייענען אין די סטודענטישע קרייזלאַך, פלעגן תמיד צוציען צו זיי אַ היבשן עולם פון דער מאָסקווער אינטעליגענץ. אויסגעצייכנט האָט זיך קופּערניק אויך אַלס טאַלענט־פולער הומאָריסט. זיינע וויצן און גלייכווערטלעך זיינען אַרומגע־גאַנגען איבער גאַנץ מאָסקווע. דורך דאָס אַלץ איז ער געוואָרן פון די מאָסקווער מפורסמים און זייער אַן אָנגעלייגטער גאַסט אין די גרעסטע רוסישע אַריסטאָקראַטישע הייזער.

אַ גאַנץ אָפטער אַיינגייער איז קופּערניק געוואָרן באַזונדערס אין דער הויז פונם באַוואוסטן רוסישן דראַמאַטישן אַרטיסט מ. ס. שצעפּקין. ער האָט זיך פאַרליבט אין שצעפּקינס שענער און גע־בילדעטער טאָכטער,—די שפּעטער באַרימט־געוואָרענע רוסישע נאָ־וועליסטקע שצעפּקינאַ־קופּערניקאַ, און האָט מיט איר חתונה געהאַט. אין יענער צייט—די סוף זעכציקער יאָרן—האָט מען זיך אין גע־וויסע יידישע אינטעליגענטע קרייזן באַצויגן גאַנץ גלייכגילטיג צום שמד, און באַזונדערס ווען דאָס איז געווען אַן אַקט אויס ליבע, און האָט ניט געהאַט צו טאָן מיט קיין בגידה אין פאָלק. צו די דאָזיגע קרייזן האָט געהערט קופּערניקס פאָטער. בעת זיין זון האָט אים מודיע געווען אין אַ פריער אין אַ קורצער דעפּעשע פון דריי ווערטער: „וולּיובילסיאַ, קרעסטילסיאַ, זשעניִלסיאַ” (כ’האָב מיך פאַרליבט, געטויפט און חתונה געהאַט) און דערנאָך דאָסזעלבע אין אַן אויספירליכן העברעאישן בריוו, האָט ער אים אויף דעם געענטפערט: „איך בין מוכן ומזומן דיר מוחל צו זיין דאָס וואָס

דו ביסט אומגעטריי געוואָרן דעם גלויבן פון אונזערע זיידעס צו ליב אַ ליבע צו אַ פּרויענצימער; איך וועל דיר אָבער ניט מוחל זיין דאָס, וואָס דו האָסט אין דעם וואָרט „יעקב" געשטעלט אַן אלף אָנשטאָט אַן עיין"...

קופערניק איז אויך נאָכן שמדן זיך געבליבן אַ טרייער און אַן איבערגעבעגער ייד. אַלס טאַלענטפולער אַדוואָקאַט האָט ער וויפל מאָל פאַרטיידיגט יידן און אַרויסגעהאָלפן זיי פון פאַר־שיידענע אומגליקן. עס איז ניט געווען קיין פּאָגראָם־פּראָצעס אין וועלכן קופערניק זאָל זיך ניט האָבן באַטייליגט. בשעת דעם קו־טאַאיסער בלוט־בלבול אין 1879־טן יאָר, ווען העכער פון אַ מנין יידן האָבן זיך געפונען אין געפאַר אַוועקגעשיקט צו ווערן אויף קאַטאָרגע, האָט קופערניק געהאַלטן איינע פון זיינע גלענצענדע רעדעס, וועלכע האָט געמאַכט אַ גוואַלטיגן רושם אין גאַנץ רוס־לאַנד און האָט געווירקט אויף די שופטים פריי צו שפּרעכן די אָנגעקלאָגטע יידן. בעת קופערניק האָט זיך צוריקגעקערט פון קאַווקאַז, האָט דאַן די פּעטערבורגער יידישע פּלוטאָקראַטיע מיט דעם דירעקטאָר פון האַנדלס און דיסקאָנטאָ־באַנק, אברהם זאַק, אין דער שפּיץ, איינגעאָרדענט לכבוד אים אַ גראַנדיאָזן באַנקעט, אויף וועלכן ער איז געקומען אָנגעטאָן אין דעם קאַווקאַזער קאָסטיום, וואָס די פון אים פאַרטיידיגטע גרוזינער יידן האָבן אים אונטערגעטראָגן אַלס מתנה.

אַ גרויסן אַנטייל האָט קופערניק גענומען אין דעם פּראָצעס וועגן דעם קישינעווער פּאָגראָם, ביי וועלכן ער האָט אַרויסגעוויזן פיל טאַלענט. זיין רעדע, אין וועלכער ער האָט, ווען אפילו מיט גרויס פּאָרזיכטיגקייט, געשילדערט די יידישע לאַגע אין רוסלאַנד איז פיל אַרומגערעט געוואָרן אין דער אייראָפּייאישער אַלגעמיינער און אין דער יידישער פּרעסע. מיט אַ גרויסן מאָראַלישן ערפאָלג האָט ער זיך אין יאָר 1903 באַטייליגט אויף אינ'ם משפט וועגן דעם האָמ־לער פּאָגראָם. אין האָמעל, דאָס איז שוין געווען צוויי יאָר פאַר זיין טויט—האָט ער געהאַלטן זיין לעצטע רעדע וועגן יידישע פּאָגראָמען, אין וועלכער ער האָט געגאָסן פעך און שוועבל אויף דער אַנטיסעמיטישער יידנפרעסערישער פּרעסע, וועלכע פאַרפאַר־

טיקט און גרייט צו דעם באָדן צו אַלע מערדערישע אַרויסטרעטונגען קעגן יידן.

קופּערניקן האָט תמיד געגנאָגט און געעקבערט אַ שטאַרקער געפיל פון חרטה איבער דעם, וואָס ער האָט זיך געטויפט, און אין 1905=טן יאָר, נאָך דעם אָקטאָבער=מאַניפעסט, וועלכער האָט דעקלאַרירט די פרייהייט פון געוויסן, האָט ער באַשלאָסן צוריקצוקערן זיך צו דער יידישער אמונה, און האָט שוין צו דער געמאַכט די ערשטע נויטיגע טריט; אָבער ס'איז אים ניט באַשערט געווען צו פאַרווירקליכן זיין פּלאַן: אָנהויב 1906 איז ער געפערלעך קראַנק געוואָרן.

דעם זשורנאַליסט א. ע. קויפמאַן האָט דער קראַנקער קופּערניק אַמאָל אין אַ געשפּרעך באַמערקט: — קיין איין מינוט קען איך ניט פאַרגעסן מיין יידישע אָפּשטאַמונג; איך לייד אויף אַזאַ קריינק, וועלכע איז מיר געקומען בירושה און וועלכע עס קלעפּט זיך על פי הרוב צו יענע יידן, וואָס פאַרברייגגען זייער גאַנצע צייט אויף זיצן ביי דער גמרא...

קופּערניק איז געשטאָרבן ניט באַוויזנדיק צוריקצוקערן זיך צום יידנטום, און איז מקובר געוואָרן אויפן קריסטליכן בית=עלמין. זיין טויט האָט אָבער אַרויסגערופן אין דער יידישער וועלט אַ טיפן טרויער, ווייל קיינער האָט קיינמאָל קופּערניקן ניט געהאַלטן פאַר אַ קריסט, נאָר פאַר אַ הייסן, טרייען יידן, וועלכער האָט אין זיין גאַנצן לעבן ניט איבערגעריסן די פעדים, וואָס פאַרבינדן אים מיטן יידישן פאָלק.



## X.

# וולאַדימיר וואַסיליעוויטש פיאָדעראָוו.

## א.

זיין יידישער נאָמען איז געוועזן: צבי הירש גרינבוים. געבוירן איז ער אין יאָר 1815 אַן ערך אין דער קליינשטעטל קאַטערבורג וואָלינער גובערניע ביי אָרימע אָרטאָדאָקסישע עלטערן, וועלכע זיינען אים גאַנץ פרי אָפגעשטאָרבן. געהאָדעוועט האָט ער זיך ביי אַ פעטער אַ מלמד, וועלכער האָט אים אָפגעבן אין דער שטעטלשער תלמוד־תורה. נאָך אַלס קינד האָבן זיך אַרויסגעוויזן זיינע גלענצנדע פייאיקייטן. צו צוועלף יאָר האָט ער שוין געהאַט אַ נאָמען פון אַן עלוי. דאַן האָט אים דער פעטער אַוועקגעשיקט קיין דובנע, וועלכע איז געוועזן מפורסם אַלס אַ שטאָט פון תורה און פון גרויסע לומדים. דאָרטן איז ער אריין אין דער ישיבה, וואו ער האָט געלערנט מיט גרויס התמדה.

אין יענער צייט האָט געוואוינט אין דובנע אַ באַרימטער משכיל און וואויל־געלערנטער, מיט וועלכן ס'האָט געקלונגען גאַנץ דרום־רוסלאַנד,—וואָלף אַדעלסאָן האָט ער געהייסן. די הויז פון דעם דאָזיקן אַדעלסאָן איז געוועזן אַ צענטער פאַר די משכילים פון דער גאַנצער סביבה. דאָרטן פלעגן זיך צונויפקומען אַלע בני־תורה, וועלכע האָבן אין דער שטילן געלעכצט נאָך וועלטלעכער בילדונג. אַ זעלכע יונגע לייט פלעגן פון אַדעלסאָנען זייער הייס אויפגענומען ווערן און באַקומען מאָראַלישע שטיצע. אין שטאָט האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַן אפיקורס, און די פרומע האָבן אָפגעהיט

זייערע קינדער ניט צו האָבן מיט אים קיין שום מגע ומשא. דאָך האָבן אַלע פאַר אים געהאַט גרויס אָפּשיי.

אָנגערעט פון אַ חבר איז אַמאָל אין אַ ווינטער־נאַכט גרינ־בוים אַריין צו דעם אַדעלסאָנען וואו ער האָט געפונען אַ גרופּע יונגע לייט, וועלכע האָבן צווישן זיך געפירט אַ שמועס וועגן ענינים פון דער השכלה. גרינבוימען האָט זייער געשפּרעך זייער פאַראינטערעסירט. ער האָט זיך איצט צום ערשטן מאָל דערוואוסט, אַז אַ חוץ דער גמרא זיינען נאָך עפּעס דאָ אַנדערע ידיעות, מיט וועלכע אַ מענטש דאַרף באַקאַנט ווערן. אַדעלסאָן אַליין האָט מיט זיין פערזענליכקייט געמאַכט אויף גרינבוימען זייער אַ שטאַרקן איינדרוק, און פון יעמאָלט אָן איז ער געוואָרן פון זיינע אָפּטע איינגייער,—געווייגלעך אין די שפּעטסטע אָוונט־שעהן, כדי די יראים זאָלן דאָס ניט מערקן. דער רעזולטאַט פון די דאָזיקע באַזוכן איז געווען, דאָס גרינבוים האָט זיצנדיק אין דער ישיבה אָנגעהויבן צו לייענען השכלה־ביכלעך, און אין דערזעמביקער צייט גענומען זיך צו וועלטליכע קענטעניש. אַדעלסאָן האָט אים געגעבן אַן אומזיסטן לערער און אויך די נויטיקע לערן־ביכער, און אַ שטיק נאָך האַלבע נאַכט, בעת גאַנץ דובנע האָט שוין לאַנג גע־שלאָפן, האָט זיך נאָך גרינבוים ביים עמוד פון דער ישיבה גע־שאָקלט איבער אַ השכלה־ספר אָדער אַ לערן־ביכל.

ווי ענג גרינבוימען איז שוין געוואָרן אין דער ישיבה, האָט ער איר פונדעסטוועגן ניט פאַרלאָזן. ניט קוקנדיק אויף זיינע אַכצן יאָר איז ער שוין דאַן קלאָר געווען אין ש״ס און פּוסקים און האָט געהאַלטן אינגיכן צו באַקומען סמיכה. ער האָט זיך דאַן אַרומגעטראָגן מיט דעם אידעאַל, צו וועלכן ס׳האָט מסכים געווען אויך אַדעלסאָן, צו ווערן ערגעץ־וואו אַ רב, און מיט דעם כח פון זיין אַוטאָריטעט צו ווירקן אויף דאָס פאָלק צוצוהערן זיך צו די פאָדערונגען פון דער צייט און ניט אָפּצושטויסן פון זיך קיין וועלטלעכקייט. דעריבער האָט ער ממשיך געווען זיין לערנען, און נאָך מיט מער חשק, ביז דער דובנער רב האָט אים געגעבן סמיכה. דאַן האָט מען אים אָנגעהויבן צו ריידן שדוכים, און באַלד האָט זיך אָפּגעפונען אַ רייכער אַרענדאַטאָר פון דער אומגעגנט, וועל־

כּער האָט אים אויסגעכאַפּט פאַר אַן איידים. נאָך דער חתונה האָט זיך גריבּוים מיט זיין יונגער פרוי באַזעצט אין דובּנע, פון וואַנען ער האָט אויסגעקוקט אויף אַ רבנות. דערווײַלע איז ער גאַנצע טעג געזעסן אין בּית=מדרש און געלערנט, און בּיי זיך אין דערהיים שטודירט די מיטלאַלטערלעכע העבּרעאישע טעאָלאָגיש=פילאָסאָפישע ליטעראַטור, און די יידישע וויסנשאַפט און פּאָעזיע פון די עלטסטע בּיז די נייסטע צייטן. צוגלייך מיט דעם האָט ער זיך בּאַשעפטיקט אויך מיט אַלגעמיינער בּילדונג.

עס זיינען אַוועק אַ פּאָר יאָר, גרינבּוים איז געוואָרן אַ פאָטער פון צוויי קינדער און קיין שטאָט אויף רבנות האָט זיך אים אַלץ ניט געמאַכט. פון אָנפאַנג האָט ער זיך פון דעם שטאַרק מצער געווען; אָבּער בּיסלעכווייז איז ער צו זיין רבּנות גאַנץ קאַלט געוואָרן, בּיז ער האָט זיך פון איר אינגאַנצן מיאש געווען. דאַן האָט ער בּיי זיך בּאַשלאָסן צו מאַכן זיך די וועלטליכע בּילדונג פאַר אַ קאַריערע. אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט ער פאַרלאָזן דובּנע און איז אַוועקגעפאָרן קיין קאַמענעץ=פּאָדאָלסק, וואו ער איז גלייך אַריין אין דעם זיבּעטן קלאַס פון דער דאָרטיקער קלאַסישער גימנאַזיע.

ב.

נאָך זיצנדיק אויף דער בּאַנק פון דער קאַמענעצער גימנאַזיע האָט גרינבּוים קאָרעספּאָנדירט וועגן ענינים פון דער יידישער וויסנשאַפט מיט די גרעסטע יידישע געלערנטע אין דרום=רוסלאַנד און דער נאָהענטער גאַליציע, און בּאַזונדערס מיט ר׳ יצחק בּער לעווינזאָנען (ריב״ל) און מיטן העבּרעאישן דיכטער גאָטלאָבּער. אין יענער צייט האָט זיך אין די רעגירונגס=ספערן דערוועקט אַ שטאַרקער קטרוג אויפן תלמוד. געבּראַכט האָט דערצו אַ געוויסער משומד, אַ גרויסער צורר=היהודים, אשר טעמקין האָט ער געהייסן, דער מחבּר פון׳ם מיסיאָנעריש=אַנטיסעמיטישן חבּור „דרך סלולה״, וועלכער האָט געפונען פיל חן בּיי ניקאָלאַי דעם

ערשטן. ס׳האָט געהאַלטן דערבײַ, אַז מען זאָל פֿאַרבאָטן צו דרוקן דעם תּלמוד. מיטן צוועק צו פֿאַרטיידיקן דעם תּלמוד, האָט דאַן גרינבוים—נאָך אַלס שילער פֿון גימנאַזיע—איבערזעצט אין רוסיש די גאַנצע מסכת סנהדרין און האָט צו דעם אָנגעשריבן אַ גרויסע הקדמה וועגן דער באַדייטונג פֿון דער גמרא. די איבערזעצונג איז אָנערקענט געוואָרן אַלס מייסטער־ווערק פֿון די גרעסטע יידישע געלערנטע און עס האָבן זיך געפֿונען מעצענאַטן, וועלכע האָבן איר געוואָלט אָפּדרוקן אויף זייערע הוצאות. די צענזור האָט עס אָבער דאַמאָלסט ניט דורכגעלאָזן, און די מסכת, „סנהדרין" און גרינבוימס איבערזעצונג איז געבליבן ניט געדרוקט ביז די מיטעלע זיבעציקער יאָרן. אין יענער צייט האָט גרינבוים איבערזעצט אין העברעאיש מענדעלסאָנס „ירושלים", וועלכער האָט זיך ערשט אָפּגעדרוקט אין די מיטעלע זיבעציקער יאָרן אין סמאָלענסקינס פֿאַרלאַג. גרינבוים האָט זיך אָבער אָנגערופֿן אויף זיין איבערזעצונג מיטן נאָמען „שוהר טוב לישראל".

אַריינגעגאַנגען אין דער קאַמענעצער גימנאַזיע איז גרינבוים מיט דער דעה, צו ווערן נאָכן ענדיקן איר אַ לערער אין איינער פֿון די נייע שולן, וואָס די רעגירונג האָט דאַן געעפֿנט פֿאַר יידישע קינדער. אָנגעפֿירט מיט די ענינים פֿון די יידישע קרוין־שולן אין רוסלאַנד האָט דאַן דער באַוואוסטער ד״ר ל י ל י ע נ ט אַ ל, וועלכער איז אַרומגעפֿאָרן איבערן תּחום צו אַגיטירן פֿאַר בילדונג צווישן דער יידישער באַפֿעלקערונג. בעת גרינבוים איז אַרויס פֿון דער קאַמענעצער גימנאַזיע האָט ער זיך געווענדט מיט אַ בריוו־לעכער בקשה צו דעם דאָזיגן ליליענטאַלן, אַז ער זאָל אים געבן אַ לערער־שטעל אין אַ וועלכער ס׳איז שול. צוליב סבות, וועלכע זיינען געבליבן אומבאַוואוסט, האָט ליליענטאַל ניט בלויז ניט ממלא געווען גרינבוימס בקשה, נאָר ער האָט אים זאָגאַר ניט געענטפֿערט. דאָס האָט אַריינגעבראַכט גרינבוימען אין גרויס פֿאַרלעגנהייט, ווייל עס זיינען מיט איינמאָל צונישט גע־וואָרן אַלע זיינע האָפֿענונגען, און ער איז אַזוי אַרום געווען עלול צו פֿאַרבלייבן אָן אַ קאַריערע אין לעבן. דער סוף איז געווען, אַז נאָך אַ לאַנגן פּראָצעס פֿון אַ שווערן אינעווייניקסטן קאַמף, האָט

ער זיך אָפּגעשטעלט אויפן באַשלוס צו שמדן זיך אַבי נאָר אָנצוקומען אין אוניווערזיטעט.

גרינבוים, וועלכער האָט ביים טויפן זיך באַקומען דעם נאָמען: וולאַדימיר וואַסיליעוויטש פּיאָדאָראָוו, איז אַריין אין קיעווער אוניווערסיטעט אויפן פילאָזאָפישן פאַקולטעט. פון דער ערשטער מינוט אָן האָט ער געהאַלטן דער שמד מער ניט ווי אַלס מיטל צו דערגרייכן דורך אים זיין לעבנס=צוועק: צו דינען די בילדונגס=אינטערעסן פונם יידישן פאָלק. און דעם דאָזיגן צוועק איז פּיאָדאָראָוו געבליבן טריי און ערגעבן זיין גאַנצן לעבן. ביי די פאַרשיידנאַרטיגסטע באַדינגונגען פון זיין מצב איז ער תמיד געשטאַנען אויף דער וואַך פון די יידישע אינטערעסן. דאָס איז געווען די סיבה, וואָס אפילו נאָך זיין שמדן זיך האָבן זיינע אַלע פריינד און באַקאַנטע צווישן די יידישע געלערנטע ניט איבערגעריסן מיט אים זייערע באַציאונגען. ווי גאָרנישט געווען האָבן מיט אים אַלע קאָרעספּאָנדירט וועגן אַלערליי פראַגן פון תורה און חכמה.

נאָך אַלס סטודענט האָט פּיאָדאָראָוו אַרויסגעוויזן אַ גרויסן זשורנאַליסטישן טאַלענט. ער איז דאַן געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון „קיעווליאַנין". זיינע אַלע אַרטיקלען זיינען געווען געשריבן בלויז וועגן יידישע ענינים, און באַזונדערס וועגן דער שול=פראַגע. ער האָט אויפגעוואָרפן פאַרשיידענע פּלענער און פּראָיעקטן ווי אַזוי אַוועקצושטעלן די יידישע שול=בילדונג אויף אַ געהעריגער הויך. פיל האָט ער זיך אינטערעסירט מיט די פראַגן פון די דאַמאָלסטדיגע צוויי ראַבינער=שולן, די ווילנער מיט דער זשיטאָמירער. פּיאָדאָראָווס אַרטיקלען האָבן תמיד געמאַכט אַ רושם, און אין קיעווער העכסטע ביוראָקראַטישע ספערן האָט מען זיך מיט זיי גערעכנט.

ענדיגנדיק דעם קיעווער אוניווערזיטעט האָט פּיאָדאָראָוו באַקומען אַ שטעל ביים ווילנער גענעראַל=גובערנאַטאָר אַלס באַאַמטער פאַר באַזונדערע אויפטראָגן. אויך די דאָזיגע שטעל האָט פּיאָדאָראָוו אויסגענוצט לטובת יידישע אינטערעסן. ער, פּיאָדאָראָוו, איז דאָס געווען דער איניציאַטאָר פון דעם באַוואוסטן צירקולאַר, וואָס דער ווילנער גענעראַל=גובערנאַטאָר האָט אין די זעכציקער=יאָרן פונאַנדערגעשיקט צו אַ גאַנצע ריי יידישע כלל=טוער, גע=

געלערנטע און שריפטשטעלער מיט דעם פאָרשלאָג אַרויסצוזאָגן זייער מיינונג וועגן עטליכע פראַגן, וואָס זיינען נוגע דעם יידישן לעבן. פיאָדאָראָוו איז אויך געווען דער מחבר פון דער אַנקעטע, וואָס איז צוגעלייגט געוואָרן צו דעם דערמאָנטן צירקולאַר. האָבנ־דיג אַ שטאַרקן צובונד צו דער העברעאישער שפּראַך און צו איר ליטעראַטור, האָט ער געזוכט באַזונדערס מקרב זיין אַזוינע שריפט־שטעלער ווי שלום יעקב אבראַמאָוויטש, גאָטלאָבער, צווייפל, יעקב אייכנבוים און אַנדערע, וועלכע זיינען דאַמאָלסט געווען אָנגעש־טעלטע אַלס לערער אין יידישע רעגירונגס־שולן.

דינענדיק אין דער קאַנצעלאַריע פון גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט פיאָדאָראָוו פיל טובות געטאָן מיט די אוקראַאינישע חסידישע רביים און גוטע יידן, וואָס דאַן, אין דער עפּאָכע פון אַלעקסאַנ־דער דעם צווייטן, פלעגן זיך דערוועקן וועגן זיי ביי דער מאַכט פאַרשיידענע פראַגעס און ספיקות. די רביים פלעגן אים אויפהויבן לעילא ולעילא, מבטיח זיין אים עולם־הבא און אויך אַרייגשיקן אים דערווייל אויף דעם חשבון פון דעם עולם־הבא אַן עולם הזהדיקן אַוואַנסל אין מזומנים.

ווי פיאָדאָראָוו פלעגט דערציילן איז אים דער פראַוואָסלאַווו־נער גלויבן געווען פון אָנפאַנג אַ גאַנץ שווערער ביסן. צען יאָר האָט ער זיך געראַנגלט מיט זיין עקל צו ניט קיין כשרה מאכלים, און פופצן יאָר זיינען אַריבער איידער ער האָט זיך אויסגעלערנט אַרויסצורעדן ריכטיג דעם רוסישן ר. „איצטער—אַזוי פלעגט ער זאָגן—בין איך דאָך, דאַכצאַך, אַ גוי גמור, און פונדעסטוועגן קום איך ניט אין דעם אפילו צו די קנעכלאַך פון אַ „סאַכאַר־מאַראָז־שעניק”...

ג.

אָנפאַנגס די זיבעציקער יאָרן איז פיאָדאָראָוו באַשטימט גע־וואָרן אַלס צענזאָר פון יידישע ספרים אין וואַרשע. ער האָט שוין דאַן געהאַט דעם טיטל פון אַ „ווירקליכן רעגירונגס־ראַט”. אין וואַרשע זיינען געווען פון פיאָדאָראָווס אָפּטע איינגייער חיים

זעליג סלאָנימסקי, יצחק גאָלדמאַן, צווייפל און נאָך עטליכע פון די אַלטע משכילים, מיט וועלכע ער האָט ליב געהאַט צו פאַר־ברייִנגען, איבערצוגעבן זיי זייַנע עראינערונגען און כאַפּן אַ שמועס סאָן אין דברי־תורה.

בכלל איז פיאָדאָראָוו געווען אַ שטרייַנגער צענזאָר, אָבער מיט סלאָנימסקיס „הצפירה“ האָט ער תמיד געזוכט מטיב צו זייַן. האָט זיך ווען עס איז געמאַכט אַ „סירכא“, פּלעגן צו אים באַלד אַוועקלויפן פון איין זייט סלאָנימסקי, דער רעדאַקטאָר, און פון דער אַנדער זייט יצחק גאָלדמאַן, דער דרוקער, און פלעגן זיך פאַר אים נעמען קלאָגן אויף דער גרויסער הכבדה און אויף די „גרויסע הוצאות“ וואָס עס דאַרף קאָסטן אויסצובעסערן דעם פעלער, און דאַן פלעגט פיאָדאָראָוו מוותּר זייַן אויף זייַן מיינונג און פלעגט זאָגן: מילא, אויב איר עקשנט זיך אַיין דוקא ווי איר ווילט, ערלויב איך אייך; זייט אָבער וויסן, אַז פאַר פעטערבורג זייט איר פאַראַנטוואָרטליך, און אַז די ערלויבעניש, וואָס איך גיב באַפרייט אייך נאָך ניט פון שטראָף, און דער סוף וועט זייַט, אַז מ׳וועט אייך פאַרשיקן קיין סיביר! אָבער איך לאָז דאָס פאַר פעטערבורג; איך וועל אייך ניט טשעפּען, מיר זייַנען דאָך עפּעס ברידער!

כאַראַקטעריסטיש פאַר פיאָדאָראָווען אַלס צענזאָר פון „צפירה“ זייַנען די פאָלגנדע אַנעקדאָטישע פאַקטן, וועלכע ווערן איבערגעגעבן פון נ ח ו ם ס אָ ק אָ ל אָ ו ו ן:

„איינמאָל — דערציילט סאָקאָלאָוו — האָט פיאָדאָראָוו פאַר־האַלטן מייַנעם אַן אַרטיקל. איך בין נאָך דאַן ניט געווען קיין שטענדיגער מיטאַרבעטער פון „צפירה“, נאָר איך פלעג עפּעטערס צושיקן אַרטיקלען פון מאַ ק אָ ו ו, וואו כ׳האָב דאַמאָלסט געוווינט. יענער אַרטיקל, וועלכער האָט אַנטהאַלטן אַן איבערזיכט איבער די פאַרשיידענע רעליגיעזע סעקטן אין רוסלאַנד, איז גע־ווען כמעט אינגאַנצן אַן איבערגעזעצטער אַביסל פון אַן ענציקלאָ־פּעדיע און אַביסל פון „סאַנקט פעטערבורגסקיא וועדאָמאָסטי“. קו־מענדיק אַמאָל קיין וואַרשע בין איך אַרייַנגעגאַנגען צו פיאָדאָ־

ראָוון צו פרעגן ביי אים וועגן דעם גורל פון מיין אַרטיקל. דאַן האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן מיט פאַרדרוס:

— ווי קענט איר דאָס שרייבן אַזעלכע זאַכן?

אָנשטאָט אַ תשובה האָב איך אים באַוויזן דעם אָריגינאַל. אויף דעם האָט ער זיך אָפּגערופן:

— יאָ! מ'דאַרף טאַקי יענעם שרייבער אַוועקשיקן קיין סי־ביר. איך קען פאַרבאָטן, כאָטש אַן אַנדערער האָט ערלויבט, ווייל פון אַ ערלויבטע זאַך ברייגגט מען קיין ראיה ניט. אָבער ווייל דער עיקר פונם אַרטיקל איז שוין געווען געדרוקט, דעריבער ערלויב איך אייך צו פאַרעפנטליכן פון אים אַ קליין שטיקל.

ריידנדיק האָט ער אויסגעמעקט כמעט דעם גאַנצן מאמר און האָט דאָס ביסל איבערגעבליבענע ערלויבט צו דרוקן. דערביי האָט ער געזאָגט:

— אויב איר ווילט וויסן אויף ריכטיג דעם ענין פון די רעליגיעזע סעקטעס, אָט זיצט וועל איך אייך דערציילן.

און האָט תיכף אָנגעהויבן צו דערציילן זייער אינטערעסאַנ־טע פאַקטן וועגן די סובאָטניקעס און די גרים און וועגן די אַנדע־רע סעקטעס, דערקלערנדיק אין וואָס איטליכע פון זיי איז מסכים מיט דער פּראַוואָסלאַווגער אמונה און אין וואָס זי גייט זיך מיט איר פונאַנדער. און פאַרענדיגט האָט ער דעם שמועס, וועלכער איז געווען פאַרווירצט מיט וויצן און אַנעקדאָטן, מיט די פאָלגנדע ווערטער: „דאָס, וואָס איך זאָג אייך איז אַלץ וויכטיג, אָבער דרוקן טאָר מען דאָס ניט, אָט דרוקט בעסער אַרטיקלען וועגן נאַטור־וויסנשאַפט!“

„אַמאָל—דערציילט סאָקאָלאָוו ווייטער—האָט ער מיר גע־שיקט רופן צו אים. איך האָב שוין דאַן געוואוינט אין וואַרשע בקביעות. כ'האָב דאַמאָלסט געשריבן אין „הצפירה“ פאָליטישע אַר־טיקלען. דאָס איז געווען נאָכן רוסיש־טערקישן קריג. ער האָט זיך מיט מיר געוואָלט דורכרעדן וועגן דעם סגנון. אַליין האָט ער געש־ריבן העברעאיש לויט דעם אַלטן מליצה־סטיל, און האָט זיך תמיד באַקלאָגט אויף די בלעטער, אַז זיי מאַכן קאַליע דעם לשון. קו־מענדיק צו אים האָט ער אויף מיר געמאַכט אַ שטיקל עקזאַמען־

ער האָט מיר גענומען אויספרעגן ווי מ׳שרייבט אין העברעאיש דעם אויסדרוק און יענער אויסדרוק, די פראַזע און יענע פראַזע".

סאָקאָלאָוו האָט אויף אַלץ געגעבן פּיאַדאָראָוון דעם געהעריגן אויסדרוק. צו אייניגע אויסדרוקן האָט ער בשום אופן ניט געוואָלט מסכים זיין, און אַנדערע האָבן דעם אַלטן אזוי פיל באַגייסטערט, דאָס ער האָט פון גרויס התפעלות סאָקאָלאָוון געקושט אויפן קאָפּ אויסרופנדיק:

— אויב אַזוי קען מען דאָך באמת אַלץ שרייבן אין העברעאיש; וואונדערבאַר! וואונדערבאַר!

„דערביי האָב איך באַמערקט—דערציילט סאָקאָלאָוו—אַז אין זיינע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן, דער ייד האָט אין אים באַזיגט דעם צענזאָר.

„פון דאַמאָלסט אָן האָט ער אונז אַביסל לייכטער געמאַכט. אָבער פרייער פלעגט ער לאָזן שרייבן נאָר וועגן פּאָליטיקע. וועגן יידישן לעבן האָט ער ניט געלאָזן שרייבן קיין וואָרט. ס׳איז אַמאָל געווען אַ מעשה, אַז דער אַלטער משכיל אברהם קופּערניק פון קיעוו האָט אונז צוגעשיקט אַ לאַנגן בריוו וועגן דעם דאָרטיקן יידישן לעבן מיט אַ סך קריטיק בנוגע פאַרשיידענע פעלערן און אומרעכטן—האָט ער אַלץ אויסגעמעקט, און האָט צוגעשריבן ביי דער זייט: „גערעכט איז ער, אָבער מ׳קען אַזעלכע ענינים ניט באַהאַנדלען עפנטלעך".

— איך האָב ליב—אַזוי פלעגט ער תמיד זאָגן—אַזעלכע אַרטיקלען ווי „דאָס קעניגרייך סיאַם און אירע איינוואוינער".

„אָבער וואָס פאַר אַ שייכות האָבן יידן צו דער מלוכה פון סיאַם?"—האָט אים סאָקאָלאָוו געפרעגט.

אויף דעם האָט פּיאָדאָראָוו געענטפערט:

— וואָס עס טוט זיך ביי זיי אין דער היים, אין באַרדיטשעוו, דאָס ווייסן זיי; מ׳דאַרף זיי נאָר דערציילן וועגן זאַכן פון דער פרעמד וואָס זיי ווייסן ניט.

## ד.

פיאָדאָראָוו-גרינבוימס סוף איז געווען זייער אַ טרויעריקער. ווען ער האָט דערפילט, אַז עס קומט אָן זיין לעצטע שעה, האָט ער געשיקט צו זיך רופן סלאָנימסקען. וועגן דעם דאָזיקן לעצטן באַזוך ביי פיאָדאָראָוון האָט סלאָנימסקי איבערגעגעבן באַקאַנטע די פאָלגנדע פּרטים:

— איך האָב געזען, אַז ער פילט זיך עלנט און פאַרלאָזן. ער איז דאַן געווען אַליין אָן פרוי און קינדער. די קינדער זיינען פון אים שוין לאַנג אַוועק, ווי עס ווייזט אויס, האָט אים געדריקט דער געדאַנק וועגן דעם סדר פון זיין לויה און וועגן די אַלע פּראָצעסיעס, וואָס וועלן געמאַכט ווערן ביי זיין לעצטער מינוט און נאָך זיין טויט. יעדן טאָג פלעגט ער מיר שיקן רופן איך זאָל קומען צו אים, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט מיר וואָס וועלן איבערגעבן, אָדער געפינען ביי מיר אַ שוץ... איינמאָל האָט ער מיר געזאָגט, אַז ווען ס'וועלן קומען זיינע זין און וועלן אים געפינען טויט, זאָל איך זיי איבערגעבן, דאָס זיי זאָלן ניט מאַכן קיין צופיל פּאַראַד ביי זיין לויה, און זאָלן נאָך אים ניט שטעלן קיין גרויסע מצבה, נאָר מאַכן אַ צייכן אויף זיין קבר. אין אַ געוויסן טאָג האָב איך דער-הערט, אַז ער איז געשטאָרבן. איך בין אַהין אַוועקגעגאַנגען, האָב שוין אָבער ניט געקאָנט אַריינגיין. אינווייניק אין זיין וואוינונג, ווייל דאָרטן איז פאָרגעקומען די פּראָצעסיע. ס'האָט זיך געעפנט די טיר און איך האָב דערזען ווי הירש גרינבוים ליגט אַ טויטער, אויפן האַרצן איז ביי אים אַ גרויסער צלם, און פון אַלע זייטן שטייען אַרום אים גלחים.

— אין אַ צייט אַרום — אַזוי האָט סלאָנימסקי פאַרענדיקט — איז געקומען זיין זון, און איך האָב געמוזט גיין מיט אים אויפן בית-עלמין, ברעכן מיינע פיס צווישן די קברים, און צו באַווייזן אים וואו עס ליגט זיין פאָטער. איך האָב בעת-מעשה געפילט ממש יסורי-גיהנום...

■■■■■■■■

:XI

# אַן אָפּשניט פון משומדים.

## א.

פאַוּשטאָרבענער רעדאַקטאָר פונם „המליץ" און פון „יידישן פאָלקסבלאַט", א. צעדערבוים, האָט געשמט אין זיין צייט פאַר אַ גרויסן מכניס־אורח. ער האָט זיך קיינמאָל ניט געזעצט עסן, וואו ער האָט גיט געהאַט ביים טיש עטלעכע געסט. אַ באַזונדער התקרבות האָט ער אַרויסגעוויזן צו די פראָווינציעלע יידישע סטודענטן, וועלכע האָבן זיך אין דער ברויזנדיקער רוסישער הויפטשטאָט געפילט איינזאַם און עלנט. פאַר אַזעלכע איז זיין הויז געווען תמיד אָפן. כמעט יעדן יום־טוב פלעגט ער צו זיך איינלאַדן אַ פאָר מנינים סטודענטן, דערהויפט יענע, וועגן וועלכע ער האָט געוואוסט, אַז זייענדיק אָפגעריסן פון דעם שטעטלדיקן עלטערן־הויז, בענקען זיי נאָך אַ היימישער, עכט יידישער ספערע.

באַזונדערס פייערלעך, זאָגאַר פּאָמפּעז, פלעגט צוגיין ביי צעדערבוימען פסח צו די סדרים. צעדערבוים איז אַפילו קיין אָרטאָדאָקס ניט געווען, דאָך האָט מען ביי אים אָפּגעריכט די סדרים „מיט אַלע פּיטשעווקעס", לויטן לעצטן וואָרט פון „שולחן־ערוך". אין די דאָזיקעביידע אָוונטן פלעגן זיך צונויפקלייבן אַרום זיין טיש אַחוץ די פאָר צענדליק סטודענטן, זיינע שטענדיקע בני־בית, אויך געציילטע פּערזאָנען פון דער פּעטערבורגער

יידישער די פּלאַמירטער אינטעליגענץ, וועלכע האָבן אונטער דער השפּעה פון נאָך ניט מטושטש-געוואָרענע קינדערשע איינדרוקן, געלעכצט צו באַנייען און אָפּצופרישן אין זכרון די ליכטיקע, פּאָעטישע מאָמענטן פון זייער ווייטן עבר.

אין די לעצטע זיבעציקער יאָרן, בעת די מעכטיקע אַנטי-סעמיטישע כוואַליע, וואָס האָט געהאַלטן ביים פּאַרפליצן רוסלאַנד, האָט ביי אַ גרויסן טייל פון דער יידישער סטודירנדיקער, און גע-וועסט זיך אַסימילירטער, יוגנט, אַרויסגערופן יענע אידעען-איבער-קערעניש, וועלכע האָט געפירט צום סוף צו דעם פולשטענדיקן קראַך פון די אַסימילאַטאָרישע טענדענציעס,—האָט זיך ביי צע-דערבוימען פּסח צו די סדרים אָנגעהויבן צו ווייזן נאָך אַ גאַנץ נייער טיפּ געסט: „בעלי-תשובה-ניקעס". דאָס זיינען געווען יונגע לייט מיט הויכער אַקאַדעמישער בילדונג, וועלכע זיינען ביז אַהער געשטאַנען גאַנץ ווייט פון יידן און פון יידישקייט, האָבן זיך כסדר, אַרומגעטראָגן מיט לויטער רוסישע אידעאַלן און געהאַלטן זיך פּאַר רוסן; נאָך דעם פּלוצלונגן אויסבראָך פון דעם אַנטיסע-מיטיזם האָבן זיי זיך אָבער דערפילט אַנטוישט, האָבן געפּרובט מאַכן מיט זיך אַ שטיקעלע חשבון-הנפש, און נאָך אַ געוויסן פּראָ-צעס פון זוכעניש האָבן זיי זיך צום סוף אָפּגעשטעלט גאַנץ באַוו-איקט אויף דער יידיש-נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע.

די דאָזיקע יונגעלייט האָבין זיך דאַמאָלסט גרופּירט אַרום דעם יידיש-רוסישן װאָכנבלאַט „ר אַ ז ס װ ע ט", וועלכער איז נאָך דער לאַנגער תּקופה פון רוסיפיקאַטאָרישער אַגיטאַציע און פּראָ-פּאַגאַנדע געווען דער ערשטער, וואָס האָט גערופן און געוועקט די יידישע אינטעליגענץ צו פּאַרענדיקן אירע חשבונות מיט די שטרעבונגען פון אַסימילאַציע, און וואָס האָט שטאַלץ אויפגעהויבן און פּאַרטיידיקט די פאָן פון דעם יידיש-נאַציאָנאַלן געדאַנק.

צו דער דערמאָנטער גרופּע שריפטשטעלער און זשורנאַליסטן „בעלי-תשובה-ניקעס" האָבן דאַן געהערט, צווישן אַנדערע, דער פּאָעט נ. מינסקי-ווילענקין, דער שפּעטערדיקער פּראָפעסאָר סעמיאָן אַפאַנאַסיעוויטש ווענגעראָוו; דער יוריסט און געוועזענער מיט-

רעדאַקטאָר פונם חודש־זורנאַל „וויעסטניק יעווראָפּע" לודוויק סלאָנימסקי, (אַ זון פון חיים זעליג סלאָנימסקי, רעדאַקטאָר פון „הצפירה"); אינזשענער ש. ז. לוריע (געוועזענער קיעווער ראַבינער), אינזשענער א. טאַנענבויב, וועלכער האָט שפּעטער רעדאַגירט דעם אָרגאַן פון באַן־מיניסטעריום, און נאָך אַנדערע. אַ געוויסע צייט נאָך דעם איז צו דער דאָזיקער גרופּע צוגעשטאַנען אויך דער דיכטער ש. פרוג.

אָט די אַלע געוועזענע עקסטע אַסימילאַטאָרן, און איצטיקע מטע יידן, פלעגן קומען פּסח צו די סדרים צו צעדערבוימען, פלעגן זיך באַטייליקן אין די געהעריקע צערעמאָניעס לויט דעם אַלטן טראַדיציאָנעל־פּאַטריאַרכאַלישן שטייגער, פאַראינטערעסירנדיק זיך מיט די פאַרשיידענע מנהגים. אַנדערע פון זיי, וועלכע האָבן נאָך ניט באַוויזן צו פאַרגעסן די שוואַרצע יידישע פינטלעך, פלעגן העלפן צעדערבוימען זאָגן די הגדה; איינער פלעגט פרעגן די „פיר קשיות". צעדערבוים פלעגט פאַרטייטשן געוויסע שטיקער פון דער הגדה און באַלייכטן זיי היסטאָריש. עס פלעגן זיך אַנטוויקלען אינטערעסאַנטע שמועסן, עס פלעגן זיך פונאַנדערוויקלען צוציענדיקע ראָמאַנטישע בילדער פון פאַרצייטן, פון דעם יידישן פרייהייטס־קאַמף מיט די מצרים: דערביי פלעגט מען מאַכן אַנאַלאָגיעס צווישן די אַלטע מיט די נייע פרעה׳ס... געוויינלעך פלעגט דאָס אַלץ איינגעפלאָכטן ווערן אין גלייכווערטלעך און אין געפעפערטע יידישע אַנעקדאָטן און וויצן. דער יונגער עולם פלעגט האַלטן פסחדיקע טאָסטן, פרוג פלעגט נאָכאַנאַנד שיטן מיט עקספּראָמפּטן און דורכאויס אויף יידיש; דאָס רוב פלעגן דאָס זיין עקספּראָ־מפּטן־נאָדלען אויפן אַדרעס פון די אַסימיליאַטאָרן מיט די אַנטי־סעמיטן, וועלכע פלעגן אַרויסרופן ביים עולם פריילעכע געלעכ־טערס; סטודענטן, תלמידים פון קאָנסערוואַטאָריע, פלעגן זינגען יידי־שע נאַציאָנאַלע לידער, אַמאָל פלעגט מען אויך כאַפּן אַ טענצל אונ־טער דעם טראַדיציאָנעלן אויסרוף; „לשנה הבאה בירושלים!" אַזוי אַרום פלעגט זיך די צום נאַציאָנאַלן יידנטום דערוואַכטע יוגנט פאַרברענגען די סדרים ביי צערערבוימען אין אַ אינטימער און גע־מיטלעכער יידישער סביבה, און נאָכהער פונאַנדערגיין זיך אין א

נפּהויבּענער און צוגלייך אויך טיפער און ערנסטער יידיש-נאַציאָ-
נאַלער שטימונג.

ב.

אין יאָר 1881 האָט דער אַנטיסעמיטיזם געבּראַכט זיין ערשטע ממשותדיקע פּרוכט: אין דרום-רוסלאַנד האָט אויסגעבּראָכן אַ שרעק-לעכער פּאָגראָם-שטורים, דער דאָזיקער שטורים האָט געהאַט אויף די אויבּנדערמאָנטע נאַציאָנאַליסטיש געשטימטע יידישע יונגע לייט אַ פּארשיידנאַרטיקע ווירקונג. די מאָראַליש שטאַרקערע פון זיי זיינען דורך די פּאָגראָמען געוואָרן שטאַל-און אַייזן-פעסט און נאָך פיל פּאַרפּאַנצערטער אין זייערע יידיש-נאַציאָנאַלע אידעאַלן, און אויף די שוואַכערע האָבּן די געשעענישן אָנגעוואָרפן אַ פחד און זיי אָפּהענטיק געמאַכט. די פּערספּעקטיווע פון זייער יידישן עתיד האָט זיי אָנגעשראָקן. זיי האָבּן פּשוט, מורא געקראָגן פּאַר זייער לייב... די געכטיקע סאָציאַליסטן האָבּן איינציקווייז גענומען מאַכן פליטה פונם יידישן פּאָלק. אָפּגעשמדט האָבּן זיך דאַן איינער נאָך דעם אַנדערן אויך: מינסקי, ווענגעראָוו, סלאָנימסקי און נאָך אייניקע געוועזענע מיטאַרבּעטער פון דעם אולטראַ-נאַציאָנאַ-ליסטישן „ראַזסוועט". אין אַלע יידישע קרייזן האָט די דאָזיקע אַנטלויפעניש פון יידנטום, און נאָך אין דער צייט פון אַזאַ נאַציאָ-נאַלער קאַטאַסטראָפע, אַרויסגערופן גרויס פאַרביטערונג און צאָרן.

יענער פסח זיינען ביי צעדערבּוימען צוגעגאַנגען די סדרים פיל לעבּעדיקער און אינטערעסאַנטער פון פריער. אויסער דעם געוויינלעכן, שטענדיגן עולם, האָט מען ביי אים היינטיקס מאָל געקאָנט זען פּנים חדשות: באַוואוסטע ליטעראַטן, קינסטלער, שויס-שפילער און בכלל מענטשן מיט באַדייטנדיקע נעמען, וואָס האָבּן שוין גאַנץ לאַנג ניט פאַרקערט מיט יידן, און איצטער, אונטער דעם אַיינדרוק פון די טרויעריקע פּאַסירונגען, האָט ביי זיי דער-וואַכט דאָס אָיינגעשלאָפענע פּינטעלע ייד און זיי האָט אינסטינק-

סיוו געצויגן צו געפינען זיך די צוויי יידיש נאַציאָנאַלע סימבאָלי־שע פרייהייטס־נעכט אין אַ יידישער סביבה.

דער בונטער עולם האָט זיך צושפרייט איבער דעם גרויסן, בערוימיקן און העל־באַלויכטענעם זאַל קופּקעסווייס און זיך גאַנץ געמיטלעך געשמועסט. מ'האָט געוואַרט אויפן בעל־הבית, אויף צע־דערבוימען, וועלכער איז נאָך געווען אין שול צו מעריב. אין אַ ווײַלע אַרום איז אַריין צעדערבוים, באַלד האָט מען די געסט פאַר־בעטן אין עסצימער אַריין אַוועקצוזעצן זיך ביים סערווירטן טיש.

דער עולם האָט זיך צעזעצט איטלעכער אויף זיין אָנגעווי־זענעם אָרט, און דער אַלטער צעדערבוים האָט זיך געשטעלט און האָט אָנגעהויבן צו מאַכן „קדוש".

ערשט מיט אַמאָל האָט זיך געעפנט די טיר און אין צימער זיינען אַריין איינער נאָך דעם אַנדערן די דריי משומדים: מינסקי, וענגעראָוו און סלאָנימסקי...

דאָס פּלוצלונגע אַריינקומען פון די דאָזיקע גאַנץ אומגעריכ־טע און אומגערופענע געסט, האָט געמאַכט אויף אַלעמען זייער אַ שווערן איינדרוק. צעדערבוים איז געבליבן שטיין פאַרבלעפט אויף זיין אָרט ניט פאַרענדיקנדיק דעם „קדוש"... אַלע זיינען געוואָרן אַי צעמישט. דעם דאָזיקן חוצפּהדיקן וויזיט האָט קיינער נוט דער־װאַרט. נאָר איינער פון דער גאַנצער מסיבה האָט זיך ניט פאַר־לאָרן. דאָס איז געווען דער דיכטער שמעון שמואל פ ר ו ג. ער האָט תיכּף אויסגעשריען:

—עפנט אויף די טיר און זאָגט „ש פ ו ך ח מ ת ך!"...

דערביי האָט ער אַרויסגעוואָרפן דעם פאָלגנדן עקספּראָמט:

„אויף די גוים גיס אויס דיין צאָרן,
זיי ווילן דיך ניט וויסן;
אונז דם־שונאים געוואָרן
און קומען צו אונז געניסן...
אויפפרעסן ווילן זיי יעקבן, פאַרוויסטן זיין היים,
פאַרפוילטע בלעטלעך זיינען דאָס פון יידישן בוים;
תרדוף באף ותשמידם!..."

דער גאַנצער עולם ווי איין מענטש האָט אויסגעשאָסן אַ הילכיקן „בראַוואַ!" און די דריי „געסט האָבן פאַרשטאַנען וואָס מען מיינט און גיט ריידנדיק קיין וואָרט האָבן זיי זיך באַלד אָפּ־געטראָגן...

מיט דער דאָזיקער געשעעניש האָט דאַן געקלונגען גאַנץ פעטערבורג. מ'האָט וועגן איר פיל גערעדט אויך אין ניט־יידישע קרייזן, און ליצנים האָבן זאָגאַר פאַרשפּרייט אַ היפּשן פעקל וויצן וועגן דעם אָפּשניט פון די דריי ביי־אויסגעבאַקענע משומדים.



# א טאַכטער פון א בעל־תשובה.

ווינטער יאָר 1882 בין איך געווען אָנגעשטעלט אַלס לע־רער אין פּראָסטקען, אַ מזרח־פּרייסיש דאָרף האַרט ביי דעם רו־סיש־דייטשן גרענעץ, אַ סטאַנציע מיט דער אייזנבאַן פון ליק, וואו ס'איז ערשינען דאָס העברעאישע וואָכנבלאַט „המגיד". יענעם ווינטער האָב איך פאַר'ן „המגיד" פיל געשריבן, באַזונדערס וועג. דער דעמאָלט נאָר אָקאָרשט־וואָס ענטשטאַנענע באַוועגונג פון חבת־ציון און ישוב ארץ־ישראל, פאַרעפענטליכנדיק אין אים צווישן אַנדערע אויך די איבערזעצונג פון פינסקערס בראָשור „אויטאָ־עמאַנסיפּאַציע", וואָס האָט דעם דעמאָלטיקן ווילנער צענזאָר, יהושע שטיינבערג, פאַרשאַפט בייז בלוט, און זיין רויטער בלייפעדער האָט אין איר אָנגעמאַכט ממש חורבנות... פאַר פסח האָט מיר דער רעדאַקטאָר פון „המגיד", דוד גאָרדאָן, איינגעלאַדן צו קומען צו אים קיין ליק אויף יום־טוב. פון מיין דאָזיקן באַזוך ביי גאָרדאָ־נען איז ביי מיר ביז אויפ'ן הייַנטיקן טאָג פאַרבליבן אין זכרון די פאָלגנדע עראינערונג:

---

דאָס איז געווען דעם ערשטן טאָג פּסח פאַרנאַכט. אין בין דאַן געזעסן מיט גאָרדאָנען ביי אים אין קאַבינעט און האָב זיך מיט אים אונטערהאַלטן וועגן פאַרשיידענע ליטעראַרישע און געזעלשאַפטליכע ענינים. אין דער מינוט האָט מען אים געבראַכט די אָוונט־פּאָסט. נאָכדעם ווי ער איז איבערגעפלויגן איינעם פון די בריף, האָט ער אַ זאָג געטאָן, אַזוי ווי פאַר זיך:

— אַ גאַנץ גוטע טעמע אויף אַ פסח-אַרטיקל; איך דאַרף דאָס אָבער לײדער אין „המגיד” נישט דרוקן.

דערבײ האָט מיר גאָרדאָן דערצײלט, אַז דער שרײבער פון דעם בריוו איז אברהם קאָנסטאַנטינאָווסקי. דער דאָזיקער קאָנסטאַנטינאָווסקי מיט וועלכן ס'האָט אין יענער צײט געקאָכט אין די ברײטסטע קרײזן פון די חובבי ציון, איז געווען אַלײן אַן־אָדעסער, אַן־אַמאָליקער גביר און אַן־איצטיקער האַלבער יורד. אַ גרויסער משכיל, אַ שפּראַכן-קענער, אַ באַרעדטער, און דערצו אַ מאַן מיט אַ הײס ײדיש האַרץ. נאָך די פּאָגראָמען אין דרום־רוסלאַנד, וועלכע האָבן אים אינגאַנצן ערשיטערט, איז ער געוואָרן אַ הײסער אָנהענגער פון דער ארץ־ישראל־אידעע. זײענדיק פון נאַטור טעמפּעראַמענטפול און עקספּאַנסיוו, האָט ער אויף דער עלטער געוואָרפן זײן הײם און איז אַוועק קײן לאָנדאָן, כדי דאָרט פּראָפּאַגאַנדע צו מאַכן פאַר דעם ײדיש-נאַציאָנאַלן אויפלעבונגס-געדאַנק צווישן די ענגלישע וואוילהאַבנדע ײדן, אויף וועלכע ער האָט לכתחלה זײער גרויסע האָפענונגען געלעגט. ניט האָבנדיק בײ ײדן דעם ערוואַרטעטן ערפאָלג, האָט ער זיך געווענדט צו דער ענגלישער קריסטליכער געזעלשאַפט, וואו ער האָט ווירקליך געפונען מער פאַרשטענדניש און סימפּאַטיע פאַר דער זאַך. קודם כל האָט ער זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דעם באַקאַנטען התלהבותדיקן חסיד פון דעם ישוב־ארץ־ישראל־אידעאַל, לאָרענס אָליפאַנט, וועלכער, האָט אים נאָכהער צונויפגעפירט מיט עטלעכע לאָרדן, דעפּוטאַטן פון דער אויבערשטער קאַמער, וואָס האָבן אויך, ווי ער סימפּאַטיזירט, אויס רעליגיעזע און פּאָליטישע טעמים, מיט דער דאָזיקער אידעע. די רעפּעראַטן, וועלכע קאָנסטאַנטינאָווסקי האָט געהאַלטן אין די דאָזיגע הויכע קרײזן וועגן דער ײדישער לאַגע אין רוסלאַנד, האָבן געמאַכט אַ גוואַלדיקן אײנדרוק, און זײן אַפּעלירן מכּח דעם צוריקאויפבוי פון דער אַלטער ײדישער הײם האָט בײ זײ געפונען דעם שטאַרקסטן אָבקלאַנג. נאָך אײניקע באַראַטונגען, וועלכע די דערמאָנטע לאָרדן האָבן אָפּגעהאַלטן מיט קאָנסטאַנטינאָווסקי'ן איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס צו גרינדן אַ חברה פון קריסטן אונטערן נאָמען „פּאַלעסטיניש־סירישע געזעלשאַפט”

מיט דעם צוועק אָנצוקויפן שטיקער ערד אין ארץ־ישראל און פו־נאַנדערצוטיילן זיי אומזיסט, צוזאַמען מיט די פאַר דער לאַנדווירטשאַפט גוּיטיקע מכשירים, צווישן יידישע קאָלאָניסטן פון די רוסישע און רומענישע עמיגראַנטן. מיט אַ באזונדער ענערגיע און איבערגע־בענקייט האָט געאַרבעט פאַר דער גרינדונג פון דער חברה אַ גע־וויסע מאַדאַם פ י ן, אַן׳עלטערע פרוי, די אַלמנה פון אַ גרויסן ענגלישן באַאַמטן, וועלכע איז די לעצטע עטלעכע יאָר פון זיין לעבן געוועזן קאָנסול אין ארץ־ישראל. באַלד נאָך דעם אויסבראָך פון די ערשטע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד האָט זיך דורך דער אי־ניציאַטיווע פון דערזעלבער פרוי פין געגרינדעט אין לאָנדאָן אַ קאָמיטעט פון די גרעסטע ענגלישע פערזענליכקייטן צו קלייבן נדבות פאַר די צעראַבירטע יידן. און אַזוי האָט מען זי תּמיד גע־זען אין דער שפּיץ פון אַלץ, וואָס די קריסטלעכע ענגלישע געזעל־שאַפט האָט זיך אין יענע אומגליקס־טעג אונטערגענומען צו טאָן לטובת דעם יידישן פאָלק, און אויך איצט בעת דער השתדלות פון קאָנסטאַנטינאָווסקי׳ן איז אַרויפגעשוואומען אין דעם קרייז פון אירע באַקאַנטע לאָרדן די פראַגע פון ישוב ארץ־ישראל.

און וועגן דער דאָזיקער אלמנה פין האָט קאָנסטאַנטינאָוו־סקי געשריבן אָט וואָס:

„איך האָב פאַר אייך היינט אמת־סענסאַציאָנעלע נייעס, אָבער בתּנאי, אַז ס׳זאָל בלייבן בסוד בלויז צווישן אונזערע אנשי שלומינו. איך קום נאָר וואָס פון דער מאַדאַם פ י ן, וועלכע האָט מיר מיט אַ טאָג פריער איינגעלאַדן צו זיך אויף אַ פּאַרטרויליכן שמועס. זיצנדיק מיט איר טעט־אַ־טעט אין איר קאַבינעט האָט זי מיר אַ פרעג געטאָן:

— ווייסט איר, פיליימכט, פון אַ העברעאיש ווערק מיט׳ן נאָ־מען „נתיבות עולם?״

— כ׳ווייס, האָב איך איר געענטפערט.

— קענט איר מיר אפשר זאָגן דעם כאַראַקטער פון׳ם דאָ־זיקן ספר?

דער ספר איז אַ געמיש פון די ערגסטע בלבולים און מסירות

אויף יידן און אויף זייער גלויבן; באַזונדערס רעדט ער רשעות אויף אונזער תלמוד.

— ווער איז דער מחבר?

— דער נאָמען פון מחבר איז אויפ'ן ספר נישטאָ. נאָר לויט די קלאַנגען, וועלכע זיינען אין זיין צייט פאַרשפרייט געוואָרן וועגן אים, האָט ער געשטאַמט פון דער ליסאַ, איז געוועזן פריער אַ ייד אַ למדן, וועלכער האָט זיך דערנאָך גע'שמד'ט און איז אַוועק קיין לאָנדאָן, וואו ער איז געוואָרן אַ מיסיאָנער, און צוליב עטליכע פונט שטערלינג האָט ער פאַרפאַסט דעם דערמאָנטן שמוציגן פאַמפלעט קעגן זיינע געוועזענע ברידער און זייער אמונה.

נאָך אַ קליינער פויזע האָט זי מיר ווידער געפרעגט:

— האָט דער ספר יידן אַ סך שאָדן געבראַכט?

— געוויס. ווי מ'האָט דאַן דערציילט, דאָס איז שוין אַ מעשה פון העכער עטליכע און פערציק יאָר, האָבן זיך געפונען מענטשן, וועלכע האָבן דאָס בוך איבערזעצט אין ענגליש און פראַנצויזיש, און ער איז אַזוי אַרום געוואָרן אַ קוואַל, פון וועלכן אַלערליי שונאי-ישראל האָבן געשעפּט כל המיני רכילות'ן אויף יידן און יידישקייט.

— האָט זיך אונטער יידן נישט געפונען קיינער, וואָס זאָל זיך האָבן געפּרובט פּאָלעמיזירן מיטן מחבר און אָפּשלאָגן זיינע טענות?

— יאָ, ס'האָט זיך געפונען איינער אַזעלכער, וועלכער —

— וועלכער האָט געהייסן לעווינזאָן! — האָט זי מיר מיט אַמאָל איבערגעריסן.

— ריכטיק. ר' יצחק בער לעווינזאָן; אָבער אַנטשולדיקט מיר, מאַדאַם, ווי אַזוי קומט איר צו דעם?

— ווי אַזוי? ווי אַזוי קום איך צו דעם? דאָס איז גאַנץ פּשוט.

און מיט אַמאָל האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— דער מחבר פון „נתיבות-עולם“ איז געוועזן מיין פאָטער!

דערהערנדיק די ווערטער, בין איך נאָכדעם, וואָס איך האָב דאָ אַרויסגעזאָגט וועגן דעם „נתיבות עולם“, אַריינגעקומען אין אַ

גרויסע פאַרלעגנהייט, און האָב זיך דערפילט אין זייער ניט קיין אָנגענעמער לאַגע. זי האָט דאָס, קענטיק, פאַרשטאַנען און האָט באַלד מוסיף געווען:

— אַנטשולדיקט מיר, וואָס איך האָב אייך אַרויפגעפירט אויף דעם דאָזיקן אומבאַקוועמען שמועס. ריכטיק האָט איר געזאָגט, אַז מיין פאָטער האָט פאַרקויפט זיין פאָלק פאַר עטלעכע פונט שטערלינג. איך אַליין בין אויף דעם אַנ׳עדות; אַ יונג מיידעל בין איך געווען, בעת מיין פאָטער האָט אָפּגעדרוקט זיין „נתיבות-עולם", און איך געדענק נאָך גאַנץ גוט, ווי מיר זיינען פריער געזעסן אָן ברויט און ווי דער ספר איז אַרויס, איז אונז געוואָרן אַ ביסל בעסער. איך געדענק נאָך אָבער אויך דאָס, אַז כמעט פון דער ערשטער מינוט אָן ווי דער „נתיבות-עולם" איז אַרויס פון דרוק איז צעשטערט געוואָרן אויף אייביק מיין פאָטערס וועלישע רוה. פון דעמאָלט אָן האָט ער זיך קיין אָרט נישט געפונען. פון טאָג צו טאָג האָט ער פאַרנאַכלעסיקט זיין מיסיאָנערישע טעטיגקייט, און איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ שאָטן. איר זאָגט, אַז מיין פאָטער איז געווען פון דער ליטא — ניין, דאָס איז נישט ריכטיק. מיין פאָטער איז געווען פון די ערשטע יידן, וואָס האָבן איינגעוואַנדערט קיין רומעניע. דאָרט האָט ער אין אַ קליין שטעטל נעבן דעם רוסישן גרענעץ איבערגעלאָזט אַ יינגערע שוועסטער, וועלכע האָט געהאַלטן אַ שענקל. און אָט פון דער שוועסטער איז אין אַ שענעם פרימאָרגן אָנגעקומען דעם פאָטער אַ בריוו מיט וויי-געשרייען אויף דעם אומגליק, וואָס איר האָט פּאַסירט. שטעטלשע מאַלדאַוואַנער האָבן געמאַכט אַ בלבול אויף איר מאַן, אַז ער האָט דער׳הרג׳עט אַ קריסטליך קינד, כדי צו באַנוצן זיך מיט זיין בלוט אויף פסח. אָט דער בריוו האָט דערפילט אונזער מאָס. באַלד איז דער פאָטער פאַרשוואונדן געוואָרן, און קיינער פון אונז האָט נישט געוואוסט וואָהין. אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פון ניו-יאָרק, אין וועלכן ער שרייבט אונז, אַז זינט ער האָט אַרויסגעגעבן דעם „נתיבות-עולם" עקבערן און נאָגן אים שרעקלעכע געוויסנס-ביסע. נאָך אַ האַלב יאָר איז ער אונז מודיע מיט אַ געוויסער געגנוגטונג, אַז אים

הויבט אָן צו ווערן לייכטער אויפן האַרצן. אינגיכן גייט אַרויס זיינס אַ ווערק, אין וועלכן ער אַליין צעקלאַפּט און צעבּרעכט אַלץ, וואָס ער האָט אויפגעבּויט אין זיין „נתיבות עולם”. און דאָס ווערק איז טאַקע אַרויס, און מיין פאָטער האָט דורכדעם גערעכנט זיין זינד פאַר האַלב אויסגעקויפט. צו זיין פאָלקאָמער רוה האָט ער זיך שוין אָבּער קיינמאָל נישט צוריקגעקערט. צו דער עלטער איז ער נאָך פיל אומרואיקער געוואָרן. שטענדיק האָט ער אַרומגעטראָגן בּיי זיך דאָס ווערק פון דעם יידישן געלערטן לעווינזאָן. ער האָט אים כּמעט פון האַנט נישט אַרויסגעלאָזט. איך בּין בּיי אים געווען זיין איינציקע טאָכטער פון דער קריסטליכער פרוי, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט קומענדיק קיין לאָנדאָן. נאָך מיין פאָטערס פאַרשווינדן האָט מיין מוטערס אַ נאָענטער קרוב פון שאָטלאַנד מיך גענומען צו זיך און האָט מיר געגעבּן אַ הויכע, ריין-אַריסטאָקראַטישע ערציאונג. אויף אַ לוסט-רייזע קיין לאָנדאָן האָט זיך אין מיר פאַרליבּט אַ לאָרד׳ס אַ זון, וועלכער האָט מיך בּאַלד געהייראַט. די לעצטע יאָרן האָט מיין פאָטער פאַרבּראַכט בּיי מיר. פאַר זיין טויט האָט ער מיך אַריינגערופן צו זיך און האָט מיר מיט טרערן אין די אויגן געבּעטן, אַז איך זאָל זען פאַרריכטן דאָס, אין וואָס ער האָט זיך פאַרזינדיקט פאַר זיין לעבּן, און זאָל תּמיד העלפן יידן, ווי ווייט איך וועל נאָר קענען. איך האָבּ מיין פאָטער געשוואָרן, אַז איך וועל זיין צוואה שטרענג אָפּהיטן כּל זמן איך וועל לעבּן. ווי איר זעט, האָבּ איך בּיז אַהער מיין שבועה מקיים געווען. איך האָבּ אַליין געטאָן מיט יידן טובות, האָבּ תּמיד אין דעמזעלבּן גייסט משפּיע געווען אויף מיין זעליגן מאַן, וועלכער האָט פאַרטראָטן פאַרשיידענע שטעלעס בּיי דער ענגלישער רעגירונג. וואָס איך קלער ווייטער אויפצוטאָן פאַר די אומגליקליכע יידן, — דאָס וועט איר זען זייער שטוינען.

און קאָנסטאַנטינאָווסקי, וועלכער האָט שוין דעמאָלט געגלויבּט, אַז אָט-אָט וועלן אונז די ענגלישע קריסטן מיט אָליפאַנטן אין דער שפּיץ בּרענגען די גאולה שלמה, האָט פאַרענדיקט זיין בּריוו צו גאָרדאָנען מיט די פאָלגנדע פּאַטעטישע אויסגעשרייען:

„איר פאַרשטייט, וואָס אַזאַ מאַדאַם פין, די טאָכטער פון

דעם גרויסן בעל־תשובה׳ניק באַטייט פאַר אונז און פאַר אונזער־גרויסער זאַך? איר מעגט זיין גאַנץ זיכער, יידן וועלן שוין האָבן ארץ־ישראל און טאַקע בעגלא ובזמן קריב״...

און כמעט די גאַנצע סדר־צייט האָט גאָרדאָן נישט אויפ־געהערט צו ריידן מיט התפעלות וועגן קאָנסטאַנטינאָווסקי׳ס אָפּ־טימיזם, אין וועלכן ער איז ביי זיך אין הארצן געווען א גאַנץ קנאַפּער מאמין.



ש. ל. ציטראָן.

# זלמן רובלינסקי.

## א.

אויך אַ משומד, אָבער שוין גאָר פון אַנ'אַנדער מין, אַ פּראָדוקט פון דער לעצטער צייט. ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן ביי אַ פרומען, גאָטספאָרכטיקן יידן אין אַ קליין דערפל נעבן חאָראָל, פּאָלטאַווער גובערניע. דער פאָטער, איין ייד צווישן שכנים גוים, האָט אים געגעבן אַ ריין־אָרטאָדאָקסישע ערציאונג. האָט געשטרעבט צו מאַכן אים פאַר אַנ'עכט־כשרן יידן. האָט מיט אים אַליין געלערנט תנ"ך, פלעגט אים דערציילן מעשיות פון דעם אַמאָליקן ארץ־ישראל אין דער צייט פון דער יידישער מלוכה, און באַמיט זיך איינצופליסן אין אים ליבע צו יידן און יידישקייט. זלמן איז אָבער געוועזן אַ יידיש ייִנגל צווישן אַזוי פיל קריסטליכע יינגלעך און מיידלעך. אַלע נאַטור־קינדער, געזונטע, פול מיט לעבן. און די דאָזיגע סביבה האָט אויף אים געהאַט אַ גרעסערע השפעה פון דעם טאַטענס בוך־יידישקייט. זלמן איז געוועזן אַ בחור, א לעבע־יונג, האָט שיין געזונגען און געטאַנצט און אויסגעצייכנט געשפּילט פידל און האַרמאָניק, און איז דורך דעם געוואָרן דער פּאָפּולערסטער און באַליבטסטער יונגערמאַן צווישן דער דאָרפישער יוגנט.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און זלמן האָט זיך פאַרליבט אין איינער פון די שענסטע דאָרף־מיידלאַך, די טאָכטער פון דעם רייכסטן פויער. דאָס מיידעל, מאַריאַנע האָט זי געהייסן, האָט דעם יידישן יונגנמאַן געענטפערט מיט קעגנליבע, און איר פאָטער, וועלכער האָט געקאָנט זלמנ'ען פאַר אַ בחור אַ גבר מיט אַ גוט האַרץ, האָט זיי ניט געשטערט. וויסנדיק, אַז זלמן וועט ווערן מיט דער צייט אַ גוטער פויער, האָט ער אים נאָך, פאַרקערט, פאָרגע־לייגט צען דעסיאַטינעס ערד און אַ שיין הייזל אַלס נדן, בתנאי, ער זאָל תיכף ומיד אַוועקגיין מיט צוויי פון די חשובסטע דאָרף־איינוואוינער, זיינע „טויף־פאָטערס", צום גלח, און זאָל זיך פון אים לאָזן אָפּ'שמד'ן. זלמן איז באַלד אַוועק צום גלח און האָט אָנ־גענומען דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן.

אַז זלמנ׳ס פֿאָטער האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט, האָט ער איינגעלייגט וועלטן; ס׳האָט אָבער קיין זאַך נישט געהאָלפֿן: דער זון איז שוין געווען אַ משומד, האָט חתונה געהאַט מיט מאַריאַנען, און איז געוואָרן אַ פּויער, ווי אַלע קריסטליכע דאָרף־פּויערים.

אַ געוויסע צייט נאָך זיין שמד׳ן זיך האָט זלמן אַמאָל באַזוכט זיינע עלטערן. ער האָט אַנדערש ניט געוואָלט אַריין אין שטוב, ביז זיין פֿאָטער האָט אים צוגעזאָגט, אַז די מוטער וועט ניט וויינען, און ער פֿון זיין זייט האָט מבטיח געווען דעם פֿאָטער, אַז ער וועט שטאַרבן אַ ייד, און ניט קיין קריסט. אין אַ קורצער צייט אַרום איז דער פֿאָטער פֿון גרויס צער און בושה געשטאָרבן.

מער פֿון צוואַנציק יאָר האָט זלמן אָפּגעוואוינט אין דאָרף. זיינענדיק אַ מענש א פּקח, און דערצו נאָך אַ שרייבער אין „וואָלאָסט" און דער גרעסטער „מלומד" פֿון דאָרף, איז ער דאָרט אינגיכן געוואָרן דער חשוב׳סטער און באַליבסטער פּויער. אָן זיין עצה איז קיין זאַך ניט געטאָן געוואָרן. באַלד איז ער געוואָרן דער ערשטער כּלל־טוער אין דער געמיינדע, דער „סטאַראָסטאַ". קענענדיק שיין זינגען, פֿלעגט ער אונטערהעלפֿן דעם גלח ביי תּהילים־זאָגן, און אַזוי האָט ער זיך געלעבט אַ גליקלעך דאָרפֿיש לעבן. מאַריאַנע האָט אים געבוירן שיינע זין און טעכטער. דעם שטח פֿון זיין ערד האָט ער פֿאַרגרעסערט אויף אַ דריטל, מיט איטליכס יאָר פֿלעגן ביי אים פֿאַרמערט ווערן זיינע טשערעדעס פֿיה און שאָף. זיינע שכנים, די אַרומיקע פּויערים, האָבן אים קיינמאָל ניט אַרויס־געוויזן קיין שום קנאה און שנאה, ווי צו אַ משומד. „ס׳איז אינ־טערעסאַנט — אַזוי פֿלעגט זלמן אַליין דערציילן — אַז די גאַנצע פֿינף און צוואַנציק יאָר, וואָס איך האָב געלעבט צווישן די קריסטן, האָב איך פֿון זיי קיין איינציק מאָל ניט געהערט דאָס וואָרט „זשיד", און אַפֿילו דאָס צונעמעניש „משומד". מיין פֿרוי אָבער, מאַריאַנע, האָט זיך צייטנווייז באַצויגן צו מיר ווי צו אַ ניט־גלויביקן

ב

ס׳איז אָנגעשטאַנען דאָס יאָר 1905, איינס פֿון די שווערסטע יאָרן אינ׳ם לעבן פֿון רוסישן יידנטום, ווען „פֿאַר דער אַן

פון דער פרייהייט״ זיינען פאַרגאָסן געוואָרן טייכן יידיש בלוט די דאַמאָלסדיקע טראַגעדיע האָט געמאַכט אויף זלמנ׳ען אַ גוואַל־דיקן איינדרוק, וואָס האָט אין קורצן געבראַכט צו אַ מעכטיקן איבערבראָך אין זיין גאַנצן ווייטערדיקן לעבן.

וועגן דעם דאָזיקן זייער אינטערעסאַנטן איבערבראָך וועלן מיר לאָזן דערציילן זלמנ׳ען אַליין *):

„אין דעצעמבער אין יענעם יאָר — אַזוי דערציילט זלמן — בין איך, דער מוזשיק „זעלימאַן״, ווי ס׳האָבן מיר גערופן די דאָרפ־גוים, געפאָרן עטלעכע טעג פאַר ווייַנאַכטן פון דאָרף אין וואַלד האַקן האָלץ, ווי איך פלעג מיר נוהג זיין יעדן יאָר אין דער צייט. איך געדיינק, אַז ס׳איז דאַן געווען אַ גוטער שניי־וועג: די זון האָט געשיינט, דער פראָסט אין דרויסן האָט געשטאָכן ווי מיט שאַרפע נאָדלען, און דער שניי אונטער די פיס האָט שטאַרק גע־טרעשטשעט. פאַרנדיק אין וואַלד האָב איך אָנגעהויבן צופילן אַ גרויסע קעלט אין די פיס. איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פון שליטן, און בין געגאַנגען נאָך די פערד, כּדי צו דערוואַרימען זיך. איך ווייס ניט ווי אַזוי דאָס קומט, אַז נאָך פינף און צוואַנציק יאָר האָבן זיך אין מיר פלוצלונג דערוועקט צום ערשטן מאָל געדאַנקען וועגן דעם, וואָס מיט אַ גאַנץ לאַנגער צייט צוריק בין איך אונטריי גע־געוואָרן מיין פאָלק צוליב אַ ליבע. ווי עס ווייזט אויס זיינען אין מיר דערוועקט געוואָרן די געדאַנקען וועגן מיין פאַרלאָזענעם אומגליקלעכן פאָלק דורך די צייטונגס־ידיעות, וועלכע איך פלעג פאָרלייענען פאַר פּראָסטאַקישע פּויערים, מכּה פּאָגראָמען, מכּת געשענדעטע יידישע פרויען, אויפגעשפּאָלטענע בייכער און אַראָפּ־געשליידערטע קליינע קינדער פון אויבערשטע גאָרנס. אונטער דעם איינדרוק פון די דאָזיקע ידיעות איז מיר אַרויף אויפ׳ן גע־דאַנקען, אַז איך בין אַ געשמד׳טער, מיינע זין און טעכטער זיינען גוים, און זיי וועלן זיך נאָך אויך אַמאָל באַטייליקן אין אַ יידישן פּאָגראָם; מיין בכור סטעפּאַן וועט ווערן אַ חוליגאַן און וועט שלאָגן יידן. אַ זעלכע שרעקליכע רעיונות האָבן זיך אין מיר דערוועקט.

*) זע „חולמים ולוחמים״ פון י. יערי (פּאָלעסקין), יפו תרפ״ב.

איך האָב ניט געפילט, אַז די פערד האָבן מיך שוין אַוועקגעפירט גאַנץ טיף אין וואַלד אַריין. טראַכטנדיק אַזוי, איז אויף מיר פּלוצלונג אָנגעפאַלן אַן־אימה. האַקנדיק די צווייגן פון די בוימער, האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך הער אַ בת־קול פון הימל וואָס רופט:

— זעלימאַן! זעלימאַן! דו ביסט אַ ייד, אַ ייד אַ זינדיקער ... לאָז איבער די פערד מיט'ן שליטן אין וואַלד... לאָז איבער דיין ווייב מיט דיינע קינדער... און גיי פאָר אַוועק קיין ארץ־ישראל, דאָרט ווער אַ בעל־תשובה... ווער אַן'ערד־אַרבייטער... די ערד וועט אויסקויפן דיינע זינד ...

אין דער מינוט, וואָס מיר האָט זיך אָבגעדוכט, אַז איך הער די דאָזיקע ווערטער, בין איך געווען ווי אַ צומישטער. איך האָב געטאָן, ווי ס'האָט מיר געהייסן דער בת־קול פון מיין נשמה. איך האָב תּיכף אַוועקגעוואָרפן די פערד מיט דעם שליטן, מיט דער האַק און מיט די האָלץ, און בין אַרויס פון דער צווייטער זייט אויפן וועג, וואָס פירט אין שטאָט אַריין. איך האָב מיר ניט געוואָלט באַגעגענען מיט באַקאַנטע פויערים. איך האָב ניט געוואָלט זען מיין ווייב מיט די קינדער. איך בין געגאַנגען צו פוס זיבן טעג און זיבן נעכט, איך האָב גערוט אין פעלדער און געשלאָפן אין וועלדער. אויפ'ן אַכטן טאָג, שבת פאַרנאַכט, בין איך געקומען קיין אָדעס, פון וואַנען די שיפן גייען אָפּ קיין ארץ־ישראל".

ג

נישט האָבנדיק קיין פּאַס, האָט זלמן דעריבער נישט געקענט אָפּפאָרן פון אַדעס. איז ער פון דאָרט אַוועק צו־פוס קיין וואַרשע, האָט זיך איבערגעגנב'עט איבער דעם פוילישן גרענעץ, און איז געקומען קיין ווין. פון ווין האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט צו־פוס דורך די באַלקאַן־לענדער, און האָט אַזוי דערגרייכט קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דאָרט האָט ער זיך פאַר'גנב'עט אויף אַ שיף, און בעת די שיף איז שוין אַוועק אַ שטיק פון ברעג, האָט ער זיך פאָרגעשטעלט פאַר'ן קאַפּיטאַן, האָט אים דערציילט, אַז ער האָט אין דער טאַש קיין פּרוטה ניט; אָבער ער איז גרייט צו טאָן די שווערסטע אַר־

ביית, אַבי מ׳זאָל אים נאָר לאָזן דערפאָרן ביז יפו. דער קאַפּיטאַן האָט אים אָוועקגעשטעלט אַרבעטן ביי די קוילן, און אויף דעם אופן איז זלמן נאָך אַ נסיעה פון צוועלף טעג אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל, וואו ער האָט אָנגעהויבן שפּינען אַ גאַנץ נייַ לעבן.

ווי נאָר זלמן איז אַראָפּ פון שיף, האָט ער זיך באַלד נאָכגעפרעגט, וואו עס וואוינט דער גרעסטער רב פון שטאָט. מ׳האָט אים אָנגעוויזן אויף דער וואוינונג פון הרב ר׳ אברהם קוק. זלמן איז אַריין צום רב, און האָט זיך פאַר אים מתודה געווען. דער רב האָט אים אויסגעהערט, און נאָכדעם געזאָגט: „זלמן, פון היינט אָן ביזטו אַ ייד. פערגעס, מעק אָפּ פון דיין האַרצן די פינף און צוואַנציק יאָר פון דיין לעבן... פערגעס דיין ווייב מיט דיינע קינדער ... שטעל דיך אַוועק באַאַרבעטן די ערד... אויב דו ווילסט, נעם דיר אַ צווייטע פרוי, אַ יידיש־קינד, און האָב יידישע קינדער... די ערד פון ארץ־ישראל, וואָס דו וועסט באַאַרבעטן, וועט אויסקויפן דיינע זינד״.

נאָכדעם האָט אים דער רב אַוועקגעשיקט מיט׳ן שמש זיך טובל זיין. בשעת דער טבילה האָט דער שמש געזאָגט די געהעריגע ברכות.

ווי אַ קליין געהאָרכזאַמער יינגעל האָט דער פופציק־יעריגער מאַן מקיים געווען אַלץ, וואָס דער רב האָט אים געהייסן. פריער איז ער אָבער אַוועק צו פוס פון יפו קיין ירושלים צו קושען די שוואַרצע און די קאַלטע שטיינער פונ׳ם „כותל־מערבי״. ער האָט זיך אָפּגעזונדערט פון די איבעריקע מתפללים, געשטאַנען אַליין פאַר זיך, ווייט פון אַלעמען אין אַ ווינקל, ער האָט צוגעדריקט זיינע אויערן צו די שטומע שטיינער פון דער שרעקליכער וואַנט. ער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, און האָט איינגעזאַפּט אין זיך די תפילות פון די אַרומיקע, זיין האַרץ צוזאַמען מיט זיינע ליפּן האָבן געזאָגט ודוי.

פון ירושלים איז זלמן אַוועק אין אַ קליינער קאָלאָניע אין גליל „בית־גן״, וואו עס האָבן געוואוינט פויערים־גרים, וועלכע זיינען אים געווען נענטער לויט זיין מצב... ער איז געוואָרן פון די בעסטע פועלים אין בית־גן. איבערצייגנדיק זיך, אַז אין דער דאָזי־

קער קאַלאָניע וועט ער ניט קאָנען ווערן קיין זעלבסטשטענדיקער פויער, איז ער אַוועקגעגאַנגען קיין יהודה, און איז געקומען קיין פתח־תקוה, וואו ער איז געוואָרן דער ערשטער און דער בעסטער „היי־שניטער”.

אין אַ צייט אַרום האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ פרוי אַנ׳ אַלמנה, מיט וועלכער ער האָט אויך קינדער געהאַט. זייער אינטערעסאַנט איז, ווי אַזוי זלמן איז מיט דער דאָזיקער פרוי באַקאַנט געוואָרן. ער איז אַמאָל מיטגעגאַנגען מיט זיינעם אַ באַקאַנטן אַ גר, צו דער אַלמנה לייען ביי איר אויף יום־טוב דעם מאַנטל פון איר פאַרשטאָרבענעם מאַן. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דער מאַנטל איז פאַר׳ן גר צו־ענג געווען. דאַן האָט זלמן אויסגעטאָן זיין מאַנטל און האָט אים אָבגעגעבן דעם באַקאַנטן, און ער אַליין האָט אָנגעטאָן דעם פרעמדן בגד. דורכדעם איז ער דער פרוי שטאַרק געפעלן געוואָרן.

שפּעטער איז זלמן אַריבער מיט זיין פאַמיליע פון פתח־תקוה קיין יפו, כדי מער מקרב צו זיין זיך צום יידישן לעבן און צו די יידישע אינטערעסן, צו לערנען העברעאיש און געפינען זיך נאָנט צו דעם רב קוק אין יפו, איז זלמן אַריין אַלס חבר אין דער קבוצה פון די פועלים, וואָס האָבן געאַרבעט ביי די זאַמדן. ער האָט זיך באַזעצט אין אַ קליין צימערל אין דער גאַס „נוה־צדק”, און האָט זיך ערנערט מיט זיין פאַמיליע פון זיין אַרבעט צוזאַמען מיט דער אַרבעט פון זיין פרוי וועלכע האָט געוואַשן וועש פאַר די פועלים, און אַזוי ווי ער איז געווען חשוב און אָנגעזען אַמאָל ביי זיינע שכנים, די רוסישע דאָרפס־פויערים, און שפּעטער ביי די גרים, די פויערים פון בית־גן, אַזוי איז ער פון איצט אָן געוואָרן אַ נכבד אויך צווישן די גרים פון יפו. ער איז ביי זיי געוואָרן דער עלטסטער און זייער גאַנצער בעל־יועץ, און שפּעטער אויך דער חזן אין זייער גרים׳שן מנין. דער אַמאָליקער תהילים־זאָגער אין דער דאָרפישער קריסטליכער קירך איז געוואָרן אַ חזן.

צוזאַמען מיט פיל אַנדערע פועלים האָט זלמן עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד אַראָפּ געגראָבן די זאַמד־בערגלעך ביי יפו, און געמאַכט אויף דעם אָרט אַ גרויסן און אַ ברייטן אויסגעגלייכטן פּלאַץ. נאָכ־

דעם האָט ער מיט זיי אינאיינעם אויסגעשניטן גאַסן און געמאַכט קאַנאַליזאַציע אויף יענעט אָרט, וואו עס געפינט זיך היינט דאָס איירעפּעאיש-מאָדערנע יידישע שטעטל „תּל אָביב".

איינער פון די פּועלים, יעקב פּאָלעסקין, וועלכער האָט די גאַנצע צייט געאַרבעט אין יפו צוזאַמען מיט זלמנ'ען, גיט-איבער וועגן אים פאָלגנדע פּרטים *):

„זלמן רובלינסקי, אָדער ווי מיר פלעגן אים רופן אין אַ וויץ „זעלימאַן גוי", איז געווען דער עלטסטער אין אונזער חברה פּועלים. זיין באָרד האָט שוין אָנגעהויבן צו ווערן גראָה. אָבער ער איז געווען דער פריילעכסטער צווישן אונז מיט זיינע טענק, מיט זיין שטיפעריי, מיט זיין געזאַנג און מיט זיינע אַלערליי הו-מאָריסטישע המצאות. נאָר צייטנווייז, בעת ער פלעגט רוען פון דער שווערער זאַמד-אַרבעט, פלעגט ער מיט אַמאָל ווערן אומע-טיק, און דאַן פלעגט ער נעמען זינגען האַרציקע אוקראַאינישע לידער — טרויעריקע ליבעס-לידער, אין וועלכע ס'האָט זיך אויסגעדריקט אַ שטאַרקע בייגקשאַפט צו די ברייטע אוקראַאינער סטעפּעס און צו דעם ברויזנדיק-פליסנדיקן דניעפּר. פון די דאָזיגע לידער פלעגט ער איבערגיין צו טרויעריקע רירנדיקע חזנ'ישע נגונים פון יום-כפור און אויך צו רעליגיעזע שירים פון דער פּראַוואָסלאַוונער קירך.

„נאָכדעם ווי די חברה פּועלים האָט פאַרענדיקט איר אַר-בעט אין „תּל אביב", האָט זי זיך צעשפּרייט איבער דער וועלט. אָבער זלמן איז געבליבן צוגעבונדן צו ארץ-ישראל. ער פלעגט קערן די גאַסן, באַשפּריצן זיי מיט וואַסער, נאָכדעם איז ער געוואָרן אַ גערטנער אין „ראָטשילדס-אַלייען". ווי אַ פאָטער פאַר זיינע קינדער, אַזוי האָט ער געזאָרגט פאַר די פלאַנצונגען, וואָס מיר האָבן פאַרפלאַנצט.

„אָבער מיט דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער זיך נאָך ניט באַנוגנט. ווי אַן'אמת'ער בעל-תּשובה האָט ער געוואָלט אויפּסאָן עפּעס וואָס וויכטיגעס פאַר'ן פאָלק און פאַר'ן לאַנד, כדי אויסצו-

*) אין זיין איבערגעטאָגטן ספר „חולמים ולוחמים".

קויפן דורכדעם זיין זינד. ער איז אַוועק אין אַ קאָלאָניע און איז דאָרט געוואָרן אַ שומר. ער האָט געוואַרט און געהאָפט אויף אַ פּאַסנדער מינוט, ווען ס'וועט אים געגעבן ווערן די מעגליכקייט אויסצופירן אַ באַזונדער שענע ערהאַבענע זאַך. די געלעגנהייט צו דעם איז באַלד געקומען. עס האָט אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה. טערקיי איז אויך אַריין אין קריג. די אָטאָמאַנישע רעגירונג האָט אָנגעהויבן אַ ריי רדיפות קעגן יידן, קעגן דעם ציוניזם און די ציונים, קעגן דאָס יידישע האָב־און־גוטס. זלמן איז פול געוואָרן מיט נקמה־געפילן קעגן דער טערקיי. אין אָנהויב מלחמה איז ער אויף אַן אַמעריקאַנישן קריגס־שיף אָפּגעפאָרן פון ארץ־ישראל און געקומען קיין אַלעקסאַנדריע מיט'ן צוועק אַריינצוטרעטן דאָרט אין דער ענגלישער אַרמיי, אום אָנטייל צו נעמען אין דער מלחמה קעגן טערקיי. אין אַלעקסאַנדריע איז זלמן אַריין אין דעם באַוואוסטן יידישן לעגיאָן, וועלכער איז אַוועקגעשיקט געוואָרן, כידוע, דוקא צו דעם דאַרדאַנעלישן פראָנט. נאָכדעם ווי די ענגלענדער זיינען פון דאָרט אָפּגעטראָטן און דער לעגיאָן האָט זיך אויפגעלייזט, האָט זיך זלמן צוריקגעקערט קיין אַלעקסאַנדריע.

תיכף ווי ארץ־ישראל איז אויסגעלייזט געוואָרן פון טערקישע הענט, איז זלמן געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט אין לאַנד אַריין".



ש. ר. ציטראָן.

# משומדים

טיפּן און סילועטן פונם נאָענטן עבר.

צווייטער טייל

פאַרלאַג „אחיספר"
ביי געז. „צענטראַל"
וואַרשע נאַלעווקי 7.

I.

# דניאל אבראמאוויטש חוואָלסאָן.

## א.

יוסף (אַזוי איז געווען זיין יידישער נאָמען) חוואָלסאָן איז געבאָרן געוואָרן אין 1819 אין ווילנע. זיין פאָטער איז געווען א ייד אַ למדן, וועלכער איז געזעסן גאַנצע טעג אין קלויז און האָט געלערנט. זיין מוטער, חוואָלסאָן האָט זי געהייסן (פון וואָס עס שטאַמט דער פאַמיליען-נאָמען חוואָלסאָן) פלעגט מאַר-לאַטען זעק, און מיט איר פאַרדינסט האָט זי קאַרגלעך ערנערט זיך מיט'ן מאַן מיט זייערע פיר קליינע קינדער, פון וועלכער יוסף איז געווען דער עלטסטער. אַ גאַנצן טאָג פלעגט יוסף אָבזיצן אין חדר. און פון אָנהויב אָוונט ביז האַלבער נאַכט פלעגט מיט אים לערנען דער פאָטער אין דערהיים. גאַנץ פרי האָבן זיך שוין אַרויס-געוויזן דעם יינגלס גלענצענדע, ממש וואונדערבאַרע פעאיקייטן. ווילנער יידן זיינען געלאָפן אויף חדושים אָנקוקן, ווי דער צעני-יאָריקער יוספ'קע לערנט שוין „אַלפס" מיט אַלע מפרשים. דעם פאָטער'ס טעג זיינען שוין אָבער דעמאָלט געווען געציילט. פיר יאָר האָט ער אָבגעליטן פון אויסצערונג און איז געשטאָרבן.

דאַן האָט אים זיין מוטער, די אלמנה, אָבגעגעבן לערנען אין דער ישיבה פון דעם באַוואוסטן גאון ר' ישראל גינצבורג, וועלכער איז געווען ווייט און ברייט באַקאַנט אונטערן נאָמען „ר' ישראל זאַרעצער". דער דאָזיקער ר' ישראל איז געווען אַ מחותן פון דעם ווילנער גאונ'ס ברודער, און האָט געשמ'ט אין דער לומ-דישער וועלט פאַר איינעם פון די עמודי התורה והיראה. חוואָלסאָן איז געווען דער יינגסטער תלמיד אין דער ישיבה אין וועלכער ס'האָבן געלערנט בלויז דערוואַקסענע בחורים און יונגע-לייט. באַ-מערקנדיק חוואָלסאָנ'ס עילוי'אישקייט, האָט אים ר' ישראל אָב-געטיילט פון זיינע איבעריקע תלמידים, און האָט אליין געלערנט

מיט אים און מיט זיין זון בײַ זיך אין דערהיים. אין יענער צייט, האָט שוין חוואָלסאָן מיטגעהאָלפן זיין גרויסן לערער צו באַאַרבעטן מיט פיל אויסבעסערונגען און הוספות ר׳ אַברהם דאַנציג׳ס „חיי אדם״, וועלכן ר׳ ישראל גינצבורג האַט אַרויסגעגעבן אויף דאָס נײַ מיט זיינער אַ הקדמה אין יאָר 1836.

חוואָלסאָן האָט זיך אָבער מיט די למודים פון דער ישיבה ניט באַנוגנט. און בעת אַלע פלעגן שלאָפן, פלעגט ער אריינקוקן אַ פריער אין „ספר העיקרים״ און דערנאָך אין „מורה נבוכים״, וועלכן ער האָט ערגעץ־וואו באַקומען אין שטאָדט. בעת ער פלעגט האָבן אין קעשענע אַ פּאָר גראָשן, פלעגט ער דאַן קויפן אַ חלבּ׳ן ליכטל און אָבזיצן פאַר איר איבער די דערמאָנטע מיטל־אַלטערלעך פילאָזאָפישע ספרים אַ גאַנצע נאַכט. באַלד אין דערפרי פלעגט ער זיך צוריק אַוועקזעצן בײַ דעם תלמוד און די פוסקים. ר׳ ישראל פלעגט אים געפינען תמיד בײַ דער גמרא, און אים פלעגט גאָרניט אײַנפאַלן, אַז זיין געליבטער תלמיד האָט אַ גאַנצע נאַכט מיט קיין אויג ניט צוגעטאָן און האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אַ זעלכע ספרים, וועלכע זיינען, לויט זיין מיינונג, געפערליך פאַר יונגעלייט.

אויפ׳ן 18־טן יאָר האָט חוואָלסאָנען באַהערשט אַ שטאַרקער דראַנג נאָך אַלגעמיינער בילדונג. לויט ווי ווילנער זקנים האָבן דערציילט, האָט חוואָלסאָן דעמאָלט געהאַט פאַר אַ חבר אין ר׳ ישראל׳ס ישיבה, דעם נאָכהער זייער פּאָפּולער געוואָרענעם העבּרעאישן שריפטשטעלער קלמן שולמאַן, און ער זאָל דאָס האָבן אויף אים געווירקט צו נעמען זיך פאַר אַלגעמיינע למודים. חוואָלסאָן האָט געקראָגן אַ יונגן מענטשן, וועלכער האָט אים צום ערשטן מאָל באַוויזן די לאַטיינישע אותיות, ניט האָבנדיג קיין געלד אויף ביכער, האָט ער זיך גענומען לערנען לעזן, גייענדיק אין גאַס פון די פּוילישע שילדן איבער די קראָמען. ענדליך האָט אים אַ גליקלעכער צופאַל געבראַכט צו דער האַנד אַ דייטש לעזעבוך, וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן מיט׳ן צוועק צו פאַרשפּרייטן די דייטשע שפּראַך אין פּוילן; אים איז אָבער אָנגעקומען גאַנץ שווער צו דערגיין וועגן וואָס עס רעט זיך אין דאָזיקן ספר. ער האָט

זיך אַזוי לאַנג געמאַטערט ביז ער האָט באַקומען אַן אַלטע לוטע־ראַנישע ביבל, דורך וועלכער ער האָט זיך באַקאַנט מיט אַ געווי־סער צאָל דייטשע ווערטער און אויסדריקן. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער זיך שוין ווי עס איז געקאָנט באַנוצן מיט אַ דייטשן ווערטער־בוך. דערנאָך האָט ער בײַ זיך באַשלאָסן צו ערלערנען אויפן זעלבן אופן די פראַנצויזישע און די רוסישע שפּראַך, און האָט אינגיכן זײַן באַשלוס פאַרווירקלאַכט. געוויינלאַך האָט ער דאָס אַלץ געטאָן בסוד און באַהאַלטן פון אַ וועלכן עס איז מענ־טשנס אויג.

דערוויַיל האָט זײַן מוטער אויפגעזוכט פאַר אים אַ שידוך, און האָט אים גענומען דרינגען, וואָס גיכער התונה צו האָבן. חוואָלסאָן האָט אָבער נישט געפילט צום מיידל די קלענסטע ניי־גונג און האָט נישט געוואָלט אַריינפאַלן אין דער געזעלשאַפט פון זײַן צוקינפטיקן שווער. חוואָלסאָנס עקשנות האָט זײַן מוטער פיל געזונט געקאָסט, און זי האָט באַשלאָסן צו גיין פאַרמסרן אים פאַר זײַן רבין ר׳ ישראל גינצבורג. זי איז אַוועק צו ר׳ ישראלן און האָט אים דערציילט, אַז איר זון האָט גאָט צוגעשיקט אַ שידוך מיט נדן, און ער וויל ניט זען, ניט הערן. „ער איז דאָך שוין אַן עין הרע, אַ גאַנץ גרויסער בחור — אַזוי האָט זי זיך געקלאָגט — און וויל קיין חתונה ניט האָבן". ר׳ ישראל האָט געזעכט געגעבן דער מוטער און האָט גוט אויסגעמוסרט הוואָלסאָנען, פאַרוואָס ער האָט קיין רחמנות ניט אויף דער אַלטער מאַמען, די אלמנה, און איז ניט ממלא איר רצון, ערקלערנדיק אים דערבײַ, אַז „בן שמונה עשרה לחופה" איז אויך אַ דין ווי אַלע דינים, וועלכע אַ טרייער ייד טאָר נישט עובר זײַן. דעם ראש ישיבה׳ס מוסר האָט געווירקט, און קורץ נאָכדעם האָט חוואָלסאָן חתונה געהאַט מיט דעם מיידל וואָס די מוטער האָט פאַר אים אויסגעקליבן.

נאָך דער חתונה איז חוואָלסאָן אָנגעקומען אויף קעסט קיין מיחיילישאָק, אַ קליין שטעטל נעבן ווילנע, וואו זײַן שווער האָט געהאַלטן אַ קרעטשמע. פון דער ערשטער מינוט אָן האָט זיך חוואָלסאָן בײַ זײַן שווער אין הויז אָנגעהייבן פילן זייער שלעכט, און ער וואָלט אַזוי אין דער דאָזיקער שטיקנדער אַטמאָספערע

נעוויס פאַרפאַלן געוואָרן, ווען ניט דער—תנ"ך. צום אומגליק, אָדער לויט ווי ער, הוואָלסאָן, פלעגט תמיד זאָגן: צום גליק, האָבן אים די שטעטלדיקע פּזּ נ אַטיקער אין אַ געוויסן טאָג געחאַפּט, אַריינקוקנדיק נאָכן דאַוונען אין תנ"ך. באַלד האָט מען אים ער־קלערט פאַר אַ געפערלעכן אַפּיקורס. מ׳האָט געהייסן אַלע יונגע־לייט מיט אים קיין שום מגע ומשא ניט האָבן און צו אים קיין וואָרט ניט אויסצוריידן. ווי אַ׳ יינגעלייגט אין חרם איז ער געבליבן איינזאַם און עלנט. מיט יעדן טאָג האָט אין אים גענומען וואַקסן זיין דורשט צו וויסן, צו ליכט. ער האָט זיך געבעטן ביי זיין שווער און שוויגער, זיי זאָלן אים באַפרייען; דאָס יונגע ווייבל האָט אָבער בשום אופן נישט געוואָלט געמען ביי אים קיין גט. איבערלעבנדיק עטלעכע חדשים אין איינזאַמקייט און אַריבערטראַ־גנדיק פאַר דעם משך צייט אַ שטאַרקן אינווייניקסטן קאַמף, איז ער אַוועק קיין ווילנע, און האָט זיך דאָרט אָנגעהייבן משתדל צו זיין וועגן אַ פּאַספּאָרט. ווען ער האָט צום סוף מיט גרויס מאַטערניש באַקומען דעם פּאַס און האָט מודיע געווען, אַז ער האָט פעסט באַשלאָסן אַוועקצופאָרן קיין אויסלאַנד צו ב׳לדן זיך, האָט זיך דאָס ווייב דערשראָקן, ער זאָל איר, חלילה, ניט לאָזן קיין עגונה, און ביי אים געגומען גט. דער דאָזיקער גט האָט איבערגעריסן דעם לעצטן פאָדעם, וואָס האָט פאַרבונדן חוואָלסאָנען מיטן פינסטערן יידישן געטאָ...

## ב.

באַלד האָט זיך חוואָלסאָן אַוועקגעלאָזט אין וועג אַריין צופוס איז ער אַוועק פון ווילנע קיין ריגע — אַ מהלך פון 250 וויאָרסט! דאָרט איז ער אַריין צו ד"ר ליליענטאַל, וועלכער האָט נאָכדעם געשפּילט אַ היפשע ראָלע אין דער בילדונגס־געשיכטע פון די רוסישע יידן, האָט אים דערציילט, דעם צוועק פון זיין קומען, און פאַרלאַנגט כּון אים אַן עצה, וואוהין זיך צו ווענדן. ליליענ־טאַל האָט חוואָלסאָנען געגעבן אַ בריוו צום ברעסלויער ראַבינער ד"ר אברהם גייגער, איינער פון די דעמאָלסטיקע גרעסטע יידישע געלערטע אין דייטשלאַנד.

געגומען דאָס זעקל אויף די פּלייצעס און דעם וואַנדער־שטעקן אין דער האַנט, איז חוואָלסאָן ווידער אַרויס אין וועג. גייענדיק האָט ער אָנגעטראָפן גוטע מענטשן, וועלכע האָבן אים געגעבן ברויט, און אַנדערע האָבן אים אַריינגעלייגט אין האַנט אַ נדבה. איבערנעכטיקן פּלעגט ער אין די קרעטשמעס, שלאָפנדיק אויף דער פּאָדלאָגע מיט אַ ביסל שטרוי צו קאָפּנס. ער איז אַזוי געווען דורכגעדרונגען פון דעם הייסן פאַרלאַנג, אַריינצוקומען אין אַ לאַנד פון בילדונג און וויסנשאַפט, אַז ער האָט נישט געוואָלט קלערן וועגן אַ וועלכער עס איז געפאַר. איינמאָל האָט אים אין אַ געדיכטן וואַלד אָנגעיאָגט אַ דורכפאָרער, וועלכער האָט זיך מיט אים פונאַנדערגערעדט און געפרעגט אים, ווי אַזוי האָט ער גאָר קיין מורא ניט צו גיין איינער אַליין אין אַזאַ געגנט. אויף דעם האָט אים חוואָלסאָן געענטפערט גאַנץ נאַאיוו: „וואָס הייסט עפּעס מורא האָבן?"

זיין וועג האָט זיך געצויגן און געצויגן אָן אַן אויפהער, די צרות זיינען געוואָרן וואָס מער און וואָס גרעסער, און דאָך האָט עס אויף אים ניט געווירקט, און ניט אויף אַ מינוט אַפילו איז ביי אים אָפּגעשוואַכט געוואָרן דער באַשלוס, אומצוּוענדערן זיין גאַנצן לעבנסשטייגער און איינצורייסן אינגאַנצן מיטן שימל פון זיין ביזאַהעריקער היים. אין ברוינסבערג, הינטער קעניגסבערג, האָט ער שפּאַצירנדיק מיט אַ באַקאַנטן יונגנמאַן, ניט געוואָלט גיין אין דער ריכטונג פון דער גרעניץ, זאָגנדיק דערביי גאַנץ ענערגיש: „ניין, צוריק גיי איך ניט!" אַזוי האָט ער זיך ביסלעכ־ווייז דערשלעפּט ביז ברעסלוי.

אויך אין ברעסלוי האָט חוואָלסאָן געהאַט פיל אויסצושטיין. ער האָט זייער שלעכט גערעדט דייטש, און האָט דעריבער נישט געקאָנט באַקומען קיין לעקציעס. מיט גרויס מאַטערניש האָט ער באַקומען עטלעכע תּלמידים, קינדער פון אָרעמע לייט, וועלכע האָבן אים פאַר שכר לימוד געגעבן עסן אַ טאָג אין דער וואָך. אין די טעג, וואָס ער האָט נישט געהאַט וואָס צו עסן, פּלעגט ער קויפן אַ קליינעם לעבל סאָלדאַטסקע ברויט, וועלכעס ער פּלעגט צעטיילן אויף צוויי מאָל: 11 אַ זייגער פּלעגט ער פרישטיקן און

אַ וייגער 4 פלעגט ער עסן מיטאָג. און דאָך האָט ביי אים זיין אַרבעט ממש געבּרענט אונטער די הענט. אָפט פלעגט ער גאַנצע נעכט נישט שלאָפן, און פילנדיק זיך מיד, פלעגט ער זיך אויף אַ ווײַלע צושפּאַרן אין די זאַכן, און דאַן ווידער גענומען זיך פאַר די ביכער. אין עטלעכע טעג האָט ער אויסגעלערנט די לאַטייניש עטימאָלאָגיע, און באלד נאָכדעם האָט ער שוין געקענט איבער־זעצן פון דייטש אין לאַטיין. ער האָט אָבער נישט געקענט שרייבּן און די סטודענטן פלעגן זיך שטאַרק וואונדערן נישט קענענדיק באַנעמען מיטן שכל: ווי קומט עס, אַז אַ מענטש, וואָס קען לאַ־טיין, זאָל נישט זיין אימשטאַנד אויפצושרייבּן קיין אות.

ס'האָבּן זיך געפונען גוטע לייט, וואָס האָבּן אים געשאָנקען אַן אַלטן בגד; בלויז קיין שטיוול האָט ער נישט געקענט קריגן. לויט ווי ער פלעגט שפּעטער אַליין דערציילן, איז אים דאַן געווען מעגלאַך צו באַקומען שטיוול, ווי חאַפּן שטערן פון הימל. שפּעטער, בעת ער האָט שוין אָנגעהויבן בעסער דייטש צו ריידן, האָט זיך זיין מצב אַ ביסל פאַרבעסערט; נאָר ביז דעמאָלט איז ער אויסגעשטאַ־נען געבּרענטע ליידן. אויף וויפיל גייגער האָט אים דאַן געהאָלפן, האָט ער אַליין נישט געקענט גרינגער מאַכן די לאַגע פון דעם צוקינפטיקן וועלט־באַרימטן געלערטן.

אויף דער גרויסער התקרבות, וואָס גייגער האָט דעמאָלט אַרויסגעוויזן חוואָלסאָנען, ווייזן די פאָלגנדע ווערטער, מיט וועל־כע חוואָלסאָן האָט אין יאָר 1856 פאַרענדיקט זיין הקדמה צו זיין ערשטן גרעסערן ווערק:

„צום סוף נויט מיך מיין האַרץ אויסצודריקן מיין דאַנק דעם מענטשן, וואָס נישט האָבּנדיק אפילו קיין דירעקטע באַציאונג צו מיין דאָזיקן ספר, האָט ער אָבער אַנדערע רעכט אויף מיין דאַנק־באַרקייט,—דאָס איז דער זייער באַוואוסטער ד"ר גייגער אין ברעסלוי. אָרעם אין יעדער באַציאונג, בין איך מיט פיל יאָר צוריק געקומען קיין דייטשלאַנד, אַ לאַנד, וואָס איך האָב קוים פאַרשטאַנען איר שפּראַך, וואו איך האָב קיינעם נישט געקאָנט; איך וואָלט, קאָן זיין, פאַרלוירן געגאַנגען גייסטיק און פיזיש, אָבער אָט דער איידעלער מאַן האָט פאָטערלאַך פאַר מיר געזאָרגט,

געזאָרגט לטובת מיין גייסטיקער און מאַטעריעלער לאַגע, און נאָר אים באַזונדערס האָב איך צו פאַרדאַנקען יענע מדרגה אין דער וויסנשאַפט, אויף וועלכער איך שטיי ביי היינטיקן טאָג".

אויפן פערטן יאָר, נאָכדעם ווי חוואָלסאָן איז געקומען קיין ברעסלוי, האָט ער זיך צוגעגרייט אויף אַזוי פיל, אַז ער האָט שוין געקאָנט באַזוכן די לעקציעס פון דער אוניווערזיטעט. אַ באַזונדער חשק האָט ער באַקומען צו דעם שטודיום פון אָריענטאַלישע וויסנשאַפטן און פון די מזרח־שפּראַכן. און אויף די דאָזיקע געגנשטאַנדן האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן מיטן גרויסן פייער פון זיין בילדונגס־דורשטיקער יונגער נשמה.

## ג.

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און אין חוואָלסאָנען האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ באַזונדער פעאיקייט צו באַלויכטן די קעגנזייטיקע קולטורעלע ווירקונגען פון די אַלטע סעמיטישע פעלקער,— אַ וויסנשאַפטלעכער געביט, וועלכער איז נאָך ביז דאַן גאָרנישט ערפאָרשט געוואָרן. באַזונדערס האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם מהות פון די סאַבייער*), וועלכע ווערן דערמאָנט אין קאָראַן און באַשריבן אין דעם רמב"ם'ס „מורה נבוכים". אַריינטראַכנדיק זיך טיף אין דער זאַך, האָט ער אויסגעפונען, אַז די ביזאַהעריקע היסטאָריקער וועגן דעם דאָזיקן ענין, וועלכער האָט לויט זיין מיינונג אַן אומגעהויער גרויסע געשיכטלעכע באַדייטונג, זיינען אומבאַגרינדעט און דורכאויס פאַלש. ער האָט געוואוסט, אַז אין דער ווינער קייזערלעכער ביבליאָטעק געפינען זיך אַראַבישע כתב־ידן, וואָס דורך זיי קען אַנטפּלעקט ווערן דער גאַנצער אמת וועגן דעם דאָזיקן העכסט־אינטערעסאַנטן שטאַם. נישט פיל קלערנדיק און נישט נעמענדיק אין אַכט די דעמאָלדיקע זייער שאַר־

---

*) „סאַבייער"—אַ פאַרצייטיק פאָלק, וואָס האָט געדינט צו די פלאַנעטן; די אין תלמוד אַזוי גערופענע „עובדי כוכבים ומזלות". דאָס וואָרט „סאַבייער" שטאַמט פון דעם העברעאישן „צבא השמים".

פּע באַציאונג פון דער עסטרייכישער רעגירונג צו די אויסלענדישע יידן, איז ער אין יאָר 1847 כּמעט אָן אַ גראָשן געלט איןטאַש אַוועקגעפאָרן קיין ווין. די ווינער פּאָליציי האָט אים ערלויבט צו וואוינען אין דער הויפּטשטאָט נאָר איין וואָך. צו זיין גליק האָט ער אָבער מיטגעבראַכט אַ בריוו פון די ברעסלויער אוניווערסיטעטס־פּראָפעסאָרן צו דעם געוועזענעם עסטרייכישן באָטשאַפטער אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, באַראָן פאָן האַמער־פּורגשטאַל. דער דאָזיקער באַראָן, וועלכער איז געווען אַ אָנהייבער פון די אָריענטאַלישע וויסנשאַפטן, האָט דעם יונגן געלערטן אויפגענומען זייער פריינדלעך, האָט פאַר אים אויסגעווירקט וואוינונגס־רעכט אין ווין, און געגעבן אים די מעגליכקייט צו באַקומען די נויטיקע אַראַבישע מאַנוסקריפּטן. דריי חדשים האָט חוואָלסאָן פאַרבראַכט אין ווין, האָט איבערגעשריבן די אַלטע אַראַבישע כּתב־ידן, וועלכע ער האָט געדאַרפט האָבן צו זיין אַרבעט. ער האָט זיך צוריקגעקערט קיין ברעסלוי מיט אַ גאַנצן אוצר פון נייע ידיעות און מיט פיל מאַטעריאַלן, וואָס זיינען ביזאהער דער וועלט געווען אומבאַקאַנט. פונאַנדערקלייבנדיק זיך אין די מאַטעריאַלן, האָט ער זיך אַלץ מער איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון זיינע מיינונגען.

נאָכדעם האָט ער צוויי יאָר (1848—1849) פאַרבראַכט אויף זיין דאָקטאָר־דיסערטאַציע, וועלכע האָט אַנטהאַלטן צוויי גרויסע בענדער. אין די דאָזיקע צוויי יאָר, וועלכע זיינען ביי אים אַריבער אין זייער אַן אָנגעשטרענגטער, אינטענסיווער אַרבעט, האָט חוואָלסאָן פיל געליטן. ער האָט פאַרנומען אַ קליין ווינקל אין אַ צימער ביי אַן אָרעמער אלמנה און געהאַט פאַר שכנים מענטשן אויסוואורפן, וועלכע פלעגן קומען אַהיים שכור׳ע און דאָרט פלעגן זיי אַ גאַנצע נאַכט שרייען און פילדערן און נישט לאָזן קיינעם שלאָפן.

אָנהויב 1850 האָט חוואָלסאָן אַריינגעשיקט זיין דיסערטאַציע אין דעם לייפּציגער אוניווערסיטעט, וועלכע האָט עס איבערגעגעבן דעם וועלט־באַרימטן אָריענטאַליסט, פּראָפעסאָר פלייש ער. פלייש ער איז פון חוואָלסאָנס וויסנשאַפטלעכע ערודיציע איבערראַשט געוואָרן, און האָט גאַנצע טעג נישט אויפגעהערט ריידן

וועגן דעם אויסגעצייכנטן בוך פונם אומבאַוואוסטן יונגן מאַן. אַז חוואָלסאָן איז געקומען קיין לייפציג, האָט מען אים דאָרט באַפרייט פון עקזאַמען; זיין ספר איז געווען דער בעסטער ענטפער אויף אַלע פראַגן, וועלכע מ'האָט אים געקענט פאָרלייגן. פליישער האָט אים עפנטלעך געזאָגט: „איר הויבט אָן פון דעם, וואָס פאַר אַנדערע איז דאָס דער סוף".

אין דער לעצטער צייט, וואָס חוואָלסאָן האָט געלעבט אין ברעסלוי, האָט ער זיך דאָרט באַקאָנט מיט אַ זייער אינטערעסאַנטער יידישער אינטעליגענטער פאַמיליע—ק אָ ה ן. דער קאָהן, אַ מאַן מיט אומגעוויינלעכע פעאיקייטן, איז געווען אין דער יוגנט אַ גרויסער למדן און אַ ירא שמים. ער איז געווען אויף אַזוי פיל פרום, אַז שבת פלעגט ער אַ גאַנצן טאָג אָפּזיצן אין שטוב און נישט אַרויס אויף דער גאַס, כדי נישט צו זען, ווי יידישע קרעמער האַלטן אָפן זייערע געשעפטן. דאָס האָט אים אָבער נישט געשטערט צו דערגיין פון זיך אַליין אַלע אייראָפּייאישע שפּראַכן. נאָך דער חתונה איז ער געוואָרן אַן איינפאַכער קאָלעקטאָר פון לאָטערייצעטלען. גראָד האָט געדאַרפט פּאַסירן, אַז זיינער אַ קליענט, אַ דייטשער גראַף, וועלכער איז געווען אַ דיפּלאָמאַט, האָט זיך מיט אים אַמאָל פונאַנדערגעשמועסט און האָט זיך נישט געקענט אָפּוואונדערן, זעענדיק, ווי אַזאַ פשוט יידל באַזיצט אַזעלכע גרויסע לינגוויסטישע ידיעות. דער גראַף האָט מיט אים גענומען אַריינטענה'ן און אויפווייזן, אַז ווען ער זאָל זיך באַנוצן מיט זיינע כשרונות צו ערלערנען אויך די אַזיאַטישע שפּראַכן, קען ער דערגרייכן אין לעבן די גלענצנדסטע קאַריערע, אפילו נישט קוקנדיק, וואָס ער איז אַ ייד. דער קאָלעקטאָר האָט זיך געלאָזט איבעררעדן, און אין אַ קורצן משך צייט האָט ער באַוויזן צו באַקומען אַ גרויסע ידיעה אין חינעזיש, יאַפּאַניש און אויך אין פאַרשיידענע אינדיש-בענגאַלישע דיאַלעקטן. זייענדיק אָפּגעלייגט אויף דער ערלערנונג פון די דאָזיקע שפּראַכן, האָט ער דערוויל פאַרנאַכלעסיקט זיין געשעפט און האָט געהאַלטן צו בלייבן אָן פרנסה. ער איז דאַן אַריין צום גראַף און האָט אים דערציי"לט, אַז ער קען שוין יענע און יענע לשונות, נאָר ער האָט נישט פון וואַנען

צו לעבן ס'איז ניט אַוועק קיין חדש צייט, און דער גראַף האָט רעקאָמענדירט דעם געוועזענעם קאָלעקטאָר אויף דער שטעל פון אַ איבערזעצער ערגיץ אין אַ דייטשער באַטשאַפט. אָפּאַרבעטנדיק עטלעכע יאָר אין דער באַטשאַפט, האָט זיך קאָהן אַרויסגעוויזן פאַר זייער פּעאיק אויך אויפן דיפּלאָמאַטישן געביט, און איז דאַן באַשטימט געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון אַ דייטשן קאָנסולאַט אין וויטן מזרח. פאַר דעם משך צייט איז פאָרגעקומען אַ גאַנצע איבערקערעניש אין זיין לעבנסשטייגער. בלייבנדיק אפילו אין יידישן גלויבן, איז ער דאָך אונטריי געוואָרן די אַלטע יידישע טראַדיציעס: האָט אָפּגעגע'גט די ערשטע פרוי און חתונה געהאַט מיט אַ אַן אַנדערער פון אַ עקסט-אַסימילאַטאָריש הויז. די אַנדערע פרוי האָט אים געבוירן צוויי זין מיט אַ טאָכטער. כדי צו קענען געבן די קינדער אַ געהעריקע ערציאונג, האָט ער זיך אָנגעגעבן אין דעמיסיע און איז פון וויטן מזרח צוריק געקומען קיין ברעסלוי, וואו ער האָט באַקומען אַ שטעלע אין העכסטן געריכט אַלס געשוואוירענער איבערזעצער. קאָהנס זין זיינען דערצויגן געוואָרן פריער אין גימנאַזיום און נאַכהער אין אוניווערזיטעט. דאָרט זיינען זיי באַקאָנט געוואָרן מיט חוואָלסאָנען, און פון דעמאָלט אָן איז ער געוואָרן ביי זיי אין שטוב אַן אָפטער איינגייער. דער אַלטער קאָהן, וועלכער האָט נאָך נישט פאַרגעסן לערנען, פלעגט זיך גאַנץ אָפט מפלפל זיין מיט חוואָלסאָנען אין דברי-תורה, דערביי פלעגט ער אים ווייזן די פעק העפטן, וועלכע זיינען נאָך ביי אים פון דער יוגנט געוועזן פאַרשריבן דורכאויס מיט חדושים און מיט שאלות ותשובות. באַלד ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט קאָהנ'ס טאָכטער, וועלכע איז געווען זייער אַ שיין און העכסט געבילדעט פריילן, האָט זיך אין איר חוואָלסאָן פאַרליבט „ביז איבער די אויערן". דאָס פריילן האָט אים געענטפערט מיט געגנליבע. און בעת ער האָט געהאַלטן ביים ענדיקן די אוניווערזיטעט, איז ער שוין אין קאָהנ'ס הויז באַטראַכט געוואָרן אַלס קינפטיקער איידעם.

חוואָלסאָן האָט באַקומען זיין דאָקטאָר-דיפלאָם צוזאַמען מיט קאָהנ'סביידע זין, פון וועלכע דער עלטערער איז אין עטלעכע

יאָר אַרום באַשטימט געוואָרן פאַר פּראָפעסאָר פון באָטאַניק אין ברעסלויער אוניווערזיטעט, און דער ייִנגערער האָט זיך ערוואָרבן אַ גרויסן נאָמען אין דער דײַטשער וויסנשאַפטלעכער וועלט אַלס קענער פון רוימישן רעכט. חוואָלסאָן האָט נישט געהאַט פאַר זיך קיין אויסזיכט צו מאַכן אַ פאַסנדע קאַריערע אין אויסלאַנד און האָט דעריבער באַשלאָסן צוריקצוקערן זיך קיין רוסלאַנד.

## ד,

דורך אַ רעקאָמענדאַציע פון דעם גרויסן דײַטשן געלערטן אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלדט צום רוסישן באָטשאַפטער אין בערלין פירשט לאַבאַנאָוו-ראָסטאָווסקי, האָט חוואָלסאָן באַקומען אַ פּאַס אויף אַרײַנצופאָרן קיין רוסלאַנד. דעם 1-טן סעפּטעמבער 1850 איז חוואָלסאָן געקומען קיין פעטערבורג, מיטברענגענדיק מיט זיך בריוו פון די גרעסטע געלערטע צו די פּראָפעסאָרן פון דער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע. צווישן די פעטערבורגער אַקאַדעמיקער האָבן חוואָלסאָנס קאָלאָסאַלע קענטנישן אַרויסגערופן ממש אַ סענסאַציע. זיי האָבן אים תיכף פאָרגעשטעלט דעם דעמאָלטיקן בילדונגס-מיניסטער פירסט שירינסקי-שאַכמאַטאָוו און זײַן געהילף אווראַם סערגייעוויטש נאָראָוו. אין יענער צײַט איז דער קאָמיטעט, וועלכער טראָגט אַרויס זײַן אורטייל וועגן יידישע לערנביכער, געווען באַשעפטיקט מיטן איבערקוקן די ווערק פונם דעמאָלט-באַקאַנטן השכלה-טוער לעאָן מאַנדלשטאַם. אין מיניסטעריום האָט מען זיך דעריבער זייער דערפרייט, געפינענדיק פאַר זיך אַזאַ מענטשן, ווי חוואָלסאָן, וואָס וועט קענען אַרויסגעבן איבער די יידישע ספרים אַ ריכטיקע, פולקאָם אויטאָריטעטע מיינונג, אין וועלכער די רעגירונג וועט נישט דאַרפן צווייפלען. מ'האָט באַלד אַרײַנגענומען חוואָלסאָנען אין קאָמיטעט, און באַשטימט אים אַ געהאַלט פון 40 רובל אַ חודש.

דאַן האָט חוואָלסאָן מודיע געווען אין אַ בריוו זײַן געליבטער, אַז ער האָט שוין באַקומען באַשעפטיקונג און האָט שוין דעריבער דאָס רעכט פאָרצולייגן איר זײַן לעבנס-חברטע צו ווערן:

איך בין דיר נישט מבטיח קיין עשירות—אַזוי האָט חוואָלסאָן געשריבן זיין געליבטער—און כ'בין זיך דיר מודה, אַז אונזער מיטאָג וועט, קען זיין, באַשטיין פון צוויי קאַרטאָפל; וועל איך די בעסערע דיר אָוועקגעבן, און די ערגערע וועל איך זיך לאָזן". זיין געליבטע איז באַלד געקומען קיין פעטערבורג, און פון דעמאָלט אָן האָט ער מיט איר פאַרבראַכט זייער אַ גליקלעך לעבן ביז זיין טיפסטער עלטער.

אינגיכן איז נאָראָוו געוואָרן בילדונגס-מיניסטער, און פון דעמאָלט אָן האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצווייזן חוואָלסאָנען אַ באַזונדערס גרויסע התקרבות. נאָראָוו אַליין איז אויך געווען אַ געלערנטער מענטש און האָט זיך באַשעפטיקט מיט וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן אויפן געביט פון די סעמיטישע שפּראַכן און פּאַלעסטינע-פאָרשונג. קודם-כל האָט נאָראָוו גענומען ביי חוואָלסאָנען לעקציעס אין דער העברעאישער שפּראַך, און האָט ביי אים אַזאַ פּעולה געהאַט, אַז ער האָט אין אַ קורצער צייט באַוויזן פריי צו לייענען מאַפּו'ס ווערק. אויסער דעם האָט זיך נאָראָוו באַנוצט צו זיינע ווערק מיט חוואָלסאָנס אָריענטאַלישע ידיעות. אַזוי אַרום איז חוואָלסאָן געוואָרן ביי נאָראָוו'ן זייער אַ גרויסער תקיף.

אין יאָר 1854 האָט זיך אין פעטערבורג געעפנט אַ פאַקולטעט פאַר די מזרח-שפּראַכן, און דאַן איז דאָרט חוואָלסאָן, דורך נאָראָווס השתדלות, אָנגענומען געוואָרן אַלס פּראָפעסאָר. אין דעם דאָזיקן אַמט האָט חוואָלסאָן אַרויסגעוויזן גרויס געלערנטקייט, און זיין אוידיטאָריע איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. חוואָלסאָנס נאָמען איז זייער פּאָפּולער געוואָרן אין די פעטערבורגער וויסנשאַפטלעכע קרייזן. זיין נאָמען איז דערגאַנגען ביז צו ניקאָליי דעם ערשטן. אין אַ געוויסן טאָג, בעת נאָראָוו האָט אויך אַ אודיענץ אָפּגעגעבן ניקאָלאַיען אַ באַריכט וועגן די פעטערבורגער הויכשולן, האָט ער אין זיין דין וחשבון דערמאָנט, אגב-אורחא, אויך דעם נאָמען פונם נייעם פּראָפעסאָר חוואָלסאָן, וועלכן ער האָט זייער געלויבט און געזאָגט, אַז אין זיין פאַך איז ער דער איינציקער אין רוסלאַנד. אויף מאָרגן האָט נאָראָוו באַקומען אַ באַפעל, פון ניקאָלאַיען, ער זאָל אים פאָרשטעלן חוואָלסאָנען

פערזענלעך. די פערספּעקטיוו פון דער דאָזיקער פאָרשטעלונג פאַרן רוסישן קייזער, האָט אויף חוואָלסאָנען פון אָנהויב אָנגעוואָרפן גרויס שרעק. און דאָס איז גאָר קיין וואונדער ניט, נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז ניקאָליי האָט אין זיין צייט, און באַזונדערס ביי יידן, געהאַט אַ נאָמען פון אַ גרויסן דעספּאָט, פון אַן אכזר, וואָס אַ מענטשנס לעבן האָט ביי אים קיין ווערט נישט. אָבער ער האָט גאָרנישט געקענט מאַכן, אַז ניקאָליי הייסט קומען, מוז מען קומען.

די ערשטע זאַך, וואָס ניקאָליי האָט אַ פרעג געטאָן חוואָלסאָנען, איז געווען: — נ אַ ש ? (אונזערער?)

חוואָלסאָן, וועלכער האָט געמיינט, אַז דער קייזער פרעגט אים, צי ער שטאַמט פון רוסלאַנד, האָט אים תיכף געענטפערט:

— יאָ, ריכטיק, אייער קייזערלעכע מאַיעסטעט!

דאַן האָט אים ניקאָליי פריינדלעך דערלאַנגט די האַנט און געזאָגט:

— אויב אַזוי, גיב איך דיר מיט גרויס צוטרוי איבער די ערציאונג פון אונזער גלח׳שן דור.

חוואָלסאָן האָט אפילו נישט פאַרשטאַנען דעם זין פון דעם קייזערס לעצטע ווערטער; ער האָט זיך אָבער טיף פאַרבייגט פון גרויס דאַנקבאַרקייט.

מיט דעם האָט זיך געענדיגט די אוידיענץ.

אַרויסגייענדיק פון ווינטער-פּאַלאַץ האָט נאָראָוו איינגעלאַדן חוואָלסאָנען צו באַזוכן אים דעמזעלבן טאָג אין אָוונט, נישט אין מיניסטעריום, נאָר אין זיין פּריוואַט-וואוינונג, וואו ער וועט אים אויפקלערן די רעזולטאַטן פון דער היינטיקער אוידיענץ.

היינטיקס מאָל האָט נאָראָוו אויפגענומען חוואָלסאָנען באַזונדערס ליבלעך. זיצנדיק ביידע אין קאַבינעט ביי אַ גלאָז טיי, האָט זיך נאָראָוו אָפּגערופן:

— קורץ האָט מיט אייך גערעדט דער קייזער, אָבער זיינע ווייניקע ווערטער אַנטהאַלטן צוויי ב אַ פ ע ל ן.

— באַפעלן? — האָט חוואָלסאָן געפרעגט גאַנץ פאַרוואונ-

דערט—מיר האָבן זיינע ווערטער גאָר אַנדערש געקלונגען. אָבער וואָס, למשל, האָט ער מיר אַזוינס באַפוילן?

— ערשטנס — האָט אָנגעהויבן נאָראָוו גאַנץ געלאַסן — האָט אייך דער קייזער באַפוילן, איר זאָלט ווערן א ו נ ז ע ר ע ר, דאָס הייסט, אַז איר זאָלט זיך אָפּזאָגן פון יידישן גלויבן, און אָננעמען אַונזערן, דעם פ ר אַ וו אָ ס ל אַ וו נ ע ם גלויבן...

חוואָלסאָן האָט זיך אויף זיין שטול אַ טרייסל געטאָן. ער האָט עפּעס געוואָלט זאָגן, אָבער נאָראָוו האָט אים אָפּגע־האַלטן און האָט ווייטער געזאָגט:

— און צווייטנס, האָט אייך דער קייזער באַפוילן צו ווערן פּראָפעסאָר אין דער אַקאַדעמיע, אין וועלכער עס ווערן דער־צויגן פּראַוואָסלאַוונע גייסטלעכע.

חוואָלסאָן איז געבליבן זיצן פון נאָראָוס רייד זייער איבערראַשט; פון גרויס אויפרעגונג האָט ער זיך אינגאַנצן פאַר־לוירן און ווי נישט געקענט עפענען דאָס מויל.

— די דאָזיקע ביידע קייזערלעכע באַפעלן—האָט נאָראָוו פאָרגעזעצט—מוזן תיכף אויסגעפירט ווערן, ווי שווער דאָס זאָל אייך אפשר ניט זיין. איצט זייט איר אויפגערעגט, מאָרגן אין מיניסטעריום וועלן מיר די זאַך אויספירלעכער אַרומריידן. איינס מוז איך אייך נאָר זאָגן: פון היינט אָן שטייט אַייך פאָר די גלענ־צנדסטע קאַריערע, וועלכע אַ געלערנטער קען ביי אונז מאַכן. שוין מאָרגן אינדערפרי איז חוואָלסאָן אויפגעשטאַנען אַ באַרואיקטער, און נישט בלויז באַרואיקט, ער האָט זיך שוין זאָגאַר באַטראַכט איבערגליקלעך...

די צען יאָר, וואָס חוואָלסאָן האָט פאַרבראַכט אין דייטש־לאַנד, האָבן געטאָן דאָס זייעריקע. דער פונאַנדערגעפלאַקערטער קאַמף פון די יידישע רעפאָרמאַטאָרן קעגן דער אָרטאָדאָקסיע, האָבן אויף אים געהאַט אַ גרויסע השפעה. ער איז געוואָרן אַ דייטש לויט דער שפּראַך, לויט די סימפּאַטיעס, לויט דעם גאַנצן סדר פון זיין לעבן אין דעם קרייז פון זיינע באַקאַנטע. אין דעם זין האָט פיל אויף אים געווירקט זייך צווייטע העכסט געבילדעטע

פרוי, קאָהנס טאָכטער, וועלכע איז פון איר יוגנט אָן געווען אָנגעזאַפּט מיט די עקכט אַסימילאַטאָרישע טענדענצן, און האָט מיט ייִדן קיינמאָל נישט פאַרקערט. אונטער איר איינפלוס האָט חוואָלסאָן אַ שום סימן פון אַ וועלכן ס׳איז אינוויייניקסטן קאַמף מודיע געווען גאָראָוון, אַז ער איז מוכן ומזומן ממלא צו זיין די קייזערלעכע באַפעלן...

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך חוואָלסאָן געטויפט. זיין טויף־פאָטער איז געווען גאָראָוו, און אַ נאָמען האָט מען אים געגעבן „ד נ י א ל" לכבוד דעם ערשטן רוסישן הייליקן, וועלכער האָט אין 16־טן יאָרהונדערט אונטערגענומען אַ נסיעה קיין פּאַלעסטינאַ, און וועגן וועלכן גאָראָוו האָט פאַרפאַסט אַ באַזונדער ווערק.

באַלד נאָכדעם האָבן זיך ברייט פונאַנדערגעעפנט פאַר חוואָלסאָנען די טירן פון ביידע גייסטלעכע אַקאַדעמיעס: די פּראַוואָסלאַוונע און די קאַטוילישע. דער געוועזענער תלמיד פון דעם גאון ר׳ ישראל זאַרעצער איז אויסדערוויילט און דערהויבן געוואָרן מגדל צו זיין גלחים פאַר דער רוסיש־רוימישער קירך.

## ה.

באַלד נאָכדעם זיינען אַוועק פאַר חוואָלסאָנען העלע, ליכטיקע טעג. נישט האָבנדיק קעגן זיך קיין קאָנקורענט אויף זיין געביט אין גאַנץ רוסלאַנד, איז ער געווען זייער הויך געשעצט ביי דער מאַכט. באַזונדערס דערהויבן איז ער געוואָרן נאָך ניקאָלאַי׳ס טויט, בעת ס׳איז אַרויף אויפן טראָן דער ליבעראַלער קייזער אלעקסאַנדער דער צווייטער. אַלעקסאַנדער, וועלכער האָט מקרב געווען צו זיך אַלע געלערטע בכלל, האָט חוואָלסאָנען אַרויסגעוויזן גרויס כבוד, האָט אים געשאָנקען אַ גאָלדענעם רינג און האָט אים ממש באַשאָטן מיט טיטולן, איינער העכער אין ראַנג פאַרן אַנדערן.

מאַטעריעל געזיכערט, האָט זיך חוואָלסאָן איבערגעגעבן מיט גרויס התמדה צו זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן. די אַקאַדעמיע האָט

אויף איר רעכנונג אַרויסגעגעבן זיין דייטש ווערק וועגן די סאַ־בייער אין צוויי בענדער, צו 1000 זייטן אין יעדן באַנד. דאָס איז געווען דער אָנהייב צו אַ גאַנצער ריי ווערק און מאָנאָגראַפּ־יעס, וואָס חוואָלסאָן האָט נאָכדעם געשריבן אויף דעם געביט פון אַראַביסטיק און דער אַלט־בבלישער ליטעראַטור. צו יידן און צו יידישקייט האָט ער קיין שום באַציאונג נישט געהאַט; ער האָט פאַרקערט נאָר אין דעם קרייז פון זיינע קאָלעגן אין דער אוני־ווערזיטעט און אין ביידע אַקאַדעמיעס, וועלכע זיינען כמעט אַלע געווען דייטשן. לויט ווי ער האָט אין פיל יאָר אַרום דערציילט איינעם פון זיינע יידישע פריינד, האָט ער זיך די ערשטע צייט נאָך זיין טויפן זיך געשעמט צו קוקן אַ יידן גלייך אין פּנים אַריין, און האָט זיך געסטאַרעט ווי ווייט מעגלעך אויסצוּווייזן דורך זיין גאַנצן הילוך ווי אַ קריסט, וואָס ס׳האָט זיך אים אָבער, ליידער, בשום אופן נישט איינגעגעבן. ווי ער האָט נאָר געעפנט דאָס מויל, האָט אים זיין יידישער אַקצענט באַלד פאַר׳מסר׳ט... ס׳איז צו באַמערקן, אַז חוואָלסאָן האָט ביז זיין לעצטן טאָג גערעדט אַ צעבראָכענעם, צעקאַליעטשעטן רוסיש, וואָס עס האָט אים נישט איינמאָל אין זיין לעבן גורם געווען גרויסע אומאַנגענעמלעכקייטן. אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם, האָט זיך חוואָלסאָן איינגעלעבט מיטן געדאַנק און מיט דער האָפענונג, אַז ס׳וועט אַריבערגיין אַגע־וויסע צייט, און זיין יידישער עבר און אַלץ, וואָס עס דערמאָנט אָן זיין יידישער אָפּשטאַמונג, וועט לגמרי פאַרגעסן ווערן.

אַנדערש האָט אָבער געוואָלט דאָס לעבן. ווי מיט גוואַלט האָט עס חוואָלסאָנען אַריינגעצויגען אין דעם שטראָם פון די יידי־שע אינטערעסן, און קוים איז ער אַהין אַריינגעשלעפּט געוואָרן, האָבן אים די דאָזיקע אינטערעסן אויף אַזוי פיל פאַרשלונגען, אַז ער האָט שוין ניט געקענט, און שפּעטער שוין אויך נישט געוואָלט זיך אַרויסדרייען און זיך באַפרייען פון זיי.

די הויפּט־סבה דערפון איז געווען דער באַוואוסטער עלילת־דם־פּראָצעס, וועלכער איז פאַרפירט געוואָרן קעגן סאַראַטאָווער יידן און האָט זיך געצויגן גאַנצע דריי יאָר. דער סאַראַטאָווער משפט איז געווען צוליב איינעם פון די גרעסטע און געפערלעכ־

סטע בלוט=בלבולים, וואָס די יידישע געשיכטע האָט ווען עס איז
געקענט. אין יאָר 1852 זיינען אין סאַראַטאָוו פאַרפאַלן געוואָרן
איינס נאָכן אַנדערן צוויי קריסטלעכע צען=יעריקע קינדער, וועלכע
מען האָט אינגיכן געפונען ליגנדיק ערמאָרדעטע אויפן ברעג פון
דער וואָלגאַ. די מעדיצינישע אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט,
אַז מ׳האָט די יינגלעך געמאַכט וואונדן און מ׳האָט זיי אויך מל
געווען, ווען אפילו נישט לויטן יידישן און נישט לויטן מחמדאַ-
נישן דין. די סאַראַטאָווער גלחים, וועלכע האָבן געהאַט מיט
דער דאָרטיקער יידישער קהילה אַן אַלטן סכסוך צוליבן יידישן
בית=עולם, האָבן אויסגענוצט דעם צופאַל צו עלילת=דם, און גע-
זען ווירקן אין דעם זין אויף דער קריסטלעכער מאַסע און
אויך אויף די סלעדאָוואַטעלעס, ווען עס איז איבערגעגעבן
געוואָרן אויסצופאָרשן די זאַך. באַלד האָט זיך געפונען איינער,
וואָס האָט אָנגעוויזן אויף איינעם פון די סאַראַטאָווער יידן, וועל-
כער איז גראָד געווען דער שטאָטישער מוהל, אַז ער האָט דער-
הרגעט דיביידע קינדער. וועגן דער דאָזיקער סאַראַטאָווער גע-
שעעניש האָט מען באַלד מודיע געווען קיין פעטערבורג. דאָ
האָט מען נאָך גאַנץ גוט געדענקט די מעשה מיטן „וועליזשער
משפט" און חאָטש דאָרט זיינען אַלע אָנגעקלאָגטע יידן ערקלערט
געוואָרן אַלס אומשולדיק, פונדעסטוועגן האָט דאָס אפילו אויף אַ
האָר נישט אָפּגעשוואַכט דעם פעסטן גלויבן פון ניקאָלאַי דעם
ערשטן, אַז „צווישן יידן קענען זיך געפינען אַזעלכע אוממענטשן,
וואָס האָבן נויטיק קריסטלעך בלוט פאַר זייערע מנהגים, אַזוי ווי
עס עקזיסטירן, צום אומגליק אויך ביי אונז, קריסטן, אַזוינע שרעק-
לעכע און אומפאַרשטענדלעכע סעקטעס". דאָס איז געווען ניקאָלאַיס
רעזאָלוציע, וועלכע האָט געבראַכט צו דעם, אַז דאָס אינערן=מי-
ניסטעריום האָט אַראָפּגעשיקט קיין סאַראַטאָוו אייניקע העכערע
באַאַמטע אויסצופאָרשן די זאַך. דערווייל זיינען אין סאַראַטאָוו צו-
געקומען נייע עדות און צווישן זיי אויך אַ משומד, וועלכע האָבן
שוין געזאָגט, אַז זיי האָבן אַליין געזען מיט די אייגענע אויגן,
ווי די און די יידן האָבן געשחט׳ן די קריסטלעכע יינגלעך. אַרום
סאַראַטאָווער משפט האָט זיך באַשאַפן אַזאַ אַטמאָספערע, אין וועל-

כּער דאָס קלענסטע נאַרעשע מסירה'לע האָט געבראַכט צו אַן עלילת-דם, מיט די טרויעריקסטע רעזולטאטן. אין גאַנץ סאַראַטאָווער גובערניע זיינען אַנטשטאַנען משפּטים וועגן אַוועקגערויבטע קריסט-לעכע קינדער, און באַלד זיינען זיי פון דאָרט אַריבער אויך אין אַנדערע נאָענטע גובערניעס. מ'האָט אַרעסטירט אַזוי פיל יידן, אַז ס'האָט שוין פאַר זיי נישט געקלעקט קיין ערטער אין די טורמעס, און מען האָט זיי געמוזט פונאַנדערטיילן אויך אין פּריי-וואַט-וואוינונגען. מ'האָט געמאַכט אָביסקעס אין אַלע יידישע היי-זער און צוגענומען ספרים, בריוו און גלאַט געשריבענע פּאַפּירן, וועלכע מען האָט נאָר געפונען. דורך די דאָזיקע כתבים האָט מען געהאָפט צו כאַפּן די יידישע סעקטע, וואָס דאַרף האָבן אויף פּסח בלוט פון געקוילעטע קריסטלעכע קינדער. און ס'איז געווען אַ מאָמענט, ווען די סאַראַטאָווער אויספאָרשונגס-קאָמיסיע האָט שוין געוועסט געגלויבט, אַז זי האָט סוף-כּל-סוף אַנטפּלעקט דעם שרעקלעכן סוד. צווישן די אַרעסטירטע יידישע ספרים האָט זיך געפונען אַ הגדה מיט אַ בילד, וואָס שטעלט פאָר, ווי פּרעה באָדט זיך אין דאָס בלוט פון יידישע קינדער.

שטאַפּעטן איבער שטאַפּעטן זיינען געפלויגן קיין פּעטערבורג. און דאָרט האָט געהאַלטן, אַז מען זאָל אַוועקזעצן אויסן באַשולדיקונגס באַנק נישט בלויז די סאַראַטאָווער יידן, נאָר דאָס גאַנצע יידישע פאָלק. ס'האָבן זיך פאַרנומען מיט דער זאַך אַ פּריער באַזונדערע קאָמיטעטן, דערנאָך איז דאָס אַריבער אין סענאַט, און צום סוף אין אויבערשטן מלוכה-ראַט, און אין אַלע אינסטאַנצן האָט זיך די געריכטס-וואָג געצויגן קעגן די יידן. ס'איז אַנטשטאַנען זייער אַ געפערלעכע שעה פאַרן כּלל ישראל. פון אַ גאַנצער ריי שטעט זיינען אָנגעפאָרן קיין פּעטערבורג די גרעסטע יידישע פּערזענ-לעכקייטן, וועלכע האָבן גענומען אָפּשלאָגן די שוועלן ביי די העכסטע ביוראָקראַטן, און האָבן צום סוף מיט גרויס מאַטערניש קוים געפועלט, מ'זאָל ביים דעפּאַרטאַמענט פאַר אמונה-ענינים באַשטימען אַ באַזונדער קאָמיסיע, וואָס זאָל איבערקוקן די ביכער מיט די מאַנוסקריפּטן, וועלכע מ'האָט אָפּגענומען ביי די אָנגעקלאָג-טע, כּדי „אויפצוקלערן די פאַרבאָרגענע יידישע רעליגיעזע אום

מענטשלעכע דאָגמאַטן״ ... אין דער דאָזיקער קאָמיסיע איז לויט אַ קייזערלעכן באַפעל, אַריין אַלס עקספערט אויך דניאל אַבראַמאָוויטש חוואָלסאָן.

און דער צופאַל איז געווען דאָס ערשטע רינגעלע אין דער ווייטערדיקער קייט פון מעשים און געשעענישן, וועלכע האָבן אין חוואָלסאָנען, אפשר קעגן זיין ווילן צוריק אויפגעבלאָזן, און אויפגעבלאָזן אין אַ גרויס פייער, דאָס באַלד אין אים אויסגעלאָשענע פינטעלע ייד.

## ו׳.

ווי זיין שטייגער איז, האָט זיך חוואָלסאָן גענומען פאַר זיין אַרבעט אין דער קאָמיסיע מיט גרויס ערנסט. ער האָט זיך אָבער באַלד, פון דער ערשטער מינוט אָן אָנגעשטויסן אויף גרויסע מניעות. ער האָט דערפילט, אַז צוויי פון זיינע חברים אין דער קאָמיסיע פאַרהאַלטן זיך צו דער זאַך מיט אַ געוויסן לייכטזין, און זיינען עלול צו צעשטערן דאָס, וואָס ער וועט בויען. דאָס זיינען געווען די „עקספערטן״ לעוויסאָן און פאַווסקי, דער ערשטער אַ משומד און דער צווייטער אַ גרויסער שונא=ישראל, און ביידע גאַנץ קליינינקע פאַרקויפטע נפשות׳לעך און מאָוימדיקע עמי=הארצים. בעמענדיק דאָס אין אַכט, האָט חוואָלסאָן קודם=כל געפונען פאַר נויטיק, אָפּצושוואַכן דעם אויטאָריטעט פון די דאָזיקע צוויי עקספערטן. באַזונדערס האָט ער געזען אַרויסצופּטרן פון דער קאָמיסיע לעוויסאָנען, וועלכער איז אַמאָל געווען אַ מוהל און שוחט אין אַ קליין שטעטל, און דעריבער איז מיט זיין פערזאָן געווען פאַרבונדן אַ גרויסע געפאַר, אַז די רעגירונג וועט אים אין דער אָנגעלעגנהייט פון דער דאָזיקער עקספּערטיזע באַטראַכטן פאַר אַ גרויסן און אפשר גאָר פאַר דעם גרעסטן למדן. מיט גאַנץ ווייניק מי, איז חוואָלסאָנען אָנגעקומען צו דערווייזן, אַז לעוויסאָן האָט קיין שום ידיעה נישט אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור, און אַז טאָמער ברייגנט ער אַ וועלכע ס׳איז ציטאַטע, איז עס געקנאָטן לויטער פון גראָבער עם=הארצות. אַזוי=אַרום האָט חוואָלסאָן גע=

פסלט לעוויסאָנען, און פאַר פּאַוסקין אַליין האָט ער שוין ניט געהאַט וואָס מורא צו האָבן. בײַ די איבעריקע צוויי קריסטלעכע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע איז חוואָלסאָן געווען אַ גרויסער בר-סמכא, און זיינע מיינונגען האָבן בײַ זיי געגאָלטן פאַר ריכטיק.

חוואָלסאָן האָט מיט אייזערנע ראיות אין די הענט דערוויזן דעם גאַנצן שקר פון דעם סאַראַטאָווער ענין, און האָט געבראַכט אַזוי ווייט, אַז דאָס אויבערשטע געריכט האָט זיך געמוזט רעכענען מיט זיין מיינונג, און האָט סוף-כל-סוף ערקלערט אַלע אָנגעקלאָגטע פאַר אומשולדיק און פאַר באַפרייט.

דאָס איז נאָך אָבער פאַר חוואָלסאָנען געווען צו ווייניק. מיט מעשה סאַראַטאָוו איז ער נאָך ניט יוצא געווען. ער האָט געוואָלט, אַז דער גאַנצער ענין פון עלילת-דם זאָל פאַרלירן זיין באָדן און זאָל איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּגעוואָרפן ווערן לדור דורות. ער האָט געהאָפט, אַז דאָס וועט זיך אים איינגעבן אויפן וויסנשאַפטלעכן וועג, און האָט גענומען שטודירן די פראַגע מיט אַ באַזונדער התמדה. דער רעזולטאַט פונם דאָזיקן שטודיום איז געווען זיין ווערק וועגן די מיטלאַלטערלעכע בלוט-בלבולים, וואָס איז דעם ערשטן מאָל אַרויס אין יאָר 1861. ס׳איז ווי באַשערט געווען, אַז ניט זיינע וויסנשאַפטלעכע שאַפונגען אויפן אַראַביסטישן געביט, נאָר דאָס דאָזיקע ווערק זאָל ווערן די הויפּט-אַרבעט פון זיין לעבן. ווייל די סבות, וואָס האָבן אַרויסגערופן זיין ספר, האָבן נישט אויפגעהערט, און בלוט-בלבולים האָבן זיך פון צייט צו צייט דערוועקט דאָ און דאָרט, האָט ער דעריבער ניט אויפגעהערט איבעצואַרבעטן דאָס ווערק, צוגעבן אין אים הוספות, און אין 20 יאָר אַרום איז ער אַרויס אין אַ צווייטער איבערגעאַרבעטער אויסגאַבע, און ווידער אין 20 יאָר אַרום איז ער ערשינען אין אַ דייטשער איבערזעצונג, וועלכע איז אויך גאָר פון דאָסניי איבערגעקוקט געוואָרן פון מחבר.

אָפּגעבנדיק זיך אַ גאַנצע ריי פון יאָרן מיט די פאַרשיידנסטע אַלטע מקורים, האָבן זיך פאַר חוואָלסאָנען אַנטפּלעקט אין בילד די אוממענטשלעכע ליידן פונם יידישן פאָלק, די טויזנטער פאַרברענטע, געפּערטלטע, פאַרפּייניקטע אין די שרעקלעכסטע

ענויים און די פאַראומגליקטע, און דאָס אַלץ—גאַנץ אומשולדיק. גאָר דורך אַ פאַלש צוצעפעניש, און אָפט דורכן בייזן ווילן פון פאַרבלענדעטע גלחים, וואָס האָבן געמיינט, אַז מיט דעם דינגען זיי און טוען אַ געפעליקייט דעם גאָט פון ליבע און מחילה. די דאָזיקע בילדער האָבן געמאַכט אויף חוואָלסאָנען אַזאַ מעכטיקן איינדרוק, אַז פון דענסמאָלט אָן איז ביי אים געוואָרן ווי אַ געוויינהייט צו ריידן תמיד און אומעטום וועגן דער יידישער אומשולדיקייט. אַלעמען האָט ער געוואָלט איבערצייגן, און פאַר איטלעכן האָט ער געשוואוירן; וואו נאָר ער האָט זיך באַגעגנט מיט אַ קריסט, וואָס פאַרשטייט די העברעאישע שפּראַך, האָט ער אים פייערלעך ערקלערט, אַז זיין חייליקסטער חוב איז אויסצושרייען אויפן קול פאַר דער וועלט. אַז אין דער העברעאישער ליטעראַטור געפינט זיך נישט אפילו קיין שאָטן פון אַ צייכן, וואָס זאָל אָנווייזן אויף רעם, אַז יידן געברויכן קריסטלעך בלוט.

הוואָלסאָנס אויפטו לטובת די סאַראַטאָווער יידן האָט אַרויסגערופן אין גאַנצן יידישן תחום אַ גרויסע סענסאציע. ביז דאַן איז מען געווען געוויינט, אַז וואו אַ משומד, מוז ער זיין אַ צורר-היהודים און רודפן אומבאַרמהערציק זיין אייגן פאָלק. אַ משומד, אַן אוהב-ישראל, און נאָך אַ זעלכער, וואָס זאָל זיך אָפּלייגן אויף ראַטעווען דאָס יידישע פאָלק אין אַן עת-צרה,—דאָס האָט מען זיך גאָר ניט געקענט אפילו פאָרשטעלן. ס'איז דעריבער קיין וואונדער נישט, ווען די גרעסטע רבנים און גאונים פון די חשובסטע יידישע שטעט און שטעטלעך האָבן ממש פאַרשאָטן חוואָלסאָנען מיט טעלעגראַמעס און בריוו, וואָס דריקן אים אויס ליבע און פאַרעהרונג און זיינען אים מבטיח גן-עדן מיט אַלע ש״י עולמות. אַנדערע קהילות, האָבן געשיקט צו חוואָלסאָנען באַזונדערע שליחים אָפּצודאַנקען אים פערזענלעך. אַזוי איז געוואָרן חוואָלסאָן די פּאָפּולערסטע פערזענלעכקייט אינם רוסישן יידנטום. אויסער וואָס קיינער האָט נישט געוואַגט צו באַטראַכטן אים פאַר אַ משומד, האָט מען נאָך אים געהאַלטן פאַר אַ מאַן מיט אַ הויכער יידישער נשמה. אין פאַרוואָרפענע קליינע שטעטלעך האָבן זיך וועגן אים זאָגאַרלעגענדעס געשפונען; אַלטע יידן זיינען אין די בתי-מדרשים גע-

זעסן און מפלפל געווען זיך וועמ׳ענס גלגול חוואָלכאָן זאָל זיין: צי יהודה המכבי׳ס, צי מרדכי׳ס פון שושן הבירה?...

ז.

די דאָזיקע הייסע באַציאונגען מצד דער פּראָווינץ האָט אויף חוואָלסאָנען געמאַכט זייער אַ שטאַרקן איינדרוק. זיי האָבן אים די ערשטע אַריינגעצויגן אין דער כפערע פון די יידישע אינטערעסן. אין יאָר 1863 בעת ס׳האָט זיך געגרינדעט אין פּעטערבורג די געזעלשאַפט צו פאַרשפּרייטן בילדונג אונטער די רוסישע יידן, איז חוואָלסאָן באַלד פון אירע טעטיקסטע מיטגלידער געוואָרן. ער איז אינגיכן געוואָרן דער גאַנצער טאָנגעבער פון דער חברה. אָן חוואָלסאָנען האָט די חברה קיין זאַך נישט אונטערגענומען. אָן אים האָט זי נישט אַרויסגעגעבן קיין העבּרעאיש ווערק. חוואָלסאָן האָט פריער געלייענט אַלע מאַנוסקריפּטן, וואָס די חברה פלעגט באַשטעלן ביי פאַרשיידענע שריפטשטעלער, אום אַרויסצוגעבן זיי אויף איר רעכענונג. איך האָב שוין אַמאָל דערציילט ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, ווי חוואָלסאָן האָט געפּסלט שלום יעקב אַבּראַמאָוויטשעס ווערק איבער דער רוסישער געשיכטע, ווייל עס איז, לויט זיין מיינונג, געווען געשריבן אין אַ צו פּראָגרעסיוון גייסט. דערביי וויל איך דאָ באַמערקן, אַז חוואָלסאָן, וועלכער האָט אַליין איבערגעלעבט אין דייטשלאַנד דאָס רעוואָלוציאָנערע איבערקערעניש פון יאָר 1848, איז פון יענע שטורם-און דראַנג-אידעען געבליבן גאַנץ אומבאַרירט. און קומענדיק קיין רוסלאַנד האָט ער זיך לייכט צוגעפּאַסט צו דער רעאַקציאָנערער פּאָליטיק פון ניקאָליי דעם ערשטן. אפילו אין דער צייט פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, בעת ס׳האָט שוין אַ ביסל אָנגעהויבן ליכטיקער ווערן, נאָך דער באַפרייאונג פון די פּאַרשקלאַפּטע פּויערים, ווען די רוסישע ליטעראַטור האָט אָפּגעחאַפּט דעם אָטעם און ס׳האָבן אין איר גענומען בלאָזן נייע, פרישע ווינטן, — אויך דאַמאָלסט איז חוואָלסאָן געבליבן שטיין אין די רייען פון די אָבגעשטאַנענע עלעמענטן, האָט זיך גע׳חבר׳ט מיט

אַ זעלכע פינסטע, ע פערזאָנען ווי דער היסטאָריקער אילאָווייסקי, און האָט געזוכט צו ווירקן אויף דער יידישער בילדונגס-געזעלשאַפט, אַז ווען זי גיט אַרויס אַ רוסישע היסטאָריע אין דער העברעאישער שפּראַך, זאָל זי זיין געשריבן לויטן מוסטער פון אילאָווייסקיס, דאָס הייסט, העכסט רעאַקציאָנעריש.

ערשט שפּעטער, אין עטלעכע יאָר אַרום, האָט די חברה דערשפּירט וואוהין און אין וואָס פאַר אַ ריכטונג זי ווערט געפירט דורך חוואָלסאָנען, און האָט באַקומען שטאַרק חשק צו באַפרייען זיך פון זיין השפעה. דאָס איז איר אָבער געווען גאַנץ אוממעגלעך, ווייל זי איז דאַמאָלסט געווען פון אַלע זייטן אַרומגערינגלט מיט שונאים, וועלכע וואָלטן זי „דערטרינקן אין אַ לעפל וואַסער", ווי בראַפמאַן, דער רעדאַקטאָר פון „גאָלאָס" קראַיעווסקי און אַנדערע זייער גלייכן, און חוואָלסאָן האָט איר געדינט אַלס די איינציקע שטיצע כלפי חוץ. ס'האָט אָבער געטראָפן אַ צופאַל, צוליב וועלכן ס'האָט אויסגעבראָכן אַ שאַרפער קאָנפליקט צווישן דער געזעלשאַפט מיט חוואָלסאָנען, און האָט סוף-כל-סוף געבראַכט דערצו, אַז חוואָלסאָן האָט אינגאנצן אַיינגעריסן מיט דער חברה און איז פון איר אַוועק.

די מעשה, וועלכע איז זייער חאַראַקטעריסטיש פאַר ביידע צדדים, איז אַזוי געווען:

דער קאָמיטעט פון דער חברה, וועלכער האָט אַלץ געזוכט מיטלען, ווי צו רוסיפיצירן די יידישע מאַסן, האָט אויף איינער פון זיינע זיצונגען באַשלאָסן, צו פאַרשפרייטן צווישן פאָלק די ביבל אין אַ רוסישער איבערזעצונג, און האָט גענומען זוכן די פאַסנדע שריפטשטעלער, וועמען איבערצוגעבן די דאָזיקע אַרבעט. דאַן האָט חוואָלסאָן אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז מען דאַרף די ביבל פון דאָסניי ניט איבערזעצן, ווייל מען קען זיך באַנוצן מיט זיין איבערזעצונג, וועלכע איז שוין פון לאַנג געווען אַרויסגעגעבן דורך דער גייסטלעכער אַקאַדעמיע. חוואָלסאָנס מיינונג האָט זיך אָבער אָנגעשטויסן אויף אַ שאַרפער אָפּאָזיציע מצד דעם רוב מיטגלידער, וועלכע האָבן אים אָנגעוויזן, אַז זיין איבערזעצונג איז געמאכט געוואָרן לויטן גלח'שן נוסח און מיט

געוויסע מיסיאָנערישע טענדענצן. והראיה, אַז זי ווערט פיל באַ־נוצט פון דער באַוואוסטער לאָנדאָנער ביבל־געזעלשאַפט, וואָס איר איינציקער צוועק איז אָפּצושמדן יידן. חוואָלסאָן, וואָס האָט זיך לגמרי נים געריכט אויף אזאַ באַציאונג צו זיין ביבל־איבערזע־צונג, מיט וועלכער ער האָט תמיד שטאָלצירט, איז שטאַרק אויפ־געבראַכט געוואָרן, און פון דאַמאלסט אָן האָט ער אויפגעהערט אָנטיילצונעמען אין די זיצונגען פון דער חברה. דערוויסנדיק זיך אַז דער קאָמיטעט האָט דערלאַנגט אַ בקשה צום סינאָד וועגן דער ערלויבניש אַרויסצוגעבן די ביבל אין אַ נייער רוסישער איבער־זעצונג, האָט ער זיך משתדל געווען פאַר וועמען מען באַדאַרף, און די בקשה איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן*). דאָס האָט אַרויסגערופן קעגן חוואָלסאָנען אַ גרויסע פאַרביטערונג אין די קרייזן פון דער פּעטערבורגער יידישער אינטעליגענץ. און אַדאָלף לאַנדוי דער שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר פון „וואָסחאָד" און דער דאַמאָלסטיקער סטודענט פון אוניווערזיטעט, האָט אין אַ בריוו, געחתמעט מיט פּסעוודאָנים „המביט", זייער שאַרף קריטיקירט חוואָלסאָנען פאַר דער מגש; אין דעם רוסיש־יידישן וואָכנבלאַט „דיען", וואָס איז דאַן אַרויס אין אָדעס. דער דאָזיקער אָנפאַל אין דער פּרעסע האָט נאָך חוואָלסאָנען מער דערצאָרנט, און פון דעמאָלט אָן האָט ער זיך לגמרי צוריקגעצויגן פון די ספּעציעל־יידישע געזעלשאַפט־לעכע פראַגן און האָט זיך אויפגעהערט אינגאַנצן מיט זיי צו אינטערעסירן.

גראָד האָט אין קורצן פאַסירט נאָך אַ צופאַל, וועלכער האָט נים ווייניקער מיטגעהאָלפן צו דער פאַרשאַרפונג פון די קעגנזייטיקע באַציאונגען צווישן חוואָלסאָנען מיט די יידישע אינטעליגענטע קרייזן.

---

*) ערשט אין אַ יאָר פינף אַרום האָט די חברה לויט דער אָנגע־שטרענגטער השתדלות פון באַראָן האָראַץ גינצבורג, באַקומען די ערלויבניש אַרויסצוגעבן די ביבל אין דער רוסישער איבערזעצונג פונם באַוואוסטן העב־רייאיסטן דיכטער יהודה ליב גאָרדאָן און דעם „געלערטן יידן" ביים חילגער גענעראַל־גובערנאַטאָר יונה גערשטיין.

אין יענער צייט האָבן צווישן די געלערנטע מזרח־קענער גע־שמ׳ט די היסטאָריש־ביבליאָגראַפישע ענטפלעקונגען פון באַוואוסטן קאַראַאימעשן געלערטן פירקאָוויטש. אָט דער פירקאָוויטש איז כל ימיו געווען אָפּגעלעגן אויף דעם, אויפצווייזן דורך נוסחאות פון פאַרצייטיקע מצבות און דורך טעקסטן פון אַלטע כתב־יד׳ן וואָס ער האָט אַנטדעקט, אַז די קאַראַאימען וואוינען אין קרים פון זייער אַלטע צייטן. די דאַמאָלסדיקע געלערטע וועלט האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט פירקאָוויטש׳עס אַנטפלעקונגען און אויף דעם דאָזיקן יסוד איז קירצלעך באַשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע היסטאָרישע ליטעראַטור. פירקאָוויטש׳עס קאָלעקציע פון מצבות־אויפשריפטן און מאַנוסקריפּטן האָט דורך דעם באַקומען זייער אַ גרויסן ווערט, און לויט דער רעקאָמענדאַציע פון פּראָפעסאָר חוואָל־סאָן האָט די פּעטערבורגער קייזערליכע ביבליאָטעק אָפּגעקויפט די דאָזיקע קאָלעקציע פאַר אַ קאָלאָסאַלער געלט־סומע. אויסערדעם האָט נאָך די זאַך געהאַט אַ גרויסע פּראַקטישע באַדייטונג פאַר דער קאַראַאימעשער באַפעלקערונג וועלכע האָט צוליב דעם אָנ־געהויבן צו פּרעטענדירן ביי דער רוסישער רעגירונג אויף די באַזונדערע רעכט און פּריווילעגיעס, וואָס איר קומט אַלס „אַלט־געזעסענע".

דער איינציקער, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטן כּי פירקאָוויטש׳ן מיט זיין קאָלעקציע אַ פריער גאַנץ גלייכגילטיק און נאָכהער מיט מיט אַ געוויסן חשד, איז דאַן געווען דער באַרימטער אָריענטאָ־לאָג ד״ר אברהם אליהו האַרקאַווי, וועלכער האָט צו יענער צייט געלעזן לעקציעס אין פּעטערבורגער אוניווערזיטעט. אַריינטראַכטנדיק זיך אין דעם ענין־פירקאָוויטש, איז ער געקומען צו דער איבער־צייגונג, אַז די גאַנצע זאַך איז אַ שאַנטאַזש פון אַן׳אוואַנטוריסט. ער האָט נאָך אָבער זיין מיינונג עפנטלעך ניט אַרויסגעזאָגט. ער האָט צוערשט געמאַכט אַ וויסנשאַפטלעכע נסיעה קיין קרים, און דאָרט האָט ער צונויפגעקליבן זייער אַ רייכן מאַטעריאַל, וועלכער האָט אים געגעבן די מעגליכקייט אויפצווייזן, אַז אַלע פירקאָ־וויטש׳עס „היסטאָרישע אַנטדעקונגען" זיינען ניט קיין ריכטיקע און אַז זיינע מצבות־נוסחאות און כתב־יד׳ן זיינען פון אָנהויב ביז׳ן

סוף פאַלסיפיצירט. אין זיינע פּאָלעמישע אַרטיקלען אין די ציי־טונגען האָט האַרקאַווי דערוויזן, אַז אַ סך פון די געלערטע און פאַקטן, וואָס פירקאָוויטש האָט זיי אָנגעגעבן פאַר קאַראַאימען, זיינען אין אמת'ן גאָר יידן. נאָך האַרקאַווי'ס זאַכליכער, שאַרפער קריטיק איז דער גאַנצער בנין, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אויפ'ן גרונד פון פירקאָוויטש'עס קאָלעקציע איינגעפאַלן, ווי אַ קאָרטן־הייזל, און אַלץ איז געוואָרן צו אַש און צו רויך...

פאַר חוואָלסאָנ'ען איז דער אַרויסטריט פון זיין אַמאָליקן תלמיד פון האַרקאַווי'ן קעגן פירקאָוויטש'ן געווען ממש אַ מאָ־ראַלישער טויט־קלאַפּ, פאַר וועלכן ער האָט אים קיינמאָל ניט מוחל געווען, און איז אים געוואָרן אַ דם שונא. ניט קענענדיק ריינ־וואַשן פירקאָוויטש'ן און ראַטעווען דורכדעם אויך זיין אייגענעם פּרעסטיזש, האָט חוואָלסאָן פון דאַמאָלס אָן אָנגעהויבן צו רודפ'ן אין דער שטיל האַרקאַווי'ן וויפל ער האָט נאָר געקענט. בשעת האַרקאַווי האָט, לויט אַ פאַראָרדנונג פון'ם בילדונגס־מיניסטער, אויפגעהערט פאַרצוטראָגן זיינע לעקציעס אין פעטערבורגער אוני־ווערזיטעט, זיינען דאַן אַרומגעגאַנגען קלאַנגען אין די פעטערבור־גער יידישע סאַלאָנען, אַז דאָס האָט אים צוגעדינט חוואָלסאָן. צי ס'איז טאַקע אַזוי געווען אין דער ווירקלעכקייט צי ניט — אַ פאַקט איז אַז פון דאַמאָלסט אָן האָט חוואָלסאָן געזוכט אויסצומיידן יעדע באַגעגעניש מיט דער יידישער אינטעליגענץ און האָט מיט איר איבערגעריסן אַלע באַציאונגען.

ח.

אָבער אין דער זעלבער צייט, וואָס חוואָלסאָן האָט איבער־געריסן זיינע באַציאונגען מיט'ן יידישן געבילדעטן קלאַס, האָט ער אַרויסגעוויזן גרויס התקרבות צו יידן פונ'ם אַלטן דור, און באַ־זונדערס צו רבנים. וועגן יידישע אַלט־וועלטלעכע ענינים האָט חוואָלסאָן געפירט אַ שטענדיקע קאָרעספּאָנדענץ מיט די באַוואוסטע גאונים ר' יצחק אלחנן פון קאָוונע, מיט הערש־לייב דעם וואָלאָ־זשינער ראש־הישיבה, מיט ר' דוד'ל קאַרלינער און מיט אַנדערע

פון זייער גלייכן. אין דער אָרטאָדאָקסיש־רבנ׳ישער וועלט איז חוואָלסאָן געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ מער געשעצט. ס׳איז ניט געווען קיין איין רב, און קיין איין אָרטאָדאָקסישער כלל־טוער, וואָס זיינען געקומען קיין פּעטערבורג און זאָלן דאָרט ניט האָבן באזוכט חוואָלסאָנען, און מיט אים ניט פארבראכט שעה׳ן־לאַנג און שמועסן וועגן פאַרשיידענע ענינים. אַ באַזונדער וואַרעמען אינ־טערעס פלעגט חוואָלסאָן אַרויסווייזן צו אורחים פון ווילנע און איבערהויפּט צו די, וואָס האָבן געטראָגן די פאַמיליע גינצבורג, אָדער זאַלקינד. מיט טרערן אויף די אויגן פלעגט ער זיי נעמען אויספרעגן צי זיי זיינען אפשר ניט קיין קרובים פון זיין רבין ר׳ ישראל גינצבורג, ביי וועמען ער האָט אַזאַ גרויסע פּעולה געהאַט אין לערנען, אָדער זיי שטאַמען אפשר פון יענעם זאַלקינדן, ביי וועמען ער האָט אַמאָל נעהאַט אַזעלכע זאַטע „טעג״?

אונטער דעם רושם פון די דאָזיקע שמועסן פלעגן די רבנים קומענדיק צוריק פון פעטערבורג אין זייערע שטעט און שטעט־לעך, דערציילן מיט גרויס אנטציקונג און ענטוזיאזם גאנצע פּעק מעשיות וועגן דעם דאָזיקן מענטשן מיט דעם הייליקן יידישן ניצוץ, וועלכן די השגחה עליונה אַליין האָט געמאַכט פאַר אַ מקורב למלכות כדי מגין צו זיין אין אַן עת־צרה אויפן פאָלק ישראל.

די דאָזיקע מעשיות זיינען נאָך מער פונאַנדערגעבלאָזן גע־וואָרן, דערגאַנגען צוריק אין פּעטערבורג און האָבן חוואָלסאָנען נאָך פעסטער צוגעצויגן צו די פאָרשטייער פון אַלטן דור. אין דער פּראָווינץ האָט מען געוואוסט צו דערציילן, אַז חוואָלסאָן איז אַ מליץ־יושר פאַר דער מאכט אויף די חדרים מיט די מלמדים, אַז חוואָלסאָן שטייט אויף דער וואַך און היט אָפּ דעם קיום פון די ישיבות און תלמוד־תורות, אָדער, אַז אַדאַנק חוואָלסאָנען טשעפּעט מען זיך ניט צו די מוסר־שטיבלעך. פון דער אַנדער זייט זיינען מיט דעם צוגלייך אָנגעגאַנגען קלאַנגען, אַז חוואָל־סאָן לאָזט צו זיך ניט אַרויף אויפן שוועל קיין יידישן יונגנמאַן, וואָס קומט ביי אים בעטן אַ פּראָטעקציע, אום אָנגענומען צו ווערן אין אַ וועלכער עס איז רוסישער הויכשול; אַז ער זאָגט

זיך אָפּ פון אונטערשטיצן די בקשות פון יידישע סטודענטן וועגן סטיפּענדיעס, אַז ער האַלט ניט אונטער פאַרן בילדונגס-מיניס-טעריום די קאַנדידאַטור פון יידישע געענדיקטע, וועלכע ווערן פאָרגעלייגט פון די פּראָפעסאָרן אַלס ראוי געשיקט צו ווערן אויף די הוצאות פון דער רעגירונג קיין אויסלאַנד זיך פאַרפולקאָמען אין זייער ספּעציאַליטעט, און אַז ער פאַרוואַרפט קיינמאָל ניט קיין גוט וואָרט פאַר יידן, ווען מען באַשולדיקט זיי אין זיין בעגנוואַרס אין ניהיליזם.

נאָך ביז אויף היינטיקן טאָג איז ניט אויפגעקלערט געוואָרן דער קלאַנג, וועלכער איז אין די זיבעציקער יאָרן אַרומגע-גאַנגען אין די פּעטערבורגער יידישע קרייזן, אַז חוואָלסאָן האָט געהאַט אַ האַנט אין דעם פאַרמאַכן די צוויי ראַבינער-שולן אין ווילנע און אין זשיטאָמיר.

און אָט ווי די זאַך זאָל האָבן פּאַסירט:

אין מיטן ווינטער 1872 האָט מען אין ווילנע אין איין נאַכט אַרעסטירט איבער פערציק יידישע יונגע-לייט, וועמען די זשאַנדאַרמעריע האָט חושד געווען אין ניהיליזם. דער דאַמאָלס-טיקער ווילנער גענעראַל-גובערנאַטאָר, גענעראַל פּאָטאָפּאָוו, האָט פאַרבעטן צו זיך אויף אַ זיצונג עטלעכע פון די יידישע פאָרשטייער. עס זיינען צו אים געקומען: ר׳ מתתיהו שטראַשון, ר׳ יענ-קעלע קאָוונער, ר׳ שמואל פּיעסקין און ר׳ יעקעלע ר׳ זלמן ר׳ אוריה׳ס. פּאָטאַפּאָוו איז צו זיי אַרויסגעגאַנגען און האָט זיך צו זיי געווענדעט מיט די פאָלגנדע ווערטער:

—צו אַלע אייערע גרויסע מעלות, וואָס איר, יידן, באַזיצט, האָט נאָך אייך געפעלט צו זיין ניהיליסטן!

הערנדיק אַזעלכע רייד, איז אויף די יידישע פאָרשטייער אָנגעפאַלן אַ טויט-שרעק.

דער ערשטער, וואָס איז געקומען צו זיך, איז געווען ר׳ יענקעלע באַריט. וועלכער האָט אַ פרעג געטאָן:

— מ י ר זיינען ניהיליסטן?

— יעדנפאַלס זיינען דאָס אייערע קינדער!—האָט זיי פאָ-

כאַנאָוו געענטפערט — זיי זיינען דאָס אָבער געוואָרן אַדאַנק דער שלעכטער ערציאונג, וואָס איר גיט זיי.

— אַנטשולדיקט מיר, גענעראַל! — האָט זיך ר׳ יעקעלע קאָוונער אָפּגערופן — די זאַך איז ניט אַזוי. כל־זמן מיר אַליין האָבן אונזערע קינדער ערצויגן, זיינען ביי אונז קיין ניהיליסטן נישט געווען; אָבער ווי נאָר איר האָט גענומען אין אייערע הענט די ערציאונג פון אונזערע קינדער, זיינען זיי דאָס געוואָרן.

פּאָטאַפּאָוו האָט די דאָזיקע תּשובה פון ר׳ יענקעלע קאָוו־איבערגעגעבן קיין פּעטערבורג. דאָרט איז די זאַך באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַ זיצונג פון הויכע ביוראָקראַטן, צו וועלכער עס איז צוגעצויגן געוואָרן אויך חוואָלסאָן. און אין אַ קורצער צייט נאָכדעם איז אַרויס דער בעפעל צו פאַרמאַכן די ווילנער מיט דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול.

ס׳מוז דאָ נאָכאַמאָל באַמערקט ווערן, אַז דער קלאַנג וועגן חוואָלסאָנען, אַז ער זאָל געווען זיין דער דירעקטער גרם צו דעם דאָזיקן באַפעל, איז קיינמאל פון קיין קאָמפּעטענטער קוועלע ניט באַשטעטיקט געוואָרן. דער קלאַנג איז אָבער העכסט סימפּטאָמאַטיש פאַר דער מיינונג, וואָס די יידישע אינטעליגענץ האָט געהאַט וועגן חוואָלסאָנען

## ט.

דאָס לעצטע מאָל האָט חוואָלסאָן אַרויסגערופן גרויס פוראָר אין דער יידישער עפנטלעכקייט אין יאָר 1879. די פאַר ייִדן גוטע יאָרן פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן האָבן זיך געהאַלטן ביים ענדיקן. אין לאַנד האָבן זיך אַריינגעריסן בייזע אַנטיסעמיטישע ווינטן, עס האָט זיך אָנגעהויבן צו באַשאַפן אַ יידנהעצע־רישע פרעסע, וועלכע האָט זיך מיט דער צייט שטאַרק פונאַנדער־געבליט און געפונען אַ גרויסן אָפּגאַנג אין די אויבערשטע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, און פון דאָרט אין דער מאַסע אַראָפּ. דאָס האָט צוגעגרייט אַ גינסטיקן באָדן פאַר אַלע מיני אַוואַנטיו־ריסטן, וועלכע זיינען געקומען פישן אין מוטנעם וואַ־

סער. איינע פון זיי איז געווען דער פאַר אונז אַזוי טרויעריק באַוואוסט געוואָרענער היפּאָליט ליוטאָסטאַנסקי, אַ לערערל פון דער קאַטוילישער אמונה אין אַ פּראָווינציעלער גימנאַזיע, וועלכער האָט געוואָלט שלאָגן קאַפּיטאַל פון שנאת ישראל. מיט אַ רוסישן כתב־יד איז ער אַראָפּגעפאָרן קיין פּעטערבורג. „דער תלמוד און די יידן" האָט עס געהייסן , און געווען איז עס אַ וויגנגרעס פון די גיפטיקסטע בלבולים אויפן יידישן פאָלק. ס'האָבן זיך גע־פונען גוטע מענטשן, וועלכע האָבן דעם מחבר מיט זיין ווערק פאָרגעשטעלט פאַר דעם דאַמאָלסטיקן רוסישן טראָן־פאָלגער, דער שפּעטערדיקער אַלעקסאַנדער דער דריטער, וועלכער איז שוין דאַ־מאָלסט אָנגעזאָפּט געווען מיט גרויס האַס צו יידן. דער צוקינפטיקער רוסישער קייזער האָט ליוטאָסטאַנסקין געגעבן צוויי דאַנק־בריוו פאַר זיינע גרויסע פאַרדינסטן, מיט וועלכע ער איז נאָכהער אַרומ־געגאַנגען איבער די הייזער צו קלייבן פּרענומעראַנטן אויף זיין ספר. ליוטאָסטאַנסקיס פאַמפלעטישע תורה וועגן יידן און יידיש־קייט האָט אינגיכן געבראַכט פּרוכט. אין די יידנפרעסערישע צייטונגען איז מיט אַמאָל אַרויפגעשוואומען די לעגענדע פון עלילת־דם, ס'האָט לאַנג ניט געדויערט, און ס'האָט אַרויסגעשפּראָצט אַ שווערער בלוט-בלבול אויף קאַווקאַז. מ'האָט אַרעסטירט עטלעכע יידן, קעגן וועלכע ס'איז פאַרפירט געוואָרן אַ פּראָצעס. די אַנ־טיסעמיטישע זשורנאַליסטיק איז באַלד אַרויפגעפאַלן אויף דער דאָזיקער גאָלדענער מציאה מים גרויס ענטוזיאַסטישן אימפּעט, צולייגט די זאַך אויף טעלערלעך און אונטערגעטראָגן עס דעם לעזער אַלע אין דער פרי, צוגעריכט מיט די געהעריקע גע־ווירצן. אַזוי אַרום האָט זיך די קאַווקאַזער עלילת־דם־געשיכטע אָוועקגעלייגט ווי אַ דריקנדער באַרג אויפן גאַנצן רוסישן יידנטום.

אינ'ם דאָזיקן קריטישן מאָמענט האָט זיך חוואָלסאָן ווידער אַמאָל אָבגעריסן פון זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן און זיך אינ־גאַנצן אַריינגעטאָן אין דעם קאַווקאַזער ענין. דאַמאָלסט איז עס אים אויך געגאַנגען אין אַמביציע. ער האָט זיך איבערצייגט אין דער אומגעהויער גרויסער קראַפט פון דער פינסטערניש, וועלכע איז גובר די אַלע לאָגישע אייזערנע באַווייזן, וואָס ער האָט אין

זיינע פריערדיקע ווערק אַרויסגעשטעלט קעגן דער אומגעלומפּערט־קייט פון׳ם בלוט־בלבול. און נאָך מיט אַ פיל גרעסערע ענערגיע האָט זיך חוואָלסאָן ווידער גענומען פאַר דער פען. ער האָט אָנגעשריבן אַ ניי ווערק מיט׳ן נאָמען: „צי געבּרויכן די יידן קריסט־לעך בּלוט?“ ווי אַ לייב האָט זיך חוואָלסאָן אַ וואָרף געטאָן אויף די אַלערליי העצער און פאַרשפּרייטער פון עלילת־דם. ער האָט אין אַ שאַרף בייסיקן פּאָלעמישן טאָן אויפגעוויזן די גאַנצע לעכערליכ־קייט פון דעם דאָזיקן שפּינגעוועבּס, און האָט דערבּיי מיט גרויס התפעלות מאַניפעסטירט די הויכע עטישע אידעאַלן מיט וועלכע דאָס יידנטום האָט באַשאָנקען די מענשהייט. אין דער יידן־פיינד־לעכער פּרעסע האָט חוואָלסאָנ׳ס ווערק אַרויסגערופן אַ גאַנצן שטורם פון כעס און פאַרביטערונג, אין אַנדערע צייטונגען האָט מען אים אויפגעוואָרפן זיין יידישע אָבשטאַמונג, די חוצפה פון איין בּלאַט האָט דערלאַנגט אַזוי ווייט, צו באַשולדיקן עפנטלעך חוואָלסאָנ׳ען אַז ער איז אַנ׳אונטערגעקויפטער פון די יידישע באַנקירן גינצבורג און פּאָליאַקאָוו. די דאָזיקע אַלע אָנפאַלן האָבּן אָבער חוואָלסאָנ׳ען ניט בלויז ניט אַנטמוטיקט, נאָר נאָך צוגעגעבן אים, פאַרקערט, פיל מוט און ענערגיע צו באַקעמפן זיינע געגנער און ניט צו פאַר־שווייגן קיין אַנטיסעמיטישן אַרטיקל, אין וועלכן ס׳איז נאָר באַ־רירט געוואָרן די פראַגע וועגן דעם בלוט־בלבול. די יידישע כלל־טוער האָבן דאַן פאַרשפּרייט חוואָלסאָנ׳ס ווערק אין די צענדליקע טויזנטער עקזעמפּלאַרן, און אומעטום האָט עס אַ שטאַרקן רושם געמאַכט.

און אַז ס׳איז געקומען דער טאָג, ווען דער פּראָצעס וועגן דעם קאַווקאַזער בלוט־בלבול האָט זיך באַהאַנדלט אין קוטאַאיסער קרייז־געריכט, איז חוואָלסאָן ניט געבליבן זיצן אין דער היים. צוגלייך מיט די באַרימטע אַדוואָקאַטן אַלעקסאַנדראָוו און קופּער־ניק איז ער מיטגעפאָרן קיין קוטאַאיס, און דאָרט האָט ער פון זיין קאַבּינעט אָנגעפירט מיט דער פאַרטיידיקונג.

בעת ס׳האָט זיך פאַרענדיקט דער פּראָצעס און אַלע אָנגע־קלאָגטע יידן זיינען ערקלערט געוואָרן פאַר אומשולדיק און באַ־פרייט, האָבן דאַן די ריכטער געזאָגט חוואָלסאָנ׳ען, אַז זייער אי־

בערצייגונג איז דער אומשולדיקייט פון די יידן האָבן זיי געשעפּט אויסשליסליך נור פון זיין ווערק.

די קוטאַאיסער יידן האָבן דאַן הוואָלסאָן׳ען אָבגעגעבן פיל כבוד. דער „פּרעדוואָדיטעל דוואָריאַנסטוואָ" אַליין האָט געבראַכט הוואָלסאָנען אין דער סינאַגאָגע, דעם גאַנצען וועג פוןביידע זייטען האָבן אָנגעפילט מאַסן יידן, וועלכע האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אויסצודריקן דעם גרויסן גאַסט זייער טיפע דאַנקבאַרקייט. די סינאַגאָגע איז געווען העל באַלויכטן, און דער אָרון-קודש פונאַנדערגעעפענט. דער חזן האָט געמאַכט הוואָלסאָנען אַ פייערלעכן „מי שברך"; איין רב האָט לכבוד אים געהאַלטן אַ רעדע אין העברעיִש, און דער צווייטער אין גרוזיניש. די לעצטע רעדע האָט דער „פּרעדוואָדיטעל דוואָריאַנסטוואָ" איבערזעצט אין רוסיש.

דער דאָזיקער קבלת-פנים פון די קוטאַאיסער יידן האָט הוואָלסאָנען טיף גערירט, און איז געוואָרן איינער פון די געציילטע עפּיזאָדן, וועלכע האָבן זיך אים אײַנגעקריצט אין זכרון אויף זיין גאַנצן לאַנג לעבן און וועגן וועלכע ער האָט ליב געהאַט צו ריידן אין אינטימע שמועסן מיט נאָענטע פריינד. דער דערמאָנטער עפּיזאָד פלעגט תמיד ארויסרופן אין זיין עראינערונג אַ צווייטן צופאַל, וואָס ס׳האָט אים מיט אַ צייט פריער פּאַסירט אויף קאַווקאַז. זייענדיק אַמאָל אין טיפליס, האָט ער באַזוכט די סינאַגאָגע פון די דאָרטיקע סובאָטניקעס. ערשט ער האָט דערהערט, ווי מען לייענט פון דער בימה אַראָפּ די תורה לויט זיין רוסישער איבערזעצונג. אַ סך פון די מתפללים, וועלכע האָבן זיך דערוואוסט, אַז ער איז דאָס דער איבערזעצער פון דער ביבל, זיינען צו אים צוגעגאַנגען און געקושט די הענט פון דעם, וואָס האָט אָנגעשריבן דאָס דאָזיקע בוך.

נאָך דעם קוטאַאיסער משפּט איז הוואָלסאָן ווידער געוואָרן דער „העלד פון טאָג" אין דער יידישער גאַס. אַ לאַנגע צייט נאָכדעם האָט מען אים אין פיל קהילות אַלע שבת ביי קריאת-התורה „מי שברך" געמאַכט און תמיד מיטן טיטול: „מורנו הרב ר׳ דניאל"...

## י.

נאָך דעם קוטאַאיסער משפּט האָט זיך הוואָלסאָן צוריקגע־קערט צו זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, פון דאַן אָן איז ער שוין מער לטובת יידן אין דער עפנטלעכקייט ניט אַרויסגעטראָטן. אַ סך געברענטע ליידן זיינען נאָך יידן אין רוסלאַנד פאַר זיין לעבן אויסגעשטאַנען. די פּאָגראָמען פון די אַכציקער יאָרן און די שרעק־לעכע שחיטות פון די אַזוי־גערופענע „פרייע טעג״, אויסער כמה וכמה רעכט־באַגרענצונגען און גזירות רעות, וועלכע האָבן אַרויס־גערופן די שאַרפסטע עפנטלעכע פּראָטעסטן אויך מצד באַוואוסטע קריסטלעכע פּערזענלעכקייטן, און ער הוואָלסאָן, האָט ווי „אָנגע־נומען אַ פול מויל מיט וואַסער״ און געשוויגן, עפּעס ווי דאָס וואָלט גאָר זיין זאך ניט געווען.

דערפאַר האָט חוואָלסאָן עטלעכע מאָל אויפגעהויבן זיין שטים אין אינערלעכע יידישע אָנגעלעגנהייטן. און תמיד האָט ער מיט זיין אַריינמישן זיך אַרויסגערופן גרויס פאַרוואונדערונג אין די יידישע אינטעליגענטע קרייזן. בכלל האָט ער אין די לעצ־טע פּאָר צענדליק יאָר פון זיין לעבן געמאַכט אַן׳איינדרוק פון אַ ספינקס, זיין גאַנץ באַנעמען איז אַלץ געוואָרן מער אומפאַרשטענד־לעכער. מ׳האָט אים ניט געקענט באַגרייפן, ס׳איז אוממעגלעך געווען צו געפינען אַ וועלכן־ס׳איז שליסל צו זיין אינערלעכער וועלט.

וועגן זיין איבערגאַנג צום קריסטנטום האָט חוואָלסאָן תמיד אויסגעמיידט צו ריידן. און יעדעס מאָל, ווען עס פלעגט זיך דער־וועקן אַ שמועס אויף דער טעמע, פלעגט ער זיך פון איר זוכן אַרויסצודרייען דורך פאַרשיידענע גלייכווערטלעך פון תנ״ך און פון גמרא. באַזונדערס פּאָפּולער אין פאָלק איז נאָך ביז אַט גאָר ניט לאַנג געווען חוואָלסאָנ׳ס פשט צו די פאָלגנדע ווערטער פון דער יום־כפור׳דיקער שמונה־עשרה: „עד שלא נוצרתי איני כדאי ועכשיו שנוצרתי כאלו לא נוצרתי״ — איידער כ׳האָב מיך געשמד״ט, איז גלייך ווי איך האָב מיר ניט גע׳שמד׳ן, און אַז כ׳האָב מיך שוין יאָ געשמד׳ט איז אויך גלייך ווי ניט געשמד׳ט און ס׳איז ווייטער ניטאָ וועגן מיר וואָס צו ריידן. אַז עמיצער האָט ביי אים אַמאָל אַ פרעג־געטאָן, צוליב וואָס ער האָט דאָס געדאַרפט אומבייטן זיין

נאָמען פון יוסף אויף דניאל? — האָט ער געענטפערט מיט אַ שמייכל „וואָס פאַר אַ חילוק? ביידע האָבן זיי זיך איינגעקויפט אין יחוס ביי מלכים דורך איין פראָפעסיע : פותרי-חלומות געווען״...

בסך-הכל איז חוואָלסאָן געווען זייער אַ אינטערסאַנטע פערזענלעכקייט. אַ תלמיד פ ו ן חדרים און ישיבות, וואָס האָט ביז 18 יאָר ניט געקענט קיין א י י ן אייראָפּייאישע שפּראַך, אַ מענטש וואָס איז אויף זיין לעבן ניט דורכגעגאַנגען קיין ריכטיקע שול, האָט קיינמאָל ניט באַזוכט ניט קיין גימנאַזיע און ניט קיין אוניווערזיטעט, און וואָס האָט זיין דאָקטאָר-דיפּלאָם אַראָפּגעהאַפּט ממש ווי פון דער לבנה, — אָט דער מענטש איבערראַשט דעם לעזער פון זיינע ווערק מיט אַזאַ דיסציפּלינירטן שאַרפזין, וואָס ס'איז זעלטן צו זען ביי אַן אויטאָדידאַקט. ער איבעראַשט מיט זיין בילדונג, מיט זיין קאָלאָסאַלער ערודיציע אין די קלאַסישע און די נייע ליטעראַטורן און מיט זיין באַהאַוונטקייט אין די פראַגן פונ'ם געזעלשאַפטליכן און פּאָליטישן לעבן.

ביי דער געלעגנהייט פון חוואָלסאָנ'ס אַכציק-יאָריקן יובילי האָט אַ געוויסער זשורנאַליסט, וועלכער האָט גוט געקענט זיין אָרט לעבן, געגעבן וועגן אים די פאָלגנדע כאַראַקטעריסטיק :

„אַלס ליידנשאַפטלעכער ליבהאָבער פון דער שיינער קונסט, און באַזונדערס פון מוזיק און טעאַטער ; אַלס גרויסער מבין אויף גוטע ווייַנען און סיגאַרן, האָט זיך חוואָלסאָן גוט געפילט הן אין דער אַטמאָספערע פון אַ פאַריזער קאַבאַרעט און הן אויף אַ לעקציע פון דער כאַלדייאישער שפּראַך. און ניט ווילנדיק פרעגט זיך: פון וואַנען האָט זיך דאָס אַלץ גענומען ביי דעם זון פון דעם ווילנער מלמד ?״

חוואָלסאָנס לעבן איז געווען אַ קאָמפּלעקס פון די שאַרפסטע געגנזאַצן, פון די ווילדעסטע קאָנטראַסטן. קודם כל: דאָס עצם שמד'ן זיך. ער, אַזאַ גרויסער ענטוזיאַסט פון יידנטום, וועלכער האָט אין זיינע ווערק תמיד אונטערגעשטראָכן די הויכקייט פון די יידישע אידעאַלן און די פאַרדינסטן פון דער יידישער ראַסע פאַר דער מענטשהייט ; ער, וועלכער האָט ביז'ן לעצטן טאָג פון זיין לעבן געזאָגט און געשריבן: „מ י ר יי ד ן״, וועלכער איז אין דער

יידישער פרעסע תמיד אַרויסגעטראָטן קעגן יעדע געזעלשאַפטלעכע און רעליגיעזע רעפאָרמען, און אפילו קעגן דער גרינדונג פון אַ רבנים=סעמינאַר אויף אייראָפּייאישע יסודות: ער, וועלכער האָט גע= פונען דאָס שענסטע און דאָס בעסטע אין דעם אַלטן, פאַרצייטיקן יידישן לעבנס=סדר, פועל׳ט ביי זיך אָבצוזאָגן זיך פונ׳ם יידישן גלויבן און אַוועקצוגיין בפועל פון יידישן פאָלק, און פאַרבלייבט אַ פּראַוואָסלאַוונער אפילו נאָכדעם, ווען ער האָט שוין געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרבעסערן דעם אַלטן פעלער און צוריקקערן זיך צו יידן און יידישקייט...

חוואָלסאָן האָט מאריך ימים געווען; ער האָט געלעבט אי= בער 92 יאָר, און כמעט ביז זיין לעצטן טאָג איז ער געווען פריש און געזונד און אַרבעטספייאיק. עטלעכע טעג פאַר זיין טויט איז אים באַשערט געווען צו האָבן אַ גרויסע ענטטוישונג, וואָס האָט אים פאַרשאַפט זייער ביטערע מינוטן. נאָך דעם קוסאַאיסער פּראָצעס און די דאַמאָלסטיקע מפּלה פון די אַנטיסעמיטן, האָט ער גערעכנט, אַז סוף=כּל=סוף האָבן זיינע ספרים דאָך געהאַט די געווינשטע ווירקונג און האָבן דעם בלוט=בלבול באַגראָבן אין אַרכיוו. ערשט מיט אַמאָל — אַ נייער עלילת=דם! דאָס איז געווען דער „ענין יושטשינסקי״, וועלכער האָט ערשט אין דריטהאַלבן יאָר אַרום געבראַכט צו דעם וועלט=באַרימטן קיעווער „בייליס=פּראָ= צעס״. צו חוואָלסאָנ׳ס אויערן האָבן נאָך דערלאַנגט די ערשטע גיפטיקע זשווזשערייען פון דער „נאָוואָיע ווערעמיאַ״ מיט איר גאַנ= צער חאָפּטע פען=באַנדיטן וועגן דעם קריסטלעכן ייִנגל, וואָס „זשידעס״ האָבן אים פאַרפייניקט און זיין בלוט פאַרברויכט אויף מצות. דער אַלטער קעמפער איז אַ פאַרציטערטער געוואָרן. די קראַמפּהאַפטע האַנט האָט זיך אויסגעשטרעקט צום שווערד — צו דער פען, אָבער אומזיסט, דער טויט האָט ביי איר אַרויסגעריסן זיין כּלי=זיין...

דעם 16=טן מערץ 1911 איז פאָרגעקומען חוואָלסאָנ׳ס לויה זיין אָרון האָבן באַגלייט צום בית=עלמין נאָך וויניקער פון הונ= דערט מענטשן. דערפאַר אָבער זיינען דאָס געווען די העכסטע פערזענלעכקייטן פון דער רוסישער רעזידענץ: פּראָפעסאָרן פון אַלע

הויכשולן, וועלטלעכע און גייסטלעכע, אַקאַדעמיקער, געלערטע, וועלט-באַרימטע זשורנאַליסטן און שריפטשטעלער. פון יידן איז כמעט קיינער נישט געווען. זיי האָט אָפּגעהאַלטן פון אָנטייל צונעמען אין דער לויה דער צו־בולטער רעליגיעזער כאַראַקטער פון דער קבורה.

אין ווילנע דערציילט מען, אַז חוואָלסאָנס לעצטע ווער־טער פאַרן טויט זענען געווען: — פירט מיך צו מיין רבין ר׳ ישראל אַזאַרעצער...

# II

# וואָלף עבאַן.

## א

דער יינגסטער זון פון אַן אָרימען ווילנער כלי־זמר, אליה עבין, איז ער געווען. נאָך פון קינדווייז אָן האָבן זיך ביי אים אַרויסגעוויזן גרויסע פייאיקייטן צו מוזיק. אויף אַן איינפאַך פּאַס־טוכשע פייפל האָט ער געקענט אָפּשפילן די קאָמפּליצירטעסטע נגונים. צו פינף יאָר האָט ער שוין אויסגעצייכנט געשפּילט אויף זיין פאָטערס אינסטרומענט — אויפ׳ן פלייט. אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָט אים שוין דער פאָטער אָנגעהויבן נעמען מיט זיך אויף אַלע חתונות. מבינים האָבן שוין דאַן געזאָגט, אַז פון אים וועט אַרויס־וואַקסן אַ גרויסער ווירטואָז. אויפ׳ן צענטן יאָר האָט ער מיט אַמאָל, פון זיך אַליין, אַוועקגעוואָרפן די פלייט, און האָט זיך גענומען צו דער פידל. עס האָט לאַנג ניט געדויערט און דאָס יינגל האָט מיט דער פידל אויך באַוויזן נפלאות. זיין שפּילן האָט אַלעמען באַגייס־טערט און וואו נאָר ער האָט זיך געפונען אויף אַ חתונה, איז דאָרט תמיד געווען געפּאַקט מיט מענטשן, וועלכע זיינען זיך אומישנע צונויפגעקומען, כדי צו הערן און זען דעם וואונדערבאַרן קליינעם פידלער.

די פּאָפּולאַריטעט פון דעם „קליינעם כלי־זמר׳ל״ — אונטער דעם נאָמען איז ער געווען באַקאַנט אין ווילנא — האָט געוואַקסן כמעט פון טאָג צו טאָג, ביז ס׳האָט זיך וועגן אים דערוואוסט אויך דער גובערנאַטאָר. אין אַ געוויסן אָוונט האָט דער גובערנאַטאָר איינגעלאַדן דאָס יינגל צו זיך. זיין פאָטער האָט זיך זייער דער־שראָקן: דאָס איז נאָך געווען אין דער צייט, ווען מ׳פלעגט יידי־שע קליינע קינדער אָפּגעבן פאַר סאָלדאַטן. האָט אים זיינער אַ שכן געהייסן אַריינגיין פרעגן אַן עצה ביי איינעם פון די ווילנער מנהיגים, וואָס האָט דערביי געוואוינט. דאָס איז געווען ר׳ ח י י ם

נחמן פרנס. אויסהערנדיק וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, האָט ר' חיים נחמן געזאָגט:

— שרעק זיך נישט; דיין זון וועט ביים גובערנאַטאָר קיין בייז נישט געשען. דאָס רופט ער אים נאָר, כדי צו הערן ווי ער שפּילט. לאָז אים אָבער נישט אַליין, און גיי אויך מיט אים מיט. צו וואָס זאָלסטו זיצן אין דערהיים און זיך באַאומרואיקן?

צו דער באַשטימטער שעה זיינען דער כּלי-זמר מיט'ן זון אוועק צום גובערנאַטאָר. דאָרט אין סאַלאָן, פאַר אַ קליינער געזעלשאַפט פון די העכסטע ביוראָקראַטן, האָט דער קליינער שפּילער ממש וואונדער באַוויזן. די אַלגעמיינע אַנטציקונג האָט דערלאַנגט ביז צו איר גרעסטער מדרגה. באַזונדערס האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט'ן יינגל דעם גובערנאַטאָר'ס פרוי, וועלכע איז געווען אַ גרויסע ליבהאָבערן פון מוזיק, און האָט אַליין זייער שיין געשפּילט קלאַוויר. נאָכדעם ווי ער האָט אונטער איר אַקאָמפּאַנימענט אָנגעשפּילט אַ פּאָר זאַכן, איז זי אויף אים אַרויפגעפאַלן און האָט אים אויסגעקושט אַלע גלידער.

דער פאָטער מיט'ן זון האָבן זיך אָבער אין דער דאָזיקער פרעמדער סביבה געפילט זייער נישט גוט. נישט קענענדיק קיין רוסיש, זיינען זיי די גאַנצע צייט געזעסן שטום אין גרויס פאַרלעגנהייט. באַמערקנדיק דאָס, האָט דעם גובערנאַטאָר'ס פרוי געפּרובט ריידן צום יינגל אין אַ געבראָכענעם דייטש, וואָס ער האָט קנאַפּ-וואָס פאַרשטאַנען. פאַר'ן אַוועקגיין האָט זי דעם יינגל דערלאַנגט אַ הונדערטער און האָט אים געהייסן קומען אָפטער.

גוטע פריינט האָבן געראַטן דעם פאָטער, ער זאָל נעמען לערנען דעם יינגל עפּעס רוסיש. זיין אַן איינגייער ביים גובערנאַטאָר און זיך נישט קענען צונויפריידן מיט אים, איז דאָך ממש אַ חרפּה. דער כּלי-זמר האָט געפאָלגט און האָט דעם יינגל אַ לערער גענומען. אויך אין לערנען האָט דאָס יינגל אַרויסגעוויזן גרויסע כשרונות, און אין משך פון עטלעכע מאָנאַט האָט ער שוין אויסגעצייכנט גערעדט רוסיש.

אין אַ געוויסן טאָג איז ער געקומען פון גובערנאַטאָר מיט אַ נייעס: דעם גובערנאַטאָר'ס פרוי געפינט, אַז ס'איז פאַר אים קיין

תּכלית נישט צו בלייבן זיצן אין ווילנע און ווערן אַ פּראָפּעסיאָנע-לער כּלי-זמר, אַ קבצן, גיי דער טאַטע. איר עצה איז, אַז ער זאָל פאָרן קיין פּעטערבורג און אַריינטרעטן דאָרט אין אַ מוזיק-שול, וועט פון אים דאַן מיט דער צייט אַרויסוואַקסן אַ גרויסער מוזי-קער. אין אָנהויב האָט דער פאָטער דערפון נישט געוואָלט הערן און זען. ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט פועל'ן אָפּצולאָזן פון זיך זיין זון, וועלכער האָט אים מיטגעהאָלפן צו פאַרדינען זיין חיונה, און האָט אים אויך פאַרשאַפט אַ סך כּבוד פון יידן און פון פריצים.

אָבער יעדעס מאָל, ווען דאָס יינגל פלעגט צוריקקומען פון גובערנאַטאָר, פלעגט אין אים ווערן אַלץ שטאַרקער דער באַשלוס נישט צו הערן, וואָס דער טאַטע זאָגט און פאָלגן גיכער יענע, וואָס הייסן אים פאָרן שטודירן. איינמאָל האָט ער מודיע גע-ווען דעם פאָטער קאַטעגאָריש, אַז ער האָט שוין געלט אויף הוצאות און אויך רעקאָמענדאַציעס צו אַ פּאָר פּעטערבורגער רייכע יידן, און אַז מאָרגן, איבערמאָרגן פאָרט ער אַוועק.

דאָס מאָל האָט אים דער פאָטער גאָרנישט געזאָגט, און איז מיט אַ פאַרביטערט האַרץ ווידער אַוועק פרעגן אַן עצה, וואָס צו טאָן, ביי ר' חיים נחמן פרנס.

— דו האָסט קיין אַנדער ברירה ניט, ווי נור צו לאָזן אים פאָרן — האָט אים ר' חיים נחמן געענטפערט — ער קען דאָרט אין דער אמת'ן ווערן אַ לייט און אָנטאָן יידן כּבוד, באַשווער אים אָבער בגזירת כּבוד אָב, אַז וואָס ס'זאָל זיך מיט אים אין דער פרעמד נישט מאַכן, וואָסערע גליקן עס זאָל אים דאָרט נישט פאַרשטיין, זאָל ער בלייבן טריי אונזער הייליקער אמונה. פאַר זיך מיין זון, געזונטערהייט, אַזוי זאָלסטו אים זאָגן, נאָר פאַרבלייב אַ ייד!

אַ געטרייסטער איז דער כּלי-זמר אַוועק פון ר' חיים נחמנ'ען, און קומענדיק אַ היים, האָט ער זיך אָפּגערופן צו זיין זון:

— נו מילא, וואָס קאָן איך מאַכן? אַז דיר ווילט זיך דוקא פאָרן — פאָר, איך שטער דיר נישט. נאָר שווערן מוזטו מיר אָפּ שוין, תיכף ומיד, ביים אָנדענקען פון דיין פאַרשטאָרבענער מאַמען, עליה השלום, אַז זייענדיק אין דער פרעמד, אָן קיינעמס השגחה,

זאָלסטו גיין בדרך הישר, אַלע טאָג דאַוונען און לייגן תפילין, זיך וואַשן ביים עסן און בענטשן. בקיצור זיין אַ ייד מיט יידן גלייך אָט ווי דו ביזט איצט דער עיקר איז, אַז דו זאָלסט זיך נישט פאַרפירן פון קיין נסיון, און איך דאָ און דיין מאַמע אין קבר זאָלן פון דיר חלילה קיין חרפות־בזיונות נישט האָבן.

דער זון האָט געשוואוירן. אויף מאָרגן איז ער געגאַנגען מיטן פאָטער אויפן בית־עלמין און האָט זיך דאָרט אונטער בעך טרערן געזעגנט מיט דער מאַמען. נאָך אין דער זעלבער וואָך איז ער אָפּגעפאָרן קיין פעטערבורג פירנדיק מיט זיך צוויי רעקאָמענדאַציעס פון ווילנער גובערנאַטאָר, איינע צום דעמאָלט ווייט און בריט באַקאַנטן יידישן פּאָדריאַטשיק שמואל מלכיאל און די צווייטע צום באַרימטן קאָמפּאָניסט און קלאַוויר־ווירטואָז, דער דירעקטאָר פון פעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריום אַנטאָן רובינשטיין

## ב.

אַ,פופצן־יעריג יינגל איז ער געקומען קיין פעטערבורג, און אויך דאָרט האָט זיין שפילן אַרויסגערופן גרויס פוראָר, רובינשטיין האָט אים באַלד אַריינגענומען אין קאָנסערוואַטאָריום און מלכיאל האָט אים באַשטימט אַ מאָנאַטליכע פענסיע. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער, לויט מלכיאלס רעקאָמענדאַציע, באַקומען אַ צווייטע פענסיע פון באַראָן גינצבורגס קאַנטאָר, באופן אַז ער האָט נאָך געקאָנט אָפּשפּאָרן עטלעכע רובל אַ חודש און שיקן זיי דעם אַלטן טאַטן קיין ווילנע. דער טאַטע פלעגט אים דערמאָנען אין יעדער בריוו אָן זיין שבועה צו זיין אַן ערלעכער ייד און מוסיף זיין איטלעכעס מאָל אויף דעם, אַז דאָס איז אים פיל טייערער פונם געלד, וואָס ער שיקט אים.

דער יונגער מוזיקער איז טריי געבליבן זיין שבועה, און באַזונדיג די קאָנסערוואַטאָריע, האָט ער זיך אויפגעפירט יידישלעך, ווי אינדערהיים. די פרייע הנהגה פון זיינע יידישע חברים האָט אויף אים נישט געווירקט. ער האָט זיך געפירט ווי דער טאַטע האָט אים געראָטן, שטרענג רעליגיעז. פון שבתדיקע קאָנצערטן

האָט ער זיך געזוכט אַרויסצודרייען אויף אַלע אופנים, נישט נעמענ־
דיק אין אַכט די אונאַנגענעמלעכקייטן, וואָס ער האָט אָפט דערפון
געהאַט. זיינע חברים פלעגן אָפּלאַכן און חוזק מאַכן פון אים מיט
זיין פּאַנאַטיזם, און אים האָט דאָס נישט געאַרט. טאָמער פלעגט
זיך וועז־נישט־הן דערוועקן ביי אים אַ שלעכטער רעיון, פלעגט
אים באַלד טאַטע־מאַמע נעמען שוועבן פאַר די אויגן, און דער ביי־
זער געדאַנק איז תיכף אַוועק ווי אין רויך...

אַזוי זיינען אַריבער די ערשטע פאָר יאָר. פאַר דער צייט האָט
זיך זיין טאַלאַנט אַנטוויקלט אויך אויף אַ צווייטן געביט — אויפ׳ן
געביט פון קאָמפּאָזיציע. זיינע קאָמפּאָזיציעס זיינען אַנערקענט
געוואָרן פון די גרעסטע מבינים, און באַלד האָט מען וועגן זיי
גערעדט אין גאַנץ פעטערבורג. עס האָבן זיך אינגיכן אָפּגעפונען
פאַרלעגער אויף זיינע קאָמפּאָזיציעס, און אַזוי־אַרום האָט זיין נאָ־
מען אָנגעהויבן פּאָפּולער ווערן ניט בלויז אין דער רוסישער, נאָר
אויך אין דער אויסלענדישער מוזיקאַלישער וועלט.

עבאַן האָט געענדיקט זיין שטודיום אין פעטערבורגער קאָנ־
סערוואַטאָריום אַלס מוזיקער פון דער ערשטער מדרגה. דאַן האָט
ער זיך צוריקגעקערט אין זיין געבורטס־שטאָט ווילנע. וואו ער
האָט באַלד באַקומען די שטעל פון אַ מיליטערישן קאַפּעלמייסטער,
און צו גלייכער צייט איז ער אויך אָנגעשטעלט געוואָרן אַלס די־
רעקטאָר פונ׳ם אָרקעסטער ביים שטאָטישן טעאַטער. פון דאַמאָלסט
אָן איז אין ווילנע און אויך אין דער גאַנצער געגנט אַרום נישט
איינגעאָרדנט געוואָרן קיין שום קאָנצערט און קיין שום מוזיקאַ־
לישער אָוונט, אין וועלכן ס׳זאָל זיך נישט האָבן באַטייליקט עבאַן
אָן דער שפּיץ פון זיין קאַפּעליע.

אין יענער צייט איז אים אָפּגעשטאָרבן זיין פאָטער. עבאַן
האָט אָפּגעריכט אבילות ווי דער דין, און אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר
געגאַנגען דריי מאָל אַ טאָג אין שול „קדיש״ זאָגן. צום יאָרצייט
האָט ער געשטעלט אַ ליכט, איז געגאַנגען אויפ׳ן בית־עלמין און
צוטיילט צדקה פאַר „דעם טאַטנס נשמה״. אויך אין אַלע אַנדערע
פרטים האָט זיך עבאַן אויפגעפירט גאַנץ יידישלעך. די יידישע
ווילנע האָט זיך מיט עבאַנען מתכבד געווען און האָט אים גע־

האַלטן פאַר איר צירונג. גאַנץ אָפט פלעגן זיך די ווילנער יידישע מנהיגים באַנוצן מיט עבאַנען אויף צו פועל'ן דורך אים געוויסע טובות פאַר דער יידישער באַפעלקערונג פון דער הויכער שטאָטי־שער מאַכט, ביי וועלכע ער איז אַ גרויסער תקיף געווען. די דאַמאָלסטיקע ווילנער עלטער'ן, וועלכע פלעגן נאָך גרויסע, פאַר־ביטערטע קאַמפן אָפּלאָזן זייערע קינדער שטודירן אין דער פרעמד, האָבן זיך בעסער ניט געקענט ווינשן, ווי נור, אַז זייערע זין זאָלן זיך אומקערן אַהיים נישט ערגערע יידן פון עבאַנען. עבאַן האָט געדינט אַלס סימוואָל פון דער האַרמאָנישער צונויפגיסונג פון דער „השכלה" מיט דער „אמונה", און די משכילישע „מאמינים" פלעגן זיך אויף אָים שטיצן אין זייערע וכוחים מיט די „ראַציאָנאַליסטן".

ג.

ענדע זומער איז אָנגעקומען פון פעטערבורג קיין ווילנע אַן אָפיציעלע מעלדונג, אַז דער קייזער אַלעקסאַנדער דער צווייטער האַלט ביים באַזוכן מינסק צוליב אַ מיליטערישע אינספעקציע. דער טאָג פון קייזערס אָנקומען איז באַשטימט געוואָרן אויף ערב יום־כפור. לויט דעם פריער אויסגעאַרבייטן צערמאָניאַל, האָט אין יענעם אָוונט געדאַרפט איינגעאָרדנט ווערן לכבוד דעם קייזער אַ טאַנץ־באַל אין דעם מינסקער אָפיצערן־קלוב. דריי טעג פאַר יום כפור האָט עבאַן דערהאַלטן אַ באַפעל אַרויסצופאָרן מיט זיין אָר־קעסטער קיין מינסק כדי בייצוזיין דאָרט בשעת דעם קייזערלעכן קבלת פנים און אָנצופירן מיט דער קאָנצערט־אָפטיילונג פון באַל. דער דאָזיקער באַפעל האָט געטראָפן עבאַנען ממש ווי אַ דונער־סטייטש, ווי אַזוי וועט ער דאָס מחלל זיין די הייליקע „כל נדרי" נאַכט, און בעת אַלע יידן פון דער גאַנצער וועלט שטייען אין די שולן און אין בתי־מדרשים און בעטן ביים רבונו של עולם מחילה וסליחה פאַר זייערע זינד, זאָל ער זיך געפינען צווישן קריסטן און פאַרזינדיקן זיין נשמה?

נישט לאַנג קלערנדיק, איז עבאַן אַוועקגעגאַנגען צו ר' יענ־קעלע באַריט מישב צו זיין זיך מיט אים, וואָס צו טאָן. ר' יענ־

קעלע האָט אים אויסגעהערט און דערנאָך געזאָגט:

— די פראַגע איז צו וויכטיק, איך זאָל אין דעם קענען שטעלן אויף זיך אַליין. די אָנגעלעגנהייט איז פאַרבונדן מיט געפאַר, און מען מוז דערצו האָבן אַ גרויסן „ישוב-הדעת". איך וועל היינט אין אָוונט צונויפרופן ביי מיר אַ קליינע באַראַטונג, קומט אויך צוגיין און מיר וועלן די זאַך באַשליסן.

די באַראַטונג איז פאָרגעקומען מיט דעם אָנטייל פון באַוואוסטן ווילנער רב ר' בצלאל. און אַרומקלערנדיק דעם ענין פון אַלע זייטן איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז משום כבוד הקיסר מעג עבאַן מחלל יום כפור זיין און ערפילן זיין מיליטערישן חוב אַלס קאַפעלמייסטער, און דאָס וועט אים ניט פאַררעכנט ווערן פאַר אַ זינד • לויט עבאַנס בקשה האָט מען אים דעם דאָזיקן באַשלוס אַרויסגעגעבן אויף דער האַנט שריפטלעך.

ווען עבאַן איז מיט׳ן גאנצן ווילנער גענעראַליטעט אָנגעקומען די נאַכט וואָס פאַר ערב יום-כפור קיין מינסק, האָט ער זיך דאָרט דערוואוסט, אַז די אָרטיקע מאַכט האָט אויפגעפאָדערט די מינסקער יידישע כלי-זמר צו שפילן אויפ׳ן קייזערלעכן באַל און אַז די לעצטע, אַלע פרומע, גאָטס-פאָרכטיקע יידן, גייען אַרום פון דער גזרה ווי צומישטע. באַלד אויף מאָרגן האָט זיך עבאַן געזען מיט די מינסקער כלי-זמר, האָט זיי דערציילט וועגן דער באַראַטונג פון די ווילנער פרנסים און באַוויזן זיי דעם היתּר צו שפילן אום יום-כפור, וואָס מ׳האָט אים ארויסגעגעבן, ערקלערנדיק ויי דערביי, אַז אויפן סמך פון דעמזעלביקן כתב זיינען זיי אויך באַרעכטיקט די פאָדערונג פון דער מאַכט צו ערפילן. פאַר די מינסקער כלי-זמר איז דאָס נאָך אָבער געווען צו ווייניק, און זיי האָבן באַשלאָסן צו גיין פרעגן אַ שאלה ביי דעם מרא דאתרא ר' גרשון תנחום. ר' גרשון תנחום, וועלכער האָט פיל געשטעלט אויף זיך און זיך באַצויגן מיט גרויס בטול צו אַלע גדולים פון זיין צייט, האָט זיך ניט אָנגעהויבן צו רעכענען מיט דעם ווילנער היתּר און האָט גע׳פסק׳ענט: יהרג ואל יעבור! דאָס הייסט, אַז זיי טאָרן אויף קיין פאַל ניט מחלל יום-כפור זיין. ס׳מעג זיך זיין, וואָס עס וועט זיין. פון דעם האָט זיך דערוואוסט דער מינסקער גרוי-

סער גביר און למדן ר׳ ויסעלע ראַפּאַפּאָרט, וועלכער האָט תּיכּף באַגריפן, מיט וואָס אַזאַ זאַך קאָן שמעקן פאַרן גאַנצן יודישן כּלל, און האָט צו זיך אויפגערופן אַ קליינע אַסיפה פון די שטאָטישע פרנסים מיט דער באַטייליגונג פון עטליכע רבנים. און, באַטראַכטנדיק דעם ענין אַלזייטיג, האָבן זיי מבטל געמאַכט דעם איסור פון ר׳ גרשון תּנחום און גוזר געווען אויף די כּלי זמר, אַז זיי מוזן גיין שפּילן לכּבוד הקיסר.

און בעת די מינסקער יידן זיינען געגאַנגען צו כּל־נדרי, האָבן זיך די דאָרטיקע יידישע כּלי-זמר, מיט עבאַגען בראש, געקליבן צו גיין אין דעם מיליטערישן קלוב, וואו ס׳איז איינגעאָרדנט געוואָרן דער טאַנץ־באַל לכּבוד אַלעקסאַנדער דעם צווייטן.

עבאַן, וועלכער האָט אין יענעם אָוונט אָנגעפירט, אַלס דיריזשאָר, מיט ביידע אָרקעסטערס: מיטן מיליטערישן און מיט דעם כּלי־זמרישן, האָט מיט זיין אַרויסגעוויזענער אויסערגעוויינליכער מוזיקאַלישער קונסט צוגעצויגן אויף זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט. אַ באַזונדערס גרויסן פוראָר המט ער אַרויסגערופן מיט דעם וואַלצער, וועלכן ער אַליין האָט קאָמפּאָזירט לכּבוד דעם קייזערס באַזוך אין מינסק. אויפן קייזערס פאַרלאַנג איז אים עבין פאָרגעשטעלט געוואָרן דורך דעם מיליטערישן הויפּט־קאָמאַנדיר. דער קייזער האָט אין דער געגנוואַרט פונם גאַנצן גענעראַליטעט אַרויפגעלייגט זיין האַנט עבאַנען אויף דער פּלייצע, און אַ זאָג געטאָן: „מאָלאָדיעץ!״. דערנאָך זיינען צו עבאַנען צוגעגאַנגען אַלע הויכע געסט, און האָבן אים אויסגעדרוקט זייער וואַרימען דאַנק פאַר דאָס פאַרגעניגן, וואָס ער האָט זיי פאַרשאַפט. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט עבאַן באַקומען צוגעשיקט קיין ווילנע פון דער קייזערליכער קאַנצעלאַריע אַ גאָלדענעם רינג, איינגעפאַסט אין ברילאַנטן. דאָס איז באַלד באַשריבן געוואָרן אין אַלע צייטונגען, און מיט עבאַנען האָט געקלונגען די וועלט.

אַרויסגעוויזן, איז ער געוואָרן אַ שטאַרקער מקורב מיט דער ווילנער ערשט־קלאַסיקער קריסטלעכער געזעלשאַפט. ער האָט תּמיד פּאַרקערט מיט דער רוסישער און פּוילישער אַריסטאָקראַטיע און איז געוואָרן אַ הויז־פרייַנד ביים גענעראַל־גובערנאַטאָר. דאָס האָט אים ביסלעכווייז פאַרדרייט דעם קאָפּ; ער איז געוואָרן ביי זיך זייער פאַרריסן און אויסערסט שטאָלץ. באַזונדערס האָט זיך דאָס אַרויסגעוויזן אין זיין באַציאונג צו יידן, צו וועלכע ער האָט גענומען ווערן קעלטער אַלץ מער און מער. ער האָט אויפגעהערט צו באַזוכן יידישע הייזער, אפילו פון זיינע גוטע באַקאַנטע, און אויך אויפצונעמען יידן ביי זיך. ער האָט זיך אויפגעהערט אַפילו צו באַגריסן מיט יידן אין גאַס, און וואָס ווייטער האָט ער זיך אַלץ מער געסטאַרעט נישט צו קומען מיט יידן אין קיין שום באַרירונג. ס׳איז שוין איבעריק צו דערציילן, אַז פון דער יידישער אויפפירונג, פונ׳ם יידישן „שטאַט״, איז ביי אים אַפילו קיין זכר ניט געבליבן. ער האָט זיך לגמרי אויסגעטאָן פון יידן און פון יידישקייט. אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז אין ווילנע אַרויס אַ קלאַנג, אַז עבאַן האָט זיך גע׳שמדי׳ט; קיינער האָט אָבער ניט געוואוסט אויף ,וועלכער אמונה, ווייל מ׳האָט אים קיינמאָל ניט געזען אין קיין שום קירך און ביי קיין שום קרי־סטלעך־רעליגיעזער צערעמאָניע. מען דערציילט, אַז דער באַרימטער סקולפּטאָר אַ נ ט אָ ק אָ ל ס ק י, וועלכער איז געווען עבאַנ׳ס אַ יוגנט־חבר, האָט אים אַמאָל אין אַ געשפּרעך אַ פרעג געטאָן: צי ס׳איז אמת, וואָס מ׳זאָגט אויף אים, אַז ער איז אַ געטויפטער? אויף דעם זאָל אים עבאַן האָבן געענטפערט: „א י ך ו וי י ס ד ע ר פ ו ן נ י ש ט״. ווילנער יידן פלעגן אָבער זאָגן אויף עבאַנ׳ען, אַז „ער איז נאָך ערגער פון אַ משומד״.

צייטן בייטן זיך אָבער. ס׳זיינען אָנגעקומען די ערשטע אַכציקער יאָרן. אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז געשטאָרבן און מיט אים איז באַגראָבן געוואָרן דער רוסישער ליבעראַליזם. אויפ׳ן טראָן איז אַרויף אַלעקסאַנדער דער דריטער, וועלכער האָט נאָך מיט זיין מוטער׳ס מילך איינגעזאַפּט אין זיך אַ שטאַרקע שנאה צו יידן. זיין אַנטיסעמיטעשער גייסט האָט זיך באַלד אומעטום און אין אַלץ געלאָזט פילן. צום ערשטן האָט זיך דאָס דערפילט באַ־

זונדערס אין דער אַרמיי. יידישע מיליטערליים האָבן אָנגעהויבן אויסצושטיין די גרעסטע ערנידערונגען און די ערגסטע רדיפות. שלעכטע צייטן זיינען דאַן אָנגעשטאַנען אויך פאַר עבאַנען. אויף יעדן שריט און טריט האָט מען אים דערמאָנט זיין יידישע אָפּשטאַמונג; הינטער די פלייצעס פלעגן אים די אָפיצערן רופן „זשיד". באַלד האָט מען פון אים גענומען אָפּחוזקן אויך אין די אויגן. זיין מאָס איז פערפילט געוואָרן בעת עס איז אָנגעקומען אַ באַפעל אָפּצוזאָגן אים פון זיין שטעל אַלס מיליטערישער קאַפּעלמייסטער. נאָכדעם האָט לאַנג ניט געדויערט, און מ׳האָט אים שוין אויך נישט דערלאָזט צו דירעזשירן מיטן אָרקעסטער פון ווילנער שטאָט-טעאַטער. דאָס האָט שוין ממילא געבראַכט דערצו, אַז ער האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן פאַרלירן זיין פרעסטיזש אין דער ווילנער קריסטלעכער געזעלשאַפט. מ׳האָט זיך אויפגעהערט מיט אים צו ברידערן, און די אַריסטאָקראַטישע הייזער זיינען פאַר אים פאַרשלאָסן געוואָרן מיט זיבן שלעסער. עבאַן האָט זיך דערפילט מיט אַמאָל פון אַלעמען צוריקגעשטויסן, איינזאם און עלנט.

די דאָזיקע פאַר אים גאָר אומגעריכטערהייט געשאַפענע לאַגע האָט עבאַנ׳ען אַזוי ערשיטערט, אַז ער איז פאַר גרויס עגמת-נפש קראַנק געוואָרן. קורץ נאָכדעם האָט ער באַקומען לונגען-אויסצערונג. דאַן איז ער אַוועקגעפאָרן קיין קרים קורירן זיך, און האָט זיך באַזעצט אין יאַלטע. דאָרט האָט ער געלעבט אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, און קיינער האָט ניט געוואוסט, צו ער איז אַ ייד אָדער אַ קריסט. פון טאָג צו טאָג איז עבאַן אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט, און אַז ער האָט שוין געהאַלטן ביים שטאַרבן, איז צו אים געקומען אַ גלח צו זאָגן מיט אים ודוי. עבאַן האָט דעם גלח נישט אָנגענומען און איז געשטאָרבן. די יאַלטער פּאָליציי האָט דורך אַ טעלעגראַמע אָנגעפרעגט אין ווילנע, צי איז עבאַן אַ קריסט, אָדער אַ ייד. ערשט אין צוויי טעג אַרום איז אָנגעקומען אַן ענטפער פון דעם ווילנער פּאָליצמייסטער, אַז אין דעם רייסטער פון די ווילנער משומדים איז עבאַן ניט אַריינגעטראָגן. מ׳האָט געשיקט רופן די גבאים פון דער יאַלטער חברה-קדישא און מ׳האָט פון זיי געפאָדערט, זיי זאָלן עבאַנ׳ען מקבר זיין. די גבאים האָבן

דיך אָבער ניט געאיילט צו באַערדיקן דעם נפטר; ווייל עס ווייזט אויס האָבן זיי געזוכט צו באַקומען געוויסע ראיות, אַז עבאַן איז ווירקליך אַ ייד. ווייל מען האָט דעם טויטן קערפער שוין לענגער ניט געקאָנט האַלטן, האָבן אים פּאָליציאַנטן אַרויפגעלייגט אויף אַ מיסט-וואָגן, האָבן אים אַוועקגעפירט אויף דעם קריסטליכן בית-עלמין, און האָבן אים דאָרט באַערדיגט אָן שום צערעמאָניעס*).

אין עבאַנס זאַכן, וואָס מ׳האָט נאָך זיין טויט אָפּגעשיקט קיין ווילנע צו זיינע יורשים, האָט מען געפונען זיינס אַ טאָג־ביכל, אין וועלכן ער האָט אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ און אויסגעדריקט זיין חרטה אויף די פעלערן, וועלכע ער איז באַגאַנגען קעגן זיין פאָלק.

# III

# יאָאַכִים (חיים) צִימֶערמאַן.

יאָאַקים ציממערמאַן איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1815 אין וואַסילקאָוו קיעווער גובערניע, ביי עקסט פרומע חסידישע עלטערן. זיין פאָטער, וועלכער איז געווען דער שטעטלדיקער שוחט, האָט אים געגעבן אַ שטרענג-אָרטאָדאָקסישע ערציאונג. צו פיר יאָר האָט ער שוין געלערנט אין אַ חדר, און פון דאַמאָלסט אָן איז ער איבערגעגאַנגען פון מלמד צו מלמד, פון נידעריקע צו העכערע, ביז ס׳האָבן זיך שוין מער פאַר אים אין וואַסילקאָוו קיין רביים נישט געפונען, ווייל ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס יינגל מיט אַן „אָפענעם מוח״, וועלכער האָט אַריבערגעשטיגן אין לערנען די גרעסטע מופלגי תורה. דאַן האָט אים דער פאָטער גענומען מיט זיך אַמאָל אויף אַ שבת קיין טשערנאָביל, כדי מיישב צו זיין זיך דאָרט מיט׳ן רבי׳ן, וואוהין צו שיקן אים לערנען. די טשערנאָבילער לומדים האָבן אויך שטאַרק באַוואונדערט דאָס יינגל, און אַלע פה אחד האָבן אויף אים נביאות געזאָגט, אַז ס׳וועט פון אים אַרויסוואַקסן אַ באַרימטער וועלט-גאון און האָבן גע׳עצה׳ט זיין פאָטער אַוועקצושיקן אים אין אַ גרויסע ישיבה ערגיץ-וואו אין דער ליטא. ווי ערשטוינט זיינען זיי אָבער אַלע געוואָרן, דערהערנדיק, אַז באַלד ביים ערשטן באַזוך, וואָס דער שוחט מיט זיין זון האָבן געמאַכט ביים רבי׳ן, האָט דער רבי צו אים אַ זאָג געטאָן: „גיב תיכּף און מאַך דיין חיים׳לען חתונה; ס׳איז שוין צייט: אַ ייד אַ בר-מצוה, נאָך דער חתונה זאָל ער זיך אַוועקזעצן לערנען פאַר זיך און פאַרהערן זאָל ער זיך נישט לאָזן פון קיינעם. „עין הרע״!..

ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט און דאָס „בר-מצוה״-יינגל איז מיט מזל אַ חתן געוואָרן, און גאַנץ גיך נאָכדעם אַ בעל-הבית׳ל-

ס׳האָט אים גענומען פאַר אַנ׳איידים אַ רייכער חסיד, וועלכער האָט געהאַלטן אין אַרענדע אַ גרויסע פּאָסעסיע עטלעכע וויאָרסט פון ראָזשיצע, וואָלינער גובערניע. דער דאָזיקער עושר האָט געהאַט אַ טאָכטער אַ בת־יחידה, אָבער נישט קיין געראָטענע: נישט קיין איבריקע יפת־תואר, אַ ביסל אַ קרענקלעכע און שוין אַ מיידל אין די יאָרן: איבער אַ כ צ ן. באַקלאָגנדיק זיך אַמאָל פאַר׳ן משער, נאָבילער רבי׳ן אויף דעם, וואָס זיין טאָכטער איז שווערלעך אין שדוכים, האָט צו אים דער רבי געזאָגט: „פאַר גלייך אַריבער קיין וואַסילקאָוו, דאָרט ביים שוחט וועסטו געפינען דיין טאָכטערס באַשערטן: זאָג אין מ״ן נאָמען״. אין וואַסילקאָוו איז דער שידוך געוואָרן אין צוויי ווערטער.ביידע צדדים האָבן זיך געשעצט העכסט גליקלעך. דער שוחט איז געווען מלא שמחה איבער דעם וואָס זיין זון פאַלט אַריין אין אַ „שמאַלץ־גרוב״, און דער אַרענדאַטאָר האָט זיך געפילט ווי אויפ׳ן זיבעטן הימל פון דעם, וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעפונען אַ בעלן אויף זיין „פאַרזעסענער״ טאָכטער און דוקא אַ בחורל ממש אַ צאַצקע, אַן „עלוי״, וועלכער שניידט זיך אויף „רבנות״...

נאָך דער חתונה האָט דער פּאָסעסאָר אָפּגעגעבן זיין יונגן דרייצניאָריקן איידימל ספּעציעל צום לערנען אַ באַזונדער שיין מעבלירטע שאַלקע מיט פענסטער צו אַ געדיכטן פרעכטיקן פרוכט סאָד. דאָרט האָט פאַר אים דער שווער אַוועקגעשטעלט אַ שאַנק מיט אַ גרויסן סלאַוואוטער ש״ס, און חיימ׳ל איז געזעסן יום ולילה און האָט געלערנט, נישט ווערנדיק געשטערט פון קיינעם. מיט זיין ווייבל, וואָס פלעגט אָפּליגן גאַנצע טעג אַ ליידנדע אויף דער קושעטקע, האָט ער קנאַפּ־וואָס פאַרקערט, און דער שווער פלעגט זיך דאָס רוב צוליב זיינע עסקים געפינען אין וועג; אַ פרעמדן מענטשן פלעגט ער זעלטן־ווען אָנזען אין די אויגן, און אַזוי אַרום האָט ער פאַרבראַכט זיין צייט איינזאַם, און ווי אָפּגעזונדערט כמעט פון דער אויסערער וועלט. אַ געוויסע אויפמונטערונג פלעגט אַריינגעטראָגן ווערן אין זיין לעבן אַ פּאָר טעג פאַר ראש השנה: דאַמאָלט פלעגט ער אַרומפאָרן מיט׳ן שווער אויף ימים נוראים קיין טשערנאָביל, וואו ער פלעגט שוין פאַרברענגען ביז נאָך אַלע יום־

טובים. דאָרט אין רבינ׳ס הויף פלעגט ער זיך טרעפן מיט זיין פאָטער, מיט קרובים און מיט פריינד און מיט געוועזענע חברים און מיט סתם חסידישע יונגעלייטלעך, גבירישע איידימכס, קעסט-קינדער ווי ער, מיט וועלכע ער פלעגט פאַרברייינגען אין לערנען און אין חסידיש, און אויך אין פאַרשיידענע וואָכעדיקע שמועסן. פון טשערנאָביל פלעגט ער איטלעכס מאָל קומען צוריק אַהיים אין אַ געהויבענער שטימונג, וועלכע פלעגט אַזוי לאַנג דויערן, ביז ער פלעגט אויף דאָס-ניי אַריינגעצויגן ווערן אין זיין גרויען אַלטעגלעכן לעבן מיט׳ן סלאַוואוטער ש״ס און מיט די אים פונ׳ם רבי׳ס הויף רעקאָמענדירטע קבלה-ספרים ...

## II

אַזוי זיינען אַריבער אַ יאָר דריי, פיר. פאַר דער צייט האָט זיך חיימ׳ל אַ ווייטן רוק געטאָן אין לערנען; ער איז שוין באַלד געווען באַהאַוונט אין ש״ס און פוסקים. זייענדיק דעם לעצטן מאָל אין טשערנאָביל, האָט אים דער רבי אַליין אָנגעזאָגט די פריילעכע בשורה, אַז ער האָט שוין פאַר אים אין אויסזיכט אַ היבש שטעטל אויף רבנות. אויך פיזיש האָט זיך חיימ׳ל אין משך פון די עטלעכע יאָר שטאַרק אַנטוויקלט. ער איז הויך אויסגעוואַקסן, האָט באַקומען אַ דיקלעכן קאַרק, אַ ברייטן גלאַנציקן שטערן מיט געקרייזלטע האָר און מיט אַ מיסטיש פייערל אין די גרויסע, שוואַרצע קאַרשן-אויגן. בשעת ער איז אַראָפגעפאָרן דעם ערשטן מאָל צום ראָזשיצעווער רב נאָך סמיכה, האָט זיך דאָס גאנצע שטעטל נישט געקאָנט אָפּוואונדערן פון זיין הדרת פנים, און אַלע מיט איין קול האָבן געזאָגט, אַז עס רוט אויף אים ממש די שכינה ...

אין יענער צייט האָט דער פריץ, דער אֵייגנטימער פון דעם הויף, וועלכן חיימל׳ס שווער האָט געהאַלטן אין אַרענדע, אויסגעבויט אַ צוקער-פאַבריק. אונטער דעם פערסאָנאַל, וואָס דער פריץ האָט אַראָפּגעבראַכט פאַר דער פאַבריק, האָט זיך געפונען איינער אַלס הויפטמייסטער מיט זיין קליינער פאַמיליע, אַ פרוי מיט ויין יונגער טאָכטער, וועלכע האָבן געשטאַמט פון גאַליציען. די דאָ-

זיקע דריי פּערזאָן, וואָס האָבן צווישן זיך גערעט נאָר דייטש אָדער פּויליש, און האָבן זיך געהאַלטן ווייט פון די איבעריקע הויפּישע איינוואוינער, זיינען באַטראַכט געוואָרן פון אַלעמען אַלס קריסטן, און זיי אַליין, וועלכע זיינען באמת געווען יידן, האָבן אַרויסגעוויזן אַ קנאַפּן חשק, די דאָזיקע אילוזיע צו צעשטערן. חיימל׳ס שווער, וועלכער האָט צוגעשטעלט בוראַקעס פאַר דער פאַבריק און האָט צוליב דעם תמיד געהאַט צו טאָן מיט דעם הויפּט-מייסטער פלעגט זיך ניט קאָנען אָפּוואונדערן, זעענדיק, ווי שטאַרק ער אַינטערעסירט זיך מיט יידן, ווי אויספירלעך ער פרעגט זיך נאָך אויף זייער מצב און ווי טיף ער באַדויערט זייער ביטערן מזל. ווין וואונדער איז געוואָרן נאָך פיל גרעסער נאָכדעם ווי דערוועלביקער מייסטער האָט אָנגעהויבן אַריינצושיקן דורך אים פאַר יעדן ערב יום-טוב עטלעכע צענדליק רובל לטובת דער ראָזישצער אָרימער יידישער באַפעלקערונג. נעמענדיג דאָס אַלץ אין אַכט, האָט ער איינגעפונען, אַז דער מייסטער איז אַ גרויסער זעלטענער אוהב-ישראל, פון די אמת׳ע חסידי אומות-העולם. אַז דער מייסטער זאָל זיין אַ ייד, — דאָס האָט דעם אַרענדאַטאָר גאָר קיינמאָל ניט געקאָנט איינפאַלן, ווייל וואו איז דאָס געזען געוואָרן אַ ייד אַ גלוח אָן אַ שפור צלם אלקים, וואָס זיין ווייב טראָגט ניט קיין פאַרוק און זיין טאָכטער, די „כלה-מויד״, לאַכט בפרהסיא אַזוי חוצפה׳דיק הילכיק, און אַלע ריידן זיי נאָר גוי׳איש ?

אַמאָל אין אַ זומער-אָוונט, האָט פּאַסירט, אַז דער מייסטער איז, שפּאַצירנדיק מיט זיין פאַמיליע, פאַרבייגעגאַנגען דעם אַרענדאַטאָרס סאָד. פּלוצלונג האָט זיך דער מייסטער אָפּגעשטעלט. דורך די אָפענע פענסטער פון דער שאַלקע האָבן צו אים דערגרייכט די טענער פון חיימל׳ס מתיקות-דביקות׳דיקן גמרא ניגון, און ער איז געבליבן שטיין ווי צוגעשמידט צו זיין אָרט. אַ גאַנצער ים פון זכרונות איז פאַר אים מיט אַמאָל אַרויפגעשוואומען. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז מיט דעמזעלבן זיסן גמרא ניגון האָט ער אויך אַמאָל געלערנט אין דער טאַרנאָפּאָלער ישיבה, און אַז דאַמאָלסט האָבן זיך טאַטע-מאַמע פון אים אַזש אָנגעקוואָלן, און גאָט און לייט האָבן זיך מיט אים געבענטשט. האָט זיך אָבער געגעניבער דער-

ישיבה אויסגעבויט אַ צוויי־שטאָקיג הויז, און פון דעם הויז האָט גענומען אַריינדרינגען אין דער גאַס אַריין אַ מעכטיקער גייסט. דאָס איז געווען דער גייסט פון דעם ערשטן השכלה־קעמפער אין גאַליציען, ר׳ יוסף פערל, וועלכער האָט ווי מיט אַ כשוף־שטעקעלע אָנגעלאָקט און אַריבערגעצויגן צו זיך אַ בחור נאָך אַ בחור. פון טאָג צו טאָג איז פוסטער געוואָרן די ישיבה און פו־לער איז געוואָרן דאָס צוויי־שטאָקיגע הויז געגנאיבער... זוכן בייע תורות האָט זיך דער יונגער עולם צושפרייט איבער דער וועלט; ער איז אויך אַוועק מיט׳ן שטראָם, האָט געענדיקט פריער אַ מיטל־שול, דערנאָך דאָס ווינער טעכניקום, אַראָפּגעטרייסלט פון זיך דעם געטאָ־שטויב און אַריין אין אייראָפּאַ... אָבער וויפל צענדליקער, הונדערטער טויזנטע פּייאיקע און לעבנס־לוסטיקע יידי־שע יונגעלייט זיינען נאָך ביז אויפ׳ן היינטיקן טאָג פאַרבליבן שטעקן מיטביידע פיס אויף יענער זייט אין זומפּ, אָט ווי דער יונגער למדן, וואָס צוגיסט זיך דאָ אויבן אַזוי רייצנד איבער דער גמרא ? !

און דעם מייסטער האָט געוועסט אָנגענומען אַ חשק שוין, די מינוט, אַרויפצוגיין אויף דער שאַלקע, כדי אָנצוקוקן דעם ווילדן מתמיד, וואָס אין אַזאַ פּרעכטיקער זומער־נאַכט ווען אַלץ, וואָס לעבט און וואָס עס באַוועגט זיך, טוליעט זיך מיט גרויס בענ־קעניש צו דער נאַטור, זיצט ער און אונטערהאַלט זיך מיט אַלטע אָפּגעבלאַקירטע פאַפּירענע שאָטנס פון פאַרצייטן. ער האָט אָבער נישט געקאָנט לאָזן אַליין די פרוי מיט דער טאָכטער און האָט אָפּ־געלייגט זיין באַזוך ביי דעם אַרענדאַטאָר אויף אַן אַנדערס מאָל.

אין עטלעכע טעג אַרום, בעת דער אַרענדאַטאָר איז אַריין אין פאַבריק צוליב די בוראַקעס, האָט דער מייסטער אויסגענוצט די געלעגנהייט און האָט זיך מיט אים אַריינגעלאָזט אין אַ ברייטן שמועס וועגן פאַרשיידענע ענינים און האָט אים אין מיטן אַריינ־געוואָרפן אַ פראַגע מכח די קולות, וואָס עס הערן זיך אָפּטמאָל שפּעט אין אָוונט פון זיין שאַלקע. נאָכדעם ווי דער אַרענדאַטאָר האָט אים ערקלערט, אַז די קולות זיינען דאָס זיין איידימס, וועלכער זיצט יום ולילה אויף דער שאַלקע און לערנט, האָט אים דער מייס־

טער אויסגעדריקט זיין וואונש, זיך צו באַקענען מיט זיין איידים, ווייל ער שעצט פון תמיד אָן וואויללערנער און האָט ליב מיט זיי צו פאַרברייגגען.

III

בעת דער אַרענדאַטאָר האָט שפּעטער אין דערהיים דער־ציילט זיין איידים, אַז דעם מייסטער ווילט זיך זייער באַקענען מיט אים, האָט ער זיך לכתחילה געפּרובט אָפּזאָגן דערפון, ווייל דאָס איז פאַר אים פאַרבונדן מיט בטול־תורה. נאָכדעם ווי דער שווער האָט אים אָבער אויפגעוויזן, אַז צוליב אַזאַ „אוהב ישראל" איז כדאי מבטל צו זיין אַ קליינע ווײַלע פון לערנען, און אגב, קאָן מען פון אַזאַ מענטשן האָבן אַמאָל אַ טובה, האָט ער זיך באַשלאָסן און איז אין אַ שיינעם נאָכמיטאָג אַוועק אין דער צו־קער־פאַבריק.

נישט קענענדיק חיים׳לען ביז אַהער, האָט דער מייסטער אָן זיין חסידישן הלעך תיכף פאַרשטאַנען ווער ער איז, און דער־זעענדיק אים דורכ׳ן פענסטער פון זיין אַרבעטס־צימער איז ער אים אַרויס אַנטקעגן, און באַגריסנדיק אים זייער פריינדלעך, האָט ער אים ווי אַן אַלטן באַקאַנטן, גענומען אונטערן אָרעם און איז אַריין מיט אים אין פאַבריק. כדי אים צו פאַראינטערעסירן, האָט ער אים, קודם־כל, דורכגעפירט אַלע צימערן, באַוויזן אים די פאַרשיידענע מאַשינעס, וואָס ווערן באַנוצט צו דער צוקער־פאַבריקאַציע, געבנדיק אים דערביי די נויטיקע ערקלערונגען. חיים׳ל האָט אים גאַנץ אויפמערקזאַם אויסגעהערט, אויף אַנדערע זאַכן האָט ער געמאַכט באַמערקונגען, און אַרויסגעשטעלט געוויסע פראַגן, אין וועלכע דער מייסטער האָט אויסגעפונען פאַרשטענד־ניש און טיפזיניגקייט. דערנאָך האָט אים דער מייסטער אַריינ־געפירט צו זיך אין צימער, האָט אים אַוועקגעזעצט נעבן זיך און אַ פרעג געטאָן:

— איר זעט שוין אַצינד, וואָס מען קאָן אויפטאָן מיט בילדונג?

חיימ׳ל האָט געשוויגן.

— ווייסט איר זשע, בכלל, וואָס עס הייסט בילדונג?

חיימ׳ל האָט געוועסט ניט געפונען אויף דעם וואָס צו ענטפערן. דערנאָך האָט ער ווי־עס־איז אַרויסגעזאָגט:

— מ׳זאָגט, אַז בילדונג איז אַזאַ זאַך מיט וועלכער עס פאַרנעמען זיך נישט קיין פרומע מענטשן, וואָס הייסן ביי אונז „אַפּיקורסים".

דער מייסטער, וועלכער האָט פון אים ערוואַרט אַזאַ מין תשובה, האָט מיט אים פאַרפירט אַ לאנגן, ערנסטן שמועס וועגן דעם מהות פון בילדונג און איר באַדייטונג פאַר דער מענטשהייט. חיימ׳ל האָט אים אַ פאַרגאַפּטער צוגעהערט, און אָפּטמאָל איז אים צוגעשאָקלט מיט׳ן קאָפּ, עפּעס ווי ער וואָלט מיט אים מסכים געווען. אַז חיימ׳ל האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט אַוועקצוגיין האָט אים דער מייסטער געבעטן באַזוכן אים אָפטער. חיימ׳ל האָט אויף דעם גאָרנישט געענטפערט.

דעם גאַנצן וועג איז חיימ׳ל געגאַנגען אַ פאַרטראַכטער געפינענדיק זיך אונטער דעם רושם פון די נייע ווערטער, וועלכע ער האָט גאָר־וואָס געהערט. האַלטנדיק שוין אָבער נאָענט פון דעם שווערס וואוינונג, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און פּעסט אַ זאָג געטאָן צו זיך.

— ניין! מאַלע וואָס אַ גוי רעדט; דאָס רעדט פון אים נאָר דער רוח־הטומאה, עפּעס אַ פאַרשטעלטער, וואָס האָט מיך געוואָלט פאַרפירן: עס זיינען דאָך דאָ אַזעלכע.

און אויסשפּייענדיק דריי מאָל, איז ער אַריין אין שטוב.

אַז דער שווער האָט שפּעטער חיימ׳לען אַ פרעג געטאָן: נו, וואָס אַזוינס האָט פון דיר געוואָלט דער מייסטער? — האָט חיימ׳ל אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער לופט און האָט געענטפערט:

— אַן אוהב־ישראל, אָבער פאָרט אַ גוי! מער גיי איך צו אים נישט!

---

עס זיינען אַריבער אַ טאָג און צוויי; אויפן דריטן טאָג איז זיך חיימ׳ל מישב און שפּאַצירט זיך אַוועק גלייך צו דער צוקער־פאַבריק.

דאָסמאָל האָט דער מייסטער אויפגענומען חיים׳לען ביי זיך, אין זיין דערבייאיקער וואוינונג. דאָרט איז ער מיט אים אריין צו זיך אין קאַבינעט. באַטראַכטנדיק דעם קאַבינעט, איז חיים׳ל געבליבן שטיין אַזוי ווי אַ פאַרבליפטער, ער האָט באַמערקט אויף די ווענט בילדער מיט יידישע אויפשריפטן; צוגייענדיק אַ ביסל נענטער, איז ער שוין גאָר צוטומעלט געוואָרן: ער האָט דערזען פון ווייטן אַ ביכער־שאַנק, פון וועלכן עס קוקן אַרויס יידישע ספרים, און ער וואָלט שווערן, אַז דאָס זיינען גמרא׳ס צי מדרשים.

— איך זע אָן אייך, איר וואונדערט זיך — האָט אָנגעהויבן דער מייסטער — אָט וועל איך אייך אַנטפּלעקן אַ סוד, וועט איר זיך נאָך מער וואונדערן.

און תיכּף האָט ער אַ זאָג געטאָן, און דאָסמאָל אין אַ ריי־נעם גאַליציאַנער יידיש:

— איך בין אַ ייד, אַ ייד ווי איר, ווען נישט קיין חסיד.

חיים׳ל איז שיעור נישט אָפּגעשפּרונגען אַ הינטער. אים האָט זיך נישט געגלויבט, אַז דאָס קומט פאָר אַלץ אויפ׳ן וואָר, און נישט אין חלום.

היימ׳ל איז ערשט געקומען צו זיך נאָכדעם ווי דער מייס־טער האָט אים דערציילט אויספירלעך זיין ביאָגראַפיע, וועלכע ער האָט פאַרענדיקט מיט די פאָלגנדע ווערטער:

— פון די נייע יידן ביז איך, פון די אויפגעקלערטע, אַ תלמיד פון ר׳ יוסף פערל, און אַ נאָענטער חבר פון ד״ר יצחק ער־טער און ר׳ שלמה ליב ראַפּאָפּאָרט, און פון ד׳ אַלע איבריקע, וואָס איר זעט דאָ אויף דער וואַנט זייערע בילדער, און אַ טרייער, איבערגעגעבענער זון פונ׳ם יידישן פאָלק. אָט טוט מיר נאָך, כ׳לעבן; לאָמיר אייך דינען פאַר אַ ביישפּיל; אַ מענטש מיט אַזעל־כע גלענצנדע פייאיקייטן ווי אייערע, קאָן דאָך ווערן אַ צירונג פאַר אונזער נאַציע און אַ ברכה פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

חיים׳ל איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געשוויגן. עטלעכע מאָל האָט ער געפרובט וואַרפן זיינע בליקן אויף די בילדער, וואָס הייגען אויף דער וואַנט, און האָט ווידער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

פונם זייטן צימער האָט זיך דערהערט דאָס שפּילן פון אַ קלאַוויר. חיימל איז ווי אויפגעציטערט געוואָרן, און דער מייסטער האָט זיך אָפּגערופן:

—אָט קומט לאָמיר אַריינגיין אין עס־צימער; איך וועל דאָרט באַקאַנט מאַכן מיט מיין פרוי און מיט מיין טאָכטער.

—אָי, ניין! ניין!—האָט זיך חיימל ווי גענומען בעטן—לאָזט דאָס אויף אַ צווייט מאָל; היינט איז שוין שפּעט; איך מוז גיין.

און חיימל איז אַוועק אַ צוטראָגענער, מיט צושטרייטע געדאַנקען. דער מוט איז ביי אים געוואָרן ווי אָנגעפילט מיט בליי, און ער איז נישט געווען ביכולת עפּיס צו טראַכטן. ער האָט זיך קוים דערשלעפּט צו זיך אויף דער שאַלקע, דאָרט האָט ער אַרויסגענומען אַ מוסר־ספר, און ביים ערשטן אַריינקוקן אין אים האָט ער זיך פונאַנדערגעכליפּעט...

אויף מאָרגן האָט זיך חיימל געהאַט געפילט אינגאַנצן באַרואיקט. איבער נאַכט האָט ער זיך גובר געווען, האָט אַלץ אַרויסגעשלאָגן פון זינען, און אַוועקגעזעצט זיך מיט אַ קלאָרן קאָפּ איבער דער גמרא.

נאָכמיטאָג האָט אָבער זיין שטימונג מיט אַמאָל גענומען פאַלן, און ווי נאָר ס׳האָט זיך באַוויזן אויפן הימל דער ערשטער שטערן, האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער צוקער־פאַבריק...

פאַרן אַריינגאַנג האָט אים באַגעגנט דעם מייסטערס טאָכטער, אַ מיידל פון אַ יאָר זיבעצן, אַ זעלטענע שיינהייט. זי האָט געוואוסט ווער דאָס איז, און האָט אים אַריינגעבעטן אין שטוב, זאָגנדיג, אַז די מינוט קומט דער פאָטער. מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן צו דער ערד איז חיימל נאָך איר אַריין אין שטוב. דאָרטן איז ער געבליבן שטיין, און האָט נישט געוואוסט וואָס צו טון. דאָס מיידל האָט אים דערלאַנגט אַ שטול; ער האָט זיך אָבער ניט געזעצט. זיין פאַרלעגנהייט איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט און זיינע בליקן האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט ווי זוכנדיק פון ערגיץ־וואו הילף. די הילף איז אָבער אַזוי גיך נישט געקומען, און דער שטן, אין דער געשטאַלט פון דעם מיידל, איז נישט אָפּגעטראָטן פון אים אויף אַ מינוט, אַזוי איז ער אָפּגעשטאַנען אין געהאַקטע וואונדן, ביז ס׳איז

צום סוף אַריין דער מייסטער. ערשט דאַמאָלסט האָט ער אַ ביסל פרייער אָפּגעאָטעמט.

— כ׳האָב געוואוסט, אַז איר וועט קומען — האָט דער מייסטער אָנגעהויבן — איר זייט דאָך אַ פאַרשטענדיקער יונגערמאַן. איך פאַרשטיין: אייך איז שווער. מיר איז אַמאָל אויך שווער געווען; כ׳האָב דאָך אייך דערציילט, אַז מיין פאָטער איז געווען אַ רב און דאָך האָב איך מיך ענדלעך באַשלאָסן. קוקט נישט אויף קיין זאַך און טוט אָויך דאָסזעלבע.

— איך וועל טאָן — האָט זיך נאָך אַ קליינע פויזע אַרויסגעריסן פון חיימ׳לס מויל.

מיט די דאָזיקע ווערטער איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן אויף אייביק חיימל׳ס חסידיש־רבנישע קאַריערע...

## IY

נאַכט אין נאַכט, ווען אַלע שטוביקע ביי זיין שווער האָבן שוין לאַנג געשלאָפן, פלעגט היימ׳ל פאַרגנב׳עטערהייט און דורך הינטער־וועגלעך אַוועקגיין צום מייסטער. דאָרט האָט אים דער מייסטער באַקאַנט מיט די פאַרשידענע עלעמענטאַרע למודים, און דאָס איבעריקע פלעגט ער אים אויפגעבן צו לערנען פאַר זיך אין דערהיים. חיימ׳ל האָט זיך איבערגעגעבן צו די נייע למודים מיט גרויס התמדה און האָט אין זיי געמאַכט וואונדערלעכע פאָרטשריט. אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט דער מייסטער פאַרטרויט חיימ׳לס סוד זיינעם אַ מיטאַרבייטער אין דער צוקער־פאַבריק אַ רוסישער אינזשינער, וועלכער האָט געוואוינט מיט אים אין איין הויז און האָט ביי אים אויסגעווירקט צו אונטעריכטן חיימ׳לען אַ פאַר מאָל אין דער וואָך די רוסישע שפּראַך. ביים שווער האָט קיינער נישט באַמערקט פון דער איבערקערעניש, וואָס איז פאָרגעקומען מיט חיימ׳לען, ווייל זיין לעבנס־שטייגער האָט זיך נישט אומגעביטן אַפילו אויף אַ האָר, און ווי פריער פלעגט מען אַרויסגייענדיק אויף דער שאַלקע אים תמיד טרעפן ביי דער אָפענער גמרא און ווי פריער פלעגט זיך זיין מתיקות־דבקות׳דיקער ניגון טראָגן דורך די פענסטער.

אַזוי זיינען אַוועק אַ פּאָר יאָר. פאַר דער צייט האָט חיים'ל באַוויזן דורכצומאַכן אין לערנען דעם קורס פון אַן אַכט־קלאַסיקער מיטל־שול. אויף אַ באַראַטונג ביים מייסטער, אין וועלכער ס'האָט זיך באַטייליקט אויך דער אינזשעניער, האָט מען געגומען זוכן עצות ווי אַזוי צו שאַפן פאַר חיים'לען די מעגלעכקייט אַריינצו־טרעטן אין אַ הויך שול. באַטראַכטנדיק דעם ענין אַלזייטיק איז מען געקומען צום באַשלוס, אַז עס איז נישטאָ פאַר אים קיין אַנ־דער אויסוועג ווי נור צו אַנטלויפן. דאָ זיינען ערשט אָנגעשטאַנען פאַר חיים'לען שווערע קאַמפּפולע טעג. אים האָט נישט געאַרט פאַר דעם סקאַנדאַל, וואָס זיין טריט וועט אַרויסרופן אין דער חסידישער וועלט, מיט וועלכער ער האָט שוין אין האַרצן איבער־געריסן דעם לעצטן פאָדים; געשראָקן האָט ער זיך נאָר פאַר דעם גורל פון זיינע עלטערן, וועלכע וועלן אפשר דעם צער נישט קאָנען איבערטראָגן. גאַנץ שוואַך אַ ציטער געטאָן האָט ערגעץ אַ סטרונע ביי אים אין האַרצן, דערמאָנענדיק זיך אָן זיין קרענקלעכער פרוי, וועל־כע איז גראָד דאַמאָלסט געווען אויף דער צייט מיטן ערשטן קינד.

אָט דאָס אַלץ האָט חיים'לען כסדר גענאָגט און געעגבערט, און ער האָט זיך ממש קיין אָרט נישט געפונען. אין דער ליכ־טיקער, אינטימער סביבה פון דעם מייסטערס פאַמיליע פלעגט ער זיך אויף אַ ווייל אויפמונטערן, פעסטיקן זיך און אָננעמען דעם באַשלוס, אַז אָט מאָרגן אַנטלויפט ער שוין; קומענדיק אָבער צו צו זיך אויף דער שאַלקע, איז ער צוריק געוואָרן שוואַך און אָפּ־העני ; און אין־זיך צוריסן אויף שטיקער.

[illegible]ר דאָ איז אים אַן אומגעריכטער, טרויעריקער צופאַל געקומען צו־הילף.

[illegible]יינמאָל, שפּעט [illegible] האַלב[illegible] נאַכט, אָקאָרשט וואָס חיים'ל איז געקומען פון מייסטער און איז אַרויף צו זיך אויף דער שאַל־קע, האָט מען אים שטיל אָנגעקלאַפּט אין טיר. ווען ער האָט גע־עפנט די טיר איז אַריין זיין שוויגער אַ פאַרווייגטע.

— חיים'ל, ווי גאָט איז דיר ליב — האָט זי צו אים געזאָגט, פאַרברעכנדיק די הענט — קום גיך אַראָפּ אונטן; איך האָב דיר נישט געוואָלט מצער זיין, דבור'צעלע — אַזוי האָט געהייסן זיין

פרוי — גייט שוין פון אינדערפרי אָן זייער שווער צו קינד. דעם שווער האָב איך אַוועקגעשיקט קיין ראָזישצע נאָך אַ דאָקטאָר, דערווייל ווערט זי נעבאַך מסוכנ׳דיקער פון מינוט. זי שרייט שוין מיט די לעצטע כּוחות, מען דאַרף האָבן רחמים, גיי מיין קינד, זעץ דיר תּהלים זאָגן, אפשר וועט דער אויבערשטער רחמנות האָבן.

חיימ׳ל איז תּיכּף אַראָפּ אונטן און האָט זיך אַוועקגעזעצט זאָגן תּהילים. און געזאָגט האָט ער האַרציק און אויך געוויינט דערביי. פאַרטאָג איז געקומען דער שווער מיט׳ן דאָקטאָר, ס׳איז שוין אָבער געווען צו־שפּעט. דאָס קינד האָט מען ביי דער געווי־נערן אַרויסגענומען אַ טויטס, און זי אַליין האָט ניט אויסגעהאַלטן די אָפּעראַציע און איז אין אַ פּאָר מינוטן אַרום אויסגעגאַנגען.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז חיימ׳ל אין אַ געוויסן טאָג צו־געגאַנגען צום שווער און האָט צו אים געזאָגט:

— ס׳איז נישט באַשערט געווען פון דער השגחה, אַז מיין זיווג מיט אייער דבורצ׳ען, עליה השלום, זאָל זיין אויף לאַנגע יאָר. דער רצון פון גאָט איז אַזוי געווען, און מיר דאַרפן אים אָננעמען פאַר גוטן. איך דאַנק אייך זייער פאַר דער פאָטערלע־כער התקרבות, וואָס איר האָט מיר אַרויסגעוויזן די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געווען אייער איידעם. אונזערע געגנזייטעקע התחייבות זיינען בטל; איך שייד מיך פון אייך, און פאַר אָפּ צו מיינע עלטערן.

אויף מאָרגן אין דערפרי האָט חייב׳ל פאַרלאָזט דעם הויף. שווער און שוויגער האָבן אים באַגלייט ביז ראָזישצע, און דאָרט האָבן זיי זיך מיט אים צווזעגנט. אין איינעם פון די ראָזישצער האָטעלן האָבן שוין חיימ׳לען אָפּגעוואַרט דער מייסטער מיט זיין פאַמיליע. דאָרט האָט זיך חיימ׳ל אויסגעצוואָגן, אַרומגעשוירן, אַראָפּגענומען דאָס קליינע בערדל לגמרי, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די חסידישע קליידער און אָנגעטאָן זיך לויט׳ן דאַמאָלסדיקן משכּיל׳שן שטייגער. דורכדעם האָט זיך זיין אויסזען מיט אַמאָל אויף אַזוי פיל געענדערט, אַז אַריינגייענדיק אין צימער, וואו עס זיינען גע־זעסן דער מייסטער מיט זיין פאַמיליע, האָט אים קיינער פון זיי נישט דערקענט. ערשט אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט אויסגערופן

די טאָכטער, פונאַנדערלאַכנדיק זיך דערביי אויפ׳ן קול:

— אַח, גאָט אין הימל דאָס איז דאָך דער רביילע!

"דער רבי׳לע" — אַזוי האָט מען ביים מייסטער אין שטוב גערופן די גאַנצע צייט חיימ׳לען.

נאָך דעמזעלבן טאָג אין אָוונט איז חיים׳ל אָפּגעפאָרן קיין קיעוו.

קיין קיעוו האָט חיים׳ל מיטגעבראַכט רעקאָמענדאַציעס פון דעם מייסטער צו צוויי פון זיינע אַלטע באַקאַנטע, וועלכע האָבן דאָרט מכמה יאָרן געוואוינט. איינער פון זיי, אַן אומבאַוויירבטער דאָקטער, האָט אַריינגענומען חיימ׳לען צו זיך אויף קוואַרטיר, און שוין אויף מאָרגן האָט ער פאַר אים באַקומען אַ פּאָר לעקציעס אין רייכע הייזער. דאָס האָט געגעבן חיימ׳לען די מעגלעכקייט גרייט צו מאַכן זיך אומגעשטערט צו די עקזאַמענס. אין אַ חדשים דריי אַרום האָט ער זיך עקזאַמענירט מיט גרויס ערפאָלג אין איינער פון די קיעווער גימנאַזיעס און האָט באַקומען אַ גלענצנדן „באַל-אַטעסטאַט". דאַן האָט ער דערלאַנגט אַ בקשה וועגן אַריינ-טרעטן אין אוניווערזיטעט „צום הייליקן וולאַדימיר".

דאָס איז געווען אין יאָר 1836, צוויי יאָר נאָכדעם ווי די קיעווער אוניווערזיטעט האָט זיך געעפנט. צווישן די תּלמידים האָט זיך נאָך דאַמאָלסט נישט געפונען קיין איינציקער ייד. אין קיע-ווער אוניווערזיטעט האָט דאַן געהערשט אַ שטרענג רעליגיעז-פּראַוואָסלאַוונער, גייסט וועלכער האָט קיין יידן נישט געקאָנט פאַר-טראָגן. אויסערדעם האָבן זיך נאָך אין יענער צייט בכלל געפו-נען ביי יידן ווייניק בעלנים אויף העכערער בילדונג, וואו נישט וואו האָבן ערשט געצייילטע יידן אָנגעהויבן אָנצוקומען אין די מיטלשולן. חיים׳ל איז געווען דער ערשטער ייד, פאַר וועלכן עס האָבן זיך געעפנט די טירן פון קיעווער אוניווערזיטעט. זיין אַטעס-טאַט, וועלכער איז באַשטאַנען פון גאָלע „אויסצייכנונגען", איז געווען יענע מאַגישע קראַפט, וואָס האָט פאַר אים לייכט געמאַכט דעם וועג צו דעם דאָזיקן הויכן בילדונגס-טעמפל. און גע-פינענדיק זיך שוין אונטער דעם דאַך פון קיעווער אוניווערזיטעט, האָט דער איינציקער יידישער סטודענט דערוועקט דורך זיינע

גאונישע פייאיקייטן אַלגעמיינע באַוואונדערונג. די פּראָפעסאָרן האָבן זיך פון אים נישט געקאָנט אָפּלויבן, און ביי יעדער געלעגנהייט פלעגן זיי אים אַרויסשטעלן אַלס מוסטער און ביישפּיל פאַר אַנדערע.

איינמאָל, דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל פאַר דער גאַנצער צייט זינט ער איז אַוועק פון שווער, האָט זיך חיימל פלוצלונג דערמאָנט אָן זיינע עלטערן, און ס'האָט אים אַ שטאַרקן ריס געטאָן אין האַרצן. ער האָט זיך באַלד אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן דעם פאָטער אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט אים איבערגעגעבן אויספירלעך אַלץ וואָס ער האָט איבערגעלעבט זינט זיי האָבן זיך צושיידט, און געבעטן אים טויזנט מאָל מחילה פאַר דעם פאַרדרוס, וואָס ער האָט אים פאַרשאַפט, אַראָפּגייענדיק פון דעם חסידישן דרך הישר. צום בריוו האָט חיימ'ל צוגעלייגט אַ פּאָר צענדליק רובל מיט דער פאַרזיכערונג צו שטיצן אים זיין גאַנץ לעבן נאָך מיט פיל גרעסערע סומעס. עס זיינען נאָך אָבער נישט אַריבער קיין צוויי וואָכן און חיימ'ל האָט באַקומען פון פאָטער צוריקגעשיקט דאָס געלט מיט אַ קורץ בריוועלע געשריבן פון אַן אַנדערן, וועלכער איז אים מודיע, אַז זיין פאָטער אנערקענט אים מער נישט פאַר אַ זון און אויף ווייטער וויל ער פון אים נישט וויסן. די דאָזיקע ידיעה האָט חיימ'לען ממש דעם קאָפּ אַראָפּגענומען. פון גרויס עגמת נפש האָט ער זיך קיין אָרט נישט געפונען, זיין געדריקטע שטימונג האָט אָבער ביי אים לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. זי האָט געדויערט נאָר ביז מאָרגן אין דערפרי, בעת ער האָט באַקומען אַ בריוו פון מייסטער מיט אַ באַזונדער וואַרימען גרוס פון מערי'ן, אַזוי האָט געהייסן זיין טאָכטער,—וועלכע האָט אים איינגעלאַדן צו קומען צו זיי אויף וואַקאַציעס. שוין לאַנג, ווי חיימ'ל איז צו מערי'ן נישט גלייכגילטיק; ער האָט איר זאָגאַר געליבט אין דער שטיל, נאָך זיצנדיק ביים שווער אויף דער שאַלקע. ער האָט דאָס אָבער געהאַלטן נאָר פאַר אַ זיסן חלום. איצט, באַקומענדיק פון איר די איינלאַדונג, האָט ביי אים מיט אַמאָל אויפגעבליצט דער געדאַנק, אַז דער חלום קאָן נאָך אפשר מקוים ווערן אויפן וואָר, און האָט מיט גרויס אונגעדולד גענומען ציילן די טעג צו די וואַקאַציעס...

## ד'

גלענצנד האָט חיים'ל אויסגעהאַלטן זיינע עקזאַמענס אין אוניווערזיטעט, און איז אַריבער אויפן צווייטן קורס. גלייך אויף מאָרגן איז ער אָפּגעפאָרן קיין ראָזשישטשע. דאָרט האָט אים שוין אָפּגעוואַרט אַ קאַרעטע מיט אַ פּאָר פערד, וואָס דער מייסטער האָט אים אַרויסגעשיקט פון הויף. אַריינפאָרנדיק אין הויף, ביי דער וואַסער־מיל, האָט חיים'ל באַמערקט פון ווייטן זיין געוועזענעם שווער, און איז געוואָרן בלאַס ווי אַ טוך. יענער האָט אים אָבער נישט דערקענט. אַ צופּ־געטאָן פאַר'ן האַרצן האָט אויך חיים'לען בעת די קאַרעטע איז פאַרבייגעלאָפן פאַרביי דעם סאָד, וואוהין עס האָבן אַרויסגעקוקט די פענסטער פון דער שאַלקע, אין וועלכער ער האָט פאַרבראַכט זיינע איידימשע יאָרן.

דער מייסטער מיט זיין פאַמיליע האָבן אויפגענומען חיים'לען מיט אָפענע אָרעמס, ווי אַן אייגן קינד. די צוויי זומער חדשים וואָס ער האָט ביי זיי פאַרבראַכט, זיינען פאַר אַלעמען פאַרביי־געפלויגן ווי איין טאָג, און ווען ס'איז אָנגעשטאַנען דער מאָ־מענט פון זיין אָפּרייזן צוריק קיין קיעוו, איז די שטימונג ביי אַלע שטוביקע געוואָרן זייער אַ טרויעריקע. באַזונדערס פאַרצאָגט זיינען געווען מערי מיט חיים'לען, וועלכע האָבן פאַר דער צייט באַוויזן צונויפצורעדן זיך אויפן הארץ־לשון און חתן־כלה צו ווערן, עס האָט נאָר געפעלט דער הסכם פון די עלטערן, אין וואָס זיי האָבן ביידע ניט געצווייפלט. מפני כמה טעמים האָבן די יונגע באַשלאָסן, אַז אין דעם ערשטן בריוו, וואָס חיימל וועט שרייבן צו די עלטערן פון קיעוו, זאָל ער ביי זיי בעטן מעריס האַנט, און זי וועט שוין דערוויל צוגרייטן דערצו דעם גויטיקן באָדן.

אַ העכסט גליקלעכער איז חיים'ל אָפּגעפאָרן קיין קיעוו.

אין קיעוו האָט אים'לען ערוואַרט זייער ניט קיין אַנגענע־מער סיורפריז.

דעם ערשטן טאָג, ווען ער איז געקומען אין אוניווערזיטעט גע־וואָר ווערן, ווען עס הויבן זיך אָן די לימודים, האָט אים דער רעקטאָר אַריינגערופן צו זיך אין קאַבינעט, האָט אים געבעטן זיצן און געזאָגט:

— כ׳האָב אייך היינט מיטצוטיילן עפּעס אַזוינס, וואָס וועט אייך, קאָן זיין, פאַרשאַפן פאַרדרוס. מ׳קען אָבער נישט מאַכן. איר ווייסט דאָך, אַז ביז אַהער האָבן מיר אין אונזער אוניווערזיטעט קיין יידן ניט צוגענומען. די אוניווערזיטעט „צום הייליקן וולאַדימיר" איז פון ערשטן טאָג אָן געווען באַשטימט נאָר פאַר ריינע פּראַוואָסלאַווען. נעמענדיק אין אַכט אייער זעלטענעם אַטעסטאַט, האָבן מיר געפּרובט מאַכן פאַר אייך אַן אויסנאַם, און איך דאַרף אייך זאָגן דעם אמת, אַז מיר האָבן אויף דעם קיין חרטה ניט. אַזעלכע באַגאַבטע און אויף דער צוקונפט פיל פאַרשפּרעכנדע סטודענטן ווי איר, זיינען אַ מזל-ברכה פאַר אַן אוניווערזיטעט. אין פּעטערבורג פאַרשטייט מען דאָס אָבער, ליידער, נישט אָדער מ׳וויל דאָס נישט פאַרשטיין. און אָט האָבן מיר די טעג באַקומען פון דאָרט אַ שטריינגע פאַראָרדענונג אויסצושליסן אייך פון אוניווערזיטעט.

דערהערנדיק דאָס, איז חיימל אַזוי צוטומעלט געוואָרן, אַז ער איז געבליבן זיצן ווי אַ שטומער און האָט דאָס מויל ניט געקאָנט עפענען. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך געשטאַרקט און אַ פרעג געטאָן:

— און דאָס איז שוין פאַרפאַלן? מען קאָן שוין דאָס נישט פאַרריכטן?

— אוממעגלאַך, אוממעגלאַך! — האָט אים געענטפערט דער רעקטאָר — מיר קענען פאַר אייך גאָרנישט טאָן, ווייל די זאַך שטאַמט פון קיסר אַליין.

— זאָל איך אפשר פרובן דערלאַנגען אַ בקשה צום קיסר?

— פּרובט זיך; איך זאָג אייך אָבער פריער, אַז דאָס וועט ניט העלפן.

חיימ׳ל האָט זיך געפּרובט און אָפּגעשיקט קיין פּעטערבורג אַ בקשה אויפ׳ן קיסר׳ס נאָמען. אין דער בקשה האָט ער דערציילט, ווי נאָך זייער אַ העפטיקן קאַמף מיט דער אָפּגעשטאַנענער טראַדיציאָנעלער ערציאונג און מיט זיין פינסטערער, פאַנאַטישער סביבה האָט ער זיך גענומען צו בילדונג, כדי צו ווערן אַ נוצלעכער בירגער פאַר׳ן פאָטערלאַנד און פאַר דעם קיסר און

צו דינען דערמיט אַלס ביישפּיל פאַר די פיל טויזנטער יידי־שע יונגעלייט, וואָס שמאַכטן נאָך אין דער פינסטערניש. ווען מ'זאָל אים יעצט מרחיק זיין פון אוניווערזיטעט, וועט דאָס זיין אַ טויט־קלאַפּ ניט בלויז פאַר אים אַליין, נאָר אויך פאַר דעם גאַנצן יונגן יידישן דור, וואָס שטרעבט צו ליכט. פאַרענדיקט האָט חיימ'ל זיין בקשה מיט אַ הייסער ווענדונג צו די „צאַרטע געפילן פון זיין קייזערליכן מאַיעסטעט, וועלכער איז באַקאַנט אין דער וועלט פאַר אַ „מלך חסד", אַז ער זאָל פון אים ניט אָפּטאָן זיין גנאָד און לאָזן אים פאָרטזעצן זיין אָנגעהויבענע הויכע בילדונג.

איצט האָט זיך ביי חיימ'לען דערוועקט די פראַגע, צי ער זאָל מודיע זיין דאָס געשעענע מעריין מיט אירע עלטערן, אָדער ער זאָל עס פון זיי פאַרשווייגן ביז ער וועט באַקומען אַן ענט־גילטיקע תשובה פון פעטערבורג. גוט אַרומקלערנדיק דעם ענין האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן זיך דערוויייל ניט וויסנדיק און תיכף אין אַ בריוו צו די עלטערן פאַרלאַנגען מעריי'ס האַנט, און ווירקן אויף מעריי'ן באַזונדער, אַז אויב אירע עלטערן וועלן מסכים זיין צו דער זאַך, איז, כדי ער זאָל קאָנען רואיק פאָרטזעצן זיין שטו־דיום און ניט געשטערט ווערן פון זיינע למודים דורך שטענדיקע באַזאָרגעניש און בענקעניש, זאָל זייער חתונה פאָרקומען וואָס אַמ־שנעלסטן. אויספירנדיק דעם דאָזיקן באַשלוס, האָט ער זיך באַ־רואיקט און געהאָפט אויף גוטס.

זיין בריוו האָט געמאַכט אַ רושם. אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער באַקומען אַ תשובה פון מעריי'ן, אַז די עלטערן זיינען צו אַלץ מסכים, און אַז זיי קומען אלע אין גיכן קיין קיעוו. אין אַ פאָר וואָכן ארום איז אין אַ אינטימען קרייז פון באַקאַנטע פאָר־געקומען אין קיעוו די חתונה פון חיימ'לען מיט מעריי'ן. די על־טערן האָבן נאָך פאַרבראַכט א טאָג צוויי צוזאַמען מיט'ן יונגן פאָר־פאָלק, און אָפּגעפאָרן נאָכדעם צוריק צו זיך אַהיים.

נאָך איידער ס'איז אַוועק די ערשטע „האָניג־וואָך" האָט חיימ'ל באַקומען אַן איינלאַדונג צו קומען צום רעקטאָר. חיימ'ל האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז עס איז שוין פאַר אים דאָ אַ תשובה פון פעטערבורג, און ס'האָט אים אַ צופּ געטאָן ביים האַרצן. קיין

זאַך נישט זאָגנדיק דער פרוי, איז חיים׳ל אַוועק אין אוניווערזיטעט.

דער רעקטאָר איז אים פריינדלעך געגאַנגען אַנטקעגן און געזאָגט, מאַכנדיק דערביי אַ פריילעכע מינע:

— איר האָט אַ גרויסע זכיה: דער קיסר האָט אייך באַוויליגט צו ענטפערן.

חיימ׳לען האָט אַ בליץ געטאָן אַ פונק האָפנונג, און ער האָט געפרעגט:

— פאַרבלייב איך אין אוניווערזיטעט?

— יאָ איר קענט פאַרבלייבן; אָבער —

— אָבער וואָס? — האָט חיימ׳ל אַ פרעג געטאָן אונגעדולדיק.

— איר קענט פאַרבלייבן אין אוניווערזיטעט — האָט אים דער רעקטאָר געענטפערט, באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט באַזונדער — בתנאי, אַז איר וועט אָננעמען אונזער פּראַוואָסלאַווענעם גלויבן.

חיימ׳לען איז געוואָרן פינסטער אין די אויגן און ער האָט זיך שיער ניט אַראָפּגעגליטשט פון שטול, אויף וועלכן ער איז געזעסן.

— וואָס נעמט איר זיך דאָס אַזוי צום האַרצן? — האָט אים דער רעקטאָר גענומען טרייסטן — דערמאָנט זיך נ׳ור, וואָס אייך שטייט־פאָר און וועלכע האָריזאָנטן עס עפענען זיך פאַר אייך, מיט אייערע פייאיקייטן וועט איר זיך דאָך דערשלאָגן צו דער גרעסטער שטעלע אין דער מלוכה.

חיימ׳ל האָט אויף דעם גאָרנישט געענטפערט. ער האָט זיך קוים אויפגעהויבן פון אָרט, האָט געזאָגט דעם רעקטאָר „אַ גוטן טאָג" און איז אַרויס. שטייענדיק שוין אויף דער שוועל, האָט ער געהערט, ווי דער רעקטאָר זאָגט צו אים.

— לייגט אייך איבער; איך גיב אייך אַ וואָך צייט אויף ישוב־הדעת.

חיימ׳ל איז ניט אַוועק גלייך אַהיים, ער איז אַריין אין נאָענטן פּאַרק, האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק, און זיך טיף פאַרטראַכט.

און געטראַכט האָט ער ניט וועגן דעם עצם פאַקט פון דעם קיסר׳ס תשובה, וועלכער האָט אים פון אָנפאַנג אַזוי צוטומלט. וועגן דעם האָט ער אין יענעם מאָמענט שוין געהאַט אָנגענומען אַ פעסטן באַשלוס נישט צו שמד׳ן זיך אויף קיין פאַל. זיינע גע-

דאַנקען האָבן זיך איצט קאָנצענטרירט נאָר אין דער איינציקער פראַגע: וואָס זאָל ער זאָגן מערי׳ן, און צו זאָל ער איר עפּעס דער-ציילן בכלל? ער האָט זיך געשראָקן, אַז וויבאַלד זיין בילדונגס-קאַריערע ווערט צעשטערט, קאָן דאָס אַריינטראָגן אַ שפּאַלטונג אין זיין גאָר-וואָס אויפגעבויטן פּאַמאַליען-לעבן. אמת, מערי האָט אים ליב, און וועט איר ליבע ניט אָפּהייגגיק מאַכן פון דעם, צי ער גייט אין אוניווערזיטעט, צי ניט; אָבער דער געדאַנק אַליין, אַז טאָמער דערוועקט דאָס אין איר די קלענסטע אונצו-פרידנהייט, האָט אים דענערווירט.

אַ היבשע צייט איז ער אַזוי אָפּגעזעסן. ס׳איז שוין געוואָרן מיטאָגס-צייט. ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק מיט דעם באַשלוס מערי׳ן געת-עתּה גאָר נישט דערציילן, און צו סטאַרען זיך אויסוויזן פאַר איר אויפגעלייגט און מונטער געשטימט.

אָבער שוין צו מיטאָג האָט ער זיך ניט געקענט גובר זיין און איז געזעסן אַ צושטרייטער. אין מיטן האָט ער זיך אַ כאַפּ-געטאָן, האָט זיך גענומען וויצלען און זאָגן אַנעקדאָטן; אָבער גראָד האָט אים מערי געדאַרפט פרעגן, ווען ער הויבט-אָן צו גיין אין אוניווערזיטעט, און כאָטש ער האָט איר באַלד געענטפערט, אַז „היינטיגס יאָר וועט מען צוליב כּמה טעמים אָנגעהויבן צו לער-נען אַ ביסל שפּעטער ווי געוויינלעך", און כאָטש ער האָט תּיכּף אַריבערגעצויגן איר אויפמערקזאַמקייט צו אַנדערע ענינים, האָט איר פראַגע אים אָראָפּגעשלאָגן פון מוט, און ער איז געבליבן זיצן אַ צוטראָגענער. מערי האָט דאָס אָבער נישט באַמערקט.

## VI

פון טאָג צו טאָג איז היימ׳לען אַלץ שווערער געוואָרן זיך צו באַהערשן און איינצוהאַלטן זיין רואיקע שטימונג. עס האָט אים מיט אַמאָל אָנגעהויבן צו ציהען צו דער אוניווערזיטעט, און דאָס האָט אים געמאַכט זייער נערוועז. ער האָט אָנגעהויבן ניט צו שלאָפן קיין נעכט, און בייטאָג איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אַ פאַר-חלומ׳טער. ענדלעך איז מערי אויף דעם אויפמערקזאַם געוואָרן,

און איז צו אים צוגעשטאַנען ניט אַנדערש, אַז ער מוז איר זאָגן, וואָס מיט אים איז.

חיימ׳ל האָט זיך געמאַכט האַרץ, און האָט איר אויסגעזאָגט דעם גאַנצן אמת. ווי ערשטוינט איז ער אָבער געוואָרן, זעענדיק, אַז זי ווערט קנאַפּ־וואָס נתפעל און באַציט זיך צו דער זאַך גאַנץ גלייכגילטיק.

— וואָס מאַכסטו דערפון אַזאַ וועזען? און וואָס עסט דו זיך אַזוי אָפּ דאָס האַרץ? — האָט זי אים געפרעגט.

— און דיך ארט גאָרניט, אַז נאָך אַזוי פיל מי און מאַ־טערניש זאָל איך בלייבן שטיין אין מיטן וועג און אָפּזאָגן זיך פון בילדונג?

— וואָס הייסט עפעס אָפּזאָגן זיך פון בילדונג? אַז מ׳איז ניט אין אוניווערזיטעט, זאָגט מען זיך ניט אָפּ פון בילדונג.

— אין אוניווערזיטעט לאָזט מען דאָך מיר ניט פאַרבלייבן,

— מ׳גיט דאָך דיר אַ וועג י אָ צו פאַרבלייבן.

חיימ׳ל האָט אפילו געוואוסט. אַז מערי איז ערצויגן געוואָר ניי אירע עלטערן נישט אין דעם שטריינג יידיש־נאַציאָנאַלן גייסט, יאָך האָט ער זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז זי זאָל זיך פאַרהאַלטן אַזוי קאַלטבלוטיק צום שמד, און ווי עס וואָלט אים אַ ביס געטאָן אַ שלאַנג איז ער אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט, אויסשרייענדיק ווי נישט מיט זיין קול:

— און ביי דיר ווערט רעכט, אַז צוליב דער קאַריערע זאָל איך ווערן אונטריי אונזער יידישן פאָלק?

— דאָס הייסט ניט ווערן אונטריי — האָט זי אים געענט־פערט אין דעמזעלבן קאַלטן טאָן — דאָס איז נור דורכגעפירט אַ קליינע צערעמאָניע, און ווייטער איז גאָר קיינער דערפון ניט מחויב צו וויסן.

— מיין געוויסן וועט אָבער דערפון וויסן, און וועט מיך בסדר פּלאָגן. מיר פייניגט שוין דאָס געוויסן זינט מיינע עלטערן האָבן זיך פון מיר אָפּגעזאָגט צוליב מיין נעמען זיך צו בילדונג. איצט וועלן זיי זייער צער געוויס ניט אַריבערטראָגן, און דיינע

עלטערן, מיינסטו, אפילו די שוין האַלב־אַסימילירטע וועלן דאָס רואיק אַראָפּשלינגען?

— קינדער זיינען ניט מחויב זיך מקריב צו זיין פאַר דעם ווילן פון זייערע עלטערן. איבריגנס, דאָס, וואָס עס איז נוגע מ יי נ ע עלטערן נעם איך אויף זיך.

אַזעלכע ויכוחים זיינען פאָרגעקומען צווישן חיים׳לען מיט מערין נאָך אַ מאָל צוויי, דריי. פון מאָל צו מאָל האָט ער דער פילט, אַז וואָס ווייטער, ווערט זיין רצון אַלץ מער שוואַכער, און אַלץ מער מטושטשער. ביסלעכווייז האָט ער גענומען זוכן און געפינען תּירוצים פאַר זיך אַליין: אמת טאַקע, איך טו אָפּ אַ גרויס פאַרברעך; כ׳וועל מיר אָבער סטאַרען אויסצוקויפן דאָס פאַרברעכן דורך גרויסע מעשים לטובת דעם יידישן פאָלק. דער רעקטאָר האָט אויף מיר נביאות געזאָגט, אַז איך וועל מיך דערשלאָגן צו אַ גרויסער שטעלע אין דער מלוכה. צו דעם וועל איך טאַקע שטרעבן, און בין איך איינמאָל אויף אַזאַ שטעל וועל איך מיך אינגאַנצן אָוועקשטעלן אין דינסט פון מיינע עלנדע ברידער.

אַזוי האָט חיים׳ל געזוכט מושווה צו ווערן מיט זיין געוויסן, ביז ער האָט זיך ענדלעך באַרואיקט, און ווען ס׳האָט זיך געענדיקט די וואָך, איז ער אוועק צום רעקטאָר און האָט אים מודיע געווען, אַז ער איז מסכּים...

און אין עטלעכע טעג אַרום איז אין דער קירך פון דער אוניווערזיטעט צום הייליקן וולאַדימיר דורכגעפירט געוואָרן דער טויף־אַקט פון חיים׳לען מיט זיין פרוי דורך דעם קיעווער מיטראָפּאָליט פילאַרעט.

אָט אַזוי איז פאָרגעקומען דער שמד פון דעם אין דער ערשטער העלפט פונם פאָריקן יאָרהונדערט אין דרום־רוסלאַנד זייער פּאָפּולער געוועזענעם משומד — י אָ אַ ק י ם צ י מ ע ר מ אַ ן.

## VII

מיט גרויס התמדה האָט זיך צימערמאַן איבערגעגעבן צו זיינע למודים. שטודירנדיק יורי, האָט ער אין דעם אַרויסגעוויזן

אַ שכאַרקן טאַלאַנט, און פון קורס צו קורס האָט מען אַלץ געזען
מער און מער, אַז דאָס וואַקסט אַ גאון אויף זיין געביט. אינם
משך פון קרוב פינף יאָר האָט צימערמאַן נעענדיקט די קיעווער
אוניווערזיטעט, און דאַן האָט ער באַלד באַקומען די שטעלע פון
אַ פּראָפעסאָר אין דעם ניעזשינער ליציי אויפן נאָמען פון דעם
פירשט בעזבאָראָדקאָ. אינם דאָזיקן ליציי האָט צימערמאַן פאַר=
טראָטן די קאַפעדרע פאר דער ענציקלאָפּעדיע פון דער רעכטס=
וויסנשאַפט, און זיינע לעקציעס האָבן זיך אַזוי קונה שם געווען,
אַז די קליינע פּראָווינציאָנעלע שטאָט ניעזשין איז צוליב איר
יורידישן פאַקולטעט געוואָרן אַ שטאַרקע צוציאונגס-קראַפט אפילו
פאַר פיל סטודענטן פון די גרעסערע אוניווערזיטעטס=שטעט.

פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר איז צומערמאַן מיט זיין גאַנצ[ן]
יועזן אַריינגעצויגן געוואָרן פריער אין דעם אוניווערזיטעט=לעב[ן]
און נאַכהער אין זיין פּראָפעסאָרישער טעטיגקייט, אין וועלכען
ער האָט אויפגעטאָן חידושים אויף חידושים. נאָך זיצנדיק אַלס
סטודענט אין קיעוו, האָט ער ביסלעכווייז איבערגעריסן זיינע באַ=
ציאונגען מיט די עטלעכע באַקאַנטע יידישע פאַמיליעס, וועלכען
ער האָט דאָרט געהאַט, און האָט פארקערט אויסשליסלעך אין
קריסטלעכע קרייזן און באַזונדערס פון געלערטע. אָנקומענדיק אַלס
פּראָפעסאָר אין ניעזשין, איז דאָרט זיין הויז געוואָרן אַ צענטר
פאַר דער אָרטיקער רוסישער אַריסטאָקראַטיע און הויכגעשטעלטע
פערזענלעכקייטן. פון קיעוו פלעגט נאָך מערי אָפּהיטן אַראָפּפאָרן
אַלע יאָר אויף זומער צו די עלטערן: ער, צימערמאַן, פלעגט
בלייבן זיצן אין דער היים מיט דעם אויסרייד, אז ער קאָן זיך
ניט אָפּרייסן פון זיינע למודים; אין אמת'ן אָבער האָט ער ניט
געוואָלט באַזוכן יענעם אָרט, וואָס וואָלט אים אויף שריט און
טריט דערמאָנט אין זיין יידישן עבר. באַזעצנדיק זיך אין ניעזשין
האָט שוין מערי אויך אויפגעהערט צו פאָרן צו די עלטערן, און
האָט זיך פון אַלע זייערע איינלאַדונגען אַרויסגעדרייט דורך די
פאַרשידנסטע תירוצים. ווען=ניט=ווען פלעגט זי די עלטערן אַהינ=
וואַרפן אַ בריוול. ביסלעכווייז האָט זי שוין דאָס אויך אויפגעהערט,
אַזוי=אַרום זיינען זיי מיט דער צייט געוואָרן פרעמד און לגמרי=

ווייט פון יידן און יידישקייט. דערפֿאַר האָט זיך אָבער מערי אַלץ מער געסטאַרעט אַרויסצווייזן זיך פֿאַר אַ טרייע, איבערגעגעבענע קריסטן. זי האָט ניט פֿארפֿעלט קיין זונטאָג צו גיין אין קירך, האָט שטרייַנג אָפּגעהיט אַלע חגאות. ממלא נעווען לויט דעם דין די פֿאַרשיידענע רעליגיעזע צערעמאָניעס, און ביי יעדער געלעגנ־הייט זיך געצלמ׳ט און אין אָט דעם גייסט האָט זי געזוכט משפּיע צו זיין אויך אויף איר מאַן.

ס׳האָט אַמאָל פּאַסירט אַ צופֿאַל, וועלכער האָט צושטערט אויף אַ ווײַלע דאָס שטילע גליקלעכע לעבן פֿון צימערמאַנ׳ס פֿאַ־מיליע. מערי׳ס עלטערן האָבן זיך צום סוף גענומען אָנשטויסן, אַז „מיט די קינדער איז עפּעס ניט אזוי גלאַט”, און נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת איז ביי זיי געבליבן, אַז דער פֿאָטער זאָל אַראָפּ־פֿאָרן קיין ניעזשין זען וואָס זיי מאַכן. ניט קענענדיק זיך אָפּרייסן פֿון דער צוקער פֿאַבריק, האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן די נסיעה אין אַ קריסטלעכן יום טוב, בעת ס׳ווערט אויף דער פֿאַבריק ניט געאַרבעט. גראָד איז אינגיכן אָנגעקומען די קריסטלעכע פּאַסכאַ און מיט דער געלעגנהייט האָט זיך דער מייסטער באַנוצט און איז אָפּגעפֿאָרן קיין ניעזשין.

אין ניעזשין איז דער מייסטער אָנגעקומען דעם ערשטן טאָג פּאַסכאַ גאַנץ פֿרי. דאָרט איז ער פֿאַרפֿאָרן אין אַ גאַסט־הויז, און נאָכדעם ווי ער האָט זיך אויסגערוט פֿון וועג, איז ער דערגאַנגען צימערמאַנ׳ס אַדרעס, און איז אַהין אַוועק. ווען ער האָט אָנגע־קלונגען אין פֿאַראַדנעם איינגאַנג, איז אַרויס די דינסט און האָט געזאָגט, אַז די הערשאַפֿטן זיינען נאָך ניט געקומען פֿון קירך. הערנדיק דאָס, איז דער מייסטער אין אָנהויב מבולבל געוואָרן; ער האָט זיך אָבער באַלד באַרואיקט קלערנדיק, אַז ניט קענענדיק אַזוי גוט די רוסישע שפּראַך האָט ער די דינסט ניט ריכטיק פֿאַרשטאַנען. ער האָט זי ניט געוואָלט איבערפֿרעגן און נאָר גע־זאָגט, אַז ער וויל דאָ בלייבן וואַרטן אויף די הערשאַפֿטן. די דינסט האָט אים אריינגעפֿירט אין אַצווייטן צימער, און איז אַרויס. ווען ער איז געבליבן אַליין, האָט ער גענומען באַטראַכטן די וואוינונג און איז אַזוי אַריין אין נאַנטן חדר, וועלכער איז גראָד געווען

דאָס עס=צימער. דאָרט האָט ער געפונען אַ שיין געגרייטן טיש, אויף וועלכן עס זיינען געשטאַנען אַלערליי „פּיראָגעס" און טאָרטן און אויף יעדן איינציגן איז געווען אויסגעפורמט פון גרויסע צוקער=אותיות דאָס רוסישע וואָרט „פּאַסחא". ער איז צוגעגאַנגען אַ ביסל נענטער און האָט דערזען אויבנאָן אין שיסל אַ קליין געבראָטן חזיר׳ל; אונטער אַ קליין דין טישטוכל מיט אַ געהעריגער אויפשריפט. ערשט האָט ער שוין פאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך, און זיין ערשטער געדאַנק איז געווען צו חאַפּן און אַנטלויפן. לעבנדיק אפילו אַליין אָפּגעזונדערט פון די וואָלינער חסידים און ניט האָבנדיק קיין מגע ומשא מיט דער פאַרגליווערטער יידישער מאַסע, איז ער דאָך געווען אין האַרצן אַ גאַנץ טרייער ייד און האָט תמיד באַטראַכט די יידישע רענעגאַטן אַלס שענדלעכע פאַררעטער, און תופס=זייענדיק איצט וואו עס האַלט מיט די „קינדער" איז אים דורכגעלאָפן אַ שוידער און ער האָט געוואָלט אַוועקגיין און גאָרניט זען זיך מיט זיי. אָבער אין דער מינוט האָט זיך דערהערט אַ קלונג אין טיר. דאָס זיינען געקומען צימערמאַן מיט דער פרוי פון קירך. באַלד אין פאָדער=צימער האָט זיי די דינסט דערציילט, אַז דאָ וואַרט איינער אַן אונבאַקאַנטער הער, שוין אַ באַיאָרנטער מאַן, וואָס שיינט צו זיין אַן „אינאָסטראַנעץ", ווייל ער רעט אַ געבראָכן רוסיש. זיי האָט תיכּף ביידן אַ זאָג געטאָן דאָס האַרץ, אַז דאָס איז געקומען „דער פאָטער", און זיינען געבליבן שטיין ווי צומישטע. באַלד אָבער איז צימערמאַן אַריינגעלאָפן צו זיך אין קאַבינעט און האָט זיך דאָרט פאַרשפאַרט, און זי, מערי, האָט אַריינגעשיקט דער דינסט זאָגן דעם „מאַן", אַז „דער הער נעמט אום יום=טוב קיינעם ניט אָן". אויף דער האָט איר „דער מאַן" געענטפערט:

— גיי און זאָג דער מאַדאַם, אַז ס׳איז געקומען איר פאָטער.

— באַלד האָט ער דערהערט זיין טאָכטערס קול ווי זי שרייט צו דער דינסט: גיי און זאָג „דעם מאַן" אַז ער איז זיך טועה: די מאַדאַם פון דעם הויז האָט נישט קיין פאָטער; איר פאָטער איז שוין לאַנג טויט.

אָבער נאָך איידער די דינסט האָט באַוויזן אַרויסצוגיין פון

צימער און אריינגיין אין צווייטן, האָט דעם פאָטער געחאַפּט אַן אַפּאָפּלעקסיע און ער איז אַנידערגעפאַלן אַ טויטער אויף דער ערד.

מ׳האָט באַלד געבראַכט פּאָליציי, וועלכע האָט צוגענומען דעם „דורך אַן אונפערשטענדלעכן טעות אַהער פאַרבלאָנדזשעטן און פלוצלונג געשטאָרבענעם זומבאַקאַנטן מאַן", און דער ענין איז פאַרשמירט געוואָרן אין דריי ווערטער.

## VIII

ווי געזאָגט, האָט דער דאָזיקער גאַנץ אומגעריכטער צופאַל צעשטערט מער ניט ווי אויף אַ ווײַלע דאָס שטילע גליקלעכע לעבן פון צימערמאַנ׳ען מיט זיין פרוי. אין אַ פּאָר שעה אַרום זיינען זיי שוין ביידע געזעסן אין דעמזעלבן צימער אין דער געזעלשאַפט פון עטלעכע געסט און האָבן ביים יום־טוב׳דיק־געגרייטן טיש אָפּ־געריכט בגילופנ׳דיק פּאַסחאַ.

און אויף מאָרגן איז צימערמאַן דערפרייט געוואָרן פון פּע־טערבורג מיט דער ידיעה, אַז דער בילדונגס־מיניסטער גראַף אוי־וואַראָוו האָט, נעמענדיק זיך אין אכט זיינע גרויסע פערדינסטן פאַר דער רוסישער רעכטס־וויסנשאַפט, אים פאָרגעשטעלט אין אַ ראַפּאָרט צום קיסר אַלס ערשטער קאַנדידאַט, וואָס דאַרף אויף דעם חשבון פון דער רעגירונג געשיקט ווערן אין אויסלאַנד, אום דאָרט נאָך מער קונה שלמות צו זיין און נאָכדעם צו פאַרנעמען די קאַטעדרע פון יוריספּרודענץ אין דער קיעווער אוניווערזיטעט.

די פּערספּעקטיוו פון דער קיעווער פּראָפעסאָר האָט ערפילט די מאָס פון צימערמאַנ׳ס גליק.

פון טאָג צו טאָג האָט צימערמאַן ערוואַרט די קייזערליכע בעשטעטיגונג פונם מיניסטער׳ס ראַפּאָרט. ס׳זיינען אָבער אַוועק אַ חודש און צוויי, און פון פּעטערבורג איז „אין קול ואין עונה". אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט ער זיך דערוואוסט, אַז דער קיסר האָט זיין קאַנדידאַטור ניט בעשטעטיקט. צימערמאַנ׳ען האָט דאָס זייער פאַרוואונדערט, ווייל ווער ווי ער האָט נאָך אַרויסגע־

וויזן אַזוי פיל פּעאיקייטן אויפן יורידישן געביט און ווער ווי ער האָט אַפילו צו דעם קליינעם ניעזשינער ליציי צוגעצויגן אַזוי פיל תּלמידים, און ער האָט גענומען חוקר ודורש זיין די זאַך ביי זיינע פריינד אין בילדונגס=מיניסטעריום. ער האָט אַזוי לאַנג געפאָרשט ביז ער איז דערגאַנגן, אַז ניקאָלאַי האָט אָנגעפרעגט וועגן זיין קאנדידאַטור די מיינונג פונם קיעווער פּראָפעסאָרן=ראַט, און אַז דער פּראָפעסאָרן-ראַט האָט איינגעפונען, דאָס ווי באַלד צימערמאַן שטאַמט פון יידן און איז פאַרהייראַט פאַר אַ פרוי, וואָס קומט אַרויס פון יידן, איז, כאָטש זיי האָבן ביידע אָנגענומען דעם פּרעוואָסלאַוועו גלויבן, דאָך ניט דערלאָזבאַר אָפּצוגעבן אַזעלכן אַ קאַטעדרע אין דער אוניווערזיטעט „צום הייליקן וולאַדימיר“. די דאָזיקע ידיעה האָט צימערמאַנ׳ען ערשיטערט. ער וואָלט זיך גאָר קיינמאָל נישט געריכט, אַז די קיעווער אוניווערזיטעט, וועלכע האָט מיט אים תּמיד שטאָלצירט, און וואו די פּראָפעסאָרן האָבן אים געטראָגן ממש אויף די הענט, זאָל וועגן אים אַרויסטראָגן אַזאַ מיינונג, און נאָך ווייניקער פון דעם האָט ער ערוואַרט, מ׳זאָל אים פון וועלכער ס׳איז זייט דערמאָנען זיין יידישע אָפּשטאַמונג. ער האָט זיך ניט געקאָנט באַרואיקן און איז אַוועקגעלאָפן קיין קיעוו. דאָרט האָט מען אים איבערגעגעבן פון אַ ריכטיקער קוועלע, אַז אונטערגעשטעלט דאָס פּיסל האָט אים נישט קיין אַנדערער, ווי נאָר דער רעקטאָר פון אוניווערזיטעט, וועלכער איז זיין טויפפאָטער געוועזן און וואָס האָט אים ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק אויפגעהויבן ביז צום הימל און האָט אויך אים געזאָגט, אַז ער איז אַ צירונג פאַר רוסלאַנד. אַן אויפגערעגטער איז ציםערמאַן אַריין צום רעקטאָר און האָט אים שאַרף אויסגערעט פאַרוואָס ער האָט קאַליע געמאַכט אין פּעטערבורג זיין קאַנדידאַטור אויף אויסלאַנד. דער רעקטאָר האָט זיך אפילו ניט געפּרובט פאַרענטפערן פאַר אים און האָט אים גלייך אויפן אָרט אַנטפּלעקט דעם גאַנצן אמת, זאָגנדיק:

— איך האָב דאָס געטאָן, ווייל עס זיינען דאָ בילכערע קאַנדידאַטן פאַר אייך.

בּלכערע פאַר מ י ר? — האָט ציםערמאַן אויסגערופן גאַנץ ערשטוינט — ווער זיינען זיי אַזעלכע?

— דאָס זיינען אונזערע אייגענע, פּראַוואָסלאַווען.

— און וואָס בין איך דען?

— איר? — האָט אים דער רעקטאָר געענטפערט גאַנץ גע-לאַסן — איר זייט דאָך סוף כּל סוף אַ ייִד...

הערנדיק אַזוינע ווערטער, איז צימערמאַן געוואָרן אַן אויפ-געקאָכטער און האָט זיך פונאנדערגעשריען.

— אָט אַזוי ערלויבט זיך דאָס צו ריידן מיין געוועזענער סויף-פּאַטער? דאָס איז דאָך אַן אונערהערטע נבלה!

— ז ש י ד! — האָט אויסגעשאָסן דער רעקטאָר און אין האַסטיק אריין אין צווייטן צימער.

אַן אויפגעזאָדענער איז צימערמאַן געוואָרן דערהערנדיק די דאָזיקע ווערטער. די אויגן זיינען אים פאַרלאָפן געוואָרן מיט בלוט, און מיט געבאַלטע פויסטן האָט ער זיך געוואָלט יאָגן נאָכן רעק-טאָר; ער האָט זיך אָבער דערפילט שוואַך און אָנמעכטיק, און איז די ערשטע מינוט געבליבן שטיין ווי געלעמט אויף זיין אָרט. אין אַ ווייל איז ער, ווי געשטויסן פון בייזע ווינטן, אַרויס-געלאָפן אויפן גאַס. אנטלויפן האָט זיך אים געוואָלט אין יענער מינוט, אַנטלויפן פון דער גאַנצער וועלט און פון זיך אַליין. וואָלט זיך פאַר אים בשעת מעשה די ערד געעפנט, וואָלט ער אַהין תּיכּף, גאָר ניט קלערנדיק, אַריינגעשפּרונגען, נאָר אַבי דאָ ניט צו זיין. אַ שעה צוויי בערך איז ער אַזוי ארומגעלאָפן איבער די קיעווער גאַסן, די גאַנצע צייט האָט ניט אויפגעהערט צו זשומען אין זיינע אויערן: „זש— זש — זש —יד!" פאַרשיידענע געדאַנקען, איינער ביטערער פאַר דעם אַנדערן, האָבן אים געפּייניקט. און אַלערליי זכרונות, יעדע עראינערונג מיט אירע באַזונדערע היימי-שע בילדער און געשטאַלטן, האָבן אים געעגבערט דעם מוח...

נאָך דעמזעלבן טאָג איז צימערמאַן אָפּגעפאָרן אהיים קיין ביעזשין. דאָרט האָט ער באַלד פאַר מעריין אויסגעגאָסן זיין שווער, ביטער האַרץ, האָט איר דערציילט, ווי גראָב דער רעקטאָר האָט אים בעליידיקט, און אַרויסגעזאָגט זיך דערביי, אַז אים טריבט אָן צו פאַרדריסן אויף די גרויסע קרבנות, וואָס זיי האָבן געבראַכט דעם קריסטלעכן גלויבן. מערי האָט אים גאַנץ רואיק אויסגעהערט

און איז פון דעם גאַנצן טרויעריגן עפּיזאָד קנאַפּ־וואָס נתפּעל געוואָרן. זי האָט אים געטרייסט און געזאָגט, אַז ער דאַרף ביי זיך ניט אַראָפּפאַלן; גראָבע מענטשן זיינען פאַראַן ביי איטליכן פאָלק. דערביי האָט זי אים געמאַכט שטאַרקע פאָרוואורפן פאַר זיינע ניט־קאָרקטע אויסדריקן קעגן דער קריסטליכער אמונה, אַרומריידנדיק שפּעטער אויספירליכער דעם קיעווער אינצידענט, איז ביי זיי געבליבן, אַז צימערמאַן טאָר די זאַך ניט פאַרשוויגן און דאַרף אָנקלאָגן דעם רעקטאָר פאַרן בילדונגס-מיניסטער אין פּעטערבורג. צימערמאַן האָט באַלד אַזוי געטאָן. דאָס האָט אָבער זיין מערכה ניט פאַרבעסערט, נאָר, פאַרקערט, פיל פאַרערגערט, דען ס׳האָט נאָך דעם לאַנג ניט געדויערט, און דער קוראַטאָר פונם קיעווער לער־ראַיאָן האָט באַקומען אַ באַפעל פון פּעטערבורג אָפּצוזאָגן צימערמאַנען פון זיין שטעלע אַלס פּראָפעסאָר אין דעם ניעזשינער יורידישן ליצײ. ווייל לויט זיין אָפּשטאַמונג איז ער ניט פּאַסיג פאַר דעם הויכן אַמט צו זיין אַ מאָראַלישער מדריך פון יוגנעלייט, וועלכע געהערן צום הייליקן פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן".

דער דאָזיקער גזר־דין, וועלכער איז אַראָפּגעקומען אַזוי אומגעריכט, האָט צימערמאַנען אינגאַנצן צובראָכן. ער האָט זיך דערפילט ווי אַראָפּגעשליידערט פון דער העכסטער הויך אין טיפ־סטן אָפּגרונט. אין איין אויגנבליק איז געוואָרן צו אַש זיין פּראָפעסאָרישע קאַריערע, וועלכע האָט געזאָלט עפענען פאַר אים די ברייטסטע האָריזאָנטן אין דער צוקונפט. און פאַרוואָס מער ניט ווי פאַר דעם, וואָס ער האָט געהאַט דאָס אומגליק צו גע־בוירן ווערן אַ ייד! ער, וואָס האָט אַזוי פיל באַרייכערט די רוסישע יורידישע וויסנשאַפט, ער, וואָס האָט ערצויגן פאַר רוסלאַנד אַזוי פיל גלענצענדע ריכטער, אויספאָרשער, פּראָקוראָרן און סענאַ־טאָרן,—ער זאָל נאָך אַזעלכע גרויסע פאַרדינסטן אַרויסגעשטויסן ווערן פון דער רוסישער הויכשול? אַזוינע געדאַנקען האָבן פון יענעם מאָמענט אָן אָנגעהויבן צו נאָגן זיין האַרץ, און וואָס מער־האָט זיך ניט צומאַטערט צו ערמונטערן אים האָט דאָס אַלץ ניט געהאָלפן. פון ענטטוישונג איז ער אַריינגעפאַלן אין אַ מרה שחורה. און איז געוואָרן מעלאַנכאָליש, גאַנץ אָפט פלעגט ער זין

היסטעריש פונאַנדערוויינען אויפן קול ווי אַ קליין קינד, און פלעגט זיך פון קיינעם ניט לאָזן טרייסטן. מ׳האָט געזען בעשיינפערלעך, אַז נישט די פעטערבורגער גזרה דריקט אים אַזוי, נאָר עפּעס אַנ־דערש, וואָס ער וואגט זיך ניט אַרויסצוברייגגן אויף זיינע ליפּן. מערי האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אז אין אים קומט פאָר אַ שטאַר־קער אינערליכער קאַמף, און אַז ער ווערט צעפּרעסן פון אַ שרעק־לעכן געוויסנסביסן, און זי האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען צו דער־שטיקן אין אים יעדע אויסערונג פון פאַרדרוס און חרטה. איר האָט זיך דאָס אָבער ניט איינגעגעבן. איינמאָל האָט זי זיך אויפגעכאַפּט אינ־מיטן נאַכט פון שלאָף, און האָט דערזען ווי צימערמאַן זיצט אויף דער ערד און זאָגט תהילים; אַ צווייטן מאָל האָט ער זיך מיט אַ מתיקות־דבקות׳דיקן ניגון גענומען שאָקלען ווי איבער דער גמרא אַמאָל אויף דער שאַלקע; אַ דריט מאָל איז ער אַריינגעקומען אין אַ פיי־ערדיקן חסיד׳ישן עקסטאַז, האָט אָנגעהויבן אַרומצולויפן איבערן שטוב, אונטערברומענדיק בעת מעשה עפּעס אומפאַרשטענדליכעס. בכלל האָט ער זיך מרחיק געווען פון מענטשן, האָט קיינעם ניט אויפגענומען און קיינעם ניט באַזוכט. אין שטאָט, וואו מען האָט נאָך ניט געוואוסט גענוי פון דעם, וואָס ס׳איז געשען, ווייל דאָס איז געווען זומער־צייט, ווען אין ליציי זיינען קיין למודים נישט פאָרגעקומען, איז די דאָזיקע פלוצלונגע פאַרענדערונג אין צימער־מאַנ׳ס אויפפירונג זייער אויפפאַלנד געוואָרן. קיינער האָט ניט גע־קענט פאַרשטיין, ווי קומט עס, וואָס דאָס דאָזיקע שטענדיק פריי־לעכע און באַלעבעטע הויז איז מיט אַמאָל אַזוי איינזאַם געוואָרן און שטיל ווי אויף אַ בית־הקברות? פאַר אַלעמען איז צימערמאַן געוואָרן אַ רעטעניש, צו וועלכן קיינער האָט נים געקאָנט געפינען דעם שליסל.

מערי, וועלכע האָט אַ לאַנגע צייט געקעמפט גאַנץ ענערגיש קעגן צימערמאַנ׳ס טרויעריקער שטימונג, און האָט מיט איר קאַמף גאָרנישט דערגרייכט, איז ביסלעכווייז אַליין אויך אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון דער דאָזיקער שטימונג, און איז זייער שווערמוטיק געוואָרן. אין איר האָט אויך עפּעס אָנגעהויבן צו עג־בערן און צו נאָגן. איר שווערמוט האָט אָבער געפונען זיין אויס־

דריק אין עפּעס וואָס אַנדערש: זי איז געוואָרן עקסט רעליגיעז, האָט כסדר פאַרבראַכט אין קירך, האָט זיך נאָכאַנאַנד געצלמ׳ט; אין דער פרי פלעגט זי זיך אַראָפּכאַפּן פון בעט אַ צודולטע אונטער דעם איינדרוק פון פאַרשידענע שווערע חלומות און האַלוציניאַציעס, און באַלד אַרויסלויפן פון שטוב און פאַרפאַלן ווערן אויף גאַנצע זייגערנע שעה׳ן. אין אַ געוויסן טאָג איז זי אַוועק אויפן יידישן בית-עלמין, האָט זיך נאָכגעפרעגט ביים קברות-מאַן וואו עס געפינט זיך דער קבר פון דעם אומבאַקאַנטן יידן, וועלכער איז אַמאָל געשטאָרבן פלוצלונג אין דער וואוינונג פונם פּראָפּעסאָר צימערמאַן, און פאַרבלייבנדיק ביים קבר אַליין האָט זי זיך דאָרט אויפגעהאַנגען.

מעריס טויט האָט נישט אַרויסגערופן ביי צימערמאַנען קיין באַזונדערן צער. ס׳האָט גאָר אויסגעוויזן פאַרקערט, אַז פון דאַמאָלט אָן האָט ער זיך אָנגעהויבן באַרואיקן. די סבה דערפון זאָל זיין דאָס, וואָס טיף אין האַרצן האָט ער אַנערקענט, אַז ווען נישט מערי, וואָלט ער נישט באַגאַנגען דעם פאַרברעכערישן פאַרראַט קעגן דעם יידישן פאָלק. איר בלינדע איבערגעבנקייט צום פרעמדן גלויבן האָט אים תמיד געערגערט, ווייל בעצם איז ער אַליין געוועזן אַ פריידענקער, אין די לעצטע צייט זינט ס׳האָבן אין אים אָנגעהויבן אויפצוטליען די ערשטע פונקען פון חרטה, איז ער אַלץ געוועזן אין איין פּחד, אַז זי, מערי, זאָל עפּעס ניט אָפּטאָן, אום אויסצולעשן די דאָזיקע פונקען מיט גוואַלד. איצט נאָך מעריס טויט, האָט ער זיך דערפילט באַפרייט פון דער דאָזיקער סכנה, און דאָס האָט אים באַרואיקט. געפינענדיק זיך ווידער אונטער דער איינציקער השפעה פון דעם אייגענעם גייסט און דעם אייגענעם רצון, האָט ער זיך ערשט אַרומגעזען, ווי ווייט ער האָט פאַרגרייזט אומטריי צו ווערן זיין פאָלק צוליב מאַטעריעלן נוצן, און האָט פעסט באַשלאָסן צו שטרעבן ווי ווייט מעגלעך דעם פעלער צו פאַרבעסערן און זיין זינד אויסצוקויפן.

באַקלערנדיק זיין לאַגע האָט ער פאַר זיך געפונען אַ טרייסט אין דעם, וואָס מערי האָט אים נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין קריסטלעכן דור, און ער טראָגט די אחריות פון זיין נאַציאָנאַלן

פאַרראַט נאָר פאַר זיך אַליין ... דאָס האָט אים צוגעגעבן דעם מוט, אַז פאַרבלייבנדיק איינער אַליין וועט ער שוין ווי-עס-איז אויסגעפינען דעם וועג ווי שלום צו ווערן מיט דעם יידישן פאָלק.

אין יענער צייט האָט זיך די ספּעציעלע יורידישע זשורנאַליסטיק אין רוסלאַנד שטאַרק באַשעפטיקט מיט דעם פּראָבלעם פונ'ם ירושה-געזעץ. כמעט אַלע גרעסטע רוסישע יוריסטן האָבן אַרויסגעזאָגט זייערע מיינונגען וועגן דער דאָזיקער פראַגע. ציםערמאַן, נאָכדעם ווי ער איז שוין אַ ביסל געקומען צו זיך, איז אויך נישט געבליבן שטיין פון ווייטן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן וועגן דעם ענין אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג, אין וועלכער ער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך גאונות'דיקע טיפזיניקייט, וואָס האָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם און אַרויסגערופן גרויס באַוואונדערונג אויך איבער דער רוסישער גרעניץ. כדי אויסצונוצן פאַר זיך די דאָזיקע שטימונג, איז צימערמאַן געקומען צופאָרן קיין פּעטערבורג. אין די פּעטערבורגער יורידישע קרייזן האָט מען גנמאַכט צימערמאַנען זייער אַ שיינעם קבלת-פּנים, און מ'האָט אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד. אָבער דורך געשפּרעכן מיט גוטע פריינד האָט ער זיך דאָרט דערוואוסט, אַז שוין פון אַ היבשער צייט האָט זיך קעגן אים דערוועקט אין „הויף" אַ גרויסער קטרוג, וועלכער שטאַמט נאָר פון דער קליינער קליקע קיעווער פּראָפעסאָרן מיט דעם רעקטאָר אָן דער שפּיץ, וואָס זיינען אים בלויז פון קנאה געוואָרן דם-שונאים און האָבן אויסגענוצט זייער גאַנצן איינפלוס אויף די מקורבים למלכות צו דערווייטערן אים פון דער יורידישער קאַטעדרע אין וועלכן אַנשטאַלט עס זאָל נישט זיין. דיזעלבע גוטע פריינד האָבן צימערמאַנען מיט דעם צוגלייך אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ס'וועט אים זיין גאַנץ לייכט אויסצופועל'ן ביי דער רעגירונג כאַר זיך אַ שטעלע אויף אַן אַנדער געביט, וועלכן ער וועט זיך אויסקלייבן.

ניט איבערלייגנדיק זיך וועגן דעם, וואָס ער האָט דאָ צוזאָגן, האָט זיך צימערמאַן צום סוף אָפּגעשטעלט אויפן באַשלוס, משתדל צו זיין זיך וואו מען דאַרף וועגן אַזאַ שטעלע, וואָס זאָל אים ברענגען אין נאָענטע באַציאונגען מיט יידן און זאָל אים געבן

די מעגליכקייט צו טאָן מיט יידן טובות. ער האָט גענומען נאָכ=
פאָרשן אין די באַזונדערע דעפּאַרטאַמענטן פון די פארשיידענע
מיניסטעריומס וועגן די וואַקאַנסיעס אויף רעגירונגס=שטעלן, וועל=
כע זיינען נאָך אומבאַזעצט, און אַזוי אַרום איז ער דערגאַנגען, אַז
אין בילדונגס=מיניסטעריום ווערט געזוכט אַ פּאַסנדע פּערזאָן פאַר
דער שטעל פון אַ דירעקטאָר אין זשיטאָמירער ראַבינער=שול. צי=
מערמאַן האָט זיך אָן דער דאָזיקער וואַקאַנסיע תּיכּף אָנגעכאַפּט און
נאָך אַ גאַנץ קורצער השתּדלות פאַרן בילדונגס=מיניסטער איז ער
באַשטימט געוואָרן אויף דער זשיטאָמירער שטעלע.

·III

אָנקומענדיק קיין זשיטאָמיר אַלס דירעקטאָר פון דער ראַ=
בינער שול, האָט זיך צימערמאַן געסטאַרעט צו פאַרבאָרגן ווי ווייט
מעגלאַך זיין יידישער אָפּשטאַמונג. צוליב דעם איז אויסער וואָס
ער האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן די מאַסקע פון אַן עכטן קריסט,
האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אויסערסט שטרייגגן „טשינאָוו=
ניק", וועלכער שטייט אין אַלץ אויפן באָדן פון געזעץ. אַ באַזונ=
דער שטריינגקייט האָט ער אַרויסגעוויזן בנוגע דער רוסיפיקאַציע
פון דער ראַבינער=שול. ער האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען, אַז די
תּלמידים זאָלן ערצויגן ווערן אַלס גוטע רוסישע פּאַטריאָטן. אין
דעם גייסט האַט ער תּמיד געזוכט צו ווירקן אויפן לערער פּער=
סאָנאַל, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע באַרימטע
פּערזענליכקייטן, ווי אייכענבוים, צווייפל, באַקשט, סוחאָסטאַווער
און אַנדערע. צו די דאָזיקע פּערזאָנען האָט זיך צימערמאַן פאַר=
האַלטן מיט גרויס רעספּעקט און דרך=ארץ, ער האָט זיך אָבער גע=
היט אַרויסצווייזן זיי איבעריקע התקרבות און צוגענויגטקייט, כּדי
דאָס זאָל נישט ווערן אויפפאַלענד נישט זיי גופא און נישט דער
פרעמדער אַרומיקער סביבה. דערפאַר אָבער האָט ער געזוכט מאַכן
דער ראַבינער=שול אַלערליי הנחות און פאַרלייכטערונגען, און האָט
פון צייט צו צייט אָפּגעגעבן וועגן איר זיין „נאַטשאַלסטוואָ" די שענ=
סטע ראַפּאָרטן. באַזונדערס האָט ער מיטיב געווען מיט די תּלמידים

די אָרימע פון זיי האָט ער געשטיצט, און גאַנץ אָפּט פון זיין איי־
גענער טאַש; די מער פייאיקערע האָט ער געגעבן די מעגלעכ־
קייט דורך פאַרשיידענע רעקאָמענדאַציעס פאָרטצוזעצן זייער שטי־
דיום אין די רוסישע הויכשולן. איינער פון די געוועזענע ראַבי־
נער־שילער, וועלכע זיינען דורך צימערמאַנס הילף אַריין אין
אָדעסער אוניווערזיטעט און האָבן זיך דערשלאָגן צו אַ הויכער ביל־
דונגס־קאַריערע, איז געווען דער שפּעטער באַרימט געוואָרענער
יוריסט און יידיש־רוסישער זשורנאַליסט מנשה מאַרגאָליס.

אין דער דאָזיקער ספערע פון ספּעציעל־יידישע אינטערעס
האָט צימערמאַן נאָך אַזוי פיל יאָרן פון פרעמדקייט צו יידן או'
צו יידישקייט, געפונען אַ גרויסע באַפרידיגונג פאַר זיין צעבראָ'
כענער נשמה. מיט דעם אַליין האָט ער זיך נאָך נישט באַגנוגנט -
די איינצעלנע יידן, מיט וועלכע ער האָט טעגלעך פאַרקערט, זיי
נען פאַר אים געווען צו ווייניק; ער האָט געביינקט נאָך דעם גאַנצן
יידישן קאָלעקטיוו, נאָך דעם יידישן פאָלק, אין וועלכן ער האָט
אַזוי לייכטזיניק בוגד געווען. די דאָזיקע ביינקשאַפט האָט זיך ביי
אים געשטאַרקט פון טאָג צו טאָג, און ניט זענענדיק ביכולת עס
צו באַפרידיקן, האָט ער דערפון גרויס עגמת־נפש געהאַט און אי'
נערלעך פיל געליטן. ניט איינמאָל האָט ער שוין ביי זיך געהאַט
באַשלאָסן אַריינרופן צו זיך דעם אינספּעקטאָר פון ראַבינער־שול
יעקב אייכענבוים, וועלכער האָט גע'שמ'ט אין זיין צייט פאַר אַ
וועלט־חכם, און אויסגיסן פאַר אים זיין שווער געמיט, אפשר
וועט אים דורך דעם לייכטער ווערן, אָבער יעדעס מאָל האָט ער
זיך דערפון אָפּגעהאַלטן, מורא האָבנדיק פאַר אַ פרעמד אויג. אין יענער
צייט איז פאַר אַ משומד, און באַזונדערס פאַר אַ זעלכן, וואָס איז
אַן אָנגעשטעלטער ביי דער רעגירונג, זייער געפערלעך געווען יע־
דער צו נאָענטער פאַרקער מיט יידן. צימערמאַן האָט אַפילו איבער
זיך קיין שמירה נישט געהאַט, ווייל ער איז געווען פאַררעכנט
אין די ספערן פאַר אַן עכט גלויביקן קריסט; דאָך האָט ער גע־
פונען פאַר נויטיק פאָרזיכטיק צו זיין אין באַציאונג צו יידן.

אָבער נישט לאַנג האָט זיך צימערמאַן געקאָנט גובר זיין
און איינהאַלטן ביי זיך זיין סוד. ווי אַ פאַרבאָרגענע אינערליכע

קראַפּט וואָלט אים דערצו געשטויסן, האָט ער זיך אַמאָל איין אַ פרימאָרגן נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט אראָפּגעכאַפּט פון זיין געלעגער מיטן פעסטן באַשלוס צו טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַראָפּוואַשן פון אים דעם חשד-פלעק, וועלכער מאַכט אים ענג זיין וועלט און צושטערט זיין זעלישע רו. ער האָט אָבער נישט געוואוסט פון וואָס אָנצוהויבן.

דאָ איז אים ווידער אַרויף דער געדאַנק, אַז קודם-כל דאַרף ער זען קריגן אַ געוויסע פּערזאָן פון דער אַרומיקער יידישער סביבה פאַר ווערמען אויסצורייידן דאָס האַרץ, כּדי נישט דערשטיקט צו ווערן אונטער דעם שווערדריקנדיקן קאָשמאַר פון זיינע טרויעריקע רעיונות. פון דאַן אָן האָט ער אָנגעהויבן אויסצוקוקן נאָך אַ פּאַסענדער געלעגנהייט, ווי זיין פּלאַן אויסצופירן.

ס'איז נישט אַריבער קיין פיל צייט, און אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך אים אונטערגערוקט, ממש, אונטער דער האַנט. די זאַך האָט אַזוי פּאַסירט:

צווישן די לערער פון ראַבינער-שול האָט זיך געפונען איינער, וועלכער האָט געהייסן ר' הירש סעגאַל. דער דאָזיקער סעגאַל, וועלכער האָט אונטערריכט תּלמוד אין די העכערע קלאַסן, איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטע פּערזענליכקייט. ער איז געווען אַ גרויסער מופלג אין לערנען, אַ בקי אין ש"ס און פּוסקים און געקענט פיל קבלה. אין דער יוגנט האָט ער געהאַט די זכיה משמש צו זיין די באַוואוסטע גוטע יידן, דעם אפּטער און ר' אברהם'עלע סלאָנימער, און פון ביידן איז ער דערגאַנגען די גרעסטע סודות פון חסידות. אויסערדעם האָט ער געוואוסט אויף אויסווייניק גאַנץ תּנ"ך, איז געווען אַ גרויסער בעל מדקדק, געקענט אייניקע שפּראַך און געהאַט אַ היבשע ידיעה אין פאַרשיידענע וויסנשאַפטן. דערצו איז ער געווען זייער פרום. אין זיין פרייער צייט איז ער געזעסן און געלערנט, האָט קיינמאָל נישט עובר געווען אויפן קלענסטן דין, האָט אַפילו אָפּגעהיט יעדן טאָג צו גיין אין מקוה. אַ חוץ דעם האָט ער געהאַט אַ שם פאַר אַ זעלטענעם פּקח אין וועלטליכע זאַכן, תּמיד איז מען צו אים געקומען פון שטאָט פרעגן עצות, מישב זיין זיך מיט אים וועגן די וויכטיקסטע ענינים, יחידישע און

נעזעלשאַפטליכע, גאַנץ אָפט פלעגט ער זיצן אין ברירות און פו־ נאַנדערנעמען מיט זיין קלוגן קאָפּ די פאַרפּלאָנטערסטע סכסוכים. צווישן די לערער פון זשיטאָמירער ראַבינער־שול איז ער געווען דער איינציקער, וואָס האָט געפירט אַן ענערגישן קאַמף קעגן די איבערגעטריבענע שטרעבונגען פון השכלה, ווי רעפאָרמירן דעם „שולחן־ערוך", צופּאַסן די רעליגיע צום לעבן וכדומה. ער איז אָבער געווען באַקאַנט פאַר זייער טאָלעראַנט, און דעריבער האָבן מיט אים אַלע סימפּאַטיזירט. זיינע באַציאונגען צו צימערמאַנען אַלס דירעקטאָר פון ראַבינער־שול זיינען תמיד געווען ווייטע און קאַלטע, ווייל ער האָט ביי זיך אין האַרצן באין אופן נישט געקאָנט מסכים זיין, אַז מיט די אינטערעסן פון אַ יידישער לערן־אַנשטאַלט זאָל אָנפירן אַ קריסט. אין דער זעלבער צייט האָט ער זיך אָבער צו צימערמאַנס פּערזענליכקייט פאַרהאַלטן מיט גרויס כבוד צוליב זיינע וואַרימע כמעט פאָטערליכע באַציאונגען צו די ראַבינער־ שילער.

אָט דער ר' הירש סעגאַל איז אַמאָל אין אַ ווינטער־אָוונט — ער איז שוין דאַמאָלסט געווען אויף דער עלטער — אַריינגעקומען גאַנץ אונערוואַרטעט צו צימערמאַנען אין זיין פּריוואַט־וואוינונג דערזעענדיק אים האָט צימערמאַן באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָ האַנ־ דעלט זיך וועגן אַ זייער וויכטיקן ענין. ער האָט אים דערלאַנגט אַ שטול געבן זיך און האָט אים געבעטן זיצן.

— איך ווייס אַפילו נישט — האָט אָנגעהויבן דער אַלטער — אויב קומענדיק איצט צו אייך, בין איך געגאַנגען אויפן ריכטיקן אַדרעס, דאָך —

צימערמאַן האָט אים אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— לויט ווי איך האָב געהאַט די געלעגנהייט אייך צו דער־ קענען — האָט סעגאַל פאָרטגעזעצט — זייט איר פון יענע געציי־ לטע קריסטן, וועלכע מאַכן נישט קיין אונטערשייד צווישן אַ העלע־ נער און אַ יידן. אַ יאָ?

— ריכטיק! — האָט אים צימערמאַן געענטפערט — אָבער אום וואָס גייט דאָ?

— דאָ גייט אום אַ מענשענס פרייהייט, און אפשר נאָך אום זיין לעבן...

— און איך וועל דאָ קענען העלפן?

— איך האָף... אַ פריער גאָט און דערנאָך איר.

— דערציילט!

— אייך איז אפשר באַקאַנט, אַז ביי יידן זיינען דאָ חסידים?

— איך האָב עפּעס געהערט — האָט צימערמאַן געפּרובט מאַכן דעם אָנשטעל, ווי ער ווייס נישט אַרום וואָס דאָ רעט זיך — ; דאָס זאָל זיין אַ סעקטע פון העכסט פרומע יידן...

אין קורצע, אָבער אינהאַלטסרייכע ווערטער, האָט סעגאַל דערקלערט צימערמאַנען דעם ריכטיקן מהות פון חסידות און פון חסידים און די ראָלע, וואָס עס שפּילן די גוטע יידן אינ׳ם לעבן פון די חסידים, און האָט פאַרענדיקט:

— און איינער פון די דאָזיקע גרויסע יידן, אַ צדיק־הדור, געפינט זיך איצט אין אַ געפּאַר צוליב אַ פאַלשן בלבול.

— ווער איז ער דאָס דער יעניגער? האָט אים צימערמאַן געפרעגט.

— ר׳ דוד׳ל טווערסקי, דער היינטיקער טאַלנער רבי, ר׳ מרדכי טשערנאָבילערס אַ זון!

ביי סעגאַלס לעצטע ווערטער האָט זיך צימערמאַן אַ טרייסל געטאָן אויף זיין שטול, סעגאַל האָט דאָס אָבער נישט באַמערקט, און האָט ווייטער דערציילט:

— דער דאָזיקער ר׳ מרדכי טשערנאָבילער האָט זיך בימיו געפונען אין אַ שטאַרקער מחלוקת מיט ר׳ ישראלטשע רוזשינער, און נאָך זייער ביידענס טויט איז אַריבער די קריג צווישן זייערע די־נאַסטיעס. אָט האָבן זיך געפונען שלעכטע מענטשן פון רוזשינערס צד, וואָס האָבן פאַר׳מסר׳ט ר׳ דוד׳ל טאַלנער ביי דער רוסישער מאַכט, אַז ער האַלט זיך פאַר דוד מלך ישראל, און איז אַ מורד במלכות. פאַריקע וואָך, ווען ר׳ דוד׳ל איז דורכגעפאָרן באַרדיטשעוו, האָט מען אים דאָרט אַרעסטירט, און נעכטן האָט מען אים אַ געש־מידטן אין קייטן געבראַכט אַהער קיין זשיטאָמיר. דערוויסנדיק זיך פון דעם, איז מיר תיכף איינגעפאַלן, אַז נור איר דורך אייער

באַקאַנטשאַפט מיט נאַטשאַלסטוואָ קענט די זאַך אויפקלערן. און אַזוי אַרום אַרויסראַטעווען אַן אונשולדיקן מענטשן, און נאָך אַ זאַ מענטשן, פון גרויס סכנה.

— איך וועל אין דעם טאָן, וואָס איך וועל נאָר קענען — האָט צימערמאַן מבטיח געווען סעגאַלן —; אַז אַ חסידישער גוטער ייד איז נישט קיין מורד במלכות — דאָס, דאַכט זיך, דאַרף גאָרנישט אַזוי שווער זיין צו דערווייזן.

בלייבנדיק אַליין האָט צימערמאַן גענומען נאָכדיינקן און האָט זיך דערמאָנט, אַז אָט דער דוד'ל טאַלנער איז זיינער אַן אַמאָליקער גוטער באַקאַנטער, מיט וועלכן ער האָט זיך וויפל מאָל קוּמענדיק אויף ימים נוראים קיין טשערנאָביל, מפלפל געווען אין תּורה און אין חסידות, דערביי איז אים אויך אַרויף אויפן זינען, אַז דער זשיטאָמירער פּראָקוראָר, אין וועמעס רשות ר' דוד'ל געפינט זיך איצט, איז זיינער אַ געוועזענער תּלמיד פון ניעזשינער יורידישן ליציי, און ער האָט באַשלאָסן מאָרגן גלייך אין דערפרי צו אים אַריינצוגיין.

שוין לאַנג האָט צימערמאַן נישט געהאַט אַזאַ רוהיקע נאַכט ווי די היינטיקע. דער געדאַנק, אַז מאָרגעדיקן טאָג וועט ער דורכפירן אַן אַקט, וועלכער וועט אַרויסרופן צו אים די וואַרימסטע דאַנקבאַרקייטס-געפילן פון פיל טויזנדער יידן, — דער דאָזיקער געדאַנק האָט באַרואיקט זיינע אָנגעשטרייטגטע נערוון, און ער איז דיס יינגעשלאָפן.

אויף מאָרגן האָט צימערמאַן באַזוכט דעם פּראָקוראָר, און כּמעט ווי אין דריי ווערטער האָט ער ביי אים געפועלט תּיכּף ומיד ר' דוד'לן צו באַפרייען. אַז צימערמאַן איז באַלד נאָכדעם געקומען אין ראַבינער-שול, האָט ער געשיקט בעטן סעגאַל'ן ער זאָל צו אים אַריינגיין תּיכּף נאָכמיטאָג.

סעגאַל איז געקומען, און נאָכדעם ווי ער האָט דערהערט פון צימערמאַנען די גוטע בשורה, האָט ער אויסגערופן מיט גרויס פרייד:

— געלייבט און געבענטשט זאָלט איר זיין! איר האָט אייך

געקויפט אייער וועלט אין אײן ווײלע! אין אייך זיצט אַ שטיק ײדישע נשמה...

— ר׳ הירש, איר האָט געטראָפן!—האָט צימערמאן אויסגעשריען אין ײדיש און האָט זיך שטאַרק פונאַנדערגעחליפעט.

סעגאַל איז געבליבן זיצן פאַרבליפט אויף זיין אָרט, נישט זייענדיק ביכולת אויסצורײדן אַ וואָרט.

אין אַ ווײלע אַרום האָט אים צימערמאַן דערציילט זיין לעבנס־געשיכטע מיט אַלע פרטים, און האָט פאַרענדיקט מיט די פאָלגענדע ווערטער:

— אָט דאָס איז מיין מצב ביי היינטיקן טאָג; איצט גיט מיר אַן עצה: וואָס טו איך און ווי אַזוי פאַרריכט איך מיין פעלער?

אויף דעם האָט אים סעגאַל געענטפערט:

— קודם כל זייט נישט פאַרטרויערט; עצבות איז בכלל אַ מדה מגונה. איר דאַרפט גאָר ביי זיך ניט זיין אַראָפּגעפאַלן. האָט איר איינמאָל באַקומען חרטה, זייט איר דורך דער גופא געוואָרן צו־ריק אַ ייד. גוט געטראַכט הייסט, גוט געטאָן, און בפרט, אז איר טוט טאַקי גוטס בפועל ממש. וואָס איז ווערט, למשל, אָט דאָס וואָס איר האָט היינט אויפגעטאָן פאַר ר׳ דוד׳לען? נאָך אַ צוויי, דריי אַזעלכע מעשים, און איר ווערט אַ גוטער און פרומער ייד.

— הייסט עס, לויט אייער מיינונג—האָט זיך אָפּגערופן צי־מערמאַן— אַז דורך גוטע מעשים לטובת יידן און יידישקייט קאָן איך צורעכט מאַכן מיין באַגאַנגענעם פעלער?

— דאָס איז מיין טיפסטע איבערצייגונג.

— און וואָלט איר מיך געהערט — האָט סעגאַל נאָך אַ קליינער פויזע געזאָגט—וואָלט איך אייך געעצה׳ט אָט וואָס: ווי איך האָב איצט געהערט פון אייך, גילט איר פאַר איינעם פון די גרעסטע יוסטיץ־קענער אין רוסלאַנד, איר האָט דאָך, אויף דעם אופן, אין אייער האַנט דאָס בעסטע געווער, מיט וועלכן צו קעמפן פאַר די רעכט פון אונזערע באַ׳עול׳טע און דורך פאַרשיידענע בעגרענצונגען געדריקטע ברידער. שרייבט אין די בלעטער פיי־ערדיקע אַרטיקלען, ווייזט אויף, אַז אַ מלוכה טאָר נישט באַרויבן מיליאָנען אונטערטאַנער די צוויי עלעמענטאַרסטע־רעכט פון יעדן

פּענטשן ווי ליכט און לופּט, און ווען זי טוט עס, איז דאָס פון איר זייט אַ גרויס פאַרבּרעכן, אַן־עוון פּלילי. אַ קשיא אויף אַ מעשה? אייערע אַרטיקלען קענען געלעזן ווערן וואו מען דאַרף, און בּריינגען נוצן דעם כּלל־ישראל, און ממילא אויך צופרידנהייט אייער בּאַאומרואיגטער נשמה.

סעגאַלס ווערטער האָבּן געמאַכט אויף צימערמאַנען אַ טיפן איינדרוק. שוין אין די נאָנסטע טעג האָט ער אָנגעהויבּן פלייסיג צו שטודירן די יידישע רעכטליכע לאַגע אין רוסלאַנד פון די עלטסטע תקופות בּיז דער לעצטער צייט. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און האָט אונטער אַ פּסעוודאָנים פאַרעפנטליכט איינע נאָך די אַנדערע עטליכע בּראָשורן, אין וועלכע ער האָט אין אַ רוהיקן טאָן בּאַהאַנדעלט די יידנפראַגע אין רוסלאַנד, און מיט אייזערנער לאָגיק דערוויזן פון איין זייט דעם גרויסן שאָדן וואָס די יידישע בּאַגרענצונגען פאַראורזאַכן דעם לאַנד, און פון דער אַנדער זייט דעם נוצן, וואָס די יידן זיינען עלול צו בּריינגן דער מלוכה בּיי אַ רייַסערן רעכטליכן מצב. דערבּיי האָט ער אָנגעוואָרפן אַן־אויספירליכן פּלאַן, ווי אַזוי סיסטעמאַטיש און בּהדרגה׳דיק דורכצופירן די יידישע גלייכבּאַרעכטיגונג, אָנהויבּנדיק צו פּריווילעגירן פריער די געבּילדעטע קלאַסן, נאָכדעם דעם סוחרישן, די האַנטווערקער א. אַ. וו.

צימערמאַנס בּראָשורן זיינען געלייענט געוואָרן אין די ספערן — דאָס איז שוין געווען אין די צייטן פון אַלעקסאנדער דעם צווייטן — און האָבּן דאָרט געמאַכט אַ רושם. ס׳איז נישט אַריבּער קיין סך צייט, און לויט די מעשים, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט אונטערגענומען בּנוגע יידן, האָט אויסגעוויזן, אַז זי האַלט זיך צו שטעלן אויפן דרך, וואָס איז אָנגעצייכנט געוואָרן דורך די אויבּערדערמאָנטע אַנאָנים אַרויסגעגעבּענע בּראָשורן.

דער בּאַוואוסטער מעמואַריסט אברהם יעקב פּאַפּירנאָ, וועלכער איז אין יענער צייט געווען אַ תּלמיד פון זשיטאָמירער ראַבּינער־שול, גיט איבּער דעם פאָלגענדן זייער אינטערעסאַנט פאַקט:

„בּשעת ס׳איז פאַרעפנטליכט געוואָרן דער בּאַפעל פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן וועגן געבּן יידן וואוינרעכט אין גאַנץ רוסלאַנד,

איז צימערמאַן געקומען אין ראַבינער־שול, האָט צוזאַמענגערופן אַלע לערער און תּלמידים און מיט אַ התפּעלות'דיקער פרייד האָט ער גענומען לייענען פאַר זיי אויפן קול דעם קייזערליכן באַפעל, אָבער מיטאַמאָל האָט ער זיך פונאַנדערגעוויינט ווי אַ קליין קינד „איך קאָן נישט, איך קאָן נישט! — האָט ער געזאָגט מיט טרערן צום אינספעקטאָר פון דער שול, יעקב אייכענבוים — לייענט איהר װייטער".

* * *

צימערמאַן האָט געגלויבט, אַז דאָס איז די ערשטע התחלה, וואָס די רוסישע רעגירונג האָט געמאַכט אויפן וועג צו דער יידי־שער פולער גלייכבאַרעכטיגונג, און האַלטנדיק, אַז גאָר ער איז געװען דערצו דער גורם, איז ער דערפון אַריין אין גרויס התפּעלות. ער האָט אָנגעהויבן צו גלויבן, אַז זיין נשמה האָט שוין געפונען איר תּקון, און דאָס האָט אים באַרואיקט.

אין ראַבינער־שול איז צימערמאַן אָפּגעװען נאָר ביז דעם יאָר 1865. פון דאַמאָלסט אָן האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון דער עפענטליכקייט, און האָט געפירט אַן איינזאַם לעבן אין אַ קליין גוט וואָס ער האָט געקויפט נעבן זשיטאָמיר.

ווען ער איז געשטאָרבן — איז פאַרבליבן אומבאַוואוסט.



# IV

## צבי גרשוני.

### I

אין יאָר 1897 זיינען די חשובסטע יידישע און ענגליש-יידישע בלעטער אין אַמעריקע געווען פאַרפלייצט ממש מיט נעקראָלאָגן איבער דעם טויט פון דעם רב און געלערטן צבי גרשוני, וועלכער איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין עלטער פון 61 יאָר. באַוויינט דעם נפטר האָבן אויך די גרעסערע העברייאישע צייטונגען אין רוסלאַנד אין וועלכע ער האָט פון צייט צו צייט פאַרעפנטלעכט זער אינטערעסאַנטע בריוו פון אַמעריקע. זיין לעצטן אַרטיקל „וועגן יידן און יידישקייט אין אַמעריקע" (על היהודים והיהדות באמריקה) האָט ער געדרוקט אין „השלח". באַלד נאָך דעם—אַזוי באַמערקט אחד-העם—איז גרשוני קראַנק געוואָרן און איז פלוצלונג געשטאָרבן. אין דעם זעקסטן באַנד פון „לוח אחיאסף" געפינט זיך אַ נעקראָלאָג אויף דעמדאָזיקן גרשוני'ן, אין וועלכן עס ווערן וועגן אים אַרויסגעזאָגט צווישן אַנדערן אויך די פאָלגנדע שבחים: „דער פאַרשטאָרבענער, אַ געוועזענער רב אין די שטעט אַטלאַנטאַ און טשיקאַגאָ, האָט געשטאַמט פון רוסלאַנד, וואו ער איז געווען פון די אַלטע משכילים. שטענדיק האָט ער זיך מצער געווען אויף דעם אונטערגאַנג פונם יידישן גייסט. און ער האָט זיך געפרייט צו זען אַ העברייאישע באַוועגונג צווישן דער יידישער יוגנד אין אַמעריקע. ער איז אויך געווען דער הויפּט־איניציאַטאָר פון דער חברה „חובבי שפת עבר", וועלכע הייסט איצט „זרבבל" און וואָס איר צוועק איז צו פאַרשפּרייטן די קענטניש פון דער העברייאישער שפּראַך אין אַמעריקע".

און אין אמתן, ווען מיר בלעטערן דורך גרשוני'ס „בריוו פון אַמעריקאַ", וואָס האָבן זיך פון די ערשטע זיבציקער יאָרן

אָן געדרוקט אָפּטערס אין „המגיד״, און באַזונדערס אין „המליץ״, זעען מיר, אַז אין אַלע בריוו האָט ער באַהאַנדלט דאָס טעמע וועגן דער ירידה פון דעם יידישן דת צווישן די אַמעריקאַנער יידן, און וועגן דעם שטראָם פון אַסימילאַציע, וועלכער באַדראָט צו פאַרשלונגען דאָס דאָרטיקע יידנטום. מיט גרויס פאַרביטערונג און צאָרן רופט ער זיך אָפּ וועגן דעם נישט־יידישן חנוך, וואָס דער גרעסטער טייל פון די יידישע עלטערן אין אַמעריקע גיבן זייערע קינדער, און זאָגט זיך אַרויס גאַנץ אָפן, אַז אַזאַ ערציונג מוז סוף כל סוף פירן צום שמד... נאָך אין זיין לעצטן אַרטיקל אין „השלח״, וועלכן כ׳האָב אויבן דערמאָנט, שמייסט ער אין אַ ביטערן סאַרקאַזם די שול פון די רעפאָרמירטע יידן אין פילאַדעלפיע, וואו אונטער די טרוקענע, ביי פרעמדע געבאָרגטע צערעמאָניעס, ליגט באַגראָבן דער יידישנאַציאָנאַלער גייסט. טרויעריק געשטימט דערציילט ער דערביי, ווי דער פרעדיקער פון יענער שול האָט אין זיין יום־כפורדיקער דרשה אויסגעוויזן דעם עולם, אַז יידן דאַרפן זיך נישט האַלטן בלויז אָן דעם „מגן־דוד״, און זיי מוזן זען פאַראייניקן דעם „מגן־דוד״ מיטן קרייץ און מיט דער האַלבער לבנה, און דורכדעם וועלן זיי פאַרבונדן ווערן מיט דער גאַנצער מענטשהייט.

און ווער וואָלט זיך עס גאָר געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דערדאָזיקער גרשוני, דער געוועזענער רב פון באַדייטנדע יידישע קהלות, דער הייסער גלויביקער און נאַציאָנאַלער ייד, איז, זענענדיק אין רוסלאַנד, געווען אַ געשמדטער ייד, דערנאָך האָט ער באַקומען חרטה און איז אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד, וואו ער האָט זיך אָבער נאָך אַ לאַנגער צייט אַרומגעדרייט צווישן מיסיאָנערן, ביז ער איז געקומען קיין אַמעריקע, און דאָרט האָט ער זיך ערשט צוריקגעקערט צום יידנטום מיט אַן אמת...

זער אינטערעסאַנט איז די ביאָגראַפיע פון דעמדאָזיקן געוועזענעם משומד; נאָכמער אינטערעסאַנט ווערט זי דורכדעם, וואָס אַ טייל פון זיינע איבערלעבענישן, און אויך די געשיכטע פון זיין שמד און פון זיין צוריקקער צום יידנטום, האָט ער אַליין פאַרעפנטלעכט אין דער העברייאישער פרעסע, כדי ריין צו וואַשן זיך פון זיין פלעק פאַר דער יידישער וועלט.

## II

צבי גרשוני איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע אין יאָר 1844. זיין פאָטער איז געווען פון די שענסטע ווילנער בעלי הבתים, אַ ייד אַ למדן און אַ גרויסער מיוחס. הירשעלע, וועלכער האָט זיך נאָך פון קינדווייז אָן אַרויסגעוויזן פאַר זער אַ פעיקן מיט אַן „אָפענעם מח“, האָט געלערנט ביי די מלמדים פון שטאָט. צו צוועלף יאָר איז שוין פאַר אים אין ווילנע קיין מלמד נישט געווען. דאַן האָט אים דער פאָטער אָפּגעגעבן אין דער באַרימטער ראַמיילעס ישיבה. אין אַ פּאָר יאָר איז שוין די ישיבה אויך געוואָרן פאַר אים צו קליין. דעמאָלט האָט פאַר אים דער פאָטער באַשטעלט אַ יונגנמאַן, אַ פרוש אויך אַ וואוי-לער און אַ האַלבער מוסמך, וועלכער האָט ביי זיי געגעסן אַ „טאָג“ און ביידע צוזאַמען האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט לערנען אין גאונס קלויז. אין משך פון אַ געוויסער צייט האָבן זיך דער יונגער גרשוני מיטן פרוש אַזוי איינגעלעבט, אַז זיי זיינען גע־וואָרן צווישן זיך ווי ברידער.

האָט גראָד געדאַרפט פאַסירן—און אַזעלכע פאַסירונגען פלעגן דעמאָלט טרעפן אין ווילנע גאַנץ אָפט—אַז דער פרוש איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון זיינעם אַ בן-עיר, אַ קלויזניק פון דער קצבישער שול, וואָס האָט געלייענט אין דער שטיל די נייע העברייאישע השכלה־ביכלעך, וועלכע ער פלעגט באַקומען פון אַ באַקאַנטן שילער פון ראַבינער־שול, און האָט אויך באַקומען חשק צו יענע „טריף פסלע“, ווי זיי האָבן דאַן געהייסן. איינמאָל, אין אַ נאָכמיטאָג, האָט דער פרוש מיט־געבראַכט אין גאונס קלויז אַ העברייאיש ספרל, האָט עס אַוועק־געלעגט אויף דער גמרא און עס גענומען לייענען. אַז גרשוני איז געקומען, האָט ער עס פון אים נישט באַהאַלטן. באַלד האָט זיך דערזעלבער חשק אָנגעקלעבט אויך אָן גרשונין. עס האָט לאַנג נישט געדויערט, און אָנשטאָט דער גמרא האָבן זיך די ביידע חברים גענומען מיט גרויס התמדה צו די ביכלעך. ס'איז

אַוועק נאָך אַ געוויסע צייט, און אונטער דעם איינפלוס פון די נייע אידעען, וואָס האָבן זיך זיי ענטפּלעקט פון די ביכלעך, האָבן זיי אָנגעהויבן אינגאַנצן צו מאַנקירן מיט דער גמרא און אָפּצוגעבן זיך נור מיט דער רוסישער שפּראַך, וועלכע זיי האָבן געלערנט פריער אַליין און שפּעטער אַ ביסל מיט דער הילף פון באַפריינדעטע ראַבינער־שילער. ביידע האָבן זיי באַשלאָסן אויפצוגעבן לגמרי די רבנישע קאַריערע און אַריינצוטרעטן אין ראַבינער-שול. דער פרוש. וועלכער איז אין ווילנע געווען אַ פרעמדער און האָט נישט געהאַט ביי וועמען צו פרעגן, איז אין אַ האַלב יאָר אַרום אַריין אין אַ ראַבינער־שול. גרשוני האָט אָבער געהאַט אויסצושטיין זער אַ לאַנגע און אַ שווערע מלחמה מיט זיינע פאַנאַטישע עלטערן. אַ היבשע צייט איז אַוועק ביז ער האָט ביי זיך געפּועלט צו מאַכן זיך האַרץ און באַקאַנט מאַכן דעם פאָטער מיט זיין באַשלוס. באַלד נאָכן ערשטען שמועס האָט אים דער טאַטע מכבד געווען מיט אַ פּאָר פייערדיקע פּעטש, און אַז גרשוני האָט זיך איינגעשפּאַרט נישט אַנדערש, אַז ער מוז אָנקומען אין ראַבינער־שול, האָבן אים די עלטערן אַרויסגעטריבן פון שטוב. גרשוני איז אָנגעקומען גלייך אין פערטן קלאַס ראַבינער־שול, וואו ער איז באַלד געוואָרן איינער פון די ערשטע שילער. באַזונדערס גלענצענדע פעיקייטן האָט ער אַרויסגעוויזן צו שפּראַכן. אין העברייאיש איז ער געווען פון די געציילטע כטיליכטן צוזאַמען מיט די שפּעטערדיקע באַקאַנטע העברייאישע שריפטשטעלער: אהרן שמואל ליבערמאַן, ישראל בערנשטיין, אברהם יעקב פאַפּירנא.

נאָכדעם, ווי גרשוני האָט געענדיקט דעם אַכטן קלאַס פון ראַבינער־שול אַלס לערער־פּעדאַגאָג, איז ער אַראָפּגעפאָרן קיין פעטערבורג, כדי פאָרטצוזעצן זיין בילדונג. דאָן, אונטער דער רעגירונג פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, האָבן נאָך יידן קיין שוועריקייטן נישט געפונען ביים אַריינטרעטן אין די הויכשולן, און גרשוני איז תיכף אָנגענומען געוואָרן אין אוניווערזיטעט אויף דער פילאָזאָפישער פאַקולטעט. קיין פעטערבורג האָט גרשוני מיטגעבראַכט אַ רעקאָמענדאַציע צום פּראָפעסאָר

כּוואָלסאָן, וועלכער האָט אים פון אָנהויב מקרב געווען. כּוואָל־סאָן האָט רעקאָמענדירט גרשונין אַ פּאָר לעקציעס ביי באַקאַנטע קריסטן. איינע פון די לעקציעס איז געווען אין דעם הויז פון אַ הויכן ביוראָקראַט, וואו ער האָט רעפּעטירט מיט אַ זון אַ סטודענט און מיט אַ טאָכטער אַ גימנאַזיסטקע פון די עלטערע קלאַסן. די קינדער האָבן ביי גרשונין געמאַכט גרויסע פּאָרטשריט; דאָס האָט אים געמאַכט פאַר אַ תּקיף ביי זייערע עלטערן, און אַזוי אַרום איז ער ביי זיי געוואָרן אַ גאַנצער בן־בית. גאָר אין קורצן האָט ער דערשפּירט, אַז ער איז שטאַרק פאַרליבט אין זיין תּלמידה... ער האָט אָבער גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז כּל זמן ער איז אַ ייד, וועט ער די האַנט פון דעם קריסטלעכן מיידל בשום אופן נישט באַקומען. נישט פיל קלערנדיק און אָן שום סימן פון אַ וועלכער עס איז אינווייניקסטער מלחמה, איז ער אין אַ שענעם פרימאָרגן אַוועק און האָט זיך אָפּגעשמדט...

פון יענעם טאָג אָן איז גרשוני געוואָרן נאָך מער מקורב מיט דעם ביוראָקראַטס פאַמיליע. צום סוף איז דידאָזיקע התקרבות דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט זיך אַריינגעקליבן צום ביוראָקראַט אויף קוואַטיר. איצט האָט ער אָנגעהויבן צו זוכן די געלעגנהייט, ווי אַזוי צו געווינען פאַר זיך דאָס האַרץ פון זיין תּלמידה.

אָבער פּלוצלונג, גאָר אומגעריכט פאַר זיך אַליין, איז אין גרשונין פאָרגעקומען אַ גוואַלטיקע פאַרענדערונג. מיט אַמאָל האָט אים גענומען נאָגן און עגבערן אַ שרעקלעכע חרטה אויף דעם טריט, וואָס ער האָט געמאַכט. ער האָט זיך געפונען געדריקט און געשטיקט ווי פון אַ קאָשמאַר.

גרשוני אַליין האָט אָפּגעמאָלט זיין דעמאָלסדיקע שטימונג אין די פאָלגנדע זער כאַראַקטעריסטישע שורות:

**איין** חודש ערשט האָב איך פאַרבראַכט אין וואָוילטאָג און אין בעלער, ערשט אַ קול פון געוויסענסביסע האָט גענומען קלאַפּן אין מיין האַרצן: איך האָב מיך אויפגעוואַכט און דער־זען דאָס שלעכטס, וואָס איך האָב זיך געטון און דאָס אומ־גליק, וואָס איך האָב אויף זיך געבראַכט. וואו נעם איך ווער־

טער, אום אָפּצומאָלן דעם טיפן שמערץ, וועלכן עס ליידט דורך די חרטה־געפילן דער מענטש, וואָס די פאַרפלוכטע תאוה האָט אים פאַרפירט צו דעם אָפּגרונד פון זינד. ווי אַ וואַנזיניגער בין איך אַרומגעגאַנגען און האָב זיך קיין אָרט נישט געפונען. די פּאַלאַצן פון די גרעסטע ביוראָקראַטן, אין וועלכע איך בין אַרומגעגאַנגען, האָבן זיך מיר אויסגעדוכט, ווי די קברים פון מיינע עלטערן, וואָס איך האָב אַליין מיט מיינע הענט אויסגעגראָבן און האָב זיי אין זיי לעבעדיקערהייט מקבר געווען; דאָס פורפור־בעטצייג אונטער מיין צוקאָפּנס האָבן מיר אויסגעוויזן ווי גרויסע טורם־שטיינער, וועלכע איך האָב געוואָרפן אויף מיינע האַרצנס־געליבטע און האָב זיי געטויט. ביינאַכט אויף מיין געלעגער האָבן מיך געפּייניקט מוראדיקע חלומות. איך האָב געוועסט געפּרובט איינלעשן דורך בראַנפן דעם פייער־בראַנד, וואָס ברענט אין מיר, האָב איך אָבער דורכדעם נאָך פיל מער פאַרגרעסערט די פלאַם... די ליידן פון מיין נשמה האָבן זיך אַזוי פיל געשטאַרקט, אַז איך האָב זיי שוין מער נישט געקאָנט אַריבערטראָגן. דאַן האָב איך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן מיין געבורטס־אָרט און אויסצוואַנדערן אין אַזאַ לאַנד, וואו עס הערשט גלויבנס־פרייהייט, כדי איך זאָל מיך קאָנען צוריקקערן צו מיין געליבט פאָלק און אָנרופן צו דעם ערבאַר־מונגספולן גאָט פון מיינע עלטערן, פאַר וועלכן איך וועל פאַלן מיט תחנונים, אַז ער זאָל מיר מוחל זיין מיין אונגעהויער גרויסע פאַרברעכן".

אין אַ שענעם פרימאָרגן האָט גרשוני פאַרלאָזט פעטערבורג. ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין, ווי ער שטייט און גייט. מיט גרויס מי און מאַטערניש האָט ער זיך נאָך אַ סך געברענטע ליידן דערקליבן קיין בערלין. ער האָט אָבער דאָרט נישט געקאָנט פאַרבלייבן. דאָס איז גראָד געווען אין דער צייט פון דעם דייטשיש־עסטרייכישן קריג, צוליב וועלכן מען האָט זיך אין פרייסן באַצויגן באַזונדערס שטרענג צו די אויסלענדער. נישט האָבנדיק ביי זיך קיין פּאַס, איז גרשוני געווען געצוואונגען צו וואַנדערן ווייטער.

„אַ שווערן וועג האָב איך געהאַט פון בערלין—אַזוי דער־ציילט גרשוני,—וואוהין איך האָב מיך געקערט, בין איך אויס־געריסן געוואָרן. ס׳איז מיר געווען אוממעגלעך צו דערוועקן אויף מיר עמיצנס רחמנות און צו באַקומען וואו־עס־איז און ביי וועמען עס איז באַשעפטיקונג, וואָרום ווער וועט דאָס אַריינגעמען צו זיך אין שטוב אַ ווילד־פרעמדן מענטשן, וועלכן ער קען נישט און ווייס נישט? איך האָב מיך אָבער געשטאַרקט און האָב אַריבערגעטראָגן מיין פעקל צרות, וואָס איך האָב מיר אַליין צוגעשאַרט דורך מיין לייכטזיניקייט און מיין שלעכטן געוויסן, און בין נישט אַראָפּ פון דעם גוטן וועג, וועלכן איך האָב מיר איצט אויסגעקליבן, ביז איך בין געקומען קיין לאָנדאָן״.

„אויף דעם שיף, מיט וועלכן איך בין געפאָרן פון האַמ־בורג קיין לאָנדאָן, זענען געווען אַ היבש ביסל יידן, בעת איך האָב מיך צוגעקליבן צו באַקענען זיך מיט זיי, נאָכפרעגן זיך ביי זיי וועגן ענגלאַנד, און באַזונדערס וועגן לאָנדאָן, און בעטן זיי אַן אַדרעס פון אַן אכסניה, וואוהין צו פאַרפאָרן, בין איך מיט אַמאָל קראַנק געוואָרן אויף דער ים-קראַנקהייט. איך בין תיכף געפאַלן ווי אַ שטיין און האָב נישט געקאָנט אויפהויבן דעם קאָפּ ביז דאָס שיף איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן. אַז איך בין אויפגעשטאַנען און געעפנט די אויגן, זענען שוין די מענטשן דאָרט נישט געווען: זיי האָבן באַוויזן צו פאַרלאָזן דאָס שיף נאָך איידער איך האָב מיך אויסגעטשוכעט. דערווייל האָב איך מיך אַרומגעזען, אַז מ׳האָט ביי מיר אַרויסגענומען פון טאַש מיין לעצט ביסל קליינגעלד. איך האָב אָבער געדאַנקט גאָט, פאַרוואָס מ׳האָט מיר איבערגעלאָזן מיין קליין פעקל.

„ס׳איז נישט אַזוי לייכט—באַמערקט גרשוני—פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט זיך איינמאָל פאַרפלאָנטערט אין נעץ פון זינד, אַרויסצודרייען זיך פון אים. נישט פאַר איין מאָל און אין איין טאָג מאַכט מען עס. פאַרקערט: עס טרעפט גאַנץ אָפט, אַז איין זינד שלעפּט נאָך זיך אַ צווייטע״.

און אַזוי האָט טאַקי מיט גרשונין פאַסירט.

## III

„קומענדיק קיין לאָנדאָן—אַזוי דערציילט גרשוני—האָב איך מיין קליין פעקל געלאָזט ליגן אויפן שיף, איך האָב נישט גע־וואוסט וואוהין צו גיין און וואו עס צו טראָגן. עטלעכע שעה בין איך אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן פון דער גרויסער און רוישנדיקער ענגלישער הויפט-שטאָט. טויזנטער מענטשן האָב איך באַגעגנט, צו וועלכע איך האָב געפּרובט ריידן אויף די אַלע פיר שפּראַכן, וואָס איך האָב געקענט, אָבער קיינער פון זיי האָט מיך נישט פאַרשטאַנען. אַ היבשע צייט האָב איך מיך אַזוי אַרומגעדרייט, ביז איך בין זער הונגעריק געוואָרן. דאַן בין איך אַריין אין אַ רעסטאָראַן, און נישט האָבנדיק ביי זיך קיין גראָשן געלד, האָב איך אַראָפּגענומען דאָס טיכל פון האַלז און האָב עס דערלאַנגט דעם בעל-הבית בעטנדיק ביי אים דער-פאַר עפּיס וואָס צום עסן. דער מענטש, צו וועלכן איך בין צוגעגאַנגען, האָט אָבער נישט פאַרשטאַנען מיינע רייד; ער האָט אויפגעעפנט די טיר, האָט מיך אַרויסגעפירט דרויסן און אָנגעוויזן מיר אויף עפּעס אין דער צווייטער זייט גאַס (ווי איך האָב מיך שפּעטער דערוואוסט, איז דאָס געווען אַ הכנסת אורחים פאַר אָרימע לייט). ווי איך שטיי דאָ אַזוי און מאַטער מיך צו פאַרשטענדיקן זיך מיט אים אויפן וואונק, ערשט ס׳איז פאַרבייגעגאַנגען אַ מאַן, וועלכער האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיך באַטראַכט, און נאָכדעם האָט ער מיך געפרעגט, צי איך קען ריידן דייטש. מיר איז ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, דער־זעענדיק אַ מענטשן, מיט וועלכן איך קאָן מיך צונויפריידן. איך האָב אים דערציילט, אַז איך בין נאָר וואָס געקומען און דריי מיך אַרום איבער די גאַסן צו זוכן אַן אָרט וואו איבערצונעכ־טיקן; אַהער אין רעסטאָראַן בין איך אַריין צו פאַרזעצן מיין טיכל פאַר אַ שטיקל ברויט, ווייל איך פאַרמאָג גאָרנישט. דער מאַן האָט מיך באַלד אַוועקגעפירט צו זיך אַהיים, וואו ער האָט מיר געגעבן עסן און טרינקען. נאָכדעם איז צווישן אונז

פאָרגעקומען דער פאָלגענדער שמועס. ער האָט מיך געפרעגט:
—צוליב וואָס, יונגערמאַן, זענט איר געקומען קיין לאָנ־דאָן? וואָס ווילט איר דאָ טון?
איך זוך אַרבעט, פון וועלכער איך זאָל מיך קאָנען דער־נערן.—האָב איך אים געענטפערט, אויף דעם האָט ער געזאָגט:
—איר קאָנט דאָ קיין אַרבעט נישט געפונען, ווייל קיינער קען אייך נישט און די לאַנדשפּראַך פאַרשטייט איר אויך נישט. אויסערדעם זעט איר אויס אַזוי בלאַס און שוואַך.
אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צו מיר אַ זאָג געטאָן:
—הערט נאָר, וואָס איך וועל אייך פרעגן: איר זענט אַ ייד?
—יאָ, מיין הער.
—איר גלויבט אין גאָט און ווילט אים דינען?
—מיט מיין גאַנצן האַרצן.
—ווייסט איר עפּעס פון די יידישע נביאים פון תנ״ך?
—איך ווייס אַ ביסל.
—אויב אַזוי—האָט געזאָגט דער מאַן—טאָ קומט מיט מיר, און איך וועל אייך אַוועקפירן אין אַ הויז, וואוהין מען וועט אייך אַריינעמען און לערנען אייך אונזער הייליקע תורה. דאָרט וועט מען אייך אויך אויסהאַלטן בכבוד מיט אַלע אייערע הצטרכותן, און אויב איר וועט אייך גוט אויפפירן, וועט איר דאָ געפינען אייער גליק, ווייל גרויסע און העכסט אָרנטלעכע מענטשן וועלן זאָרגן פאַר אייך.
פון טיפן האַרצן האָב איך געדאַנקט מיין וואוילטעטער און, פריילעך געשטימט, בין איך נאָך אים נאָכגעגאַנגען. איך האָב געמיינט, אַז ער איז אַ פאַרוואַלטער איבער די הכנסת אורחים און אַז אַהין פירט ער עס מיך איצט. אין אמתן אָבער האָט ער מיך אַוועקגעפירט אין די אַנשטאַלט, וואָס געפינט זיך אונטער דער השגחה פון דעם מיסיאָנערן־עלטסטן ד״ר עוואַלד. אָנקומענדיק אַהין האָב איך אין די ערשטע צייט נישט געוואוסט, וואָס פאַר אַן אַנשטאַלט דאָס איז און וואָס דאָרט קומט פאָר. נאָכ־דעם, ווי איך האָב מיך אַרומגעזען, אַז איך בין אַריינגעפאַלן

אין אַ נעק, האָב איך שוין אין זיך נישט געהאט דעם געהע־ריקן מוט אַרויסצוראַטעווען זיך פון דאָרט, ווייל די צרות, וואָס איך בין ביז אַהער אויסגעשטאַנען, האָבן מיך אינגאַנצן צו־בראָכן. איך האָב מיך געטרייסט און געטראַכט: לאָמיך דאָ בלייבן וואוינען, און בעת די אַנדערע, וואָס געפינען זיך מיט מיר, יועלן בעטן צו זייער גאָט, וועל איך בעטן צו מיין גאָט, וועלכער וועט מיר געוויס מוחל זיין, וואָרום ער ווייסט אַלץ, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט, און וועט מיר אויך געוויס ווייזן, ווי אַרויסצודרייען זיך פון מיין אומגליקלעכער לאַגע.

„דער ד״ר עוואַלד—דערציילט ווייטער גרשוני—איז דע־מאָלט נישט געווען אין לאָנדאָן, נאָכדעם ווי ער איז געקומען און האָט באַזוכט די אַנשטאַלט האָט ער מיך עקזאמענירט אין העברייאיש און אין די אייניקע לעבעדיקע שפּראַכן, וואָס איך האָב געקענט. איך האָב אים אַפילו אויף אַלץ געענטפערט מיט אַ קנאַפּן חשק, דאָך בין איך זער געפעלן געוואָרן. דאַן האָט ער מיט מיר פאַרפירט אַ שמועס וועגן שמדן זיך. איך האָב אים געזאָגט, אַז כ׳בין שוין איינמאָל געווען אַ געטויפטער אין רוסלאַנד און אַז איך בין דערי‌בער פון דאָרט אַנטלאָפן אין אַ פריי לאַנד, כדי איך זאָל מיך קאָנען צוריקקערן צום גלויבן פון מיינע עלטערן. אויף דעם האָט ער מיר גענומען אויפווייזן, אַז די אַנגליקאַנישע אמונה איז אַ פּיל וויכטיקערע פון דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן. זעענדיק, אַז ער מאַכט אויף מיר דער־ווייל אַ קנאַפּן איינדרוק, האָט ער מיך אַוועקגעשיקט מיט אַ רעקאָמענדאַציע אין אַן אַנדער אַנשטאַלט, וועלכע האָט זיך אויך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון די מיסיאָנערן. ווי איך בין נאָכהער דערגאַנגען, איז געווען מיט דעם זיין כונה צו פאַר־האַלטן מיך ביי זיי נאָך אַ יאָר צי צוויי, טאָמער וועל איך דערווייל באַווייזן מושפּע צו ווערן פון דער מיסיאָנערישער תורה און מסכים זיין אָנצונעמען דעם פּראָטעסטאַנטישן גלויבן. איך האָב מיך גענומען לערנען די לאַנד־שפּראַך מיט גרויס חשק, אין דער האָפנונג, אַז דורך דעם וועל איך געהאָלפן ווערן. איך האָב מיך אָפּגעהיט נישט צו פאַרפירן קיין גע־

שפּרעכן מיט די באַאַמטע פון דער אַנשטאַלט וועגן ענינים פון אמונה. דערפאַר אָבער, ווען איך פלעג פאַרבלייבן מיט מיינע יונגע חברים אַליין, האָב איך אונטער זיי אָנגעפירט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע, אַז זיי זאָלן זיך נישט לאָזן פאַרבלענדן פון די פאַלשע מיסיאָנערישע הבטחות. פיל פון די יונגעלייט, וואָס זייער ביטערער מזל האָט זיי איבערגעגעבן אין די הענט פון די מיסיאָנערן, אַזוי ווי איך, האָבן זיך אונטער דעם איינדרוק פון מיינע ווערטער אַרויסגעראַטעוועט פון דער פאַרברעכערישער באַנדע און זיינען צוריק טרייע יידן געוואָרן. ס׳האָבן אָבער געטראָפן אויך אַזעלכע פאַלן, ווען אַנדערע פון דידאָזיקע חברים האָבן כלומרשט מיט מיר מסכים געווען, כדי צו דער־גיין מיינע פאַרבאָרגנסטע געדאַנקען, און נאַכהער האָבן זיי מיר אָנגעטון כל הנגישות, נאָכאַנאַנד גערייצט זיך מיט מיר, און אַמאָל אויך מיך מכבד געווען מיט קלעפּ. איינער פון די שלעגער, וועלכער האָט זיך אַזוי געקאָכט לטובת דער אַנגלי־קאַנישער אמונה איז אין אַ קורצער צייט אַרום אַנטלאָפן קיין אַמעריקע און דאָרט איז ער צוריק אַ ייד געוואָרן. איך וואונ־דער מיך בלויז אויף דעם פּאַרוואַלטער פון דערדאָזיקער אַנ־שטאַלט, וועלכער האָט מיט מיר נישט איבערגערעדט קיין איין איינציק וואָרט וועגן מיין אַגיטאַציע. איך ווייס נישט, צי דאָס איז צו אים נישט דערגאַנגען, אָדער ער האָט געהאָפט, אַז מיט דער צייט וועל איך אומענדערן מיין מיינונג און וועל מיך שטעלן אויף אַן אַנדער דרך.

צען חדשים בערך בין איך פאַרבליבן אין דער אַנשטאַלט. אין דער צייט האָב איך באַוויזן צו דערגיין גרינדלעך די ענגלישע שפּראַך און צו ווערן באַהאַוונט אין דער ענגלישער ליטעראַטור. איך האָב מיך נאָך אַלץ נישט געקאָנט אַרויס־דרייען פון דער מיסיאָנערישער אַפּוטרופּסות, פון וועלכער איך בין געווען אָפּהענגיק אויף יעדן שריט און טריט, ווייל צו דערנערן מיך אַליין האָב איך נישט געהאַט די מעגלעכקייט. איך וואָלט אפשר געקאָנט באַקומען וואָס צו טון, בין איך אָבער ביז זייגער ניין אין אָוונט געווען איינגעשפּאַרט אין דער אַנ־

שטאַלט, און צען האָט מען שוין פאַרשלאָסן די טויערן. נישט האָבנדיק אויף דעם אופן קיין פרייע מינוט, איז מיר אונמעג־לעך געווען צו גיין זוכן אַרבעט. ריכטיק איז דאָס, וואָס איך האָב שוין פריער אָנגעמערקט, אַז גאַנץ לייכט באַגייט אַ מענטש דעם שוואַכסטן פאַרברעכן, און נישט פאַר איין טאָג קאָן ער עס פאַרריכטן".

ס'וואָלט אונז דאָ צו־ווייט פאַרפירט, ווען מיר וואָלטן נאָכגעגאַנגען נאָך גרשוניס ווערטלעכער דערציילונג טריט ביי טריט. צווישן איין פאַקט מיט דעם אַנדערן לאָזט ער זיך אַריין אין אַים פון פּאַטעטישע אויסרופן צו גאָט און צו לייטן, אַז זיי זאָלן אים נישט נעמען פאַר אומגוט דאָס, וואָס ער איז אַזוי לאַנג פאַרבליבן ביי די מיסיאָנערן און האָט נישט געזען זוכן מיטלען ווי אַזוי אַרויסצומאַכן זיך פון זיי און קומען צו־ריק צווישן יידן. מיט דעם אַליין איז ער נאָך נישט יוצא, און אַפּעלירט אַלע ווײַלע צו דער ערלעכער יידישער יוגנט, אַז זי זאָל זיין פאָרזיכטיקער פאַר אים און תמיד געדענקען, אַז די יידישע אמונה איז נישט קיין שפּילכל. וואָס מען קאָן עס אַוועקוואַרפן אָדער אומבייטן אויף עפּעס אַנדערש. פאַר אונז זיינען וויכטיק בלויז די עצם־פאַקטן פון גרשוניס לעבנס־גע־שיכטע, און זיי וועלן מיר דאָ ווייטער איבערגעבן אין דער געהעריקער כראָנאָלאָגישער אָרדנונג.

צופעליק האָט זיך אַמאָל גרשוני דערוואוסט, אַז אין לאָנ־דאָן געפינט זיך נאָך אַ העכערע מיסיאָנערישע אינסטיטוציע, וועל־כע הייסט „יידן־הויז" "Jewish home" און אָן איר שפּיץ שטייט אַ געוויסער ד"ר שוואַרץ, וואָס באַזאָרגט מיט פאַרשיידע־נע באַשעפטיקונגען, אין זאָגאַר מיט שטעלעס די פּעהיקע יונ־געלייט פון זיין אַנשטאַלט. און איין מאָל האָט זיך גרשוני באַגוצט מיט זיין פרייער אָוונט־שעה און איז אַוועק צום ד"ר שוואַרץ און געבעטן אים, ער זאָל אים אַריינגעמען צו זיך, ווייל ער קאָן קיין אומזיסט ברויט נישט עסן און וויל פאַרדי־נען זיין חיונה דורך אַרבעט. ד"ר שוואַרץ, וועלכער האָט שוין געהערט וועגן גרשונין און געוואוסט, אַז ער איז אַ מענטש

מיט גרויסע פעיקייטן, האָט אים זער פריינטלעך אויפגענומען און האָט אים מבטיח געווען אַריינגעמען אין זיין אינסטיטוציע, אויב מ׳וועט אים נור אַרויסלאָזן פון דער פריערדיקער אַנ־שטאַלט. עס דאַרפט דאָ באַמערקט ווערן, אַז אין יענער צייט, און אפשר אויך איצט, האָט געהערשט צווישן די פאַרשיידענע לאָנדאָנער מיסיאָנערישע אינסטיטוציעס אַ מין קאָנקורענץ. יעדע איינציקע פון זיי האָט זיך געסטאַרעט צו פאַנגען און צו פאַר־פירן צום קריסטענטום די מער פעיקערע יידישע יונגעלייט, און קוים האָט זי דערשמעקט, אַז אַ וועלכער עס איז פון אירע בעסערע תלמידים האָט בדעה איבערצוגיין אין אַן אַנדער אַנ-שטאַלט, האָט זי אָנגעווענדט אַלע מיטלען און זיך באַנוצט מיט גוטן און מיט בייזן, אים דערצו נישט צו דערלאָזן.

דאָסזעלבע האָט פּאַסירט אויך מיט גרשונין. נאָכדעם ווי ד״ר שוואַרץ האָט אים צוגעזאָגט אויפצונעמען אים אין זיין אינסטיטוציע, האָט ער אָנגעהויבן זוכן פלענער ווי אַרויסצוכאַפּן זיך פון זיינע ביז־אַהעריקע בעלי־הבתים. ווי ער האָט זיך נישט געהיט אַרויסצוברענגען זיינע געדאַנקען פאַרן מויל, האָט פאָרט דאָס שאַרפע אויג פונם פאַרוואַלטער באַמערקט, אַז מיט אים איז עפּעס נישט גלאַטיק, און באַלד פון דער ערשטער מינוט אָן, האָט ער אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקע שמירה. עס איז געקומען דערצו, אַז מ׳האָט ביי אים צוגענומען די פרייע אָוונט־שעה און אויך דעם פרייען טאָג אין חודש, וועלכן מ׳האָט געגעבן יעדן תלמיד. געפינענדיק זיך אַזוי געדריקט, האָט זיך גרשוני אין אַ געוויסן טאָג געמאַכט האַרץ און אַריין צום פאַר־וואַלטער און דערציילט אים, אַז ער קאָן דאָ בשום אופן מער נישט פאַרבלייבן, ווייל ער וועט זיך צו קיין זאַך נישט דער־שלאָגן, און ער מוז אָנקומען צו ד״ר שוואַרץ. דער פאַרוואַל־טער איז אָנפאַנגס זער בייז געוואָרן אויף גרשונין, דערנאָך האָט ער אים גענומען איינריידן מיט גוטע ווערטער, ער זאָל נישט אַוועקגיין; דערביי האָט ער אים געוויזן בריוו, וואָס ער האָט געשריבן וועגן אים און וועגן זיינע גרויסע פעיקייטן צו פאַרשיידענע הויכע לייט, פון וועלכע ער האָט באַקומען

תשובות, אַז זיי ווילן זיך סטאַרען צו קריגן פאַר איהם אַ שטע־לע אַלס גייסטליכער. „אַז איך האָב דאָס געהערט—דערציילט גרשוני—בין איך אַ פאַרציטערטער געוואָרן. איך האָב באַטראַכט דידאָזיקע שטעלע פאַר דעם גרעסטן אומגליק פון אַלע אומ־גליקן, וואָס איך האָב אויף זיך מיט די אייגענע הענט אַרויפ־געבראַכט". ער האָט זיך אָבער ווי־עס־איז אַרויסגעריסן פון דער אַנשטאַלט און איז אַוועק צום ד"ר שוואַרץ.

אָבער דער ד"ר שוואַרץ האָט אויף איהם געקוקט מיט אומצוטרוי און ער האָט גערשונין ערגעץ קיין רעקאָמענדאַציע נישט געוואָלט געבן.

דערווייטערט פון די מיסיאָנערן און פון זייערע אונ־טערשטיצונגס־אַנשטאַלטן, איז גרשוני ווידער געבליבן אָן הילף. גאָר אויף דאָס ניי האָט ער זיך גענומען אַרומדרייען איבער די לאָנדאָנער גאַסן, און זיין לאַגע איז געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. דערזעענדיק, אַז ער האָט פאַר זיך נישט קיין אַנדער אויסוועג, האָט ער אָנגעשריבן אַ וידוי־בריוו און איהם אַליין אַריינגעטראָגן און דערלאַנגט דעם לאָנדאָנער אויבער־רב, ד"ר נתן אָדלער. דער בריוו, וואָס איז געווען געשריבן אין אַ גלענצענדן העברייאישן סטיל און פאַרווירצט מיט מאמרי־חז"ל, האָט געמאַכט אויף דעם אַלטן רב זער אַ שטאַרקן איינדרוק, וועלכער איז נאָך געוואָרן פיל גרעסער נאָכדעם ווי ער האָט זיך פונאַנדערגערעדט מיט גרשונין און דערזען, אַז ער האָט פאַר זיך אַ מענטשן מיט אַ קאָלאָסאַלער יידישער און וועלטלע־כער ערודיציע. אָבער ווי גרויס ס'איז געווען אַדלערס מיטלייד מיט גרשונין און ווי הייס ס'איז געווען זיין פאַרלאַנג צו קריגן פאַר איהם די נויטיקע שטיצע, וואָס זאָל איהם געבן די מעג־ליכקייט דערשלאָגן זיך צו אַ תכלית, האָט ער איהם אין לאָנ־דאָן נישט געקאָנט פאַרהאַלטן. אָדלער האָט גאַנץ גוט געוואוסט פון דער פראַקטיק, אַז קוים איז איינער איינמאָל אַריינגעפאַלן צו די לאָנדאָנער מיסיאָנערן און זיי האָבן זיך אויף איהם ווי־פיל עס איז געלאָזט קאָסטן, וועלן זיי איהם שוין אויף קיין פאַל פון זייערע הענט נישט אַרויסלאָזן, און וועלן אויף איהם

תמיד און אומעטום לויערן און לייגן אים אויף זיין וועג כל־המינים שטרויכלונגען. נעמענדיק דאָס אין אַכט, איז די איינציקע זאַך, וואָס אַדלער האָט פאַר אים געקאָנט טון, געווען נאָר צו געבן אים אויף הוצאות און אויסצוריכטן אים קיין פאַריז מיט רעקאָמענדאַציעס צו עטלעכע פון די דאָרטיקע גרויסע יידישע פערזענלעכקייטן.

# IV

מיט גרויס בטחון אויף דער צוקונפט איז גרשוני געקומען קיין פאַריז. אין די ערשטע פאָר וואָכן האָט אים ווירקלעך אויסגעוויזן, אַז דאָ וועט נעמען אַ סוף צו זיינע אַרומוואַנדערונגען און צו זיינע צרות. די פערזאָנען, צו וועלכע ער האָט מיטגעבראַכט רעקאָמענדאַציעס פון אַדלערן, האָבן אים זער פריינטלעך אויפגענומען, און יעדער איינציקער האָט אים אַרויסגעוויזן גרויס התקרבות. דידאָזיקע פערזאָנען האָבן וועגן אים אָפּגעהאַלטן צווישן זיך אַ באַראַטונג, און האָבן באַשלאָסן אַריינצובריינגען אים אין דער פאַריזער „סאָרבאָנע", וואו ער זאָל זיך אויסבילדן אויפן וויסנשאַפטלעכן געביט. גרשוני האָט זיך דורך דעם באַשלוס געשעצט העכסט גליקלעך, ווייל זיין אַמאָליקער בילדונגסדורשט האָט זיך גאָר אין אים נישט געשטילט.

אינגיכן האָט אָבער גרשוני באַקומען פון זיין גורל אַ גאַנץ אומגעריכטן קלאַפּ, וועלכער האָט צושטערט אַלע זיינע האָפנונגען אויף ליכטיקערע טעג. אין אַ געוויסן טאָג האָבן אים מיט אַמאָל זיינע וואוילטעטער אָנגעהויבן איגנאָרירן. זייער פאַרהאַלטן זיך צו אים האָט גענומען ווערן קעלטער פון טאָג צו טאָג, ביז ס'איז דערגאַנגען צו דעם, אַז אין אַ שענעם פרימאָרגן האָט ער זייערע טירן געפונען פאַר זיך פאַרשלאָסן. וואָס גרשוני האָט זיך צומאַטערט צו דערגיין די סבה פון דערדאָזיקער פלוצלונגער פאַרענדערונג, האָט ער זיך קיין זאַך נישט דערוואוסט. די זאַך איז אים ערשט אויפגעקלערט געוואָרן אין אַ פאָר וואָכן אַרום. אַריינגייענדיק אַמאָל אין אַ יידישן רעסטאָראַן, האָט ער צופעליק גענומען אין האַנט אַן אַלטן נומער פון

אַ יידיש־פראַנצויזישער צייטונג, וואָס ערשיינט אין פּאַריז. אַריינקוקנדיק אין בלאַט, איז אים פינסטער געוואָרן אין די אויגן. ער האָט זיך גראָד אָנגעשטויסן אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון לאָנדאָן, אין וועלכער עס ווערט דערציילט, אַז איינער אַ געוויסער גרשוני, וואָס האָט זיך אַמאָל אין רוסלאַנד געשמדט, איז צוליב ניט קיין שענע מעשיות געקומען קיין לאָנדאָן, וואו ער איז גלייך אַריין צו די מיסיאָנערן, פאַר וועלכע ער האָט זיך אויסגעגעבן אַלס רעכט־גלויביקער קריסט. נאָכדעם ווי די מיסיאָנערן האָבן אים צו זיך מקרב געווען און געלאָזט זיך קאָסטן אויף אים גרויסע געלט־סומעס, איז ער פון זיי אַנטלאָפן און איז אַוועק צו דעם לאָנדאָנער רב, ר׳ נתן אַדלער, וועלכן ער האָט אָפּגענאַרט, זאָגנדיק, אַז ער איז אַ הייסער צו זיין פאָלק און צו זיין אמונה איבערגעגעבענער ייד. ווי מיר דערוויסן זיך, האָט דער באַשווינדלטער לאָנדאָנער רב רעקאָמענדירט גרשונין צו זיינע באַקאַנטע גרויסע יידן אין פּאַריז. בכן האַלטן מיר פאַר אונזער חוב צו וואָרענען דידאָזיקע פּאַריזער יידן, אַז זיי זאָלן פאָרזיכטיק זיין און זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון דעם באַטריגער, וועלכער האָט שוין אָפּגעטון כל התועבות שבעולם און פאַרשטעלט זיך פאַר איינעם, וואָס איז גאָט די נשמה שולדיק". איבערלייענענדיק דידאָזיקע קאָרעספּאָנדענץ, איז גרשוני געבליבן זיצן אויף זיין אָרט אַ צודולטער, איצט האָט ער ערשט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס די פּאַריזער יידן זיינען צו אים מיט אַמאָל אַזוי אָפּגעקילט געוואָרן. האַלטנדיק זיך פון גרויס אויפרעגונג קוים אויף די פיס, איז גרשוני אַרויס פון רעסטאָראַן, ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם, וואָס ער האָט געהערט פון ר׳ נתן אַדלער, אַז קוים האָט ער ווען־עס־איז געהאַט צו טון מיט די לאָנדאָנער מיסיאָנערן, וועלן זיי זיך שוין פון אים נישט אָפּטשעפּען און וועלן אים נישט אויפהערן צו רודפן דורך אַלערליי מיטלען. אַריינטראַכטנדיק זיך גוט אין זיין ניי־געשאַפענעם מצב, האָט גרשוני באַשלאָסן איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּצושעמען זיך און אַרויסטרעטן מיט זיין וידוי עפנטלעך, פאַר דער גאַנצער וועלט, כדי אַלע זאָלן וויסן וועגן אים

דעם ריינעם אמת, און דורכדעם—אַזוי האָט ער געהאָפּט—וועט אים געלינגען אַוועקצונעמען ביי די מיסיאָנערן די וואַפען, וועלכע זיי נוצען אויס קעגן אים.

ווי שווער דאָס איז אים געווען האָט גרשוני פאַרעפנטלעכט אין דעם דעמאָלסדיקן איינציקן העברייאישן וואָכנבלאַט „המגיד״ אַ גרויסן אַרטיקל, אין וועלכן ער גיט איבער אין אַלגעמיינע שטריכן זיינע איבערלעבענישן פון דעם טאָג אָן, וואָס ער האָט זיך געשמדט, און וועלכן ער פאַרענדיקט מיט די פאָלגנדע העכסט אינטערעסאַנטע שורות:

„זאָלן אויף מיר עדות זאָגן די גרויסע לאָנדאָנער פער־זאָנען, אויב איך האָב מיך נישט צוריקגעקערט מיטן גאַנצן האַרצן צו דעם גאָט פון מיינע עלטערן, און אויב איך האָב ביי זיי עפּעס גענומען אַחוץ רייזע־קאָסטן צו קומען קיין פּאַ־ריז; זאָל אויף מיר עדות זאָגן דער באַרימטער געלערטער ה׳... אויב איך בין נישט אַוועק פון לאָנדאָן הויל און נאַקעט, בעת ס׳האָבן זיך דאָרט געפונען הויכגעשטעלטע קריסטן, וועלכע האָבן געוואָלט, און אויך געקאָנט, טון מיט מיר גוטס, ווען איך וואָלט נאָר מסכים געווען צו פאַרבלייבן ביי זיי. זאָלן אויף מיר עדות זאָגן אויך די מענטשן, וועלכע האָבן מיך דאָ דערקענט. אויב שוין נישט דריי חדשים ווי איך פאַרברענג אין פּאַריז אין עלנט און נויט, און אויב איך זאָג נישט תמיד, אַז כ׳וועל בעסער שטאַרבן פון הונגער און באַגראָבן ווערן צווישן יידן, איידער צו לעבן אין פאַרגניגן צווישן די מיסיאָנערן. מיין הייסעסטער וואונש איז, אַז מיין תשובה זאָל באַקאַנט ווערן אין דער וועלט און זי זאָל דינען פאַר אַ טרייסט מיין משפחה, וועלכע איך האָב אַזוי מביש געווען דורך מיינע שלעכטע מעשים. איך וואָלט געוואָלט, אַז יונגעלייט אין מיינע יאָרן זאָלן זיך פון מיר אָפּלערנען אַ מוסר השכל און פאַרשטיין ווי שרעקלעך, עס איז די לאַגע פון אַזעלכן ווי איך, וואָס האָט זיך שווער פאַרזינדיקט אָן זיין גאָט און אָן זיין פאָלק. און נאָכאַמאָל בעט איך אייך, יידן! פאַרשטויסט מיך נישט פון אייך און נעמט מיך צוריק אויף אין אייער געזעלשאַפט״.

כּדי זיין אַרטיקל זאָל מאַכן אין דער וועלט דעם געהעריקן איינדרוק און זאָל געווינען דעם אַלגעמיינעם צוטרוי, האָט אים גרשוני אָפּגעדרוקט אין „המגיד" צוזאַמען מיט אַ באַשטעטיקונג פון דעם דאַמאָלסט פּאָפּולער געוועזענעם יידישן געלערנטן און העברייאישן שריפטשטעלער שניאור זאַקש. זאַקש רופט זיך אָפּ וועגן גרשונין זער וואַרים; ער שרייבט, אונטער אַנדערן: „זינט כ'האָב מיך מיט אים באַקאַנט און האָב באַטראַכט זיין אויפפירונג, קאָן איך אויף אים מעיד זיין, אַז ער האָט פון גאַנצן האַרצן באַקומען חרטה אויף זיינע אומגליקלעכע מעשים, און איצט איז ער צוריק געוואָרן אַ הייסער אויפריכטיקער זון פונם יידישן פאָלק. אַ גרויסע מצוה וועט פאַרדינען דער, וואָס וועט אים מקרב זיין און וועט אים העלפן אויסנוצן זיינע גלענצנדע פעיקייטן מיט זיינע אומגעהויערע טיפע קענטעניש אין שפּראַכן און וויסנשאַפטן, יידישע און וועלטלעכע. איך בעט אייך, ברידער, ברענגט אים נישט אַריין אין פאַרצווייפלונג, דערמאָנט אים נישט זיין פאַרברעכן, האָט נאָר אין זינען, אַז ביי היינטיקן טאָג איז ער איינער פון אונזערע, נעמט אים אַריין צו זיך אין שטוב און לאָזט אים נישט פאַרהונגערן, חלילה"...

## V

גרשוניס אַרטיקל מיט דער באַשטעטיקונג פון שניאור זאַקש האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק, פון יענער מינוט אָן האָבן די פאַריזער גדולים צוריק פאַר אים געעפנט זייערע טירן. גרשוני האָט שוין אָבער אין פאַריז נישט געוואָלט פאַרבלייבן. ער האָט נאָך אַלץ מורא געהאַט פאַר פאַרפאָלגונגען מצד די מיסיאָנערן. אים האָט אָנגעהויבן צו ציען נאָך דער פרייער אַמעריקע. זאַקש האָט דאָס אויך געפונען פאַר גלייך, און לויט זיין השתדלות האָט דער קאָמיטעט פון דער פאַריזער חברה „כּל ישראל חברים" (אַליאַנס איזראַעליט) אַרויסגעהאָלפן גרשונין מיט אַ געוויסער געלט-סומע, וואָס האָט אים געגעבן

**די מעגליכקייט אָנצוקומען קיין ניו־יאָרק.**

אין ניו־יאָרק איז גרשונין די ערשטע פּאָר יאָר אַוועק זער שלעכט. די מענטשן, צו וועלכע ער האָט מיטגעבראַכט רעקאָמענדאַציעס פון פּאַריז, האָבן אים אַרויסגעוויזן גאַנץ ווייניק התקרבות. אַ געוויסע צייט איז אים אויסגעקומען אַזוי שלעכט, אַז ער האָט זיך פּאַרדונגען פּאַר אַ זער קליינעם געהאַלט אַלס שומר פון אַ זומער־וואוינונג. שפּעטער אַ ביסל האָט ער זיך באַקאָנט מיט איינעם אַ ווארשעווער, וואָס האָט געשטאַמט פון ווילנע, און יענער האָט אים רעקאָמענדירט פּאַר אַ מגיד אין אַ קליין שולכל. גרשוני האָט געהאַלטן די ערשטע פּראָבע־דרשה, און האָט ביי דעם עולם שטאַרק אויסגענומען. גרשוני האָט נאָך אָבער נישט באַוויזן אָנצעוואַרעמען זיך אויף דערדאָזיקער שטעלע, און ס׳האָט זיך מיט אַמאָל אויף איר אָפּגעפונען אַ נייער פּרעטענדענט, אַ פּוילישער יונגערמאַנטשיק, וועלכער איז גראָד געווען דעם גבאיס אַ נאָענטער קרוב. דער עולם האָט זיך צעטיילט אויף צוויי צדדים, וועלכע האָבן איינער דעם אַנדערן בשום אופן נישט געוואָלט נאָכגעבן. דערווייל האָט דער געגנער גענומען נישטערן גרשוניס פּאַרגאַנגנהייט, און ער האָט זיך אַזוי לאַנג אין איר געגריבלט, ביז ער איז דערגאַנגען די געשיכטע פון זיין שמד. דער יונגערמאַנטשיק האָט באַלד געמאַכט אַ „יעלה״, דאַן האָט גרשוני אַרויסגענומען און באַוויזן דעם נומער „המגיד״ מיט זיין ודוי־אַרטיקל. דאָס האָט אים אָבער נישט געהאָלפן. די בעלי־הבתים פונם שולכל האָבן נישט געוואָלט האָבן ביי זיך פּאַר א מגיד אַ געוועזענעם משומד. גרשונין האָט מען אָפּגעזאָגט פון זיין שטעלע, און זיין מצב איז ווידער געוואָרן זער קריטיש. טאָמער איז נאָך דאָס געווען ווייניק, האָט זיך געפונען איינער, וועלכער האָט אַוועקגעשיקט אין „המגיד״ אַ קאָרעספּאָנדענץ פון ניו־יאָרק וועגן אַ סקאַנדאַל, וואָס האָט דאָרט פּאַסירט מיט איינעם אַ משומד, וואָס האָט זיך פּאַרשטעלט פּאַר אַ יידן און איז געוואָרן אָנגענומען אַלס מגיד אין אַ שול. ס׳איז פּאַרבליבן אומבאַקאַנט, צי מ׳האָט אין דער רעדאַקציע פון „המגיד״ נישט געוואוסט וועגן וועמען דאָ רעדט

זיך, אָדער ס׳איז אויסגעקומען ביי דעם רעדאַקטאָר, וועלכער איז געווען, כּידוע, אַן עקסטער אָרטאָדאָקס, אַז אַ געוועזענער משומד, אַפילו אַזעלכער, וואָס האָט זיך שוין אַפילו צוריקגע־קערט צום יידנטום דאַרף זיך נישט ערלויבן צו פאַרנעמען זיך מיט מגידות—אַ שטעלע, וועלכע איז פאַרבונדן מיט אַ גרויסע דאָזע יראת־שמים... ווי די זאַך זאָל נישט האָבן געווען, אַ פאַקט איז, אַז די ניו־יאָרקער קאָרעספּאָנדענץ האָט זיך אָפּגעדרוקט אין „המגיד" און געטראָפן גרשונין ווי אַ דונער.

וואָלט אַזאַ געשיכטע פּאַסירט מיט אַן אַנדערן, וואָלט ער געוויס באַין ברירה געמאַכט אַ שווייג און אַנטלאָפן פון דעם שולכל מיט דער מגידות, וואו פעפער וואַקסט. גרשונין האָט דאָס אָבער נישט אָפּגעשראָקן און נישט אָפּהענדיק געמאַכט. אים איז אַריין אין אַמביציע צו דערווייזן, אַז ער, דער געוועזענער משומד, האָט שוין באַקומען צוריק זיין אַמאָליקן גוטן נאָמען, און אַז דוקא אין דעם סאַמע ריכטיקסטן אָרט פון תורה און יראת שמים, אין רוסלאַנד, געניסט ער ווידער ביי היינ־טיקן טאָג גרויס כּבוד און אַכטונג. און ער האָט דאָס דערוויזן, באַנוצנדיק זיך דערמיט מיט צוויי מיטלען. קודם־כּל האָט ער זיך רעהאַביליטירט אין אַ פייערדיקן אַרטיקל, וועלכן ער האָט דאָסמאָל פאַרעפנטלעכט שוין נישט אין „המגיד" נאָר אין דעם מער געלעזענעם און געאַכטעטן „המליץ". אין דעמדאָזיקן אַרטיקל האָט ער זיך שוין נישט פאַרטיידיקט, נאָר איז אַליין געוואָרן אַן אָנקלאָגער קעגן די, וואָס רודפן אים פאַר אַ פעלער, וועלכן ער האָט אָפּגעטאָן בלויז פון יוגנטלעכער לייכטזיניקייט און פון וועלכן ער האָט זיך שוין לאַנג ריינגעוואַשן. דער דערמאָנטער אַרטיקל איז געווען געשריבן אין אַזאַ שאַרפן פּאָ־לעמישן טאָן, אַז גרשוניס אַ יונגערער ברודער אין רוסלאַנד האָט זיך, איבערלייענענדיק אים, שטאַרק דערשראָקן. ער האָט מורא געהאַט, אַז גרשוניס אָנפאַל וועט אויפרייצן קעגן אים דעם גאַנצן אָרטאָדאָקסישן טייל פונם אַמעריקאַנער יידנטום. אויף דעם באַווייזט אַ פעליעטאָן, וואָס גרשוני האָט אָפּגעדרוקט אין אַ קורצער צייט אַרום אין „המליץ" אין דער פאָרם פון אַ תשובה

צו זיין ברודער. אין דעמדאָזיקן פעליעטאָן שרייבט גרשוני צווישן אַנדערן: „דו וואונדערסט דיך, ווי קום איך, וואָס האָב אויף זיך אַזאַ פעקל עבירות, צו ריידן אין אַזאַ טאָן. האָב קיין מורא נישט, באַלד וועלן זיך די אַמעריקאַנער יידן אי־בערצייגן, אַז נאָך עד היום שטיי איך אין לומדות און אין חריפות מיט אַ סך שפּאַלטן העכער פון פיל אַנדערע, וועלכע פּרעטענדירן ביי זיי אויף רבנות".

ווי עס ווייזט זיך אַרויס, האָט גרשוני מיט זיינע לעצטע ווערטער געמיינט אָט־וואָס: ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער זיך וויפיל מאָל באַגעגנט אין ווילנע ביי זיין פאָטער אין הויז מיט דעם באַרימטן גאון ר׳ יוסף בער סאָלאָווייטשיק, וועלכער איז דאַן געווען רב אין בריסק, און אַז יעדעס מאָל פלעגט ער זיך מיט אים מפלפל זיין אין לערנען און שטאַרק ביי אים אויסנעמען. נישט פיל געקלערט, האָט זיך גרשוני אַוועקגעזעצט און האָט איבער אַ נאַכט אָנגע־שריבן אַ גאַנץ פעקל מיט חדושי־תורה און מיט אַ סך פאַרפלאָנ־טערטע „שאלות ותשובות", אויף וועלכע ער האָט ביי אים גע־בעטן אַן ענטפער, עס איז פון קיין קוועלע נישט אויפגעקלערט געוואָרן, צי ר׳ יוסף־בערן איז דאַן באַקאַנט געווען גרשוניס פאַרגאַנגנהייט און האָט געוואוסט מיט וועמען ער האָט דאָ צו טון. ס׳איז אָבער באַוואוסט, אַז אין אַ געוויסער צייט אַרום האָט גרשוני באַקומען פון ר׳ יוסף־בערן אַן אויספירלעכע תשובה, אין וועלכער ער האָט אים אָנגערופן: „הרב הגאון"...

וועגן דעם האָט מען זיך באַלד דערוואוסט נישט בלויז אין דעם שולכל, וואו מ׳האָט אַנגאַזשירט גרשונין פאַר אַ מגיד, נאָר אויף אין אַנדערע ברייטערע קרייזן פון די ניו־יאָרקער אָרטאָדאָקסן. ס׳האָבן זיך באַלד אָפּגערופן צווישן זיי חשובע פערזאָנען, וועלכע האָבן גרשונין אַרויסגעוויזן גרויס התקרבות, און אַזוי אַרום וואָלט אים שוין דאַן פיל לייכטער אָנגעקומען צו דערשלאָגן זיך צו אַ וועלכן־עס־איז רעליגיעזן אַמט, צו וואָס ער האָט אָנפאַנגס געשטרעבט בעת ער האָט זיך נאָך געפילט עלנט און האָט נישט געהאַט על מזוי סעודה אחת.

דערווייל האָט זיך אים אָבער אונטערגערוקט אונטער דער האַנט אַן אַנדערע באַשעפטיקונג, וועלכע איז אים געוואָרן פיל אָנגענעמער און ליבער. באַזיצנדיק פאָלקאָם די ענגלישע שפּראַך, האָט ער זיך געפּרובט נעמען צו דער ענגלישער זשורנאַליסטיק.

## V

אין אַ געוויסן טאָג האָט גרשוני אַוועקגעטראָגן זיין ערשטן אַרטיקל אין אַ יידיש-ענגלישן וואָכנבלאַט. דער אַרטיקל איז דעם רעדאַקטאָר שטאַרק געפעלן געוואָרן, ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון צו געבן אים אַ וועלכן-עס-איז האָנאָראַר. קיין אָנפאַנגער—אַזוי האָט דער רעדאַקטאָר געזאָגט—צאָלט ער נישט. ווי זער ער האָט זיך געניטיקט אין געלט, האָט ער אים פונדעסטוועגן נישט אויפגעהערט צו ברענגען אַרטיקלען, און איטלעכער בעסער און אינטערעסאַנטער פון דעם אַנדערן. די טעמעס פון זיינע אַרטיקלען זיינען געווען דאָס רוב וויסנשאַפטלעך-יידישע, היסטאָרישע און קריטישע. פון צייט צו צייט האָט ער אָבער געשריבן אויך פּובליציסטיק. זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען זיינען געווען כמעט אַלע שאַרפע פּראָטעסטן קעגן דעם זיך-אַסימילירנדיקן אַמעריקאַנער יידנטום און הייסע פאַנעגיריקעס דעם אַלטן יידיש-פאַטריאַרכאַלן לעבנסשטייגער. אין דעם זין האָט גרשוני אין דערזעלבער צייט געשריבן בריוו אויך אין „המליץ”.

דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז גרשוני האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז שטאַרק פּאָפּולער ווערן, באַזונדערס אין ניו-יאָרקער זשורנאַליסטישע קרייזן. ער האָט באַקומען איינלאַדונגען מיטצואַרבעטן אין אייניקע גרויס ענגלישע בלעטער, דורכדעם האָט זיך פיל פאַרבעסערט זיין מאַטעריעלע לאַגע, און דאָס האָט אין אים אויפגעלעבט זיין אַמאָליקן באַשלוס צו דערשלאָגן זיך צו אַ בילדונגס-קאַריערע אויפן וויסנשאַפטלעכן געביט, צו וועלכן ער האָט פון תמיד אָן אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערע נייגונג.

דער גורל האָט נאָך אָבער נישט אויפגעהערט צו רודפן

גרשונין. בעת ער איז ביי זיך געווען גאַנץ זיכער, אַז באַטרעטנ־דיק דעם אַמעריקאַנער באָדן, איז ער שוין דורכדעם אויסגע־לייזט געוואָרן פון די מיסיאָנערישע הענט אויף אייביק,–אין דערזועלבער צייט האָבן די לאָנדאָנער מיסיאָנערן נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט צו פאַרפאָלגן אים. משמעות, אַז האָבנדיק גרשונין אין דער האַנט, האָבן זיי אים באַטראַכט פאַר אַ „פעטן העכט", פון וועלכן זיי האָבן געהאָפט פיל צו פראָפיטירן אין דער צו־קונפט. זיין אַרויסדרייען זיך פון אונטער זייער אָפּיעקע איז פאַר זיי געווען ממש אַ טויטקלאַפּ, פאַר וועלכן זיי האָבן אים נישט געוואָלט פאַרשווייגן. נאָך מער אויפגעבראַכטער זיינען זיי אויף אים געוואָרן, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם אינהאַלט פון זיין ודוי, וועלכן ער האָט פאַרעפנט־לעכט אין דער העברייאישער פרעסע, און אין וועלכן ער גיסט פעך און שוועבל אויף די לאָנדאָנער מיסיאָנערן און וואָרנט די יידישע יוגנט צו היטן זיך פאַר זיי און נישט אַריינפאַלן אין זייערע נעגל.

איינמאָל האָט גרשוני באַקומען אַן איינלאַדונג צו קומען אין דער ניו־יאָרקער פּאָליציי. דאָרט האָט מען אים באַוויזן אַ בריפטלעכע אויפפאָדערונג פונם לאָנדאָנער געריכט, איינצוצאָלן תיכף דעם „ביבעל־הויז", וואָס געפינט זיך אונטער דער פאַר־וואַלטונג פונם ד"ר עוואַלד, די סומע פון אַ פּאָר הונדערט פונט שטערלינג, וועלכע ער איז שולדיק דער אויבנדערמאָנטער אַנ־שטאַלט לויט זיין אייגנהענטיק אונטערגעשריבענער התחייבות. גרשוני האָט זיך דערמאָנט, אַז דעם ערשטן טאָג, נאָכדעם ווי ער איז אָנגעקומען אין לאָנדאָנער מיסיאָנס־הויז, האָט מען אים געגעבן אונטערחתמענען זיך אויף אַ קוויטל, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט, אַז ביים פאַרלאָזן די אַנשטאַלט דאַרף ער איר אומקערן די גאַנצע סומע געלט, וואָס זי האָט זיך אויף אים געלאָזט קאָסטן אין משך פון דער צייט, וואָס ער האָט זיך דאָרט אויפגעהאַלטן. דאַן–דאָס געדענקט ער זיכער–האָט מען אים אָבער בעת מעשה געזאָגט, אַז דאָס קוויטל איז מער נישט ווי אַ הוילע צערעמאָניע פון יוצא וועגן, און אַז מען וועט

בײַ אים קײנמאָל דאָס געלט נישט פאָדערן. פאַרשטײענדיק גאַנץ גוט, אַז דאָס איז אַ נקמה־שפּיצל פון די לאָנדאָנער מיסיאָנערן און אַז זײַן טענה וועגן דער „הוילער צערעמאָניע״ וועט אים גאָרנישט העלפן, איז אים זער ביטער געוואָרן אויפן האַרצן, ווײַל דאָס ביסל, וואָס ער האָט פאַרדינט פון זײַן זשורנאַליסטישער טעטיקײט, איז בײַ אים אַוועק אײַנגאַנצן אויף חיונה, און אויסערדעם האָט ער נישט פאַרמאָגט אַפילו קײן צובראָכענעם פעניג. ער האָט דעם פּאָליצײַ־שעף אויפגעקלערט זײַן לאַגע און אויסגעווירקט בײַ אים אַ קורץ־טערמיניקע פּראָלאָנגאַציע. גרשוני האָט געוואוסט, אַז אויב ער וועט נישט אײַנצאָלן דאָס געלט צום טערמין, שמעקט דאָס פאַר אים מיט אַרעסט, און אפשר · נאָך אויך מיטן אַרויסשיקן קײן ענגלאַנד, און ער האָט זיך גענומען ברעכן דעם מח, ווי אַזוי און דורך וועלכע מיטלען צו באַקומען די נויטיקע סומע. ער וואָלט זיך אפשר פאַרטרויט אַ גוטן פרײַנט, איז אים אָבער שווער געווען אויפצעוועקן אין דעם זכרון פון אַ צווײטן, און באַזונדערס פון אַ ייד אַן אָרטאָדאָקס — וואָרום קײן גוטע פרײַנט צווישן פרײַזיניקע האָט ער נישט געהאַט און נישט געזוכט — די טרויעריקע געשיכטע וועגן זײַן אַרומדרײען זיך מיט די מיסיאָנערן. וואָס אַ טאָג נענטער צום באַשטימטן טערמין, האָט ער זיך געפילט אַלץ מער מיסגעשטימט, אַלץ מער פאַרצווײפלט.

אָבער גאַנץ אומגעריכט איז אים צופעליק געקומען פאַר די אויגן אַ צײַטונגס־אַנאָנס פון דער קלײנער יידישער קהלה אין דעם פּראָווינץ־שטעטל מײקאַן־גואַ, וואָס זוכט אַ רב, וואָס זאָל אויך זײַן אַ גוטער זאָגער. נישט פיל געטראַכט, איז גרשוני באַלד אַהין אַוועקגעפאָרן, האָט באַוויזן די פאָרשטײער פון דער קהלה זײַן שאלות־ותשובות־קאָרעספּאָנדענץ מיט ר׳ יוסף־בער בריסקער און אויך די מיטגעבראַכטע רעקאָמענדאַציעס פון אַ פּאָר ניו־יאָרקער חשובע און װײטבאַקאַנטע פּערזענלעכקײטן, האָט געהאַלטן אין שול אַ צװײ, דרײַ דרשות אין יידיש און ענגליש, וועלכע האָבן שטאַרק אויסגענומען בײַם עולם, און האָט

גאַנץ לייכט באַקומען אַ כתב־רבנות. דאַן האָט ער פאַרלאַנגט און באַקומען פון דער קהלה אַ באַדייטנדן אַוואַנס, מיט וועלכן ער איז גלייך אָפּגעפאָרן אויף אַ קורצער צייט קיין ניו־יאָרק, צו „ליקווידירן זיינע געשעפטן". דאָרט האָט ער צו דעם אַוואַנס צוגעלעגט קליינע סומעס, וואָס ער האָט באַקומען אין די רע־דאַקציעס פון די צייטונגען, אין וועלכע ער האָט מיטגעאַרבעט, און דערצו עטלעכע גמילות־חסדים ביי ניו־יאָרקער באַקאַנטע, און אַזויאַרום איז אים געלונגען אַריינצוטראָגן אין פּאָליציי נאָך מיט עטלעכע טעג פריער פאַרן טערמין די גאַנצע סומע, וואָס די לאָנדאָנער מיסיאָנערן האָבן ביי אים געמאָנט. „אין יע־נער מינוט — אַזוי האָט גרשוני געשריבן אין אַ בריוו צו זיין ברודער — וואָס איך האָב איינגעצאָלט מיט מיין רבנישער הכנסה מיינע גלחשע הוצאות, האָב איך מיך געפילט פון איין זייט גאַנץ ערשיטערט, און פון דער אַנדער זייט האָב איך מיך געשפּירט, ווי באַפרייט פון אַ שטיקענדיקן קאָשמאַר"...

## VI

אין מייקאַן־גואַ האָט זיך גרשוני פון דער ערשטער מי־נוט אָן געפילט ניט באַזונדערס גוט. אויסער וואָס די רבנישע קאַריערע בכלל האָט אים נישט באַפרידיקט, און אים האָט סטי־כיש געטריבן צו דער ליטעראַרישער טעטיקייט, האָט ער אויך אַלס רב נישט געקאָנט אויפטון דאָס, וואָס אים האָט זיך גע־וואָלט אויפטון, די קהלה אין איר רוב מנין ורוב בנין איז געווען צו פיל מגושמדיק־עם־הארציש, צופיל פאַרביזנעסט און פאַרגרעבט, און ס'איז אים דעריבער אויסגעפאַלן גאַנץ שווער איינצולעבן זיך מיט איר. קוים פינף חדשים איז גרשוני אָפּ־געזעסן אין מייקאַן־גואַ, און איז צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק.

אין ניו־יאָרק איז גרשוני אַ קורצע צייט געווען אַ „זאָגער" אין עמנואל־טעמפּל. פון דאָרט איז ער אַוועק אויף רבנות קיין אַטלאַנטאַ, און אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָט אים איינגעלאַדן צו זיך אַלס רב די חברה „בני־שלום" אין טשיקאַגאָ. אין טשיקאַ־

גאָ האָט שוין גרשוני באַקומען די מעגלעכקייט צו פאַרנעמען זיך פיל מיט ליטעראַטור. ער האָט דאָרט אַרויסגעגעבן אַ העברייאישע איבערזעצונג פון לאָנגפעלאָס באַקאַנטער פּאָעמע „עקסצעלסיאָר”, אַ באַנד אָריגינעלע און איבערזעצטע ערציילונגען אין דער ענגלישער שפּראַך, און האָט אויך געגרינדעט אַן ענגליש־דייטש וואָכנבלאַט „The Advance“ אַריינלאָזנדיק זיך אַלץ וואָס מער אין דער ליטעראַטור, האָט ער צום סוף די רבנות איינגאַנצן אויפגעגעבן, און איז אין יאָר 1882 געקומען קיין ניו־יאָרק, וואו ער איז שוין געבליבן אויף שטענדיק.

פון דעמאָלט אָן האָט זיך גרשוני אינגאַנצן איבערגעגעבן בלויז דער ליטעראַרישער טעטיקייט. אויסער זיינע שטענדיקע „ניו־יאָרקער בריוו” אין די העברייאישע צייטונגען און זשורנאַלן, אין וועלכע ער האָט כסדר אַגיטירט פאַר דעם יידיש־נאַציאָנאַלן געדאַנק און פאַר דער אויפלעבונג פון די יידישע נאַציאָנאַל-קולטורעלע ווערטן, האָט ער אויך אַרויסגעגעבן וויסנשאַפטלעכע ווערק, און באַזונדערס אויף ענגליש. צווישן אַנדערע–האָט ער איבערגעזעצט אין ענגליש אויך אַ באַנד פון טורגעניעווס נאָוועלן און די באַוואוסטע מרדכי־אהרן גינצבורגס סאַטירע „תקון לבן הארמי”. אין די ערשטע ניינציקער יאָרן האָט גרשוני מיטגעאַרבעט אויך אין די אַמעריקאַנער יידישע בלעטער.

גרשוניס הייסער וואונש, צוליב וועלכן ער האָט אַזוי פיל געליטן און איבערגעטראָגן, איז ערפילט געוואָרן. אויף די אַנאַלען פון אונזער יידישער געשיכטע וועט ער פאַררעגיסטרירט אַלס איבערגעגעבענער זון פון זיין פאָלק.

ש. ל. ציטראָן.

# איסאַק עדואַרד זאַלקינסאָן (יע״ס).

אין מיטן די זיבעציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט די העברייאישע ליטעראַטור געקלונגען מיט אַ געוויסן שריפטשטעלער־איבערזעצער, וועלכער האָט זיך תמיד געחתמעט אויף זיינע ווערק נישט מיט זיין מפורשן נאָמען, נאָר מיט דעם פסעוודאָנים י ע ״ ס, דער ווייט און ברייט באַרימט געוועזענער רעדאַקטאָר פון דעם העברייאישן חודש־זשורנאַל „השחר״, פּרץ סמאָלענסקין, האָט זיך נישט איינמאָל אויסגעדריקט עפנטלעך, אַז צווישן העברייאישע שרייבער איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזאַ שפּראַך־קינסטלער ווי יע״ס, און צי ס׳וועט אויפשטיין אַזעלכער נאָך אים — איז ער שטאַרק מסופק. אָן דערזעלבער מיינונג האָבן זיך געהאַלטן אויך אַלע איבעריקע קאָריפייען פון דער העברייאישער ליטעראַטור. דערביי האָבן זיי אַלע ווי לגמרי פאַרגעסן, אַז דערדאָזיקער יע״ס מיט וועמענס העברייאישן סטיל זיי שטאָלצירן אַזוי, איז שוין דאַן געווען אַן אָפּגעריסענער צווייג פון דעם יידישן בוים, אַ משומד, און דערצו נאָך אַ מיסיאָנער, וואָס האָט זיך געמאַכט פאַר זיין לעבנסצוועק וואָס מער יידן צו מאַכן פאַר אַזוינע אָפּטריניקע ווי ער אַליין איז. די אַלגעמיינע באַגייסטערונג פון זיינע ווערק האָט דערלאַנגט אַזוי ווייט, אַז מ׳האָט זיך פון לכתחילה אָן געסטאַרעט צו זען אין אים בלויז דעם גרויסן העברייאישן וואָרטמייסטער און צו פאַרבאָרגן די אויגן פון זיין פאַרראַט אָן דעם יידישן פאָלק.

פאַר די, וואָס האָבן געקענט יע״סן פון דער נאָענט, איז ער געווען תמיד אַ גרויס רעטעניש. אַ מענטש וואָס איז געווען

קלאָר אין ש״ס און פוסקים, וואָס די גאַנצע אַלטע און מיטל־אַלטערלעכע און נייע העברייאישע ליטעראַטור איז ביי אים געלעגן ממש אויף דער צונג; אַ מענטש, וואָס האָט שטענדיק גערעדט וועגן די יידישע גייסטיקע, קולטורעלע אוצרות מיט דער גרעסטער אַנטציקונג און וועלכער האָט ביי יעדער געלעגנהייט אַרויסגעוויזן ליבשאַפט צו יידן און יידישקייט,—אַזאַ מענטש איז אַליין געוואָרן אומטריי דעם יידישן גלויבן און געשטרעבט צו ווירקן אין דעם זין אויך אויף אַנדערע יידן. ס'זיינען געווען צווישן זיינע מקורבים אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געגעבן מי צו געפינען דעם שליסל צו דעמדאָזיקן פסיכאָלאָגישן רעטעניש, און האָבן אים אָבער נישט געפונען. ווייניקער פון אַלץ האָט יע״ס ליב געהאַט צו ריידן פון זיך און וועגן זיין פאַרגאַנגנהייט. פון דעם וואַקסט עס, וואָס עס זיינען וועגן אים פאַרשפרייט געוואָרן אין דער העברייאישער פרעסע ידיעות וועלכע זיינען געווען גענומען פון דער לופט. אַזוי, צום ביישפיל, האָט זיך ביי אַ לאַנגע צייט שטאַרק געהאַלטן די ווערסיע, אַז יע״ס איז אַ געבוירענער אַ ווילנער און איז אַ זון פון דעם אין די זעכציקער יאָרן באַוואוסטן העברייאישן דיכטער שלמה זאַלקינד, דער מחבר פון „קול שלמה“, בעת, אַז דאָס איז אין דער ווירקלעכקייט „נישט געשטויגן, נישט געפלויגן“. באמת איז יע״ס געבוירן געוואָרן אין אַ קליין שטעטל נעבן שקלאָוו. זיין פאָטער איז געווען נישט קיין דיכטער, נאָר אַ דיין, ווי דער לעזער וועט זען ווייטער.

דעם שרייבער פון דידאָזיקע שורות האָט זיך איינגעגעבן צו באַקומען בנוגע יע״סן אַ רייכן ביאָגראַפישן מאַטעריאַל, וואָס וואַרפט אַ גאַנץ באַזונדער שיין אויף דעם לעבנס־לויף פון דערדאָזיקער העכסט־אינטערעסאַנטער פערזענלעכקייט.

*

דריי יאָר אַלט—דאָס איז געווען 1825—איז יע״ס מיט זיינע עלטערן אַריין וואוינען קיין שקלאָוו. זיין פאָטער איז אין

דער יונגנס געווען אַ פּרוש, וועלכֿער האָט זיך געוואַלגערט אין ישיבֿות און בתּי־מדרשים אין פֿאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך און האָט זיך געשניטן אויף רבֿנות. עס זיינען אָבער אַוועק יאָרן, און ער האָט קיין רבֿנות נישט באַקומען, כאָטש ער האָט געהאַט סמיכֿה פֿון די גרעסטע גאוני־הדור און האָט געשמט פֿאַר אַ למדן מופלג. די סבּה דערפֿון איז געווען דאָס, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין הדרת פּנים, ער איז געווען אַ נידריקער און אַ דאַרער, און דערצו נאָך אָן אַ שום חתימת זקן. אויסער דעם האָט ער געהאַט נישט קיין קלאָרן חתּוך־הדבּור, און צייטנווייז האָט ער צוגעשטאַמלט. זיין לעצטע האָפֿנונג האָט ער געלעגט אויף שקלאָוו, וואו דער ראש־הקהל איז געווען זיין ווייבס אַ לייבלעכֿער קרובֿ, און וואו מען האָט זיך געקליבן צו נעמען אַ נייעם מורה־הוראה. זיין האָפֿנונג איז אָבער דערפֿילט געוואָרן נאָר אויף אַ העלפֿט: שקלאָוו האָט אים גענומען נישט פֿאַר אַ מורה־הוראה, נאָר פֿאַר אַ דיין. אָבער אויך אויף דער שטעלע האָט ער זיך נישט געהאַלטן. זיין שטאַמלען האָט פֿיל געשטערט דעם גאַנג פֿון די דין־תּורהס, גאַנץ אָפֿט פֿלעגט קומען דערצו, אַז די צדדים פֿלעגן אויסברעכֿן אין אַ געלעכֿטער, דער דיין, ווערנדיק דורך דעם זער נערוועאיש, פֿלעגט אַריינקומען אין גרויס צאָרן און שטאַרק אויסזידלען די קליענטן. די אומצופֿרידנקייט איז געוואַקסן צווישן די שטאָט־בעלי־בתּים פֿון טאָג צו טאָג, און דער סוף איז געווען, אַז מ׳האָט אים אָפּגעזאָגט פֿון דיינות. דערביי האָט מען באַשלאָסן צו געבן אים פֿון דער פֿלייש־קאָראָבקע צען גילדן אַ וואָך אויף חיונה. דערדאָזיקער מצבֿ האָט געבראַכֿט דערצו, אַז ער איז געוואָרן זער דענערווירט און איז תּמיד אַרומגעגאַנגען אַן אויפֿגערעגטער אויף דער גאַנצער וועלט און אויף זיך אַליין. אויסגעלאָזט דעם כּעס האָט ער באַזונדערס צו זיין פֿאַמיליע, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַ צווייטער פֿרוי מיט פֿינף קינדער—דריי פֿון דער ערשטער ווייבֿ, וועלכֿע האָט אים אָפּגעגט. שטענדיק פֿלעגט ער זיך קאָכֿן און אַרויפֿוואַרפֿן זיך מיט די ערגסטע זלזולים, און אַמאָל אויך מיט קלעפּ. דאָ אויף דער פֿרוי און דאָ אויף די

קינדער, און אַזויאַרום האָט ער זיי אַלעמען פאַרפינסטערט דאָס לעבן.

מער פון אַלעמען האָט געליטן יע״ס וועלכער איז געווען ביים פאָטער דער יינגסטער זון פון זיין ערשטער ווייב. בעת דער פאָטער איז אַראָפּ פון דיינות, איז ער, יע״ס, געווען אַ יונגל פון אַ יאָר אַכט, וואָס האָט שוין געלערנט ביי אַ גמרא־מלמד, און געהאַט אין שטאָט אַ נאָמען פון „אַן עילוי״. פון דעמאָלט אָן האָט מיט אים דער פאָטער אַליין געלערנט עפּיס ווי וועלנדיק אַריינשפּאַרן אין יונגל די גאַנצע תּורה אויף איין מאָל, האָט ער אים דערביי אומברחמנותדיק געפּייניקט. פיר פאַרטאָג, בעת די גאַנצע שטאָט האָט זיך נאָך געפונען אין די בעטן, פלעגט ער אויפרייסן דאָס יונגל פון זיין זיסן, קינדערשן שלאָף, און ביי די ערגסטע וועטערן, אין פרעסט און אין רעגנס, אים אַוועקשלעפּן מיט זיך אין בית־המדרש, וואו ער פלעגט אים אָפּמאַטערן איבער דער גמרא מיט די תּוספותן גאַנצע זייגערנע שעהן, ביז ס׳פלעגט ביי אים פאַרחלשט ווערן זיין שוואַך הערצל און ווערן אים פינסטער אין די אויגן. פאַר דעם קלענסטן פאַרזען, פאַר אַ טעות אין פּשט, פאַר נישט קאָנען טרעפן באַלד אין ערשטן אויגנבליק דאָס, וואָס עס מיינט דער רבנו תם, אָדער דאָס, וואָס דער מהרש״א וויל האָבן, פלעגט ער דאָס יינגל ממש צוניזוקן, געבן אים די פייערדיקסטע פּעטש און אויסרייסן אים די אויערן. קומענדיק אַ הונגעריקער און אַ צושלאָגענער אַהיים, פלעגט זיך צו אים ערשט נעמען די שטיפמוטער, וועלכע האָט צו אים תּמיד געהאַט איין טענה, אַז ער רויבט אַוועק ביי אירע קינדער דעם לעצטן ביסן ברויט פון מויל דערביי פלעגט זי אים גאַנץ אָפט נישט זשאַלעווען קיין קלעפּ און שלאָגן אים מכות־רצח. אָט אַזוי האָט דער קליינער יע״ס געהאַט תּמיד אויסצושטיין געברענטע ליידן פון אַלע זייטן, און ער האָט זיך ביי זיין טאַטן אין שטוב געפילט ווי אין אַ גיהנום.

אַ ליכט־שטראַל אין יע״סעס דעמאָלטיקן פינסטערן לעבן האָט אַריינגעטראָגן זיין באַקאַנטשאַפט מיט אַ מאָהילעווער בחורל,

אויך אַן עילוי, ווי ער, וועלכער איז געווען אַ תּלמיד פון דער שקלאָווער ישיבה. אין זיינע שווערע מינוטן פלעגט ער זיך איבערכאַפּן צו דעמדאָזיקן בחורל און אויסגיסן פאַר אים זיין ביטער האַרץ און אַוועקגיין פון אים מיט אַ לייכטן געמיט. אָבער מיט דער צייט איז געוואָרן זיין לאַגע אַלץ מער ערגער. דער טאַטע אין בית־מדרש און די שטיפמוטער אין דערהיים האָבן אים געמאַכט זיין לעבן אַלץ שווערער און שווערער. מיטגעהאָלפן דערצו האָט נישט אין אַ קליינער מאָס אויך דער שרעקלעכער דלות, וואָס האָט געהערשט אין שטוב, און האָט געמאַכט די עלטערן העכסט־נערוועז און איבערגעבראַכט. אין אַ געוויסן טאָג איז יע״ס געקומען צו זיין חבר אַ פּאַרווייניטער און אַ פאַרקלאָגטער און האָט געזאָגט, אַז ער קאָן שוין מער נישט אויסהאַלטן, אַז ער וועט זיך גיכער נעמען דאָס לעבן איידער צוריקקערן זיך אַהיים. אַ פּאָר שעה האָבן די ביידע חברים פאַרבראַכט אין אַ פריינטלעכן, אינטימען שמועס, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט דעם פעסטן באַשלוס, אַז יע״ס האָט פאַר זיך קיין אַנדער עצה נישט, ווי נאָר צו אַנטלויפן פון די עלטערן און פאַרלאָזן שקלאָוו. יע״ס איז דאַן אַלט געווען אַ יאָר זעכצן־זיבעצן.

## II

הויל, און נאָר ווי ער שטייט און גייט, איז יע״ס אין אַ שענעם פרימאָרגן אַוועק פון שקלאָוו. זיין חבר, דער מאָהי־לעווער עילוי, האָט אים באַגלייט אַ פּאָר וויאָרסט פון שטאָט, און דאָרט האָבן זיי זיך צושייד. לויט דער עצה פונם חבר, האָט זיך יע״ס גענומען אויף דעם וועג, וואָס פירט קיין מאָ־הילעוו.

נישט האָבנדיק קיין גראָשן אין דער טאַש, האָט זיך יע״ס געמוזט אָפּשטעלן כמעט אין יעדן דערפל, וואו ער האָט ביי די יידישע ישובניקעס באַקומען עסן און טרינקען און אויך אַ ביסל קליינגעלט אויפן וועג. אָנקומענדיק קיין מאָהילעוו,—דאָס

איז גראָד געווען אין דער צייט פון בין מנחה למעריב — איז ער אַריין אין אַ בית־מדרש, וואו יידן חברים פון דער חברה ש״ס, זיינען געזעסן נעבן אַ לאַנגן טיש און האָבן זיך אויפ־מערקזאַם צוגעהערט צו דעם בלאַט גמרא, וואָס איינער אַן על־טערער ייד, האָט פאַר זיי געזאָגט. יע״ס האָט זיך אויך צוגע־רוקט צום טיש, און האָט באַלד געזוכט און געפינען די גע־לעגנהייט אַריינצומישן זיך אין לערנען און אַרויסווייזן דערביי אַ סך לומדות, וואָס האָט אַרויסגערופןביים גאַנצן עולם גרויס באַוואונדערונג. נאָך מעריב האָט אים דער רבי איינגעלאַדן צו זיך אויף וויעטשערע; דאָרט האָט ער זיך מיט אים נאָך ברייי־טער פונאַנדערגערעדט אין לערנען און איז געווען שטאַרק איבערראַשט, זעענדיק פאַר זיך אַ יונגנמאַן, נאָך כמעט אַ יונגל, וואָס באַזיצט אַזוי פיל חריפות, ווי דער גרעסטער רב. דער רבי האָט זיך מיט יע״סן זער פאַראינטערעסירט, האָט אים פאַרהאַלטן ביי זיך אויף נאַכטלעגער און אויסגעפרעגט זיך ביי אים אויספירלעך וואָס מיט אים איז, צוליב וועלכן צוועק ער איז געקומען קיין מאָהילעוו און צו וואָס ער שטרעבט. הערנ־דיק פון יע״סן, אַז ער וויל זיך דאָ אַוועקזעצן לערנען און שטרעבט צו דעם, צו וואָס זיינע עלטערן האָבן אים באַשטימט, דהיינו: צו באַקומען סמיכה אויף הוראה, האָט ער אים שוין אויף מאָרגן אַריינגעבראַכט אין דער גרעסטער מאָהילעווער ישיבה, האָט אים באַשטעלט „טעג״ ביי די חשובסטע בעלי בתים פון שטאָדט, און באַזאָרגט אים מיט אַלע איבעריקע הצטרכותן.

יע״ס האָט זיך געשעצט איבער־גליקלעך און האָט זיך אַוועק־געזעצט לערנען מיט גרויס התמדה.

איינמאָל — דאָס איז געווען אין אַ ווינטער־אָוונט — בעת יע״ס איז געזעסן פאַרטיפט איבער דער גמרא, איז צו אים אַריין אין דער ישיבה דער רבי פון חברה ש״ס, בלאַס ווי די וואַנט און טרייסלענדיק זיך ווי פון פיבער, און האָט אים דורך אַ וואונק אַרויסגערופן אין דרויסן. דאָרט ביי אַ טויער האָט ער אים דערציילט מיט ציטערנדיקער שטים, אַז לויט ווי ער האָט

זיך דערוואוסט, פעלט הײנטיקס יאָר אויס דעם מאָהילעווער קהל אַ פּאָר צענדליק יונגעלײט צום „נאַבאָר", און דעריבער האָבן די שטאָטישע רעדלפירער באַשלאָסן צו דערפילן די צאָל מיט פרעמדע, נישט־היגע בחורים, וואָס האָבן דאָ נישט קײן קרוב און נישט קײן גואל, און אפשר נאָך הײנטיקע נאַכט װעלן זיך די „כאַפּערס" אַ לאָז טון איבערן שטאָט צו „פאַנגען די נויטיקע העכט", און זײער ערשטער גאַנג וועט געוויס זײן אין די ישיבות און בתי־מדרשים וואו עס האַלטן זיך אויף דאָס רוב אָרימע קלויזניקעס פון דער פרעמד. בכן איז זײן עצה, אַז ער, יע"ס, זאָל זיך זען ראַטעווען באַצײטנס און באַהאַלטן זיך ערגיץ־וואו אין אַ זיכערן אָרט אַרום מאָהילעוו ביז דער „נאַבאָר" וועט ערפילט ווערן, און די סכנה וועט אַריבער. דערבײ האָט ער געזאָגט, אַז אין אַ דאָרף, אַ וויאָרסט פערציק פון שטאָט, אָן אַ זײט פון גאָשצינעץ, האָט ער אַ באַקאַנטן ישובניק, אַ ייד אַן עושר און אַ מכבד תלמידי־חכמים, און אָט פאַר דעם יידן וועט ער אויף אים מליץ זײן אין אַ בריוו, און דאַן וועט ער אים געוויס אויפנעמען פאַר אַ גוטן, אָנגעלעגטן גאַסט, און וועט אים האַלטן בײ זיך ביז וואַנען דאָס וועט נויטיק זײן.

יענעם אָוונט איז שוין יע"ס צוריק אין דער ישיבה נישט געגאַנגען, און האָט איבערגענעכטיקט בײם רבין. גראָד איז אויף מאָרגן דער ישובניק אַלײן געקומען אין שטאָט, און אַז דער רבי האָט זיך מיט אים באַגעגנט און האָט אים דערצײלט וועגן יע"סן, וועלכן ער האָט פאַר אים פאַרליבט ביז אין הימל אַרײן, האָט ער אַפילו קײן צווײ ווערטער נישט אויסגערעדט, און האָט באַלד מסכים געווען צו נעמען אים מיט זיך אין דאָרף אַרײן. און נאָך אין דעמזעלבן טאָג שפּעט אין דער נאַכט האָט יע"ס פאַרלאָזט מאָהילעוו.

דער ישובניק איז שוין געווען אַ מענטש אין די עלטערע יאָרן, האָט געהאַט אויסגעגעבענע קינדער, וועלכע האָבן גע-וואוינט אין פאַרשײדענע ערטער; בײ זיך האָט ער געהאָדעוועט אַן אײניקל, אַ יתומה, אַ מײדל פון אַ יאָר אַכצן, וואָס איז בײ

אים געווען „דאָס אויג פון קאָפּ“. אין דאָרף איז ער געווען דער איינציקער ייד, וועלכער האָט געהאַלטן אין אַרענדע די קרעטשמע און געהאַנדלט כל ימיו מיט די פּויערים, פון וואָס ער האָט זיך מפרנס געווען בכבוד.

אָנגעקומען אין דאָרף, האָט דער ישובניק אַרויפגעפירט יע״סן אויף אַן אויבער־שטיבל און האָט צו אים געזאָגט: דאָ קאָנט איר זיך זיצן און לערנען גאַנץ רואיק, קיינער וועט אייך נישט שטערן. איר געפינט ביי מיר אַ ש״ס און אויך אַנ־דערע ספרים; איך אַליין געהער אַפילו נישט צו די לומדים, אָבער פון תמיד אָן האָב איך ליב וואויל־לערנער און בין זיי מקרב, ווי ווייט איך קאָן. טאָמער וועט זיך אייך ווען עס איז וועלן דורכשמועסן מיט עמיצן אין דברי־תורה, האָבן מיר אַ האַלב וויאָרסט פון דאַנען אַ ייד אַ למדן, וואָס זוכט אויך שטענדיק מיט וועמען צו ריידן אין לערנען. מיר גייען אַהין שבת צום מנין, וועל איך אייך דאָרט באַקאַנט מאַכן.

זער גוט האָט זיך יע״ס געפילט אין זיין נייער לאַגע דער ישובניק מיט זיין פאַמיליע האָבן אים געהאַלטן ווי אַ אייגן קינד, האָבן ממלא געווען זיין קלענסטן וואונש, און ס׳האָט זיך אים געלעבט ביי זיי אין אַזאַ רחבות, וועלכע ער האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט אַפילו אין חלום. גאַנצע טעג ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין איז ער געזעסן ביי זיך אין צימער און געלערנט מיט גרויס חשק. אָפטמאָל פלעגט דער ישובניק אַרויף צו אים, אָדער אַראָפּבעטן אים צו זיך. אונטן און אונטערהאַלטן זיך מיט אים אין געשפּרעכן וועגן וועלטלעכע ענינים, דערביי פלעגט יע״ס פון געוואונהייט פאַרן־ווירצן זיינע רייד מיט גמרא־ווערטלעך, פון וואָס די שטוביקע פלעגן שטאַרק הנאה האָבן, און זיך געריבן די הענט פון גרויס תענוג.

דעם ערשטן שבת אין דערפרי איז דער ישובניק אַוועק מיט יע״סן צום מנין אין דעם פון דאָרף נאָענטן הויף. דעמדאָ־זיקן הויף האָט געהאַלטן אין אַרענדע אַ ייד אַ גביר, וועלכער

האָט דאָרט אויסגעבויט אַ בראָנפן־ברויז. דער גביר אַליין איז כל ימיו געזעסן אין וויטעבסק, און אין הויף מיטן ברויז האָט ער אַריינגעזעצט מענטשן מיט אַ נאמן בראש. דער נאמן, וועלכן דער גביר האָט אַראָפּגעבראַכט פון ווילנע, איז געווען אַ בר־אורין, דערצו נאָך מיט פיל ידיעות אין אַלגעמיינע למודים, און באַזונדערס אין מאַטעמאַטיק, און אויך אַ גרויסע פקח אין הויות־העולם. אין זיינע פרייע צייטן איז ער געזעסן און געלערנט, אַריינגעקוקט אין ספרים, און אַמאָל אויך געשריבן. זינט ער איז אָנגעקומען אויף דער שטעלע אין ברויז, האָט ער דאָרט איינגעפירט אַ מנין, וואוהין די ישובניקעס פון די אַרומיקע דערפער פלעגן זיך צונויפקלויבן אַלע שבת אין דערפרי צו דאַוונען בצבור. דער נאמן איז געווען אי דער חזן, אי דער בעל־קריאה, און אויסער דעם פלעגט ער יעדן שבת נאָכן דאַווענען זאָגן פאַר דעם עולם די סדרה פון דער וואָך לויט דעם פירוש פון דעם אבן עזרא.

יענעם שבת, בעת יע״ס איז געקומען אין הויף צום מנין, האָט אים דער ישובניק נאָכן דאַוונען פאָרגעשטעלט פאַרן נאמן. דער נאמן האָט זיך מיט אים באַלד פונאַנדערגערעדט אין לערנען, פאַרפירנדיק מיט אים אַ דיסקוסיע וועגן פאַרשיידענע הנחות און טעיסן פון די בעלי־התלמוד, און איז געבליבן זער ערשטוינט פון דער גרויסער בקיאות מיט דעם שאַרפזין, וועלכע יע״ס האָט אַרויסגעוויזן אין זיינע תשובות. פאַרן אַוועקגיין האָט דער נאמן שטאַרק געבעטן יע״סן, ער זאָל אים אָפטערס באַזוכן אויך אין מיטן דער וואָך. יע״ס האָט די איינלאַדונג גערן אָנגענומען, און האָט אָנגעהויבן אָפטערס אַריינצוקומען צום נאמן און פאַרברענגען מיט אים איטלעכס מאָל אַ היבשע ווײַלע און שמועסן וועגן דברי תורה, שפעטער אַ ביסל האָט זיך גענומען דער נאמן צו פאַראינטערעסירן יע״סן מיט תנ״ך, וועלכער איז אים ביז אַהער כמעט פרעמד געווען און אויך מיט דער העברייאישער שפראַך, וועלכע ער האָט שוואַך געקענט. ער האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דער הויכער פּאָעזיע פון די נביאים און אויף דעם עטישן יסוד אין זייערע

דיכטערישע שאַפונגען. דערביי האָט ער אים באַלויכטן די יי־
דישע געשיכטע אין וועלכע יע״ס האָט געהאַט אַ גאָר קנאַפּע
ידיעה. יע״ס האָט זיך צו דעם אַלעם צוגעהערט מיט אַ באַזונ־
דערע אויפמערקזאַמקייט, און האָט דעם נאמנס ווערטער ממש
געשלונגען. יעדעס מאָל, ווען יע״ס פלעגט אַוועקגיין פון נאמן,
פלעגט ער זיך פילן באַרייכערט מיט נייע ביז־אַהער אים לגמרי
אומבאַקאַנטע געדאַנקען און מיט שטאָף צו דענקען גאַנצע טעג
און נעכט. באַמערקנדיק, אַז ער געפינט פאַר זיך אין יע״סן אַ
פרוכטבאַרן באָדן, האָט דער נאמן אָנגעהויבן צו וועקן ביי אים
ביסלעכווייז דעם אינטערעס צו אַזוינע ספרים פון דער מיטל־
אַלטערלעכער ליטעראַטור ווי „מורה גבוכים״, „כוזרי״ און דער־
גלייכן: די ערשטע פרקים פון די דערמאָנטע ספרים איז ער
דורכגעגאַנגען צוזאַמען מיטן נאמן, וועלכער האָט אים געהאָלפן
פונאַנדערקלויבן זיך אין די פאַר אים נייע פילאָזאָפישע פראָ־
בלעמען, און דאָס איבעריקע האָט ער שוין דערלערנט אַליין
ביי זיך אין דאָרף. דער איינדרוק, וואָס עס האָבן אויף אים
געמאַכט די טעמעס, וועלכע ווערן באַהאַנדלט אין דידאָזיקע
ווערק איז געווען אַזוי אומגעהויער גוואַלדיק, אַז דער נאמן
האָט זיך געוועסט פון אָנפאַנג אַ ביסל דערשראָקן און האָט גע־
פונען פאַר נויטיק צו ראַטן אים, נישט אָפּצוגעבן זיך צו פיל
מיט פילאָזאָפישע פראַגן, ווייל ער איז נאָך יונג און האָט נאָך
אַ סך אַנדערע זאַכן צו לערנען. וואָס ווייטער, האָבן די גע־
שפּרעכן צווישן דעם נאמן און יע״סן אָנגענומען אַ מער אינטי־
מערן און פאַמיליאַרישן כאַראַקטער, יע״ס האָט דערציילט דעם
נאמן וועגן זיינע ביז־אַהעריקע איבערלעבענישן און זיך מישב
געווען מיט אים וועגן זיין צוקונפט. דער נאמן, ווי אָרטאָדאָק־
סיש געזאָנען ער איז געווען, האָט דאָך איינגעפונען, אַז אַפילו
אַ רב דאַרף אויך נישט זיין אומוויסענד און מוז זיך זען ער־
ווערבן וועלטלעכע ידיעות. דעמדאָזיקן געדאַנק האָט ער אים
אילוסטרירט דורך ביישפּילן פון געוויסע תנאים און פון שפּע־
טערדיקע יידישע גרויסע לייט, ווי דער רמב״ם און דער ווילנ־
נער גאון, וואָס זיינען געווען קלאָר אין אַלע שבע חכמות. יע״ס

האָט די ווערטער געּנומען צום האַרצן, האָט זיך אין זיי טיף אַריינגעטראַכט, און האָט ביי זיך פעסט באַשלאָסן, אַז באַלד ווי ער קומט צוריק קיין מאָהילעוו, וועט ער זען זוכן און געפינען די מעגלעכקייט אָפּצוגעבן זיך אויך מיט למודי־חול, אויף וויפיל דאָס וועט אים נישט שטערן, געוויינלעך, פון דער גמרא מיט די פוסקים. דערווייל האָט ער זיך אויסגעקליבן צום לייענען פון דעם נאָמנס קליינער ביבליאָטעק עטלעכע ספרים, ווי דער „צמח דוד", „שלשלת הקבלה" און דער „ספר הברית", אויף וועלכע ער האָט זיך אַרויפגעוואָרפן מיט גרויס תשוקה און וועלכע האָבן אין אים פאַרשטאַרקט דעם באַשלוס מזווג צו זיין אין זיך, לויט דעם נאָמנס אויסדרוק „תורה מיט השכלה"...

III

איבער ווינטער האָט יע"ס פאַרבראַכט ביי דעם ישובניק אין דאָרף, און באַלד נאָך פסח האָט ער אָנגעהויבן מאַכן הכנות אָפּצופאָרן צוריק קיין מאָהילעוו. דערווייל האָט אָבער פּאַסירט, אַז דער ישובניק האָט געוואָרפן אַן אויג אויף יע"סן, האָט גע־זאָגט, אַז דאָס האָט אים גאָט צוגעשיקט אַן אבן טוב פאַר זיין אייניקל, און ער האָט אים בשום אופן נישט געוואָלט אָפּלאָזן פון זיך. ווי ער האָט נאָר דערהערט פון יע"סן, אַז ער האָט שוין בדעה אָפּצופאָרן, האָט ער אים גענומען דערפון אָפּרעדן, באַגוּצנדיק זיך דערביי מיט אַלערליי המצאות און איינפאַלן. קודם האָט ער אים געוואָלט דערווייזן, אַז פאַר אַזאַ שוואַכן יונגן מענטשן ווי ער, איז שעדלעך צו פאַרברענגיין זומער אין אַ גרויסער שטאָט, און אַז אין דאָרף אויף דער פרייער לופט, וועט ער ווערן געזונט און שטאַרק און מער כח האָבן צום לערנען. נאָכדעם, ווי יע"ס האָט אים געענטפערט, אַז ער פילט זיך גאַנץ געזונט און נויטיקט זיך נישט אין ערהאָלונג, און אַז אָן דער ישיבה האָט זיין לערנען קיין האַפט נישט, האָט זיך דער ישובניק געפרובט איינשמועסן אים, אַז אין מאָהילעוו האָט זיך נאָך נישט פאַרענדיקט דער „נאַבאָר", אַז די כאַפּער ליגן

אויף די וועגן און לויערן נאָך אויף יעדן יונגן דורכפאָרער, און דער, וואָס פאַלט אַריין אין זייערע הענט, ווערט באַלד צו־געגומען פאַר אַ זעלנער. דערדאָזיקער לעצטער מאָטיוו האָט געווירקט, און יע״ס האָט אָפּגעלעגט זיין נסיעה. ער האָט אָבער וועגן איר נישט אויפגעהערט צו ריידן, און דער ישובניק פון זיין זייט האָט נישט אויפגעהערט צו זוכן קיין מיטלען, ווי אים צו פאַרהאַלטן.

איינמאָל נאָכמיטאָג—דאָס איז געווען אין אַ קורצער צייט אַרום—בעת יע״ס איז געזעסן ביי זיך און געלערנט, איז צו דער קרעטשמע צוגעפאָרן אַ בריטשקע, פון וועלכער עס זיינען אַראָפּ צוויי מגושמדיקע יידן, און זיינען גלייך אַרויף צו אים אויפן אויבערשטיבל. איינער פון זיי האָט אים אַ פרעג געטאָן:

—פון וואַנען איז אַ יונגערמאַן?

—פון שקלאָוו—האָט יע״ס קוים אַרויסגערעדט און אים האָט געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן.

—אַהער, זיי מוחל, דעם פּאַס!

יע״ס, וועלכער האָט אַנטלויפנדיק פון דער היים, גאָר נישט געקלערט וועגן אַ פּאַס, איז געוואָרן בלאַס ווי אַ טויט, און האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן צו דער ערד.

אַהאַ! נישטאָ קיין פּאַס!—[illegible]ט אויף אַ גראָב קול אויס־געשריגן דער צווייטער פון די רויט־פּנימדיקע יידן—טו זיך אָן און קום!

אין דער מינוט איז אַריין דער ישובניק, מאַכנדיק כלומרשט דעם אָנשטעל ווי ער ווייסט נישט און פאַרשטייט נישט וואָס דאָ קומט פאָר, האָט ער אַ געשריי געגעבן אויף די יידן.

—ווי קומט איר אַהער? דאָ האָט איר נישט וואָס צו זוכן.

—מיר זיינען געשיקט פון קהל... עס פעלט נאָך אַ מאַן צוואַנציק צום „נאַבאָר”, דער גובערנאַטאָר קערט וועלטן, נישט אַנדערש קהל זאָל אָפּגעבן די גאַנצע צאָל; ער דראָט מיט די ערגסטע עקזעקוציעס.

—וואָס האָט עס אָבער אַ שייכות צו מיר?—האָט זיי דער

ישובניק בייז געפרעגט—וואָס זוכט איר דאָ?

—דאָס, וואָס מיר זוכן, האָבן מיר שוין געפונען—האָט איי־בער פון די „כאַפּערס" געענטפערט—אָט דער בחור איז פון ערגעץ אַן אַנטלאָפענער, און אַזעלכע דאַרפן מיר.

—ווי איך זע—האָט זיך אָפּגערופן דער ישובניק שוין אַ ביסל ווייכער—האָט איר פאַרבלאָנדזשעט, יידן. דער יונגערמאַן איז נישט קיין אַנטלאָפענער, ער געהערט צו אונזער משפחה, ער איז אונזער איידים...

—אויב אַזוי—האָט געזאָגט דער כאַפּער מיט אַ שעלמישן שמייכל—טאָ האָט קיין פּאַראיבל נישט, הייסט געבן שנאַפּס און מיר פאָרן ווייטער.

דער ישובניק איז אַרויס מיט די כאַפּערס און יע"ס איז געבליבן זיצן אַליין אַ צומישטער, נישט טויט, נישט לעבעדיק.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז צוריק אַריין דער ישובניק. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן יע"סן און פּעטערלעך געזאָגט:

—דו דאַרפסט, מיין זון, גומל בענטשן; שיער, וואָס מ'האָט דיך נישט איבערגעגעבן אין גויאישע הענט. איך האָב דיר גע־זאָגט, אַז ס'איז נאָך אומרואיק, אַז די געפאַר איז נאָך גרויס; דו, ווייזט אויס, האָסט מיר נישט געגלויבט. איצט זעסטו, אַז ראַטעווען פון אומגליק קאָנען זיך נאָר באַווייבטע.

יע"ס, וועלכער איז נאָך נישט געקומען צו זיך פון שרעק, האָט געשוויגן, און דער ישובניק האָט ווייטער גערעדט:

—דו ביזט אונז, מיין קינד, אַלעמען זער איינגעבאַקן אין האַרצן און מיר באַדויערן דיך; בכן וואָלט געווען אונזער עצה, אַז כדי דו זאָלסט דיך נישט געפונען תמיד אין פחד און זאָלסט דיך פילן זיכער, מוזטו זען וואָס גיכער, און טאַקע שוין באַלד, חתונה האָבן, און בפרט נאָך, אַז דו דאַרפסט דיין באַשערטע ערשט נישט גיין זוכן; דו האָסט זי ביי זיך הינטער דער פּלייצע...

יע"ס האָט אויסגעגלאָצט אויפן ישובניק אַ פּאָר גרויסע אויגן. זענענדיק גאַנץ נאַאיוו, האָט אים נישט געקאָנט איינפאַלן, וואָס ער מיינט און צו וואָס ער צילט.

—ווי איך זע, פאַרשטייסטו מיך נישט—האָט פאָרטגעזעצט דער ישובניק—בכּן וועל איך זיין מיט דיר גאַנץ אָפן. אונז גלוסט זיך שטאַרק צו האָבן דיך פאַר אַן איידים. מיר האַלטן ביי אויסגעבן אונזער אייניקל; טאָ צו וואָס זאָלן מיר פאַר איר גיין זוכן אַ חתן פון דערווייטן, בעת גאָט האָט איר צוגעשיקט איר זיווג אין שטוב אַריין?...

ערשט איצט האָט יע״ס אָנגעהויבן צו פאַרשטיין דעם ישובניקס כּוונה, וועלכע האָט אים זער איבערראַשט. ווייניקער פון אַלץ האָט ער געקלערט וועגן חתונה האָבן און נאָך אַזוי יונג, איידער ער איז נאָך אַרויף אויף אַ שטיקל דרך. ער איז גאָר נישט באַהאַוועוועט אין ש״ס, אים פעלט נאָך אַ סך אין „יורא דעה” און האַלט נאָך גאַנץ ווייט פון רבנות...

—דו שווייגסט?—האָט אַ זאָג געטאָן דער ישובניק—זאָל דאָס זיין שתיקה כּהודאה”?

—איך שווייג—האָט יע״ס קוים אַרויסגערעדט—ווייל איך ווייס אייך נישט וואָס צו ענטפערן, ווי קום איך צו טראַכטן וועגן חתונה האָבן? איך בין דאָך נאָך אַ גאַנץ רויער בחור, און דאַרף נאָך לערנען און לערנען אָן אַ שיעור, ביז איך וועל מיך צושלאָגן צו אַ תּכלית. פאַר אייער אייניקל דאַרפט איר האָבן אַ בעל־מפרנס, און איך בין נאָך דאָס נישט לעת־עתּה.

—פרנסה וועל איך דיר געבן!—האָט אויסגערופן דער ישובניק—דו האָסט ביי מיר אייביקע קעסט, און נאָך הונדערט מיט צוואַנציק יאָר אַ חלק אין מיין פאַרמעגן גלייך מיט מיינע קינדער; דו וועסט זיך קאָנען זיצן על התּורה ועל העבודה, און דו וועסט ביי מיר אויפטון אין לערנען מער ווי אין די ישיבות.

יע״ס האָט זיך פאַרטראַכט און דער ישובניק איז אויפ־געשטאַנען און געזאָגט:

—זיי זיך מישב; איך וויל אָבער האָבן דיין תשובה וואָס גיכער. באַטראַכט זיך דיין מצב און נישט פאַרגעס, אַז איך האָב געזאָגט, אַז דו ביזט אַ באַווייבטער. לאָז מיך נישט בלייבן קיין ליגנער, דאָס קאָן נאָך אונז קאָסטן גאַנץ טייער...

יענע נאַכט איז געווען פאַר יע״סן אַ „ליל שמורים". ביז אין גרויסן טאָג אַריין האָט ער מיט קיין אויג נישט צוגעטאָן. געדאַנקען, פון וועלכע ער האָט ביז אַהער קיין שום אַנונג נישט געהאַט, האָבן אים געשטערט זיין רו. אין דעם צענטר פון דידאָזיקע, אים באַאומרואיקנדע, געדאַנקען האָט זיך אַוועק־געשטעלט דעם ישובניקס אייניקל, מיט וועלכער ער האָט פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס ער געפינט זיך דאָ, אַפילו קיין צוויי ווערטער נישט אַרויסגערעדט, און וועלכער ער האָט נאָך כמעט קיינמאָל גוט אין פנים נישט אָנגעקוקט. ער ווייסט נאָר וועגן איר, אַז פון גאַנץ פרי ביז אַ שטיק אין דער נאַכט שטייט זי אין קרעטשמע ביי דער סטויקע און פאַרקויפט די פויערים בראָנפן, און אַז אָפטמאָל קריגט זי זיך מיט זיי, און דאַן שרייט זי און ליאַרימט און פילדערט, אַזש עס טרייסלען זיך די ווענט פון אירע קולות. און אַ זעלכע פּאַסט צו זיין אַ רביצין?... און אַריינצופאַלן צו די כאַפּערס אין די הענט איז בעסער? און אין זיין זכרון זיינען אַרויפגעשוואומען די אַלע שרעקלעכע מעשיות, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט נאָך אין שקלאָוו זיינענ־דיק וועגן די רציחות, וואָס קהל טוט אָפּ מיט פרעמדע יונגע־לייט, וועלכע האָבן נישט קיין פּעסער, ווי מ׳גאָלט זיי אָפּ די קעפּ און מ׳וואַרפט זיי אַריין אין שינעלן און מ׳שיקט זיי אַוועק דינען העט, העט ווייט אין סיביר...

און יע״ס איז אַראָפּ פון זיין געלעגער מיט דעם באַשלוס, צו פאַרטרויען די זאַך דעם נאמן, און צו הערן וואָס ער וועט דערויף זאָגן.

## IV

נאָכדעם, ווי דער נאמן האָט אויסגעהערט יע״סן גאַנץ אויפמערקזאַם, האָט ער צו אים געזאָגט:

—ווען אַן אַנדערער אויף אייער אָרט און אין אייער איצטיקן מצב וואָלט צו מיר געקומען פרעגן אַן עצה וואָלט איך פיל נישט געקלערט און אים געזאָגט: די צייט איז זער־

אַן אומרואיקע, וואו נאָר אַן עלנטער יונגערמאַן, איז ער שוין נישט זיכער מיט זיין פרייהייט און איז יעדע מינוט עלול אַריינצופאַלן צו די כאַפּערס אין די הענט. דעריבער, אַז עס קומט אַזאַ ר׳ איטשע (אַזוי האָט געהייסן דער ישובניק) און וויל אייך אַריינגעמען צו זיך אין שטוב פאַר אַן איידים, דאַרפט איר גאָרנישט אָנהויבן אַפילו טראַכטן און גלייך מרוצה ווערן צום שידוך. ביי אייך קומט געוויס אויס, אַז אָט דער ר׳ איטשע איז אַ כיטרער יידל, וואָס וויל אייך פאַרנאַרן אין זאַק אַריין. איך קען שוין אָט דעם ר׳ איטשען פון שענע עטלעכע יאָר, און בין בטוח, אַז דאָס, וואָס ער יאָגט זיך אַזוי זיך משדך צו זיין מיט אייך, און ווענדט דערביי אָן, אין פלוג, גאָרנישט קיין שענע מיטלען, איז בלויז מאהבת־התורה; דער מענטש, וועלכער איז אַליין נישט קיין בר־אורין, גייט ממש אויס נאָך לומדים און וואויל־לערנער. בכן איז צו זיינער אַן איידים גאָר נישט אַזוי שלעכט. אָבער, ווי געזאָגט, איז דאָס אַלץ גע־רעדט נאָר בנוגע צו אַבי־וועלכן בחור אַ בן־תורה, וועלכער וואָלט געקומען צו מיר זיך מישב זיין, וואָס צו טאָן. אייך אָבער קאָן איך אַזאַ עצה נישט געבן. איר זייט נישט קיין געוועגלעכער בן־תורה, נאָר אַ יונגערמאַנטשיק, וואָס גיט די גלענצענדסטע האָפנונגען אויף דער צוקונפט, און וועלכער קאָן מיט דער צייט ווערן אַ צירונג פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק. נישט פאַר אייך איז נאָך לעת־עתה חתונה צו האָבן און צו פאַר־בלייבן זיצן אין דאָרף; דאָ וועלן אייערע כשרונות אַוועקגיין לאבוד, און פון אייך וועט גאָרנישט ווערן. איר מוזט אַוועק אין אַ גרויסער שטאָט פון לומדים און משכילים און אונטער זייער השגחה און לויט זייער פּלאַן פאָרטזעצן אייער לערנען הן אין תורה און הן אין פרעמדע למודים. כ׳פאַרשטיי אָבער גאַנץ גוט, אַז ר׳ איטשע וועט אייך בשום אופן נישט וועלן אָפּלאָזן, און דאָ דאַרף מען ערשט באַקלערן, ווי כאַפּט מען אייך פון אים אַרויס. כ׳וועל מיך אָבער אַ פּריער פּרובן מיט אים אַדורכריידן, און דאַן וועלן מיר וויסן, וואָס מיר האָבן צו טון.

אין עטלעכֿע טעג אַרום, אַז דער ישובניק איז געקומען אין ברויז נאָך בראָנפן, האָט דער נאמן מיט איט הינטן־אַרום פאַרפירט אַ שמועס וועגן יע״סן. פון דעמדאָזיקן שמועס האָט דער נאמן באַקומען דעם איינדרוק, אַז ס׳וועט זיין לגמרי אומ־מעגלעך צו פועלן ביי דעם ישובניק אָפּצוזאָגן זיך פון יע״סן, וועלכן ער רעכֿנט שוין לאַנג פאַר זיין אייניקלס באַשערטן. דערביי איז דער נאמן פון אים דערגאַנגען, אַז מען האָט שוין ביי אים אין שטוב אָנגעהויבן מאַכֿן הכנות צו די תנאים... דער נאמן האָט געפונען די זאַך פאַר זער ערנסט און האָט באַשלאָסן אָנצעווענדן אַלע מיטלען, אום אַרויסצופּלאָנטערן יע״סן פון זיין שווערער לאַגע.

דעם צווייטן שבת, בעת דער ישובניק מיט יע״סן זיינען געקומען אין הויף צום נאמן, האָט דער נאמן נאָכֿן דאַוונען אַרייגגערופן צו זיך יע״סן און האָט צו אים געזאָגט: קריגט אַרויס ווי־עס־איז אייער פעקל, און קומט אַהער צו גיין מאָנ־טאָג פאַרנאַכֿט, פון דאַנען וועל איך אייך שוין זען באַזאָרגן ווייטער ביז אין אַזאַ אָרט, וואו איר וועט זיך קענען פילן זיכֿער.

מאָנטאָג אין אָוונט איז שוין יע״ס געווען אין הויף. דאָרט האָט גראָד דעמאָלס געוויילט אַ געוויסער יעקב דינין, וועלכֿער איז געווען פון די ערשטע קישינעווער משכּילים. אַ גרויסער תּלמודיסט מיט וועלטלעכֿע בילדונג. האָט דער נאמן פאָרגעשטעלט יע״סן און האָט אים דערביי קלאָר געמאַכֿט זיין לאַגע. דינין האָט זיך באַצויגן צו יע״סן מיט גרויס מיטלייד און, דורכֿשמועסנדיק זיך מיטן נאמן, איז ביי אים געבליבן מיטצונעמען מיט זיך יע״סן קיין מינסק, וואו ער האָט דאַן געוואוינט און אָפּשיקן אים פון דאָרט קיין ווילנע, וועלכֿע האָט שוין דאַן געשמט פאַר אַ צענטער פון תורה און השכלה.

באַזאָרגט דורך דינינען מיט אַ פּאַס, איז שוין יע״ס אין צוויי וואָכֿן אַרום געווען אין ווילנע. זיין ערשטער אַריינגאַנג איז דאָרט געווען ביי אַ באַוואוסטן משכּיל מיטן נאָמען חיים זלמן עליאַשעוויטש, צו וועלכֿן ער האָט געבראַכֿט אַ רעקאָמענ־

דאַציִע פון דינינען. אָט דער עליאַשעוויטש, וועלכער איז אַליין געווען אַ געוועזענער מוסמך, האָט אַרויסגעוויזן גרויס התקרבות באַזונדערס צו אַזעלכע יונגעלייט, וואָס האָבן לכתחילה געזאָלט זיין קאַנדידאַטן אויף רבנות, און מיט אַמאָל האָט זיי באַהערשט אַ שטרעבונג צו בילדונג. פאַר אַזעלכע יונגע מענטשן איז תמיד געווען אָפן זיין הויז און פריי זיין טיש, און נישט ווייניק פון זיי האָבן בלויז דורך זיין שטיצע דערגרייכט זייער לעבנס־ציל. באַקענענדיק זיך מיט יע״סן און איבערצייגנדיק זיך אין זיינע גאונישע פעאיקייטן, האָט ער אים אַריינגענומען אויף קוואַרטיר צו זיך אין שטוב, האָט פאַר אים אין אַ צוויי דריי רייכע הייזער באַקומען לעקציעס אויף גמרא, און האָט אים אַזוי אַרום באַזאָרגט מיט חיונה. אונטער עליאַשעוויטשעס השפעה האָט זיך ביי יע״סן ענטוויקלט אַ שטאַרקע נטיה צו תנ״ך. מיט גרויס התמדה האָט ער גענומען לערנען תנ״ך מיטן „ביאור״ און אין דער דייטשער איבערזעצונג. אין אַ גאַנץ קורצער צייט בערך האָט ער אַזוי וויים געבראַכט, אַז אַלע פון עליאַשעוויטשעס קרייזל האָבן אים געהאַלטן פאַר אַן אויסגעצייכנטן תנ״ך־קענער און פאַר אַ גרויסן בעל־מדקדק. אין דער זעלבער צייט האָט ער געמאַכט גרויסע פּאָרטשריט אויך אין דער דייטשער שפּראַך, צו וועלכער ער האָט געפונען דעם שליסל דורך מענדעלסאָנס תנ״ך־איבערזעצונג. דאַן האָט ער גענומען שטודירן די דייטשע קלאַסיקער. דערביי פלעגט אים גאַנץ אָפט באַהילפיק זיין עליאַשעוויטשעס טאָכטער, וועלכע איז געווען פאַר יענער צייט זער אַ געבילדעטע פריילין. צו דער רוסישער שפּראַך, וועלכע ער האָט זיך גענומען לערנען, כדי אַריינצוטרעטן אין דער נאָר־וואָס געעפנטער ראַבינער־שול, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ קנאַפּע תשוקה, און אינגיכן האָט ער רוסיש אינגאַנצן אַוועקגעוואָרפן און זיך איבערגעגעבן דורכויס מיט דייטש. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז פון דעם פּלאַן וועגן ראַבינער־שול זאָל ער זיך אָפּזאָגן לגמרי, און זאָל נעמען טראַכטן וועגן אַן אַנדער קאַריערע. צום סוף האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף עליאַשעוויטשעס עצה, צו פאַרפאָלקאָמען זיך וואָס מער אין דייטש,

און אַוועקפאָרן נאָכדעם שטודירן קיין אויסלאַנד.

אין מיטן האָט געדאַרפט פּאַסירן, אַז יע"ס האָט מיט אַמאָל דערפילט, אַז ער איז נישט גלייכגילטיק צו עליאַשעוויטשעס טאָכטער, וועלכע האָט אים די ערשטע צייט צוגעהאָלפן פונאַנדערקלויבן זיך אין די ווערק פון די דייטשע דיכטער. און דערפילט האָט ער עס בעת ס'האָט זיך צו איר גענומען שדכנען אַ תלמיד פון ראַבינער־שול, וועלכער איז געווען אַ שטענדיקער איינגייער ביי עליאַשעוויטשן, און זי האָט צו אים אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערס וואַרימע באַציונג. דאָס האָט אים זער געקרענקט, און ער איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ צומישטער. ער האָט באַמערקט, אַז יענער תלמיד שיקט דעם פריילן אָפּט אַריין לכבוד איר אָנגעשריבענע העברייאישע שירים, פון וועלכע זי און דער פאָטער זיינען זער ענטציקט. האָט זיך אים געדאַכט, אַז פאַר דעם גליק, וואָס דער ראַבינער־שילער געפינט ביי דעם פריילין, האָט ער צו פאַרדאַנקען נאָר זיינע העברייאישע שירים. נישט לאַנג קלערנדיק, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און כמעט אין איין אָטעם איבערזעצט אין העברייאיש די ערשטע צוויי אַקטן פון שילערס „קאַבאַלע אונד ליעבע", און האָט עס אויף מאָרגן דערלאַנגט עליאַשעוויטשן. די איבערזעצונג, וועלכע איז געווען געשריבן אין אַ מייסטערהאַפטן ביבלישן סטיל, האָט אַרויסגערופן ביי עליאַשעווישן גרויס באַגייסטערונג; שטאַרק נתפעל זיינען פון איר געוואָרן אויך די משכילים עליאַשעוויטשעס שטענדיקע איינגייער. אינגיכן איז דער כתב־יד אַריבער מיד־ליד צווישן די ווילנער העברייאיסטן, און אַלע האָבן זיי זיך נישט געקאָנט אָפּוואונדערן פון דער שפּראַך־קונסט, וועלכע האָט זיך פאַר זיי אַנטפּלעקט אין דער איבערזעצונג. אַנדערע פון זיי האָבן איינגעפונען, אַז די העברייאישע איבערזעצונג איז קלאַנגפולער און שטאַרקער פאַר דעם דייטשן אָריגינאַל. יע"ס האָט אָבער דורך דער איבערזעצונג זיין צוועק נישט דערגרייכט. עליאַשעוויטשעס טאָכטער איז צו אים פאַרבליבן קאַלט ווי געוועזן. ער האָט דערפון אינערלעך שטאַרק געליטן. ביז ער האָט דאָס ענדלעך נישט געקאָנט איבערטראָגן,

און אין אַ פרימאָרגן איז ער, נישט נעמענדיק פון קיינעם קיין אָפּשיד, אַוועק פון עליאַשעוויטשן, און נאָך דעם זעלבן טאָג האָט ער פאַרלאָזט ווילנע.

V

מיט אַ ביסל אָפּגעשפּאָרט געלט פון זיינע לעקציעס האָט זיך יע"ס אַוועקגעלאָזט אין וועג אַריין. זיין מאַרשרוט איז געווען אויף קאָוונע און פון דאָרט קיין דייטשלאַנד. נישט האָבנדיק קיין אויסלענדישן פּאַס, איז אים אויסגעקומען צו שוואַרצן די גרעניץ. אין דעם לעצטן שטעטל נעבן גרעניץ האָט ער זיך מיט דער הילף פון אַ יידישן מעקלער צונויפגערעדט מיט אַ פּויער, וואָס שמוגלט נאַכט ביי נאַכט אַריבער קאָנטראַבאַנד קיין פּרייסן, ער זאָל אים מיטנעמען מיט זיך. דאָס איז גראָד געווען שפּעט אין הערבסט. אין אַ רעגנדיקער, קאַלטער, פינסטערער נאַכט האָט זיך יע"ס געלאָזט גיין טריט ביי טריט נאָכן פּויער, וועלכער האָט אים געפירט אויף קליינע שמאָלינקע סטעזשקעלעך איבער בלאָטיקע פעלדער. אַ פּאָר שעה בערך האָט ער זיך אַזוי געשלעפּט, ביי דעם קלענסטן שאָרך פון דער נאָנט און באַזונדערס ביי דער בילעריי פון הינט, פלעגט זיך אים שטאַרק אָפּרייסן אין האַרצן פון שרעק. מיט אַמאָל הייסט אים דער פּויער אויסטון די שטיוול, ווייל מען דאַרף דאָ באַלד אַריבערבראָדזן אַ קליין טייכל. קוים מיטן לעבן איז יע"ס אַריינגעפאַלן אין דעם נאָנטן פּרייסיש דערפל, ס'האָט אים געוואָרפן פון קעלט און געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. אויסגערוט זיך איבער נאַכט אין אַ שענקל, איז ער אויף מאָרגן אַוועק צו־פוס מיטן שאָסיי קיין קעניגסבערג. אָנקומענדיק אין אַ טאָג צוויי אַרום קיין קעניגסבערג, איז ער אַריין אין אַ יידישער אכסניא לויט דעם אַדרעס, וועלכן ער האָט געהאַט מיט זיך מיטגענומען פון קאָוונע. אָבער שוין אויפן צווייטן טאָג האָט אים אָנגעהויבן שטאַרק צו פיבערן און ער האָט באַקומען היץ. דער באַלד אַראָפּגעבראַכטער אַמטלעכער דאָקטאָר האָט ביי אים אויסגעפור־

נען סימפטאָמען פון אַ לונגען־ענטצינדונג און האָט געפּאָדערט, מ׳זאָל אים אַלס עלנטן, מיטללאָזן פרעמדלענדישן יונגנמאַן אויפ־נעמען אין שטאָטישן קראַנקן־הויז. דאָרט איז יע״ס אָפּגעלעגן ביי אַ דריי וואָכן און איז געזונט געוואָרן.

פון שפּיטאָל איז יע״ס אַרויס אָן אַ גראָשן אין טאַש, און נישט האָבנדיק ממש על מזון סעודה אחת. דאָס האָט אים באַוואויגן צו באַנוצן זיך מיט דער אַלטער, אויסגעפּרובטער סגולה, און איז אין דערפרי צום דאַוונען אַריין אין בית־המדרש פון די פויליש־רוסישע יידן. דאָרט האָבן זיך גראָד נאָכן דאַוונען געפּלפּולט צוויי יידן, ביידע לומדים, וועגן אַ געוויסן אָרט אין „שאגת אריה״. יע״ס, וועלכער איז געשטאַנען פון דערווייטן און האָט זיך גוט צוגעהערט צו דעם שמועס, האָט באַלד אויס־גענוצט די געלעגנהייט און אַריינגעמישט זיך אין געשפּרעך אַלס געגנער פון ביידענס מיינונגען. ער האָט זיי אויפגעוויזן, אַז דער „שאגת־אריה״ איז גאָר אויסן עפּיס אַנדערש, און אַז כדי צו פאַרשטיין ריכטיק זיין כונה, דאַרף מען פריער נעמען אין אַכט, וואָס יענע און יענע מפרשים זאָגן וועגן דעם ענין. דערביי האָט יע״ס געגומען שיטן מיט ציטאַטן און מראה־מקומותן פון דער גאוניש־רבנישער ליטעראַטור און אַרויסווייזן מיט אַ באַזונדער פלייס זיין אומגעהויער גרויסע ערודיציע, אַז די לומדים זיינען נשתומם געוואָרן. זיי האָבן זיך מיט אים זער פאַראינ־טערעסירט, האָבן אים אויסגעפרעגט ווער ער איז און פון וואַנען און ווי קומט ער אַהער קיין קעניגסבערג, אַ געגנט, וואָס גיט פון זיך נישט אַרויס קיין בני־תורה. יע״ס, וועלכער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט דאָ צו טון מיט יידן פּאַנאַטיקער, וועלכע וועלן זיך געוויס פון אים אָפּטרייסלען, ווען ער וועט זיי דערציילן, אַז ער פאָרט קיין בערלין שטודירן, האָט פון זיי, ווי שווער דאָס איז אים געווען, פאַרלייקנט דעם אמת, און געזאָגט, אַז ס׳איז שוין אַ געוויסע צייט, אַז ער האָט באַקומען אַ מיחוש אין קאָפּ, וועלכער שטערט אים צו לערנען, און די ווילנער דאָקטוירים, (ער האָט זיי געזאָגט, אַז ער איז אַ ווילנער) האָבן אים געשיקט קיין בערלין קורירן זיך. צו דעם

האָט ער שוין מוסיף געווען, אַז ער איז געבליבן אָן מיטלען און קאָן זיך דעריבער נישט אַקער טון פון אָרט. יע״ס האָט מיט זיין דערציילונג אַרויסגערופן ביי די לומדים גרויס מיטלייד. באַלד אויפן אָרט האָבן זיי פאַר אים צוזאַמענגעקליבן עטלעכע טאָלער צווישן די נאָך פאַרבליבענע דאַוונער, און איינער פון זיי האָט אים מבטיח געווען אויסצופועלן ביי די גבאים פון דער אונטערשטיצונגס־קאַסע לטובת די אומפאַרמעגלעכע יידישע דורכוואַנדערער, אַז זי זאָל אים אויך אויסהעלפן מיט אַ געווי־סער סומע. זער אַ צופרידענער איז יע״ס אַוועק פון בית־המדרש.

פונאַנדערקלויבנדיק זיך אָבער ביינאַכט אויף זיין געלע־גער אין זיין לאַגע, האָט אים גענומען שטאַרק באַנג טון, פאַר־וואָס ער האָט פון די בית־מדרש־יידן פאַרהוילן דעם אמת און האָט זיי נישט געזאָגט, אַז ער פאָרט קיין בערלין צו ערווערבן זיך וועלטלעכע בילדונג. דאָס הייסט, פשוט געהאַנדלט יעזואי־טיש און אויסגענאַרט געלט. בשעת מעשה האָט ער זיך דער־מאָנט אָן זיינע לאַנגע שמועסן מיט דעם גאמן פון ברויז וועגן דער יידישער עטיק, וועגן דער יידישער מסירת־נפש פאַרן אידעאַל, און ער האָט איינגעפונען, אַז דאָס, וואָס ער האָט היינט אָפּגעטון, איז קעגן דער יידישער עטיק און אַ בגידה אין דעם יידישן מסרת־נפש-דאָגמאַט. אים האָט אָנגעהויבן שרעקן דער געדאַנק, אַז זיינענדיק ביז וואָס־ווען אָנגעוויזן נאָר אויף דער שטיצע פון פרומע יידן, וועט ער זיך דאָך מוזן אַזוי־כסדר פאַרמאַסקירן און אַרויסווייזן זיך פאַר דעם, וואָס באמת איז ער עס נישט...

און אויף מאָרגן איז ער אויפגעשטאַנען מיטן פעסטן באַשלוס, אַוועקצוגיין אין בית־המדרש און אומקערן די מנדבים צוריק זייערע טאַלערס און זאָגן זיי דערביי: זייט וויסן, יידן, אַז איך האָב אייך אָפּגענאַרט, איך פאָר טאַקי קיין בערלין, אָבער נישט צו דאָקטוירים: איך בין גאַנץ געזונט, איך פאָר אַהין לערנען, אָבער נישט אונזערע למודים: זיי קען איך שוין גאַנץ געוווג, די ויותר; מיר פעלן נאָך אָבער זייערע למודים, די גויאישע, און דאָס וועט מיר געבן בערלין...

אויפן וועג צום בית־המדרש האָט ער זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט. ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז פון די טאַלערס האָט ער שוין אַ פּאָר אויסגעגעבן פאַרן טאָג אויף לעבנס־מיטלען. קלערנדיק אַזוי, וואָס ער האָט דאָ צו טון, האָט אין אים אויפגעבליצט דער געדאַנק, אַוועקצולאָזן זיך איבערן שטאָט זוכן פאַר זיך טאָג־לוין־אַרבעט. פאַרטראַכט איז ער צוגעגאַנגען צום ברעג פרעגעל, וואו ער האָט דערזען, ווי מענטשן שטייען און לאָדן אָן אונטער דער השגחה פון אַן עלטערן מאַן, אויף גרויסע שיפן תבואה און אַנדערע סחורות. ער איז גלייך צוגעגאַנגען צו דעם מאַן און האָט אים געפרעגט, צי ער וואָלט דאָ געקאָנט באַקומען אַרבעט ביים ברעג. יענער האָט אים געהייסן קומען מאָרגן גאַנץ פרי. מאָרגן באַלד באַגינען האָט זיך יע״ס געשטעלט צו דער אַרבעט, און באַקומענדיק פאַרנאַכט זיין טאָג־לוין, איז ער תיכף אַוועקגעלאָפן אין בית־המדרש, און נישט געפינענדיק דאָרט די לומדים פון וועמענס הענט ער האָט מיט אַ פּאָר טעג צוריק באַקומען די טאַלערס, האָט ער אַריינגעשטופּט דאָס געלט דעם שמש און געזאָגט: נעמט און גיט דאָס אָפּ, זייט מוחל, צוריק די מתפללים! איך דאַרף עס שוין נישט. און נישט אָפּוואַרטנדיק ביז דער שמש וועט עפּעס נעמען ריידן, איז ער אַרויס פון בית־המדרש.

נאָך עטלעכע טעג האָט יע״ס שווער אָפּגעאַרבעט ביים ברעג און האָט אָנגעקליבן עטלעכע טאַלער. ער האָט שוין געהאַט בדעה אַוועקצופאָרן קיין בערלין, ערשט ס׳איז ביי אים מיטאַמאָל אַרויפגעשוואומען אַ נייער פּלאַן—צו פאָרן נישט קיין בערלין, נאָר קיין ל אָ נ ד אָ ן. גורם געווען דערצו האָט אַ צופאַל, דורך וועלכן ער האָט זיך ביים ברעג באַקאָנט מיט דעם קאַפּיטאַן פון אַן ענגלישער שיף, וואָס איז געווען, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַ געשמדטער ייד. דער דאָזיקער קאַפּיטאַן האָט זיך אָנגעשלאָגן יע״סן צו נעמען מיט זיך אומזיסט קיין לאָנדאָן, און דערביי האָט ער אים ערקלערט, אַז אין דעם פרייען ענגלאַנד וועט ער גיכער האָבן די מעגלעכקייט צו פאַרנעמען זיך מיט בילדונג, און אויך זיכערער געפּו־

נען מענטשן, וואָס וועלן אים העלפן צו דערגרייכן זיין צוועק.
יע"ס האָט אָנגענומען די עצה, און איז אָפּגעפאָרן קיין לאָנדאָן.

## VI

אָנקומענדיק קיין לאָנדאָן, האָט דער קאַפּיטאַן באַשטעלט אַ מענטשן, וועלכער האָט אָפּגעפירט יע"סן אין דעם יידישן קוואַרטאַל ווייטשעפּעל. און דאָרט האָט ער אים אָנגעוויזן אַריינ־צוגיין אין אַ געוויס הויז, וואָס איז געשטאַנען ווי אָפּגעזונ־דערט פאַר זיך אין אַ גרויסן הויף. אַריינגייענדיק אין יענעם הויז, איז אים אַרויס אַנטקעגן אַ מאַן אין מיטעלע יאָרן, אַ ראַ־זירטער, אָבער מיט אַ שאַרף יידיש פּנים און, באַטראַכטנדיק אים פון קאָפּ ביז די פיס, האָט ער אים אַ פרעג געטון אויף יידיש:

—פון וואַנען איז אַ יונגערמאַן? געוויס פון גאַליציע?

—ניין,—האָט אים יע"ס געענטפערט.—איך קום פון רוס־לאַנד. און ריידנדיק האָט ער דערלאַנגט דעם מאַן אַ קליין פאַר־חתמעט בריוול פון קאַפּיטאַן. דער מאַן האָט אין איין אויגנבליק דורכגעפלויגן דאָס בריוול, נאָכדעם האָט ער פאַרבעטן יע"סן אַריינצוגיין נאָך אים אין אַ צווייטן צימער און האָט צו אים געזאָגט:

—איר זייט דאָך מן־הסתם פאַרמאַטערט פון וועג, און דערצו נאָך אויך געוויס הונגעריק. איך וועל אייך געבן מיינעם אַ מענטשן, וועלכער וועט אייך אַוועקפירן נישט ווייט פון דאַ־נען אין אַ הויז; דאָרט וועט מען אייך אין מיין נאָמען הייסן געבן עסן און טרינקען, און אויך אַ צימער זיך אויסצורוען. מאָרגן אין דערפרי זאָלט איר אַהער ווידער קומען, און מיר וועלן אייך דאָ זען איינאָרדנען אַמבעסטן.

דערביי האָט ער אָנגעקלונגען און תיכף איז אַריין אַ יונגער מענטש, מיט וועלכן דער מאַן האָט זיך קורץ איבערגע־שמועסט אין ענגליש; באַלד האָט ער גענומען יע"סן און איז מיט אים אַוועק.

דאָס הויז, וואוהין דער יונגער מענטש האָט אַריינגעפירט יע״סן, איז געווען אַ יידישע אכסניא. דאָרט האָט מען באַלד דערלאַנגט יע״סן אַ גוטן מיטאָג, און נאָכדעם, ווי ער האָט אָפּגעגעסן, האָט אים דער בעל־הבית אָנגעוויזן אַ צימער, וואו אויסצורוען זיך.

ליגנדיק אַזוי אין ליכטיקן, וואַרימען צימער, האָבן יע״סן אויסגעוויזן זיינע איבערלעבענישן פון די לעצטע טעג, ווי אַ חלום. ווי פון הימל איז אים גאָר אומגעריכטערהייט אַראָפּגעפאַלן דער גוטהאַרציקער ענגלישער קאַפּיטאַן, וואָס רעדט דייטש, וועלכער האָט אים אָנגערעדט צו פאָרן קיין לאָנדאָן און האָט אים אַליין אַהין מיטגענומען און באַלד פון דער ערשטער מינוט אָן צונויפגעפירט אים מיט אַזעלכע וואוילטעטיקע יידן, פאַר וועלכע ער קאָן זאָגן דעם ריינעם אמת, אַז ער איז אַהער געקומען שטודירן. ס׳איז שוין צו זען, אַז דאָ זיינען עפּיס גאָר אַנדערע יידן...

אויף מאָרגן איז יע״ס אין אַ גאַנץ פריילעכער שטימונג אַוועק צום מאַן, וועלכן ער האָט געבראַכט דאָס בריוול פון קאַפּיטאַן. באַלד ביים אַריינגאַנג האָט יע״ס דעם מאַן זער וואַרים באַדאַנקט פאַר דער פריינטלעכקייט, וואָס ער האָט אים אַרויסגעוויזן, און האָט דערביי אויסגעדריקט זיין האָפנונג, אַז די לאָנדאָנער יידן וועלן אים כאַרהעלפן צו דערגרייכן דאָס ציל, צו וועלכן ער שטרעבט, און צו וועלכן עס ראַטן אים אַלע, וואָס ווינטשן, אַז זיינע פעאיקייטן זאָלן נישט גיין לאבוד.

אויף דעם האָט אים דער מאַן געענטפערט:

—געוויס, געוויס, ביי אונז לאָזט מען קיין פעאיקע מענטשן נישט פאַלן, און ווער עס וויל זיך לערנען און לאָזט זיך לערנען, יענער געפינט ביי אונז די גרעסטע אונטערשטיצונג.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער מאַן אַריינגעפירט יע״סן אין אַ גרויסן חדר, וואו עס זיינען געזעסן און געשטאַנען ביי אַנדערטהאַלבן מניבים יונגעלייט און עלטערע מענטשן און האָבן אַריינגעקוקט אין ספרים. כמעט אַלע זיינען זיי געווען געקליידט אַלט־מאָדיש, ביי אַנדערע האָבן זיך אַרויסגעזען לאַנגע פאות

מיט ברייטע טלית־קטנס. דערזעענדיק דעם פרעמדן גאַסט, האָבן זיי זיך אַלע גענומען שפּאַרן צו אים מיט ברייטע „שלום עליכמס".

באַטראַכטנדיק דאָס צימער מיט די מענטשן, איז יע"ס די ערשטע פּאָר מינוט געבליבן שטיין ווי אַ צומישטער. פון אָנהויב האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז דאָ איז אַ בית־מדרש, צי אַ קלויז; ער האָט זיך נאָר געוואונדערט, וואָס מען זעט עפּיס נישט קיין ארון־קודש און נישט קיין בימה. באַמערקנדיק, אַז די ספרים, אין וועלכע די מענטשן קוקן אַריין, זיינען אַלע לויטער תנ"כן, און ס'איז נישטאָ צווישן זיי נישט איין גמרא, האָט ער שוין גאָרנישט געוואוסט, וואָס צו קלערן. צום סוף איז ביי אים אויסגעקומען, אַז דאָס מוז זיין אַ מין שול, וואו מען לערנט דערוואַקסענע מענטשן תנ"ך. ער האָט אַ קוק געטון פאַרוואונדערט אויף דעם ראַזירטן מאַן, ווי איינער פרעגט: צוליב וואָס האָט איר דאָס מיך אַהער אַריינגעפירט? דער מאַן האָט דאָס גוט פאַרשטאַנען און האָט צו אים אַ זאָג געטון: דערווייל, ביז־וואָס־ווען קאָנט איר זיך מיט די לייט דורכשמועסן אַלע טאָג אין תנ"ך. איר קענט דאָך, מסתמא, תנ"ך גאַנץ גוט?

—אין תנ"ך בין איך אַ בקי,—האָט געענטפערט יע"ס.

—אַזוי, אַ בקי אין תנ"ך זענט איר?—האָבן אים אַ פרעג געטון עטלעכע פון די יונגעלייט פאַר אַמאָל.

—און פּשט ווייסט איר אומעטום?—האָבן אים אַנדערע געפרעגט.

—אומעטום.

—אויב אַזוי—האָט זיך אָפּגערופן דער מאַן—טאָ פאַרהערט זיך מיט אים אויף טשיקאַוועס.

ביי די ווערטער איז דער מאַן אַרויס פון צימער, איבערלאָזנדיק יע"סן אַליין מיט די תנ"ך־לערנער.

די מינוט האָבן זיך אויף יע"סן גענומען שיטן שאלות פון אַלע זייטן:

—ווי טייטשט איר אייך די ווערטער אין ישעיה: „פלא

יועץ אל גבור״? ווער איז ער דאָס דער „פלא יועץ״? וועגן וועלכן ניי־געבוירענעם קינד רעדט זיך דאָס?

—וואָס מיינט דער פסוק: וכרתי את בית־ישראל ואת בית־יהודה ברית חדשה״? וועגן וועלכן נייעם בונד רעדט זיך דאָ?

—וואָס זאָל זיין די כוונה פון דעם נביא, וועלכער זאָגט: „גם את בדם בריתך שלחתי אסיריך״? וועגן וועמענס בלוט שמועסט זיך דאָ?

און נאָך און נאָך אַזעלכע פראַגן. יע״ס האָט אויף אַלץ געגעבן אַ תשובה, איינטייטשנדיק די רייד פון די נביאים, קלאָר און לאָגיש באַגרינדעט. זיינע תשובות האָבן אָבער דעם עולם נישט צופרידנגעשטעלט, און ס׳איז אַוועקגעגאַנגען מיט אים אַ פּאָלעמיק, וועלכע האָט זיך פאַרצויגן אַ צוויי דריי שעה.

אינמיטן איז אַריין איינער און האָט דערלאַנגט יע״סן אַ קאַרטל, וואו עס איז געווען געשריבן, אַז זיין באַקעסטונג און נאַכט־לעגער וועט ער באַקומען אין דערזעלבער אכסניא, וואָס נעכטן, און אַז מאָרגן זייגער ניין אין דערפרי זאָל ער זיך ווידער געפונען אין דעם תנ״ך־צימער.

אַזוי איז אַריבער אַן אַכט טאָג צייט. אַ פּאָר מאָל האָט ער געפּרובט אַ פרעג טון דעם ראַזירטן הער, פאַרוואָס מען פאַרנעמט אים די צייט כסדר מיט תנ״ך, בעת ער איז גאָר געקומען אַהער צוליב אַן אַנדער תכלית? ער האָט אָבער יע־דעס מאָל פון אים באַקומען אַן אויסווייכנדע תשובה, אַז ס׳האָט נאָך צייט, אַז מען וועט אים נאָך באַזאָרגן. דעם צווייטן זונ־טאָג האָט ער דערזען, אַז אָנשטאָט אין תנ״ך קוקן איצט אַלע אין דעם „ברית-חדשה״, און איידער ער האָט נאָך באַוויזן אַ פרעג צו טון ביי עמיצן, וואָס דאָס באַדייט, האָט מען אים אויך אונטערגעטראָגן אַ „ברית-חדשה״. יע״ס האָט זיך גע־קווענקלט נעמען דעם ספר אין האַנט אַריין, כאָטש ער האָט פון אים אַ קנאַפּן באַגריף געהאַט. עפּעס ווי דאָס האַרץ וואָלט אים געזאָגט, אַז דאָ איז עפּעס נישט גלאַטיק. ער האָט זיך אָבער געמאַכט האַרץ און געפרעגט: אויף וואָס דאַרף מען דאָס? אויף דעם האָט ער באַקומען אַ קורצע תשובה, אַז כדי צו פאַר־

שטיין ריכטיק דעם תנ"ך, מוז מען פריער זיין גוט באַהאַוונט אין דעם „ברית חדשה". יע"סן האָט אָבער די תשובה נישט באַרואיקט. מאָנטאָג אין דערפרי איז באַלד דער „ברית חדשה" פאַרשוואונדן געוואָרן, און דער עולם האָט זיך צוריק גענומען צום תנ"ך...

ביסלעכווייז איז דידאָזיקע סביבה געוואָרן יע"סן זער אויפפאַלענד. ווי ער האָט זיך געבראָכן דעם מח, האָט ער בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר. וויפיל מאָל האָט ער געפרובט בעטן ערקלערונגען ביי די יונגעלייט, אָבער תמיד האָט מען אים געגעבן איין קורצע תשובה: אַזוי לערנט מען אונז תנ"ך. זיצנדיק אַליין אין אָוונט ביי זיך אין צימער, האָבן זיך אים אַלץ אין מח געבאָמבלט כסדר די פסוקים פון תנ"ך, און באַזונדערס די איינצלנע פראַזן, מיט וועלכע מען פאַרנעמט זיך שטענדיק אין יענעם לערן-שטיבל, און מיט אַמאָל האָט ער זיך ארומגעזען, אַז דאָ רעדט זיך עפּעס וועגן איינעם און דעמזעלבן ענין: וועגן אַ נייעם בונד צווישן גאָט מיט יידן אָנשטאָט דעם אַלטן בונד. און דאָס ווערט נאָכאַנאַנד איבערגע־חזרט אָן אַ שיעור און אָן אַ ברעג. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז עטלעכע מאָל האָבן עפּעס אַנדערע אַריינגעמישט ביים תנ"ך דעם נאָמען פון „קריסט"... און וואָס מער ער האָט זיך אַריינ־געטראַכט אין דער זאַך, איז זי ביי אים אַלץ מער פליאהדיקער געוואָרן, און ער האָט זיך אַלץ מער געפּלאָנטערט אין זיינע געדאַנקען.

איינמאָל איז ער זיך מישב, גייט אונטער צום בעל־אכסניא און גיט אים אַ פרעג:

—זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווער זיינען דאָס די, וואָס צאָלן אייך פאַר דעם, וואָס איר גיט מיר קעסט און וואוינונג?

דער בעל־אכסניא האָט אָנגעשטעלט אַ נאַאיוו פנים און אים געענטפערט ווי פאַרוואונדערט:

—איך פאַרשטיי אייך גאָרנישט; שוין באַלד צוויי וואָכן, ווי מענטשן גיבן אייך עסן און טרינקען און האַלטן אייך אויס מיט אַלע אייערע הצטרכותן, און איר ווייסט נאָך גאָרנישט,

ווער זיי זיינען.

—ס'איז אָבער פּאָרט אַזוי—האָט יע"ס געזאָגט—איך הויב דאָך נישט אָן וויסן, ווער די מענטשן זיינען.

—דאָס זיינען—האָט אים דער בעל־אכסניא ערקלערט—יידן גרויסע בעל־צדקות, וואָס היטן אָפּ מקיים צו זיין דאָס, וואָס דער נביא זאָגט: „אַז דו וועסט זען אַ נאַקעטן, זאָלסטו אים באַקליידן, און אַ הונגעריקן—זאָלסטו אים געבן פון דיין ברויט"...

—אָט דאָס אינגאַנצן?—האָט יע"ס געפרעגט.

—ניין; נישט דאָס איז נאָך דער עיקר; דער עיקר איז, אַז זיי זאָרגן נישט בלויז פאַר זיין גוף, נאָר אויך פאַר זיין נשמה...

—וואָס הייסט?

—דאָס הייסט, אַז זיי סטאַרען זיך צו מאַכן אים פאַר אַ מענטשן, פאַר אַ לייט...

דידאָזיקע תשובה פונם בעל־אכסניא האָט יע"סן באַרואיקט. אויסבילדן זיך, כדי צו ווערן אַ „מענטש",—אָט דאָס איז דאָך, אייגנטלעך, דער אמתער צוועק, צוליב וועלכן ער איז אַהער געקומען. ער האָט נאָר נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס מען נעמט ביי אים אָפּ אַזוי פיל צייט אויף תנ"ך, און מען הויבט מיט אים נישט אָן גלייך פון די פרעמדע למודיות. ווי אומ־פאַרשטענדלעך די זאַך איז געווען, האָט ער זיך צום סוף אָפּ־געשטעלט אויף דעם געדאַנק, אַז מסתמא איז דאָ אַזוי דער מנהג, און ס'איז נישט צו מאַכן.

איינמאָל, אין אַ געוויסן טאָג, אַז יע"ס איז צוגעגאַנגען צו דעם „תנ"ך־קלייזל", האָט ער דערזען, ווי עס שטייט ביים טויער אַ יידישע פרוי אין די מיטעלע יאָרן און וויינט מיט ביטערע טרערן. לויט דעם אויסזען און דעם גאַנצן הילוך פון דער פרוי, האָט יע"ס באַלד דערקענט, אַז די פרוי איז נישט קיין היגע פון לאָנדאָן, נאָר זי שטאַמט ערגיץ פון רוסלאַנד צי פון גאַליציע, און נישט טראַכטנדיק פיל, האָט ער זי אַ פרעג געטאָן אויף יידיש:

--וואָס ווײנט איר, ליבע ײדענע? און וואָס שטײט איר עפּעס דאָ?

--איך וויל דאָ שטײן?--האָט אים די פרוי מיט טרערן געענטפערט אינם פויליש-ײדישן דיאַלעקט--זאָלן זײ אַזוי וועלן לעבן! דאָ איז דאָך אַ מקום טמא. מען שמדט דאָך דאָ אָפּ ײדישע קינדער, מײן מאַן האָבן זײ אויך אָפּגעשמדט. איצט איז ער דאָ בײ זײ אַ גאַנצער מאַכער, און ער וויל שוין מיט מיר מער נישט לעבן...

פון אָנהויב האָט יע״ס גאָרנישט אָנגעהויבן צו פאַרשטײן וועגן וועמען און וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך. דורכשמועסנדיק זיך אָבער אויספירלעכער מיט דער פרוי, האָט ער זיך פון איר דערוואוסט אָט וואָס:

די פרוי, אַלײן פון אַ פוילישן קלײנשטעטל, איז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געקומען קײן לאָנדאָן מיט איר מאַן אַ שנײדער־ארבעטער. די ערשטע אנדערטהאַלבן יאָר האָט איר מאַן ווי־עס־איז באַקומען אַרבעט, און זײ האָבן זיך דורכגעלעבט, אויב נישט ברחבות, אָבער נישט צו פאַרזינדיקן. דעם לעצטן האַלבן יאָר איז ער געבליבן זיצן אָן אַ שטאָך מלאכה, און זײ איז אַוועקגעגאַנגען די צ״ט זער שלעכט. דער מאַן פלעגט אין דערפרי אַרויס אין גאַס, אַרומדרײען זיך אין די גאַסן אַ גאַנצן טאָג און קומען אין אָוונט אַהײם מיט גאָרנישט. ס׳איז זײ געקומען כאָטש גײן פון בריק אין וואַסער... אײנמאָל אַ פאַרנאַכט האָט דער מאַן צוריקגעקערט פון גאַס אַ גאַנץ פרײלעכער: געקומען אַן עק צו די צרות; ער האָט זיך באַגעגנט מיט גוט־האַרציקע ײדן, וועלכע האָבן מיט אים געהאַט גרויס מיטלײד, און מבטיח געווען אים צו באַזאָרגן מיט אַרבעט, און דערווײל ביז וואָס־ווען האָבן זײ אים שוין געגעבן אַ ביסל געלט אויף דער הוצאה. אויף מאָרגן גאַנץ פרי איז געקומען אַן אומבאַקאַנטער ײד און האָט אַוועקגערופן דעם מאַן צו דער אַרבעט. פון דעמאָלט אָן פלעגט דער מאַן יעדן טאָג באַלד אין דערפרי אַוועקגײן, און קומען אַהײם שפּעט אין דער נאַכט, און זײ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן צו לעבן גאָר נישט שלעכט. שפּע־

טער־צו האָט ער זיך גענומען באַווייזן אין שטוב שוין פיל זעלטענער, ס׳איז געקומען אַזוי ווייט, אַז ער פלעגט זיך אַריינכאַפּן צו דער פרוי מער נישט ווי איינמאָל אין דער וואָך, צו־וואַרפן איר אירע שכירות, און באַלד אַנטלויפן צוריק. איר איז דאָס זער אויפפאַלענד געוואָרן, זי האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט איר מאַן איז עפּעס נישט גלאַטיק, און האָט זיך באַרגע־נומען נאָכצופאָרשן נאָך אים, אום צו דערגיין, וואָס מיט אים טוט זיך. אויסגעסנדיק אַמאָל דאָס האַרץ פאַר אַ ווייבל, אויך פון רוסיש-פוילן, וואָס האָט געוואוינט אין איר שכנות, האָט איר יענע דערציילט, אַז לויט ווי זי ווייס, געפינט זיך אין לאָנדאָן אַ חברה פון געוועזענע יידן, וואָס הייסן היינט „מיסיאָנערן״, וועלכע זיינען אָפּגעלעגט נאָר אויף איין זאַך: אַריינצונאַרן צו זיך פרעמדע אָרימע, נויטבאַדערפטיקע יידן און אָפּשמדן זיי. און דער, וואָס פאַלט שוין צו זיי איינמאָל אַריין, קאָן זיך שוין קיינמאָל פון זיי נישט אַרויסדרייען, ווייל זיי פאַרשטייען צו פאַרשטריקן זייערע קרבנות דורך אַלערליי נעצן, און דאָס ווייבל האָט אַרויפגעבראַכט דעם שניידערס פרוי אויף דעם געדאַנק, אַז ס׳קאָן גרייזער זיין, אַז איר מאַן איז אויך נישט ווילנדיק אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דערדאָזיקער באַנדע. דער סוף איז געווען, אַז די פרוי האָט אַזוי לאַנג גע־זוכט און גענישטערט, ביז זי האָט געפּאַקט איר מאַן אין יע־נעם „תנ״ך־קלייזל״. אָבער באַלד ביים ערשטן באַזוך האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל ווי ער קען זי גאָר נישט, און אַז זי האָט זיך פונאַנדערגעשריען און גענומען מאַכן סקאַנדאַלן, האָט דער „גלוח״ זי אַרויסגעטריבן.

דערהערנדיק פון דער פרוי דעמדאָזיקן ספּור־המעשה, איז יע״סן תּיכף קלאָר געוואָרן, וואו ער האַלט אין דער וועלט און אין וואָס פאַר אַ ספערע ער געפינט זיך. תּיכף האָט ביי אים אויפגעבליצט דער געדאַנק, צו זיינע בעלי־חסדים אין „תנ״ך־קלייזל״ שוין זיך מער נישט צוריקצוקערן. ער האָט אָבער נישט געוואוסט וואוהין צו גיין און צו וועמען זיך צו קערן. ער האָט אָנגעזאָגט די פרוי, וועלכע איז שוין געווען אַוועק־

געגאַנגען אַ וויינענדיקע, און האָט זיך ביי איר נאָכגעפרעגט, וואו עס געפינט זיך ערגיץ אַ בית-מדרש. די פרוי איז מיט אים אָפּגעגאַנגען עטלעכע גאַסן אין ווייטשעפּעל און האָט אים צוגעפירט צו אַ בית־מדרש, וועלכער איז אָבער געווען צוגעשלאָסן. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט מען אין דעמדאָזיקן בית־מדרש געדאַוונט נאָר שבת...

## VII

אין זער אַ געדריקטער שטימונג האָט זיך יע״ס געלאָזט גיין איבער די ווייטשעפּעלער גאַסן. איבער אַן איינשטאָקיג הויז האָט ער דערזען פון דער ווייטן אַ שילדל מיט דער יידישער אויפשריפט „כשר״, און איז אַהין אַריין. דאָס איז געווען אַן אָרים שענקל פון אַ ליטווישן יידן. יע״ס, וואָס האָט נאָך געהאַט אין טאַש עטלעכע שילינג, האָט דאָרט עפּעס איבערגעביסן, און האָט געפועלט ביים בעל־הבית, ער זאָל אים לאָזן ביי זיך איבערנעכטיקן. אַריינטראַכטנדיק זיך אין זיין ניי־געשאַפענער לאַגע, איז ביי אים געבליבן, נישט צו ווענדן זיך מער נאָך שטיצע צו וועמען עס זאָל נישט זיין, און זיך גלייך פון אָנהויב פּרובן טון דאָס, וואָס ער האָט געטון אין קעניגסבערג: שטעלן זיך וואו־עס־איז אויף טעגלעכער לוין-אַרבעט, און נאָכדעם, ווי ער וועט האָבן אָפּגעשפּאָרט אַ געוויסע סומע געלט און וועט שוין צו קיינעמס טובות נישט דאַרפן אָנקומען, וועט ער זיך ערשט נעמען צו בילדונג. ער האָט אָבער עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד געזוכט אַרבעט, און האָט נישט געפונען. דערווייל איז ביי אים אויסגעגאַנגען דער לעצטער שילינג, און זיין לאַגע איז געוואָרן זער קריטיש.

אַרומגייענדיק אַ געוויסן טאָג עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד אין די לאָנדאָנער גאַסן, איז יע״ס זער מיד געוואָרן און איז אַריין אין אַ פאַרבייאיקן פּאַרק אויסצורוען זיך אַ ביסל אויף אַ באַנק. דרויסן האָט שוין אַפילו אָנגעהויבן צו שמעקן מיט פרילינג, ס׳איז נאָך אָבער געווען גאַנץ קאַלט און נאַס. פאַרטיפט אין טרויעריקע געדאַנקען, איז יע״ס געזעסן אויף דער באַנק, און

נישט זענענדיק איבעריקס וואַרים צָנגעטאָן, האָט ער מינוטנווייז אונטערגעציטערט פון קעלט. גראָד איז בשעת מעשה אַרויס פון אַ זייטיקער אַלעע אַן אַלטע, זער עלעגאַנט געקליידעטע דאַמע, און זענענדיק, קענטיק, אָפּגעמאַטערט פון גאַנג, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ צווייטער באַנק געגנאיבער יע״סן. די דאַמע איז באַלד אויפמערקזאַם געוואָרן אויף יע״סן, האָט אים באַטראַכט אַן אויגנבליק, און אונטערגייענדיק צו אים, האָט זי אים געפרעגט אויף דייטש, ווער ער איז און פון וואַנען און וואָס ער טוט דאָ. די פרוי, אין וועלכער יע״ס האָט באַלד דערקענט, אַז דאָס איז אַ יידיש קינד, האָט אויף אים תיכף ביי איר ערשטן וואָרט געמאַכט אַן אויסגעצייכנטן, כמעט באַצויבערטן איינדרוק און, אַ האָר נישט געקלערט, האָט ער איר אויסדערציילט אַלץ, וואָס מיט אים איז פון אָנהויב ביזן סוף. נאָכדעם ווי יע״ס האָט געענדיקט, האָט די דאַמע אַוועקגעלעגט איר האַנט אויף זיין פּלייצע, זאָגנדיק צו אים אין זער אַ ליבנסווירדיקן טאָן: „זאָרגט נישט יונגערמאַן, אייך איז, ווי עס ווייזט אויס, באַשערט געוואָרן צו געפינען דאָ אייער גליק; קומט מיט מיר.״

די דאַמע איז מיט יע״סן אַרויס פון פּאַרק; דאָרט האָט זי געדונגען אַן עקיפּאַזש, וועלכער האָט זיי אָפּגעפירט אין איר וואוינונג, אין רעכטן צענטר שטאָט. אַריינקומענדיק אין דער וואוינונג, איז יע״ס שיער נישט פאַרבלענדט געוואָרן פון דעם רייכטום, וואָס האָט דאָרט אַרויסגעקוקט פון יעדן ווינקעלע. ער האָט נאָך אַזוינס אין זיין לעבן קיינמאָל אין די אויגן נישט אָנגעזען. ביי אים איז אויסגעקומען, אַז דאָ מוז וואוינען עפּעס גאָר אַ גרויסער מיליאָנער, וועלכן ער האָט שוין געגאַרט צו זען און דורכשמועסן זיך מיט אים, אום צו וויסן, וואָס ער האָט פון אים צו ערוואַרטן. די דאַמע האָט אים אָבער אַריינגעפירט אין אַ צווייט צימער, וואו ס׳איז געשטאַנען אַ רייך סערווירטער טיש, און האָט צו אים געזאָגט: איר זייט דאָך געוויס הונגעריק; בייסט עפּעס צו, איך וועל דערווייל אַריינגיין און מודיע זיין וועגן אייך מיין מאַן, וועלכער ווייזט אַרויס צו־

אַזעלכע יונגעלייט ווי איר דעם גרעסטן אינטערעס.

ווי הונגעריק יע״ס איז געווען, איז אים דאָך אין יענע מינוטן דאָס עסן אין האַלז נישט געקראָכן. בלייבנדיק אַליין, האָט ער נישט אויפגעהערט צו ברענען פון אומגעדולד, און אַלע זיינע געדאַנקען זיינען געווען קאָנצענטרירט אין דעם איין וואונטש: ווי זעט מען שוין וואָס גיכער יענעם מאַן, וועלכער אינטערעסירט זיך מיט אַזוינע יונגע מענטשן ווי ער, און העלפט זיי אויס צו דערגרייכן זייער צוועק?!

אין אַ קורצער ווײַלע אַרום איז אַריין די מאַדאַם און האָט זיך אָפּגערופן צו יע״סן: קומט, איך וועל אייך באַקענען מיט מיין מאַן:

יע״ס איז נאָך איר אַריינגעגאַנגען אין אַ גרויסן חדר, וועלכער איז געווען דורכויס, פון דער ערד ביזן באַלקען, אויסגעשטעלט מיט ספרים, און דאָרט, פאַר אַ לאַנגן שרייב־טיש, וואָס איז אויך געווען אָנגעלעגט מיט פאַרשידענע ביכער, איז געזעסן אַ גרייז־גראָער מאַן מיט אַ שענעם, איינדרוקספולן יידיש פאַטריאַרכאַלישן געזיכט. דערזעענדיק יע״סן, האָט זיך דער אַלטער אויפגעהויבן פון אָרט, איז אים געגאַנגען אַנטקעגן, און אָפּגעבנדיק אים אַ ברייטן „שלום עליכם", האָט ער צו אים געזאָגט אין אַ ריין־ליטווישן יידיש און מיט אַ ווייכער, ליבלעכער שטים.

—אַן עכטער ליטווישער בן־תורה; איך האָב ליב אַזעלכע.

רערביי האָט ער אים אַוועקגעזעצט נעבן זיך. יע״ס, וועלכער האָט שוין באַוויזן צו דערזען פון ווייטן, אַז צווישן די ספרים געפינען זיך אויך ש״סן און אַלערליי מפרשים, ערשטע און לעצטע, און אַנדערע רבניש־טעאָלאָגישע ווערק, וועלכע זיינען אים געווען נישט אומבאַקאַנט, האָט זיך עפּעס באַלד דערפילט ווי אַ פיש אין וואַסער, און האָט אים געענטפערט ווי עפּעס אין אַ געהויבענער שטימונג: נאָך פיל, פיל תורה האָב איך שוין געלערנט.

—פיל תורה און ווייניק נוצן,—האָט אונטערגעכאַפּט דער

אַלטער און האָט תּיכּף מוסיף געווען: געלערנט און געלערנט, און דעם עיקר נישט דערלערנט.

—יאָ, יאָ,—האָט זיך אָפּגערופן יע״ס—איך בין זיך מודה: דער עיקר פעלט מיר, עס פעלן מיר וועלטלעכע ידיעות, איך דאַרף בילדונג, און צו דעם שטרעב איך.

—נישט דאָס מיין איך—האָט אים איבערגעשלאָגן דער אַלטער—מיין כּוונה איז גאָר עפּעס אַנדערש. דו זאָגסט, אַז דו האָסט געלערנט פיל תּורה, און איך זאָג, אַז דיין לערנען איז געווען אויטאָמאַטיש, מעכאַניש; ס׳האָט געפעלט אין דיין לער־נען דער נאַטירלעכער, אינערלעכער זין.

יע״ס האָט אים אָנגעקוקט שטאַרק פאַרוואונדערט.

—זאָג מיר נאָר,—האָט אים מיט אַמאָל אַ פרעג געטון דער מאַן—אין אַנדערע ספרים חוץ דער גמרא מיט די פּוסקים, האָס־טו נאָך גאָר קיינמאָל נישט אַריינגעקוקט?

—אין וועלכע, צום ביישפּיל?

—אין חקירה־ספרים, למשל.

יע״ס האָט אַ ביסל אַ קלער געטון, און נאָכדעם געזאָגט: „איך האָב שוין אַמאָל געהאַט די געלעגנהייט דורכצולערנען דעם „כּוזרי״, דעם „מורה־נבוכים״.

—נו? האָבן זיי דיך גערירט? האָבן זיי ביי דיר אַרויס־גערופן וועלכע עס איז נייע, נאָר אומגעריכטע מחשבות? האָבן זיי דיך נישט געלערנט, אַז מען טאָר נישט גלויבן בלינד אין דעם, וואָס אַנדערע זאָגן, און אַז מען מוז יעדע זאַך אונטער־ציען אונטער אַ געוויסער קריטיק?

—אַז איר פרעגט מיך—האָט אים יע״ס געענטפערט—מוז איך אייך זאָגן, אַז יענע ספרים האָבן מיך נישט געלערנט, נאָר געפּייניקט, און שטאַרק געפּייניקט, באופן, אַז איך האָב געהאַט גרויס פאַרדרוס אויף דעם מענטשן, וואָס האָט זיי מיר לכתּחילה געגעבן צום לייענען. איך האָב מיך אָבער דערנאָך אַרומגעזען, אַז די מחברים פון יענע ספרים זיינען אויך נישט געווען מער נישט ווי מענטשן, און האָבן זיך אויך גאַנץ לייכט געקאָנט טועה זיין. געווירקט האָבן זיי אָבער אויף מיר מיט

דעם, וואָס דורך זיי האָב איך מיך איבערצייגט, אַז מיט תורה אַליין קאָן מען נישט ווייט פאַרפאָרן, אַז צו תורה דאַרף נאָך אַ מענטש האָבן אויך בילדונג.

דאָ האָט זיך אַריינגעמישט אין געשפּרעך דעם אַלטנס פּרוי, וועלכע האָט זיך אָפּגערופן:

—דער יונגערמאַן רעדט דאָך גאַנץ לאָגיש. ער שטרעבט צו בילדונג, און נישט בלויז צו זיין אייגענעם נוצן. זיין אידעאַל איז, צו ווערן אַ רב מיט העכערער בילדונג, כדי ער זאָל קאָנען ווירקן מיט זיין אויטאָריטעט אויף די הונדערטער טויזנטער יידן, וואָס זינקען אין פינסטערניש, און זעען נישט קיין ליכטיקן שיין, און מיר דאַרפן אים זען געבן די מעגלעכקייט, זיין צוועק צו דערגרייכן.

אויף דעם האָט געזאָגט דער אַלטער, ווי ריידנדיק צו דער פרוי:

—דער יונגערמאַן דאַרף וויסן, אַז ער איז נישט דער ערשטער עלנטער, וועלכן מיר שטרעקן אויס אַ האַנט פון הילף און פירן אים צו אַ זיכערן ברעג. און מיר טוען עס נאָר דערפאַר, כדי דידאָזיקע פּעאיקע יונגעלייט זאָלן שפּעטער מיט זייערע פעיקייטן דינען לטובת אונזער פאָלק, וואָס בלאָנדזשעט אַרום אין מדבר, און וועלכן מען דאַרף דורך ריכטיקער אויפקלערונג אַרויספירן אויפן דרך־האמת.

אונטער דעם איינדרוק פון דידאָזיקע ווערטער איז יע״ס געוואָרן זער גערירט: מיט גרויס דאַנקבאַרקייט האָט ער געקוקט אויף דעם אַלטן מיט זיין פרוי און דערביי געזאָגט:

—איך פאַרזיכער אייך מיט אַלץ, וואָס ביי מיר איז הייליק, אַז איך האָב נישט פאַר זיך קיין אַנדער צוועק אין לעבן ווי נאָר דאָס איינציקע: צו דינען מיט מיין טעאָלאָגישער און וועלטלעכער בילדונג נאָר די אינטערעסן פון דעם יידישן פאָלק, און געבענטשט זאָלן זיין יענע הענט, וועלכע וועלן מיר ביי־הילפיק זיין צו דערשלאָגן זיך צו מיין ציל, פאַר וועלכן איך האָב שוין אַזוי פיל איבערגעליטן.

דער אַלטער האָט פאַרהאַלטן יע״סן ביי זיך. שוין אויף

מאָרגן האָט מען אים באַשטעלט לערער פאַר דער ענגלישער־ שפראַך און פאַר אַנדערע אַלגעמיינע למודים. יע״ס האָט זיך איבערגעגעבן די למודים מיט גרויס פלייס, און האָט געמאַכט גלענצנדע פאָרשריט. די איבריקע צייט איז ער געזעסן און גענישטערט די ביבליאָטעק, וואו ער האָט געפונען אַלטע יידישע ספרים, וואָס האָבן אים זער פאַראינטערעסירט, אָדער ער האָט פאַרבראַכט מיט דעם אַלטן און מיט זיין פרוי אין פאַרשיידענע געשפרעכן, און דאָס רוב אויף טעאָלאָגישע טעמעס. דער אַלטער האָט עפּעס תּמיד ליב געהאַט צו ריידן וועגן די פאַרשיידענע גלויבנס, אַרויסזאָגנדיק דערביי יעדעס מאָל דעם געדאַנק, אַז ס׳וואָלט זער גלייך און גוט געווען פאַר דער מענטשהייט, ווען עס וואָלט עקזיסטירט אויף דער וועלט נאָר איין אמונה פאַר אַלעמען. וואָס פאַר אַן אמונה דאָס זאָל זיין—וועגן דעם האָט דער אַלטער קיינמאָל נישט גערעדט. דער־ פאַר האָט אָבער די פרוי עטלעכע מאָל ווי אַרויסגעזאָגט פון צווישן די ציינער, אַז ס׳וואָלט געווען אַ יושר, צו רעווידירן אַלע אמונות און אָפּצושטעלן זיך אויף דער בעסטער און שענס־ טער. יע״סן האָבן די ערשטע צייט דידאָזיקע געשפרעכן זער שאָקירט, און איינמאָל האָט ער זיך אַפילו נישט געקאָנט איינ־ האַלטן און שאַרף אַרויסגעזאָגט, אַז לויט זיין מיינונג איז די איינציקע ריכטיקע און שענע אמונה נאָר די יידישע. דער־ הערנדיק די ווערטער, האָט זיך דער אַלטער אַ הויב געטון פון אָרט און ווי מיט אַ לייכטן בייזער אויסגערופן: דאָס נישט זאָג! מען טאָר נישט זיין בלינד, אַלץ דאַרף מען דערווייזן. די דאַמע פון איר זייט, ווי וועלנדיק פאַרגלעטן דעם צו־ שטאַרקן טאָן, וועלכן דער אַלטער האָט אָנגענומען האָט אַ זאָג געטון: וואָס איז זיך דאָ דאָ צו וואונדערן? ער איז דאָך נאָך אַ יונגערמאַן. ער וועט ווערן עלטער, ער וועט זיך אָפּטערס צוהערן, וואָס חכמים זאָגן, און דאַן וועט ער שוין אַליין פאַר־ שטיין, וואו עס ליגט דער ריינער אמת. פון דעמאָלט אָן פלעגט זיך יע״ס צוהערן צו די שמועסן און שווייגן. אים איז אָבער קיין זאַך נישט איינגעפאַלן. ער האָט גערעכנט, אַז דאָס איז אַ

הויז פון מענטשן פריידענקער, פילאָזאָפן, וועלכע האָבן זיך ליב צו שמועסן וועגן פאַרשיידענע אַבסטראַקטע ענינים און וויסנשאַפטלעכע פּראָבלעמען. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אַמאָל אין ווילנע ביי עליאַשעוויטשן פלעגט אים גאַנץ אָפט אויסקומען צו הערן נאָך פיל שאַרפערע דבורים וועגן דער יידישער אמונה און אַפילו וועגן תּורת משה... דאַן פלעגן אים דידאָזיקע ויכוחים אין איין אויער אַריין און דורך דעם אַנדערן אַרויס, נישט איבערלאָזנדיק אויף אים קיין שום רושם. און אַזוי וועט, מן הסתם, דאָ אויך זיין...

אין משך פון אַ קורצער צייט, בערך, האָט יע״ס באַוויזן צו ברענגען זיינע למדים אַזוי ווייט, אַז אין אַ געוויסן פרימאָרגן האָט ער זיך עקזאַמענירט אין איינער פון די לאָנדאָנער גימנאַזיעס און איז אַריין אין פינפטן קלאַס. ער האָט דאָס באַטראַכט פאַר דעם ערשטן עטאַפּ אויפן וועג צו זיין צוועק, און זיינע דאַנקבאַרקייטס־געפילן צו די אומגעריכטע און אומבאַקאַנטע וואוילטעטער האָבן זיך אין אים געשטאַרקט פון טאָג צו טאָג. זעענדיק די הייסע באַציונגען צו אים מצד דעם אַלטן און די ממש מוטערלעכע ליבע, מיט וועלכער ער ווערט אַרומגערינגלט פון דער אַלטער, איז ער צו זיי אַלץ מער צוגעבונדן געוואָרן. ביסלעכווייז האָט ער אין זיי און באַזונדערס אין דער פרוי, איינגעפונען אַזעלכע גרויסע מעלות, וועלכע ער האָט גאָר ביז אַהער נישט באַמערקט. ער האָט דערזען, אַז דאָס איז אַ הויז פון צדקה און גמילת־חסדים. ער האָט זיך אַריינגעטראַכט אין די זער רירנדע סצענעס, וואָס קומען דאָרט פאָר יעדן זונטאָג, ווען די טירן פון אַ באַזונדער צימער זיינען פריי פונאַנדערגעעפנט פון גאַנץ פרי ביז אַ שטיק אין אָוונט פאַר אַלערליי פון גורל שווער געפּלאָגטע און עלנטע מענטשן, יידן און קריסטן, מאַנסביל און פרויען, און די אַלטע ווערט נישט מיד אויסצוהערן פון איטלעכן זיין באַגער און צו באַפרידיקן יעדנס וואונש שוין באַלד דאָ אויפן אָרט, אָדער נאָכגעשיקט אים גלייך אין שטוב אַריין, און בשעת מעשה גלאַנצן אירע אויגן פון פרייד און פון גליק... ער האָט גענומען איין אַכט

מיט וואָס פאַר אַ פייער דער אַלטער רעדט תמיד וועגן זיין פארלאַנג צו באַגליקן דאָס אומגליקלעכע און פון אַלעמען פאַרפאָלגטע און פאַריאָגטע יידישע פאָלק. און מיט וואָס פאַר אַ ליבע און באַגייסטערונג ער, און אויך זי, די אַלטע, רופן זיך אָפּ ביי יעדער געלעגנהייט וועגן דעם יידישן גאָט! דאָס אַלץ צוזאַמען האָט צום סוף געפירט דערצו, אַז יע״ס האָט אָנגעהויבן זיינע גוטס־טוער צו פאַרגעטערן און אָנקוקן זיי ווי אידעאַלן פון דער העכערער מענטשלעכקייט, און נאָכדעם איז שוין קיין וואונדער נישט, ווען ער איז אַזויאַרום אַרונטערגעפאַלן מיט דער צייט אינגאַנצן אונטער זייער השפעה.

און די פרוכט פון דערדאָזיקער השפעה האָט אויף זיך לאַנג נישט געלאָזט וואַרטן. די אַלטע האָט גענומען פירן יע״סן אויף פאַרשיידענע פאַרזאַמלונגען, וואו קריסטלעכע טעאָלאָגן האָבן אָנגעפירט אַ פייערדיקע אַגיטאַציע פאַרן קריסטלעכן גלויבן, און אויסגעדריקט דערביי גרויס באַדויערן און הייסע רחמנות־געפילן צו דער יידישער אומה, וואָס ליידט נעביך אַזוי פיל נאָר צוליב איר פאַרבלענדעניש... קומענדיק אַהיים פון דידאָזיקע אסיפות, פלעגט שוין פאַר אים דער אַלטער אָפּהאַלטן גאַנצע לעקציעס וועגן דעמזעלבן ענין, ביז ער האָט איינמאָל ביי אַזאַ לעקציע אַרויסגעזאָגט בפה מלא פאָלגנדעס: זיי וויסן, מיין זון, אַז איך מיט מיין פרוי געהערן שוין פון אַ לאַנגע צייט צו יענע, וואָס האַלטן, אַז נאָר די יידן אַליין, ווי קיין אַנדערע, טראָגן די שולד אין זייער אייביקן אומגליק... מ׳דאַרף זיי איין מאָל פאַר אַלעמאָל עפענען די אויגן און אויף דעם האָבן מיר באַשטימט אונזער גאַנצן גרויסן פאַרמעגן. געלט אַליין איז נאָך אָבער ווייניק. מיר דאַרפן האָבן מענטשן מיט אַ גרויסער ערודיציע פון יידישער און וועלטלעכער בילדונג, מענטשן מיט גרויסע קעפּ, וואָס זאָלן פאַרשטיין ווי צו געווינען פאַר זיך דעם צוטרוי פונם יידישן פאָלק. דו, ווען דו זאָלסט נאָר וועלן, קאָנסטו ווערן איינער פון דידאָזיקע מענטשן, דער וועג איז פאַר דיר אויסגעטראָטן. נאָך אַזוינע עטלעכע לעקציעס האָט יע״ס געהאַט אויסצוהערן אויך פון דער אַלטער, וועלכע איז

געווען, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַן אויסגעשפּראָכענע אָנ־הענגערין פון קריסטענטום, און האָט זיך געמאַכט די מיסיאָ־נערישע טעטיקייט פאַר איר לעבנס-צוועק. באַציענדיק זיך צו איר ווי צו אַ מוטער האָט ער קעגן איר בשום אופן נישט גע־קאָנט ביישטיין. די אַלטע האָט אויף אים געהאַט, ממש, אַ סו־געסטיווע ווירקונג און אָן אַ שום סימן פון אינעווייניקסטן קאַמף האָט ער זיך אונטערגעגעבן איר רצון און זיך אָפּגעשמדט...

נאָכדעם, ווי יע"ס האָט געענדיקט גימנאַזיע, האָבן אים זיינע וואוילטעטער אַוועקגעשיקט קיין עדינבורג (שאָטלאַנד), וואו ער איז אַריינגעטראָטן אין דעם סעמינאַר פאַר גייסטלעכע. אין סעמינאַר איז ער אָפּגעווען פיר יאָר און איז אַרויס אַלס גייסט־לעכער פון דער ערשטער מדרגה. דאַן האָט ער זיך צוריקגע־קערט קיין לאָנדאָן און איז דאָרט געוואָרן דער הויפּט־לערער אין דער גרעסטער שול פאַר מיסיאָנערן.

פאַר דעם שרייבער פון דידאָזיקע שורות ליגן עטלעכע בריוו, וואָס יע"ס האָט געשריבן צו דעם באַוואוסטן העברייי־אישן דיכטער יהודה ליב גאָרדאָן. אין איינעם פון די דער־מאָנטע בריוו געפינען זיך די פאָלגנדע עטלעכע קורצע אָבער אינטערעסאַנטע שטריכן פון זיינע לאָנדאָנער איבערלעבענישן:
„אין לאָנדאָן האָט מיר גאָט צוגעשיקט אַ רייכע דאַמע, אַן אַל־טע און זער אַ צנועה, וועלכע האָט פון איר טיפסטן האַרצן ליב געהאַט גאָט און זיין געזאַלבטן און זיין פאָלק ישראל. דידאָזיקע פרוי האָט אויף מיר געווירקט, איך זאָל גיין און הערן פון דעם נייעם טעסטאַמענט. איך בין געגאַנגען, געהערט און געוואָרן באַזיגט... פון אַ לאָנדאָנער גימנאַזיע בין איך אַוועק אין עדינבורגער סעמינאַר פאַר גייסטלעכע. דאָרט האָב איך אונטער אַנדערע שטודירט די העברייאישע גראַמאַטיק, דעם תנ"ך, דעם נייעם טעסטאַמענט אין דער גריכישער שפּראַך. איך האָב אָבער געלערנט אַ סך גמרא מיט די מפרשים..."

# VIII

אין די לאָנדאָנער העכסטע מיסיאָנערישע ספערן האָט מען געלעגט אויף יע״סן גרויסע האָפנונגען, און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן אַראָפּצושיקן אים אין די גרעסערע יידישע צענטערן. ער, יע״ס אַליין האָט באַלד פון דער ערשטער מינוט אַרויסגעוויזן אַ גאַנץ קנאַפּע נייגונג צו דער מיסיאָנערישער טעטיקייט. פון דער נאַטור כמעט אָן אַ שום טעמפּעראַמענט, האָט ער ביי־כער געפּאַסט צו דער קאַלטער גריבלעריי פון אַ געלערטן, איידער צו מאַכן פּראָפּאַגאַנדע און צו אַגיטירן פאַר וואָס עס איז. ער האָט אָבער קיין ברירה נישט געהאַט; ער איז שוין געוועזן אַ פאַרקויפטער. מ׳האָט גערעדט, אַז דאָס אַלטע פּאָר פּאָלק האָבן אים אין זייער צוואה אָפּגעזאָגט אַ היבשן פאַרמעגן בתנאי, ער זאָל זיך פאַרנעמען כל ימיו מיט מיסיאָנערישער טעטיקייט.

זיין ערשטע נסיעה האָט יע״ס געמאַכט לויט דעם פאָרשלאַג פון דער געזעלשאַפט קיין פּרעסבורג. מ׳האָט ערוואַרט, אַז אין דער דאָרטיקער באַרימטער ישיבה וועט זיך אים לייכט איינגעבן צו מאַכן אַ גוטן „פּאַנג״. אָבער ווי נאָר יע״ס האָט אַריבערגעטראָטן די שוועל פון דער ישיבה און דערזען די הונדערטער בחורים, וואָס זיצן פאַר אָפענע גמראס און לערנען אויפן קול מיט דעם טראַדיציאָנעלן ניגון, איז ער געבליבן שטיין אַ צוטומלטער אויף זיין אָרט, און ווי אַן אימה וואָלט אויף אים אָנגעפאַלן. אַ גאַנצער שטראָם פון שוין באַלד פאַרגעסענע איינדרוקן איז אים מיט אַמאָל אַרויפגעשוואומען אין זיין זכרון. פאַר זיינע אויגן האָבן גענומען שוועבן בילדער, אַפריער פון דער שקלאָווער און נאָכהער פון דער מאָהילעווער ישיבה. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין טאַטן דעם זאַאיקן דיין, וועלכער פלעגט אים פאַר יעדן שטיקל „תוספות״ מכבד זיין מיט עטלעכע פייערדיקע פּעטש, ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין גוטן חבר, פאַר וועמען ער פלעגט תמיד אויסגיסן זיין ביטער האַרץ, אָן דעם מאָהילעווער רבין פון חברה ש״ס, וועל־

בער האָט אים אַזוי מקרב געווען. אָן דעם נאמן פון ברויז, מיט וועלכן ער האָט אַזוי ליב געהאַט זיך מפלפל צו זיין אין לערנען; ער האָט זיך דערמאָנט, ווי גרויס און ווי שטאַרק עס פלעגן זיין זיין התפעלות און זיין הנאה ביי יעדן פשטל, וואָס ער פלעגט מחדש זיין אין תורה. אָט דאָס אַלץ האָט ער זיך אין דער מינוט ערמאינערט, און אַ קלער טוענדיק צוליב וועלכן צוועק ער, דער זיכערער קאַנדידאַט אויף רבנות, איז איצט אַהער געקומען, האָט אים אָנגענומען ווי אַ שוידער און ער איז תיכף אַוועק פון דער ישיבה.

פון פרעסבורג איז יע"ס אָפּגעפאָרן קיין וויען, און דאָרט האָט ער זיך באַזעצט. דאָס איז געווען אין די מיטעלע זיבעציקער יאָרן. זיין וואוינונג האָט ער זיך דאָרט אויסגעקליבן אויפן „זאַלצגריס"-דער דעמאָלדיקער ווינער צענטער פון די נאַציאָנאַלע יידן. נאָך זיצנדיק אין עדינבורג האָט יע"ס אָנגעהויבן איבערצוזעצן אין העברייאיש שירים פון גרויסע פרעמדע דיכטער. אין איינעם פון זיינע בריוו צו יהודה ליב גאָרדאָן ערקלערט יע"ס, אַז ער האָט זיך גענומען פאַר דער זאַך „נישט ווייל ער האָט אַזוי ליב געהאַט די איבערזעצונגען, נאָר פאַרקערט, ווייל די העברייאישע איבערזעצונגען, וואָס זיינען אים אויסגעקומען צו זען, האָבן אויף אים געמאַכט אַן אָפּשטויסנדן איינדרוק". אין יענער צייט האָט יע"ס אויך איבערזעצט אין העברייאיש דאָס באַקאַנטע מילטאָנס עפּאָס („דער פאַרלאָרענער גן־עדן") אונטערן נאָמען „ויגרש את האדם". דידאָזיקע איבערזעצונג האָט אַרויסגערופן ביי מבינים אַ גרויסן פוראָר. דער ערשטער, וואָס איז אויף איר געוואָרן אויפמערקזאַם, איז געווען פרץ סמאָלענסקין, וועלכער האָט דאַן אַרויסגעגעבן אין ווין דעם העברייאישן חודש־זשורנאַל „השחר". זענענדיק אַ פלאַמענדיקער ענטוזיאַסט פון העברייאיש איז ביי אים די עצם איבערזעצונג געווען אַ יום־טוב, מיט וועלכער ער האָט פאַרקלונגען די יידישע גאַס. ער האָט אָבער דערביי באַמערקט, אַז פון ספר קוקן אַרויס געוויסע מיסיאָנערישע טענדענצן, און דער

פאַקט האָט אַריינגעטראָגן אַ דיסאָנאַנס אין זיין געהויבענער יום־טובדיקער שטימונג.

פון יענער צייט אָן האָט זיך אָנגעהויבן סמאָלענסקינס באַקאַנטשאַפט מיט יע״סן, און דידאָזיקע באַקאַנטשאַפט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן מיט דער צייט אין אַן אינטימער פריינטשאַפט, נאָכדעם ווי ער האָט זיך גוט צוגעקוקט צו יע״סנס לעבנס־שטייגער און האָט זיך איבערצייגט, אַז ער איז אַ הייסער איבערגעגעבענער ייד מיט אַ פייערדיקער ליבשאַפט צו די יידישע נאַציאָנאַלע גייסטיקע גיטער, און אַז זיין מיסיאָנערישע טעטיקייט איז נאָר אַ לפנימדיקע, מער נישט ווי כדי יוצא צו זיין פאַר דער לאָנדאָנער געזעלשאַפט. דעמזעלבן איינדרוק האָט יע״ס געמאַכט אויף אַלעמען, וואָס האָבן אים געקענט פון דער נאָנט.

זער אינטערעסאַנט, און אין כמה פרטים אויך אָריגינעל, האָט זיך יע״ס אויפגעפירט אינם משך פון דעם ווינער פעריאָד. יעדן מאָרגן פלעגט ער אין אַ באַשטימטער שעה אַרויס פון זיין וואוינונג, וועלכע האָט זיך געפונען–ווי כ׳האָב שוין אויבן דערציילט–אין צענטער פון די נאַציאָנאַלע יידן, און דערזעענדיק אַ יידן מיט אַן אָרימען עלנטן אויסזען, איז ער באַלד צו אים צוגעגאַנגען און פונאַנדערגעפרעגט זיך ביי אים אויספירלעך ווער ער איז, צי האָט ער אַ פאַמיליע, מיט וואָס ער באַשעפטיקט זיך, צי פאַרדינט ער זיין חיונה א. אַ. וו. אַז דער ייד פלעגט זיך פאַר אים נעמען באַקלאָגן אויף זיין מצב, פלעגט אים דאַן יע״ס די ערשטע זאַך אַריינרוקן אין האַנט אַ פאָר צענדליק גילדן, און אַמאָל נאָך אַ גרעסערע סומע, און דערנאָך נעמען אים אונטערן צָרים און פאַרפירן מיט אים אַ שמועס וועגן דער תורה און וועגן דער אמונה, דערביי פלעגט ער אים אומגעריכט אַ פרעגט טאָן: צי ווייסט איר עפעס וועגן נוצרי? דערביי פלעגט ער זיין בעל־דבר אַריינשפאַרן דעם „ויגרש את האדם", וועלכן ער האָט תמיד געטראָגן מיט זיך, און אַוועקגיין. אָט אַזוי איז געווען זיין מנהג–טאָג איין טאָג אויס; ביז ער איז ביסלעכווייז געוואָרן אַ מפורסם צווישן די אָרימע מאַסן פון די גאַליציאַנער יידן, וועלכע האָבן אים גע־

רופן „דער לא יוצלחדיקער מיסיאָנער״. ס׳איז געקומען אַזוי ווייט, אַז עס האָבן זיך געפונען אָרימע יידן, וועלכע האָבן זיך געמאַכט פאַר אַ געשעפט צו עקספּלואַטירען יע״סן. די דאָזיקע פאַרשוינען פלעגען קומען צו יע״סן אַלע „מאָנטאָג און דאָנערשטאָג״ מיט דעם אויסרייד, אַז זיי פאַרלאַנגען פון אים געוויסע ערקלע־רונגען וועגן נוצרי, און פלעגן פון אים איטלעכעס מאָל באַ־קומען אַ שענע מטבע מיט דעם „ויגרש את האדם״ אַלס צוגאָב.

כמעט יעדען טאָג פלעגט יע״ס קומען אין „קאַפע נאַציאָ־נאַל״, וואָס איז דאַן געווען דער זאַמל־פונקט פון די ווינער בעסטע שאַכמאַטיסטן. דאָרט פלעגט ער זיך אַוועקזעצן נעבן זיין באַזונדער טישל, פלעגט זיך כסדר רויכערן זיין ליולקע, טרינקען שוואַרצע קאַפע און שפילן אין שאַכמאַט. אָדער צו־קוקן זיך פון ווייטן, ווי אנדערע שפּילן. דערביי פלעגט ער זיך האָבן אַ געוויינהייט צו פאַרפירן מיט זיינע פאַרטנערען גע־שפרעכען וועגן „ברית חדשה״.

פאַר אַ גאַנץ אָפטן פאַרטנער האָט יע״ס געהאַט סמאָלענ־סקינען, וועלכן ער האָט אויך געפרובט די ערשטע צייט אַרויפ־פירן אויף אַ שמועס וועגן ישו הנוצרי. סמאָלענסקין פלעגט זיך אָבער מאַכן נישט הערנדיק, און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז זיינע שמועסן מיט סמאָלענסקינען האָבן זיך באַצויגן אויס־שליסליך נאָר אויף ריינע ליטעראַרישע ענינים. דערפאַר אָבער פלעגט איִם אַמאָל סמאָלענסקין ביים שפּילן איראָניש אַ פרעג טאָן:

—האָט איר עפּעס היינט געהאַט אַ גוט געיעג?

אָדער:

—וויפיל יידישע נפשות האָט איר היינט געפאַנגען?

אויף דעם פלעגט יע״ס תמיד ענטפערן:

—אַפילו נישט איינעם!...

און סמאָלענסקין פלעגט נאָך אים פאַרענדיקן:

—מאָרגען וועט, מסתמא, אויך אַזוי זיין...

און יע״ס פלעגט פאַרבייסן די ליפּן מיט אַ שמייכל...

פונדעסטוועגן האָט דאָס נישט אָפּגעהאַלטען יע״סן פון זיין

„מיסיאָנערישער״ טעטיקייט: ער האָט נישט אויסגעלאָזן אַ מענטשן פון זיינע באַקאַנטע, מיט וועלכן ער זאָל נישט האָבן פיל, צי ווייניק אַרייגעטענהט וועגן „ברית חדשה״. ער האָט זיך אָבער געהיט פון אַן איבריקן וואָרט, וואָס האָט געקענט אויסגעטייטשט ווערן אַלס אַגיטאַציע. נישט געהיט האָט ער זיך, פאַרקערט, פון צו ריידן מיט גרויס באַגייסטערונג וועגן דעם יידישן פאָלק, וועגן דער העברייאישער שפּראַך און די יידישע נאַציאָנאַלע און קולטורעלע ווערטן.

ס׳איז דעריבער קיין חידוש נישט, אויב מ׳האָט זיך אין די ווינער יידישע אינטעליגענטע קרייזן פאַרהאַלטן צו יע״סן נישט ווי צו אַ משומד אַ מיסיאָנער, נאָר ווי צו אַן אויפּריכ־טיקן, אמתן בעל־תשובה, וועלכער איז אַרויפגעפירט געוואָרן אויף אַ פאַלשן וועג דורך דהקות און שוואַכקייט פונם רצון. אַן אָפּטער איינגייער, כמעט אַ גאַנצער „בן־בית״ איז יע״ס גע־ווען ביים באַרימטן ווינער פרעדיקער ד״ר יעלינעק, ביים ראַ־בינער ד״ר גידעמאַן, און ביי נאָך אַזעלכע גרויסע יידישע פערזענלעכקייטן.

IX

יע״ס מיט [illegible] זענענדיק אַ שוואַכלינג פון דער נאַטור־דער ציַיט אַרונטערגעפאַלן אונטער סמאָלענסקינס השפעה. אונ־טער סמאָלענסקינס איינפלוס האָט יע״ס איבערזעצט אין העב־רייאיש צוויי פון שעקספירס געניאַלע שאַפונגען „אָטעלאָ״ (איתיאל הכושי) און „ראָמעאָ און יוליאַ״ (רב ויעל״). צו דעם ערשטן האָט סמאָלענסקין אָנגעשריבן אַ גרויסע הקדמה, אין וועלכער ער זאָגט, אונטער אַנדערן, אַז „שעקספּירס ווערק אין העברייאיש דאַרף גערעכנט ווערן ביי יידן אַלס יום־טוב פון אַ גרויסן נצחון״. די איבערזעצונגען פון יע״סן האָבן געהאַט אין זייער צייט אַ באַדייטנדן ערפאָלג ביים העברייאישן לעזע־עולם. די גרעסטע העברייאישע דיכטער פון יענער צייט, ווי גאָרדאָן, באָטלאַבער און אַנדערע, האָבן אים פאַרוואָרפן מיט קאָמפּלי־

מענטן, און מיט אים געפירט אַ ברייטע קאָרעספּאָנדענץ. העב־רייאישע שריפטשטעלער, און סתּם ליבהאָבער פון דער העב־רייאישער שפּראַך, וועלכע פלעגן ווען־עס־איז דורכפאָרן ווין, פלעגן האַלטן פאַר זייער חוב צו באַזוכן יע״סן, אום אויסצו־דריקן אים זייער דאַנק פאַר זיינע איבערזעצונגען.

אין יענער צייט, דאָס איז געווען אין די מיטעלע זיב־ציקער יאָרן פונם פאָריקן יאָרהונדערט, האָב איך, דער שריי־בער פון די דאָזיקע שורות, געוואוינט אַ געוויסע צייט אין ווין. איך האָב שוין געהאַט די געלעגנהייט צו דערציילן (אין אַן אַנדער אָרט*), ווי אַזוי איך בין אַמאָל דורך סמאָלענסקין באַ־קאַנט געוואָרן מיט יע״סן. דאָ וויל דערצו מוסיף זיין, אַז איך פלעג גאַנץ אָפט אַריינגיין צו יע״סן, נישט אַזוי צוליב אים אַליין, ווי צוליב זיין רייכער ביבליאָטעק, וועלכע איז גע־ווען אָפן פאַר אַלעמען. בשעת דידאָזיקע באַזוכן איז מיר צוי־פיל מאָל אויסגעקומען פון אים צו הערן די אַלע פּיקאַנטע מעשיות פון זיין לעבנס־געשיכטע, צו וועלכע ער האָט זיך ליב געהאַט אומצוקערן ביי יעדער געלעגנהייט. זיצנדיק ביי סמאָ־לענסקין, וועלכער האָט אַליין פאַרבראַכט זיין יוגנט אין ש׳לאָוו און אין מאָהילעוו, פלעגט יע״ס זער אָפט דערציילן זיינע איבערלעבענישן אין דידאָזיקעביידע שטעט, מיט אַ באַ־זונדער ענטוזיאַזם האָט ער זיך יעדעס מאָל אָפּגערופן וועגן דעם מאָהילעווער רבי פון הברה ש״ס און וועגן דעם „יידישן אַקציזניק״, דינין, דורך וועלכן ער האָט זיך גראַטעוועט פון דעם ישובניק מיט זיין אייניקל און איז געקומען קיין ווילנע. וועגן יעדן פאַקט פון זיין רייכן און העכסט אינטערעסאַנטן לעבנס־וואַנדל איז אים נישט נמאס געוואָרן איבערצוחזרן, און איטליכס מאָל מיט נייע צוגעגעבענע פּרטים. נאָר איין זאַך האָט ער פאַרשוויגן און נישט אָנגערירט קיינמאָל מיט אַ זילבע. מ׳האָט פון אים נישט געקאָנט דערגיין, ווער אַזעלכע זיינען עס געווען

---

*) זע מיינע „דריי ליטעראַרישע דורות״, דריטער באַנד, זייטל 131.

יענע אַלטע לאָנדאָנער פּאָר־פּאָלק, וועלכע האָבן אים פאַרפירט צום שמד, און וועגן וועלכע ער האָט תמיד גערעדט מיט גרויס ליבע און ממש מיט פאַרגעטערונג. דאָס האָט ער געהאַלטן, ווייזט אויס, פאַר אַ וויכטיקן סוד, וועלכן ער האָט צוליב געוויסע טעמים קיינמאָל נישט מגלה געווען.

דער באַקאַנטער קיעווער נאַציאָנאַליסטישער עסקן און העברייאישער שריפטשטעלער משה קאַמיאָנסקי, וועלכער האָט אין די זיבציקער יאָרן געוואוינט אַ געוויסע צייט אין ווין און איז געווען אַן אָפטער איינגייער בײַ יע״סן, דערציילט וועגן אים די פאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע פּרטים:

„איינמאָל, אַ שבת-נאַכט, האָב איך באַזוכט יע״סן. ער האָט מיך געבעטן צו פאַרבלייבן בײַ אים די צייט, וואָס ער וועט עסן אָוונט־ברויט. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין עס־צימער און מיך פאָרגעשטעלט פאַר זיין פרוי, וועלכע איז אויך געווען אַ געטויפטע. זי איז געווען פיל יונגער פון אים, אַ יאָר פינף און דרייסיק אַן ערך, און אַ זעלטענע שענהייט. נעבן איר זיינען געזעסן צוויי זיבן־אַכט יעריקע שיינע און געזונטע קינדער.

„איך האָב מיך זער פאַרוואונדערט, דערזעענדיק אויפן טיש צוויי חלות, צוגעדעקט מיט אַ שניי־ווייס טישטוכל, און דערבײַ אַ גרויסער גאָלדענער בעכער, וואָס האָט אויסגעזען ווי אליהו הנביאס כּוס, פסח צום סדר.

„נאָך אַ קליינעם געשפּרעך מיט דער מאַדאַם יע״ס, וועלכע האָט מיך אויסגעפרעגט וועגן מיין לאַנד און מיין געבורטס־שטאָט און מיט וואָס איך באַשעפטיק זיך אין ווין, איז יע״ס אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט און האָט אָנגעגאָסן דעם גרויסן בעכער מיט ווייַן. נאָך אים האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער אויך די פרוי מיט די קינדער. יע״ס האָט געמאַכט איבערן ווייַן „קידוש״ אויף ענגליש, האָט אַ זופּ געטון פון בעכער און געגעבן אויך דעם ווייב מיט די קינדער. נאָכדעם זיינען זיי אַלע צוגעגאַנגען צום גרויסן ספר, וואָס איז געלעגן ביים ברעג טיש; דאָס איז געווען אַ גרויסער און אַ דיקער תנ״ך

אין זייער אַשענעם גאָלדענעם איינבונד, און אַלע האָבן זיי אים צו עטלעכע מאָל געקושט. זיי האָבן זיך דאַן צוזעצט יעדע־ רער אויף זיין אָרט ביים טיש, און יע״ס האָט געמאַכט „המוציא״ און אַלעמען איינגעטיילט מיט חלה. פרוי יע״ס האָט צוגעטראָגן יעדערן די שיסל מיט די געקאָכטע און גוט געפעפּערטע פיש, ווי עס קאָנען צוריכטן בלויז די יידישע פרויען אין ליטע. מיר האָט זיך בשעת מעשה אויסגעדוכט, אַז איך געפין מיך פרייטאָג צו נאַכטס אין דעם הויז פון אַ רייכן און אַ פרומען יידן. עפּעס ווי אַ פרעמדע הייליקייט איז געווען אויסגעגאָסן איבער דעם טיש און איבער די מענטשן, וואָס זיצן נעבן אים, און ווי דער מיסיאָנער וואָלט באַגעגנט דעם זונטאָג, זיין רו-טאָג מיט אַ נשמה יתירה.

„די בעל-הביתטע, וועלכע האָט, קענטיק, געמיינט, אַז איר מאַן האָט דאָ אַריינגעכאַפּט אַ יידן פאַר דער מיסיאָן האָט אויך געוואָלט נעמען אָנטייל אין דער מצוה, און האָט זיך געפּרובט פאַרפירן מיט מיר אַ שמועס וועגן דער אַנגליקאַנישער קירך און אירע מעלות. יע״ס האָט איר אָבער געגעבן אַ וואונק, אַז זי זאָל אויפהערן, און האָט תיכף אַרויפגעבראַכט אונזער געשפּרעך אויף אַן אַנדער טעמע. ער האָט אָנגעהויבן צו ריידן וועגן דער העברייאישער ליטעראַטור, וועגן די העברייאישע שריפטשטעלער און דיכטער. מיט אַ באַזונדער באַגייסטערונג האָט ער גערעדט וועגן דעם פּאָעט יהודה ליב גאָרדאָן.

נאָכדעם ווי ער האָט שטילערהייד אָפּגעבענטשט אין ענג־ ליש, זיינען מיר אַוועק פון טיש און אַריין אין ביבליאָטעק-צימער. מ׳האָט אונז אַריינגעטראָגן שוואַרצע קאַווע. יע״ס האָט מיר דערלאַנגט אַ גוטן האַוואַנאַ-ציגאַר, און אונזער שמועס איז אַרויף אויף דער הייליקייט פון רו-טאָג״.

די פּאָגראָמען, וועלכע האָבן אויסגעבראָכן די ערשטע אַכ-ציקער יאָרן געגן די דרום-רוסישע יידן, האָבן געמאַכט אויף יע״סן אַן ערשיטערנדן איינדרוק. דערוויסנדיק זיך וועגן דער גרויסער אַגיטאַציע וואָס ס׳האָט זיך אָנגעהויבן צווישן די גרעסטע קריסטלעכע פּערזענלעכקייטן אין לאָנדאָן לטובת די צוראַבירטע

יידן, איז ער גלייך אַהין אָפּגעפאָרן, און, אויסנוצנדיק זיין אוי-טאָריטעט אין געוויסע קרייזן, האָט ער זיך באַטייליקט אין דער קאָלאָסאַלער הילפס-אַקציע, וועלכע איז דאָרט דאַן אונטערגענו־מען געוואָרן. כדי נישט צו דערוועקן אין דער יידישער עפנט-לעכקייט קיין שום חשד, האָט ער זיך געהיט, אַז זיין נאָמען זאָל אין די רשימות פון די טוער נישט פיגורירן. אונקאָנטראָ-לירטע קלאַנגען זיינען דאַן אַרומגעגאַנגען, אַז יע״ס איז דאָס געווען דער, וואָס האָט צונויפגעפירט דעם דעמאָלט פּאָפּולער־געוועזענעם קריסטלעכן הובב־ציון לאָרענס אָליפאַנט מיט סמאָ־לענסקינען, און דאָס האָט געזאָלט זיין די סבה פון דעם, וואָס לייט האָבן דאַן חושד געווען אָליפאַנטן אין מיסיאָנערישע טענ־דענצן.

יע״ס איז געשטאָרבן אין ווין דעם 5־טן יוני 1883.

